## י. ג. פאָגט.

# וועלטגעשיכטע

פון אוראַלטע צייטען ביז היינטיגען טאָג.

בעאַרבייט אין אידיש פון

## א. ח. ראָזענבערג.

אונטער דער רעדאַקציאָן פון

## אלכסנדר האַרקאַווי.

---

אילוסטרירט.

עלפטער באנד: די נייעסטע צייט.

ניו יאָרק:

היברו פאבלישינג קאמפאני.

.1918

# אינהאַלט־פערצייכניס

## פון עלפטען באַנד.

### נייעסטע געשיכטע פון רוסלאַנד און פון די קליינע אייראָפּעאישע מלוכות.



### די מלחמות פון פּרייסען געגען שלעזוויג האָלשטיין און עסטרייך.



### דער דייטש־פראַנצויזישער קריג.

## די געשיכטע פון דייטשלאַנד, עסטרייך און פראַנקרייך נאָך דער קריג פון 1870—1871.



## די ארבייטער־בעוועגונג פון די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען.



---

# כינאַ. די נייעסטע געשיכטע.

## די מאַנדזשו־דינאַסטיע (1644 ביז דער געגענוואַרט).



---

# די נייעסטע געשעהעניסען.

# די וויכטיגסטע פאַסירונגען פון 1901 ביז 1912.

## וועלט־פּאָליטיק, וועלט־פרידען און די וועלט־מלחמה.





# די נייעסטע געשיכטע פון רוסלאַנד און פון די קליינע אייראָפּעאישע מלוכות.

ניקאָלאַי דער 1טער (1825—1855), וועלכער האָט געהערשט אין רוסלאַנד מיט אַן אונבעשרענקטער מאַכט אין פּאָליטישער ווי אין קירכליכער בעציהונג, האָט מיט אייזערנער ענערגיע איינגעפיהרט אַ פּאָל- קאָמענעם אַבסאָלוטיזם. זיין שטרעבונג איז געווען, אַז די הערשענדע פּראַ- וואָסלאַווגע קירכע זאָל איינשלינגען אַלע אַנדערע סעקטען און גלויבענס. ער האָט געטאָן אַלעס אום צו ערווערבען וואָס מעהר פון אַנדערע גלויבענס צו דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע. אָבער דאָס איז איהם געווען ווענינ. ער האָט געוואָלט, דאָס אַלע אַנדערע נאַציאָנען, וואָס לעבען אויסער רוסלאַנד און זיינען פון פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען, זאָלען זיך פעראייניגען מיט דער רוסישער קירכע און זאָלען זי אַנערקענען אַלס די הויפּט=קירכע פון אַלע פּראַוואָסלאַוונע. ער האָט ביי זיך אין לאַנד פערניכטעט יעדע שטאַם=פער- שיידענהייט, שפּראַך=פערשיידענהייט, רעליגיאָנס=פערשיידענהייט און האָט איבעראַל איינגעפיהרט רוסישען גייסט, רוסישע שפּראַך און די פּראַוואָ- סלאַוונע רעליגיאָן. איבערהויפּט האָט ער אָנגעווענדט זיינע קרעפטען דורכ- צו פיהרען דיזע פּאָליטיק אין פּוילען און אין די אָסט=זעעאישע פּראָווינצען: אין קורלאַנד, עסטלאַנד און אַנד. אין די אוניווערזיטעטען פון דאָרפּאַט און ווילנא, ווי אין די דייטשע און פּוילישע פאָלק=שולען, איז איינגעפיהרט געוואָרען די רוסישע שפּראַך און מיט איהר איז אימער געוואָרען פעסטער דער רוסישער מיליטערישער דעספּאָטיזם.

וואָס אָנבעטרעפט די אויסלענדישע פּאָליטיק פון דער צייט פון ני- קאָלאַי'ס רעגירונג, האָט זיך די רוסישע רעגירונג געמאַכט איהר ציל צו ברייננען די שוואַכערע מלוכות אונטער איהר איינפלוס. מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע זיינען געקומען אונטער דעם שוץ פון רוסלאַנד און האָבען איהר געצאָהלט טריבוט. פּערסיען האָט פערלאָרען אין דעם שטרייט מיט רוס- לאַנד אין יאָהר 1828 צוויי פּראָווינצען אויף יענער זייט קאַווקאַז מיט דער

שטאַדט עריוואַן. אָבער איינצונעהמען די טשערקעסען איז עס די רוסען פיר קיין פאַל ניט געלונגען, הגם די רוסען זיינען געווען פיעל שטאַרקער אין מאַכט און זיי האָבען געבויט פיעלע פעסטונגען ביי דער גרענעץ פון דיזען בראַווען און העלדישען בערג־פאָלק. מעהר פון 20 יאָהר האָט גע־דויערט דער קריג מיט דיזען פאָלק. רוסלאַנד האָט זיך אפילו זעהר אָפט בע־ריהמט פאַר דער וועלט מיט איהרע זיגען אין קאַווקאַז איבער די טשערקע־סען, אָבער קיינער האָט איהר ניט געגלויבט. יעדער האָט פערשטאַנען, דאָס אַנשטאָט אַ זיג האָט רוסלאַנד געהאַט אַ גרויסען פערלוסט אין מענ־שען און אין געלט.

וועגען דעם שטרייט פון רוסלאַנד מיט אונגאַרן צו העלפען דעם עסטריי־כישען קייזער פראַנץ יאָזעף איינצושטילען דעם אויפשטאַנד אין יאָהר 1848, און וועגען דעם שטרייט אין קרים מיט ענגלאַנד, פראַנקרייך און אי־טאַליען, האָבען מיר שוין פריהער געשריבען. דער סוף פון דעם קרימער קריג איז שוין אויסגעקומען אין דער צייט פון דער רעגירונג פון אלכסנדר דעם 2טען (1855—1881). דורך דעם פרידענס־פער־טראַג, וועלכער איז געשלאָסען געוואָרען אין פאַריז אין יאָהר 1856 האָט רוסלאַנד פערלאָרען איהר הערשאַפט איבער דעם שוואַרצען מעער, ווי אויך איהר שוץ־רעכט איבער די אָריענטאַלישע קריסטען. דער קרימער קריג האָט געקאָסט רוסלאַנד איבער 250,000 מענשען. די בעפעלקערונג האָט זיך ענטזאַגט צו נעהמען דאָס פּאַפּיר־געלט, וואָס די רעגירונג האָט ארויסגע־לאָזען, וויילן מען האָט געוואוסט, דאָס אַלע רעגירונגס־קאַסען זיינען לעער.

אלכסנדר דער 2טער האָט גוט פערשטאַנען, דאָס אַ פאָלק, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיינע אַקערבויער בעשטעהען פון לייבאייגענע (פּאַנ־שטשיזניקעס), קען זיך ניט מעסטען מיט די אַנדערע אייראָפּעאישע נאַ־ציאָנען. דער ערפאָלג פון אַ מאָדערנער מלחמה איז אָפּהענגיג פון די זיטען און פון די נאַטירליכע קרעפטען פון אַ שטאַאַט. דאָס סיסטעם צו רעגירען דאָס גאַנצע פאָלק פון דעם שרייב־טיש פון די בעאַמטע האָט זיך בעוויזען אין רוסלאַנד אַלס באַנקראָט. די בעאַמטע זיינען באַלד געוואָרען איבער־צייגט, אַז דאָס פאָלק פעראַכטעט זיי און לאַכט זיי אויס. זיי האָבען זיך זעלבסט געשעמט מיט די גרויסע טיטלען, וואָס די רעגירונג האָט זיי גע־געבען פיר זייערע פערדינסטען, וועלכע זיי האָבען אין גרונד ניט פערדינט. דאָס בירגערטום האָט זיך בענוצט מיט דיזער גינסטיגער שטימונג צו פער־לאַנגען די אָפּשאַפונג פון דער לייבאייגענשאַפט, אום צו געווינען פרייע אַרבייטער־קרעפטען, וועלכע זיינען אַזוי נויטווענדיג פיר די אינדוסטריע.

דאס פאלק האט אנגעהויבען צו רעדען וועגען אייזענבאהנען, וועגען באנקען, וועגען ערציהונג, אקערבוי, געמיינדע־רעפארמעס, ערטליכע זעלבסט־פער־וואלטונג, וועגען ענדערן די געזעצען פון לאנד און די געריכטס־ארדנונגען, וועגען בילדען געזעלשאפטען און קארפאראציאנען צו פערברייטערן אינ־דוסטריע און האנדעל. די אלע רעפארמעס זיינען אבער געווען אונמעגליך כל זמן עס איז נאך ניט אפגעשאפט די לייבאייגענשאפט, און דעריבער האט די רעגירונג געפונען פיר נעטיג אנצופאנגען מיט דער אפשאפונג פון לייבאייגענשאפט.

די פערשקלאפטע בעפעלקערונג פון רוסלאנד האט בעטראפען 47,200,000 נפשות. צווישען זיי האבען זיך געפונען 20 מיליאנען, וואס האבען געהערט צו דער רעגירונג, און די איבריגע האבען געהערט צו גרויסע און קליינע גוטס־בעזיצער. די קרוין־בויערן זיינען געווען פיעל פרייער פון אלע אנדערע, אזוי דאס זיי צו בעפרייען איז ניט פארגעשטאנען קיין בעזונדערע שוועריגקייטען. און די רעגירונג האט דיזעס געטאן דורך א גאנצע רייהע פון אוקאזען, פון וועלכע דער ערסטער איז ארויס אין יולי 1858.

פיעל שווערער איז געווען צו לעזען די פראגע ווי צו בעפרייען די לייבאייגענע, וועלכע האבען געהערט צו פאמיעשטשיקעס (גרונד־בעזיצער). דער אדעל האט פון דעם ניט געוואלט וויסען. דער קייזער אלכסנדר דער 2טער האט זיך געפונען געצוואונגען צו געברויכען זיין מאכט אין דער לע־זונג פון דיזער פראגע. די גרונד־בעזיצער זיינען געווען געצוואונגען צו זיין אין דעם איינפערשטאנען מיט דער רעגירונג. דער שווערסטער פונקט אין דיזער פראגע איז געווען וועגען בעזארגען די בויערן, וועלכע ווערען פרייע מענשען, מיט ערד, אום זיי זאלען קענען עקסיסטירען. אין דיזער פראגע איז דער וואונש פון קייזער געווען זעהר ניט צופרידען־שטעלענד פיר די גוטס־בעזיצער. אבער דער קייזער האט דערויף ניט געקוקט. ער האט געהאלטען, דאס א רעפארמע פון אויבען וועט זיין פיעל בעסער אלס א רעפארמע פון אונטען, און האט אלזא טראץ דעם ווידערשטאנד פון אדעל דעם 19טען פעברואר (רוסישען 3טען מערץ) 1861 ארויסגעלאזען דאס בע־ריהמטע געזעץ וועגען די לייבאייגענע.

לויט דיזען געזעץ זיינען די לייבאייגענע געווארען פרייע מענשען, און די גרונד־בעזיצער האבען זיי געמוזט אפגעבען די לענדערייען, וועלכע זיי האבען געהאלטען פון פריהער, און פיר וועלכע זיי האבען געדארפט אין פערלויף פון א געוויסער צייט יאהרען בעצאהלען זייערע געוועזענע הערען

א בעשטימטען פּרייז. די רעגירונג פון איהר זייט האָט געשאַפען מיטלען, דורך וועלכע די פריהערדיגע גוטס־בעזיצער האָבען גלייך בעקומען זייער געלט פיר די ערד, וואָס זיי האָבען אָפּגעטרעטען צו די בויערן. עס איז אויך איינגעריכטעט געוואָרען א געריכטס־הויז, וועלכעס האָט בעדאַרפט משפּט'ן סכסוכים, וואָס האָבען געקענט פאָרקומען צווישען די בויערן און גוטס־בעזיצער.



צאַר אלכסנדר דער 2טער.

מיט דער בעפרייאונג פון די לייבאייגענע האָט דער רוסישער מיר אָדער די דאָרף־געמיינדע, וועלכע איז אַן אַלטע סלאַווישע אינסטיטוציאָן, בעקומען א נייע לעבענס־קראַפט. די דאָרף־בויערן האָבען בעקומען א מין אויטאָנאָמיע, א זעלבסט־הערשאַפט. זיי האָבען בעקומען זייערע אייגענע געריכטען מיט בעזונדערע געזעצען, וועלכע זיינען געגרינדעט אויף אַלטע

געוואוינהייטען און טראַדיציאָנען. די ערד, וואָס מען האָט געקויפט פון דעם גוטס־בעזיצער פיר די בויערן פון דאָרף, האָט מען ניט פערטיילט צווי־שען פאַמיליעס, עס איז ניט געוואָרען דאָס אייגענטום פון איינצעלנע אָדער פאַמיליעס, נאָר, לויט דעם אַלטען מנהג פון די סלאַווישע פעלקער, איז עס געווען דאָס אייגענטום פון דעם גאַנצען מיר (דאָרף־געמיינדע). אַלס איי־גענטום האָט יעדער בויער בעקומען נאָר זיין הויז, וואו ער האָט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע, און דאָס נעטיגע דערצו שטיקעל ערד אַלס געמיזע־גאָרטען. אָבער דער מיר האָט געהאַט דאָס רעכט צו פערטיילען די גאַנצע ערד פון דאָרף צווישען די פאַמיליעס פון דאָרף, ווען צוויי דריטעל פון מיר זאָלען עס פערלאַנגען. די בעפרייטע לייבאייגענע זיינען איינגעטיילט גע־וואָרען אין „וואָלאָסטען”. אין די וואָלאָסטען זיינען געווען די געריכטס־הייזער פון די בויערן; אהין האָט מען ארויסגערופען די פערזאָנען, וואָס האָבען געהאַט וועלכע עס איז פּרעטענזיע איינער צום אַנדערען, מיט די עדות, וואָס געהערען צום פּראָצעס או. ד. גל. דער וואָלאָסט האָט געהאַט צו זאָגען און ריכטען איבער אַלע דערפער פון זיין בעצירק. דיזע בויערן־בעפרייאונג האָט געקאָסט שווערע אָפּפער. זיי האָבען ניט געקענט פער־שטעהן, מיט וואָס פיר אַ יושר פערלאַנגט מען פון זיי צו בעצאָהלען פיר די הייזלאַך, וואָס זיי האָבען אַליין געבויט מיט זייערע אייגענע הענט, און זיי זאָלען בעצאָהלען פיר די ערד, וואָס זיי האָבען יאָהרען־לאַנג בעארבייט און געמאַכט פרוכטבאַר. זיי האָבען דעריבער געגלויבט, דאָס מען וועט זיי אָפּגעבען אָהן אַ שום אָפּצאָהלונג דעם באָדען, וואָס מען האָט פון זיי גע־רויבט מיט הונדערטער יאָהרען צוריק.

די גוטס־בעזיצער פון זייער זייט האָבען אויך געפאָדערט אייניגע רע־פאָרמעס אין זייערע רעכטען פיר דעם אָפּפער, וואָס זיי האָבען געמאַכט מיט דער בעפרייאונג פון זייערע לייבאייגענע. און זיי האָבען ווירקליך בעקומען אייניגע רעפאָרמעס אין געריכט־פיהרונג און אַ פּראָווינציאַל־פער־פאַסונג.

אויך די פּאָליאַקען האָבען בעקומען אייניגע רעפאָרמעס, אונטער דעם שטאַטהאַלטער קניאז גאָרטשאַקאָוו. אָבער ניט אַכטענדיג דערויף זיינען די פּאָליאַקען אימער געווען אונצופרידען. זיי האָבען נאָך אַלץ גע־האָפט צו בעקומען צוריק זייער פריהערדיגע זעלבשטענדיגקייט. זיי האָבען פיעל גערעכענט אויף דער סימפּאַטיע, וואָס מען האָט געפיהלט אין גאַנץ איירָאָפּאַ צו זייער לאַגע. די פּאָליאַקען האָבען געוואוסט, ווי ווייט רוס־לאַנד איז געוואָרען אָפּגעשוואַכט נאָך דעם סעוואַסטאָפּאָלער קריג, און האָ־

בען גערעכענט, דאָס זי װעט יעצט ניט קענען אויפטרעטען געגען זיי מיט
דער זעלבער קראַפט ווי פריהער. און דעריבער האָבען די פּאָליאַקען וויע-
דער אָנגעפאַנגען צו דענקען וועגען אַן אויפשטאַנד. דיזע האָפנונגען זייערע
האָבען אויפגעלעבט באַלד ווי אַלכסנדר דער 2טער איז אַרויף אויף'ן טראָן.
אַלע פערשיידענע קלאַסען אין פּוילען: דער אַדעל, די בירגער, די אידען
און די גייסטליכע — אַלע זיינען געװען בעזעעלט מיט דער האָפנונג אויפ-



גאָרטשאַקאָוו.

צושטעלען צוריק דאָס פוילישע קעניגרייך און עס ווידער פעראייניגען
מיט ליטא.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען אין פּוילען אונרוהען (1861). די רוסישע
רעגירונג האָט זיי באַלד דערשטיקט און עס האָט אויסגעוויזען, דאָס עס
וועט זיין געענדיגט מיט די איינינגע, וואָס זיינען געפאַלען טויט פוןביידע

זייטען. פירסט גאָרטשאַקאָוו האָט צוגערעדט דעם קייזער אַלכסנדר דעם 2טען, אַז ער זאָל געבען די פּאָליאַקען אַ געוויסען טייל זעלבשטענדיגקייט. דער קייזער האָט זיי צוגעזאָגט געבען אַן אייגענעם שטאַאטסראַט, בעזונ־דערע אייגענע בעאַמטע פיר בילדען זייער יוגענד, מיט נאָך איינִיגע ספּע־ציעלע רעכטען. אַ פּאָליאַק פון דער נאַציאָנאַל־פּאַרטיי, דער מאַרקיז וויעלאָפּאָלסקי, איז בעשטימט געוואָרען פון קייזער אַלס בעאַמ־טער איבער בילדונג און רעליגיאָן.

די פּאָליאַקען זיינען אָבער ניט געווען צופרידען מיט דיזע הנחות. אין אַפּריל האָט וויעדער אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד. דאָס רוסישע מילי־טער האָט בעקומען אַ בעפעהל צו שיסען אויף די בונטאָווששיקעס, און דעם 8טען אַפּריל זיינען געפאַלען פון די פּאָליאַקען 200 טויטע און זעהר פיעלע פערוואונדעטע. די פּאָליאַקען זיינען געוואָרען נאָך מעהר ערביטערט. דעם 15טען אָקטאָבער, אין טאָג פון דעם פריייהייטס־קעמפער קאָסציוסקאָ'ס טויט, זיינען אַרעסטירט געוואָרען איבער 2,000 פּאָליאַקען און איינגעשלאָ־סען געוואָרען אין פעסטונג. דאָס האָט די פּאָליאַקען נאָך מעהר אויפגע־בראַכט און דער האַס צו רוסלאַנד האָט זיך צופלאַקערט ביז דער העכסטער שטופע, אַזוי דאָס עס איז געווען אונמעגליך צו דענקען וועגען געפינען אַ מיטעל פון פרידען און בערוהיגונג. אין דער נאַכט פון 15טען יאַנואַר 1863 האָט די רוסישע רעגירונג מיט גוואַלד גענומען פון די פּאָליאַקען די בע־שטימטע צאָהל רעקרוטען פיר דעם מיליטער־דינסט, און דאָס האָט נאָך מעהר געטריבען צום אויפשטאַנד.

די פּאָליאַקען האָבען אָבער יעצט ניט געהאַט קיין מיליטער אום זיי זאָלען קענען אַרויס אין שלאַכטפעלד אָפען געגען רוסלאַנד, ווי זיי זיינען אַרויס אין יאָהר 1794 או אין יאָהר 1831, און זיי האָבען דעריבער בע־שלאָסען צו פיהרען אַ קליינעם אונרעגעלמעסיגען קריג, וואָס זאָל די רו־סען בעאונרוהיגען און ערמידען. די געהיימע רעגירונג, וואָס די רעוואָ־לוציאָנערען האָבען געגרינדעט, האָט אויפגעמונטערט די בויערן צום אויפ־שטאַנד; זי האָט זיי פערשפּראָכען פיעל פרייהייט און האָט זיי געהיי־סען אָפּנעהמען פון די גוטס־בעזיצער די ערד, אויף וועלכער זיי זיינען גע־זעסען, און זי אָנאייגנען. עס פערשטעהט זיך, דאָס די רוסען האָבען בע־שטראָפט מיט גרויזאַמקייט די דערפער, וועלכע האָבען זיך בעטייליגט אין אויפשטאַנד. די אָנפיהרער פון די פּאָליאַקען, ווען זיי זיינען אַריינגעפאַ־לען צו די רוסען אין די הענט, זיינען דערשאָסען געוואָרען, אָדער מען האָט זיי געהאַנגען. דער וואַרשאַוער בישאָף איז פערשיקט געוואָרען אין טין

רוסלאַנד דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך געווענדט צום קייזער אַלכסנדר מיט אַ ביטע פיר די פּאָליאַקען. די אייראָפּעאישע מעכטען האָבען אפילו גע-בעטען פיר זיי מיטלייד פון רוסישען קייזער, אָבער קיינע פון זיי איז ניט אַרויס מיט אַן ערנסטער פאָדערונג, און דעריבער האָט עס ניט געהאַט קיין ווירקונג. מיט דיזען אויפשטאַנד האָט פּוילען פערלאָרען דאָס לעצטע בי-סעל זעלבשטענדיגקייט, וואָס זי האָט געהאַט; זאָגאַר די פּוילישע שפּראַך איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון אַלע עפענטליכע רעגירונגס־אַנשטאַלטען, פון אַלע דאָקומענטען, און אַנשטאַט איהר איז איינגעפיהרט געוואָרען די רוסישע שפּראַך. אויך דער אונטערריכט אין די שולען איז אַזוי איינגע-אָרדענט געוואָרען, דאָס ער זאָל דינען און העלפען פערניכטען אַלעס וואָס איז פּויליש. דאָס פּוילישע קעניגרייך, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי בע-ריהמט, האָט פערלאָרען אַלע זיינע שטאַאַטליכע איינריכטונגען. די רוסישע רעגירונג האָט בעשולדיגט אין דיזען אויפשטאַנד די אַדעללייט. און דאַרום האָט זי קאָנפיסקירט די גיטער פון די גרויסע גוטס־בעזיצער, וועלכע זיינען נאָך ניט פערטיילט געוואָרען צווישען די בויערן, און האָט זיי אָפּגענומען פיר זיך, אַזוי דאָס דערמיט זיינען אויך די בויערן בעשטראָפט געוואָרען פיר זייער אַנטייל נעהמען אין דעם אויפשטאַנד, און זיי זיינען געבליבען אָהן ערד־איינענטום.

די עראָבערונגס־פּאָליטיק אין אַזיען, וועלכע די פריהערדיגע רוסישע קיסרים האָבען אָנגעפאַנגען, איז פאָרטגעזעצט געוואָרען אויך פון אַלכסנדר דעם 2טען. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס צווישען רוסלאַנד און ענג-לאַנד איז געוואָרען אַ שטאַרקע שנאה, ווייל זיי זיינען געוואָרען ביטערע קאָנקורענטען. אין יאָהר 1864 האָט אַלכסנדר דער 2טער עראָבערט טור-קעסטאַן, וועלכע איז געווען זעהר וויכטיג פיר ענגלאַנד, ווייל זי איז געווען דער שליסעל צו די האַנדעלס־וועגען, וואָס פיהרען נאָך אינדיען און כינאַ. אין יאָהר 1868 האָט דער עמיר (דער הערשער) פון בוכאַראַ געמוזט איבער-געבען צו רוסלאַנד דעם קאַנאַל פון סאַמאַרקאַנד, און אין יאָהר 1873 האָט דער כאַן פון כיוואַ געמוזט ווערען אַ רוסישער אונטערטאַן. אויך אין פּער-סיען האָט רוסלאַנד בעקומען אַ שטאַרקען איינפלוס, אין דער צייט, ווען דער ענגלישער איינפלוס האָט זיך בעפעסטיגט אין אַפגאַניסטאַן. אין צענטראַל־אַזיען האָט זיך אויך פערברייטערט די רוסישע הערשאַפט. דאָרט האָט דער גענעראַל סקאָבעלעוו אונטערגעוואָרפען אונטער דעם רו-סישען יאָך די טעקקע־טורקמענען און האָט זיך דערמיט גע-עפענט אַ וועג נאָך מערוו. דיזע שטאָדט איז אָפּגעטיילט פון כיוואַ

מיט א ווייסטע פון 20 טעג רייזע, און ווערט בעטראַכט פון די ענגלענדער אַלס דער שליסעל צו דעם וועג נאָך אינדיען. די ענגלישע רעגירונג האָט דעריבער אַנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר די רוסען. אָבער די ענגלענדער האָבען ניט געקענט הינדערן די רוסען, און דיזע זיינען אהין געקומען און האָבען בעזעצט די שטאָדט מיט מיליטער.

נאָך דעם, ווי רוסלאַנד האָט זיך ערהאָלט פון די קלעפּ, וואָס זי האָט געקראָגען אין דעם קרימער קריג, האָט זי זיך ווידער גענומען צו איהר אַלטער פּאָליטיק — צו עראָבערונגען אויף דער באַלקאַנישער האלב־אינזעל. איהר איז דאָס יעצט ניט געווען קיין שווערע אונטערנעהמונג, ווייל די דאָרטיגע קריסטליכע פעלקער זיינען געווען זעהר אונצופרידען מיט דער טערקישער רעגירונג, וועלכע האָט זיי דערפאַר אָנגעהויבען שטאַרק צו פער־פאָלגען. דאָס האָט געגעבען רוסלאַנד אַן אורזאַך אריינצומישען זיך אין די באַלקאַנישע אַנגעלעגענהייטען. די לאַגע פון טערקיי איז געוואָרען נאָך ערגער דערפון, וואָס די רעגירונג האָט געהאַלטען ביי אַ באַנקראָט און האָט קוים געקענט בעצאָהלען די העלפט פראָצענט פיר איהרע שולדען. די בע־אַמטע זיינען געווען געצוואונגען צו געברויכען אויף די איינוואוינער אַ שטאַרקען דרוק אום צו קאָלעקטירען די געוועהנליכע אָפּגאַבען, די רע־גירונג זאָל האָבען מיט וואָס צו דעקען די נעטיגע הוצאות פון שטאַאַט. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזער דרוק האָט ארויסגערופען אונצופרידענהייט איבערהויפּט צווישען דער קריסטליכער בעפעלקערונג. איבערהויפּט איז די בעפעלקערונג געווען אונצופרידען מיט דעם סיסטעם, ווי אזוי די רעגירונג האָט איינגענומען די אָפּגאַבען און די שטייערן. זי פלעגט נעמליך פערדינ־גען די איינגאַהמע פון די שטייערן צו איינצעלנע פערזאָנען, וועלכע פלעגען איהר איינצאָהלען אַ געוויסע סומע, און האָבען דערפאַר בעקומען דאָס רעכט צו בעשטייערן יעדען בירגער מיט סומען ווי זיי האָבען געוואָלט. עס פער־שטעהט זיך, דאָס דיזע פעכטער האָבען געשונדען די הויט ווי וויט זיי האָ־בען געקענט, און האָבען דערמיט אויפגערייצט די בעפעלקערונג געגען דער רעגירונג.

דיזע אונערטרעגליכע לאַגע האָט געפיהרט צו אַן אויפשטאַנד אין באָס־ניען און אין הערצעגאָווינאַ, ווייל די בעוואוינער פון דיזע פראָווינצען זיי־נען געשטאַנען אונטער דער דירעקטער הערשאַפט פון סולטאַן, וועהרענד רומעניען, סערביען און מאָנטענעגראָ האָבען געהאַט אַ געוויסע אויטאָ־נאָמיע. דאָס אונצופרידענע פאָלק האָט געפאָדערט, אז מען זאָל איהם גע־בען די פערבעסערונגען, וועלכע מען האָט איהם צוגעזאָגט אויף דעם פּאַרי־

זער פרידען. אין אָנפאנג איז טערקיי געווען שוואך. די טערקישע ארמעע אונטער מוכטאר פאשא איז געשלאָגען געוואָרען פון די רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען בעלאגערט די פעסטונגען ניקשיק און פיווא. טערקיי האָט געוואָלט פיעל נאָכגעבען די רעוואָלוציאָנערען, אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט הערען פון קיין אונטערהאנדלונגען איידער די טערקישע אָרמעע וועט ניט אָפּטרעטען פון באָסניען און הערצעגאָווינא.

אין סאלאָניקי איז דאמאָלס ערמאָרדעט געוואָרען פון מאחמעדאנער דער דייטשער קאָנסול און דער פראנצויזישער. דיזע מאָרדטאטען זיינען געווען פיר רוסלאנד, דייטשלאנד און עסטרייך א בעוויז, דאָס עס הערשט אין טערקיי געזעצלאָזיגקייט, און דעריבער האָבען דיזע מעכטען געפאָדערט פון טערקיי, אז זי זאָל ערקלערען וואפען-שטילשטאנד און מאכען פערבעסערונגען אין באָסניען און הערצעגאָווינא, און זיי האָבען גדראָהעט, דאָס ווען דער סולטאן וועט דיזע פאָדערונג ניט וועלען פאָלגען, וועלען זיי ארויס געגען איהם אויף א שטרייט. טערקיי אָבער האָט זיך ניט דערשראָקען פאר דיזער התראה, ווייל ענגלאנד האָט איהר פערשפּראָכען הילף אין פאל עס זאָל אויסברעכען א קריג.

די עפענטליכע מיינונג אין אייראָפּא איז געוואָרען נאָך מעהר אויפגערעגט געגען טערקיי, ווען עס זיינען בעקאנט געוואָרען די שחיטות, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין בולגאריען, דורך די נאכלעסיגקייט פון דער טערקישער רעגירונג. טערקיי האָט ערלויבט די טשערקעסען, וואָס האָבען אויסגעוואנדערט פון קאווקאז אום צו בעפרייען זיך פון דער רוסישער הערשאפט, צו בעזעצען זיך אין בולגאריען. אָבער דיזע ווילדע בערג-איינוואוינער, וועלכע האָבען פיינד געהאט אקערבוי, זיינען פיר די בולגארען געווען אונערטרעגליך, ווייל די טשערקעסען האָבען אויסגעזויגען די לעצטע טראָפּענס בלוט פון די אָרימע בולגארישע בויערן. אין נאָוועמבער 1875 האָבען די טשערקעסען פערוויסטעט א קריסטליכען דאָרף אין בולגאריען. די בויערן האָבען בעשלאָסען צו נעהמען ראַבע און האָבען אויסגעשלאכטעט צוויי אָרטשאפטען, וואָס זיינען געווען בעזעצט מיט טשערקעסען. די טערקישע רעגירונג האָט ניט געשיקט קיין טרופען צו בערוהיגען די בעפעלקערונג. די טשערקעסען האָבען געמאכט צווישען די בולגארען א שרעקליכעס בלוט-באָד, און די בולגארען האָבען געטאָן דאָס זעלבע צווישען די טשערקעסען. איבער 20,000 קריסטען זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען אין צייט פון דריי מאָנאטען. אין איינינע ערטער האָבען די טערקישע בעאמטע זעלבסט געהאָלפען די טשערקעסען אויסשלאכטען די קריסטען.

אייראפא איז געווארען שטארק אויפגעבראכט. אין ענגלאנד זיי־נען די ליבעראלען ארוים מיט א פראטעסט געגען דער רעגירונג, וואס האט געהאלטען מיט טערקיי. איבערהויפט האט געברענט א שרעקליכער צארן אויף טערקיי אין רוסלאנד און אין אלע אנדערע סלאווישע לענדער. עס האבען זיך אויפגעהויבען אין דיזע לענדער זעהר פיעלע וואלונטירען (פרייוויליגע) און זיינען געלאפען נאך סערביען. אין יוני 1876 האט סערביען געשלאסען א בונד מיט מאנטענעגרא געגען טערקיי, און דעם 1טען יולי זיינען זייערע טרופען אריבער דעם גרענעץ. די מאנטענעגרער האבען געשלאגען די טערקישע טרופען אונטער גענעראל פ ר י י נ ד ב יי ט ר ע ־ ב י נ י ע און האבען בעלאגערט דריי פעסטונגען. די סערבען זיינען גע־ווען וועניגער גליקליך אין דעם שטרייט. זיי זיינען געווען געצוואונגען אפ־צוטרעטען צוריק פון בולגאריען, וואוהין זיי האבען זיך אריינגעריסען. די טערקען האבען אריינגעמארשירט אין סערביען דורך דעם טאל פון דער מא־ראווא און האבען 3 מאל נאכאנאנד געשלאגען די סערבען אין פערלויף פון 6 טעג צייט (25טען—31טען יולי). אבער ביי א ל ע ק ס י נ א ץ האבען די טערקען געהאט א גרויסע מפלה אין א שלאכט, וואס האט געדויערט 5 טעג, און האבען זיך געמוזט צוריקציהען מיט א גרויסען פערלוסט. מיט אייניגע וואכען שפעטער האבען זיי געליטען א נייע נידערלאגע. באלד אבער האבען זיי ערהאלטען פרישע קרעפטען און דעם 20טען אקטאבער איז זיי געלונגען צו פערניכטען דאס גאנצע סערבישע מיליטער. כמעט אלע וואלונטירען זיינען פערניכטעט געווארען.

רוסלאנד איז געווארען שטארק אויפגערעגט פון דער סערבישער מפלה. דער קייזער אלכסנדר דער 2טער האט עס גערעכענט פיר א פערזענליכע בעליידיגונג, ווען סערביען זאל פערניכטעט ווערען. דער רוסישער גע־זאנדטער האט געפאדערט פון טערקיי, אז זי זאל ערקלערען וואפען־שטיל־שטאנד. דיזע פאדערונג איז ערפילט געווארען אין צייט פון 48 שטונדען. די אייראפעאישע מעכטען האבען געצוואונגען טערקיי צו שליסען מיט סערביען א פרידען, לויט וועלכען סערביען איז צוריקגעשטעלט געווארען אויף דעם זעלבען מצב, ווי זי איז געשטאנען פאר דעם קריג. אבער ווען רוסלאנד האט געפאדערט דאס זעלבע פיר מאנטענעגרא האט טערקיי די פאדערונג צוריקגעוויזען.

דאס האט געפיהרט צו א קריג צווישען רוסלאנד און טערקיי. די רו־סישע טרופען זיינען באלד אריבער דעם טייך פרוט, וואס גרענעצט דיזע צוויי מדינות, און זיי זיינען אריין אין רומעניען. די רומעניער האבען זיך

באַלד ערקלערט אונאָפּהענגיג און האָבען באַלד געשאַפען אַן אַרמעע פון 60,000 מאַן, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט דעם רעכטען פליגעל פון דער רוסישער אַרמעע. די רוסען זיינען געגאַנגען זעהר שנעל פאָרווערטס און זיינען גיך געקומען צו רומעליען. עס האָט די רוסען געפעהלט וועניג צו קומען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל.

אָבער פּלוצלינג האָבען זיך די אומשטענדען געביטען. פון 22טען אוי-גוסט ביז דעם 5טען סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אַ רייהע שלאַכטען, אין וועלכע די רוסען זיינען געשלאָגען געוואָרען און האָבען געהאַט גרויסע פער-לוסטען. אויך פון אַרמעניען האָט מען זיי צוריקגעטריבען. די רוסען האָבען געפונען פיר נעטיג צו פערשטאַרקען די אַרמעע און פערדאָפּלען די אָנשטרענגונגען. די טערקען האָבען ענדליך פערלאָרען די שלאַכט. איין אַרמעע פון 43,000 מאַן האָט געמוזט איבערגעבען די וואַפען צו די רוסען און אויך די בעריהמטע פעסטונג פּלעוונאַ איז געפאַלען. דעם 16טען יאַנואַר איז גענעראַל גורקאָ אַריבער די באַלקאַנען מיט אַן אונגעוועהנ-ליכער שנעלקייט. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס עס איז דאַמאָלס געווען אַ גרויסער פראָסט ביז 30 גראַד, איז דאָס רוסישע מיליטער צוגעקומען צו פיליפּאָפּעל. 4 טעג שפּעטער האָבען זיך אַלע רוסישע קרעפטען פעראייניגט ביי אַדריאַנאָפּעל אום אַריינצוגעהן באַלד אין קאָנסטאַנטינאָפּעל. דאַמאָלס האָבען זיך אויך גענומען פיר די וואַפען די סערבען, גריכען און מאָנטע-נעגרער. די ענגלישע הילף איז געקומען צו שפּעט.

די טערקען האָבען דעם 31טען יאַנואַר געמוזט אָנפאַנגען אונטערצו-האַנדלען מיט די רוסען וועגען פרידען אום צו רעטען קאָנסטאַנטינאָפּעל, און דעם 3טען מערץ איז געשלאָסען געוואָרען דער פערטראַג פון סאַן סטעפאַנאָ. נאָך דיזען פערטראַג איז מאָנטענעגראָ פערגרעסערט גע-וואָרען אין טעריטאָריע אויף 2 מאָל ווי זי איז געווען, סערביען און רומעניען זיינען אָנערקענט געוואָרען אַלס אונאָפּהענגיגע מלוכות, און טערקיי האָט געמוזט בעצאָהלען רוסלאַנד 300 מיליאָנען רובל קריגס-קאָסטען.

אָבער די וועסטליכע מעכטען האָבען דיזען פערטראַג ניט געוואָלט אָנ-ערקענען. איבערהויפּט זיינען געווען דאַגעגען עסטרייך און ענגלאַנד, ווייל דיזע בעדינגונגען האָבען אָנגעגריפען זייערע אינטערעסען. עס האָט גע-האַלטען, אַז עס זאָל אויסברעכען אַ נייער קריג. דאַן האָט זיך ביסמאַרק גענומען מאַכען שלום צווישען די מעכטען און האָט צוזאַמענגערופען אַ קאָנגרעס אין בערלין. דעם 13טען יולי 1878 האָט דער קאָנגרעס גע-ענדיגט זיין אַרבייט. בולגאַריען איז פערקלענערט געוואָרען און איז גע-

בליבען אַ וואסאַל (אונטערטאַן) צו טערקיי, צו וועלכער זי האָט געמוזט צאָהלען אַ יעהרליכען טריבוט. די פּראָווינץ אָסט־רומעליען האָט בעקומען אַן אייגענע פערוואַלטונג און אַ קריסטליכען שטאַטהאַלטער. רומעניען און סערביען זיינען געבליבען אונאָפּהענגיג, מאָנטענעגראָ איז פערקלענערט געוואָרען און איז געשטעלט געוואָרען אונטער עסטרייכישער שוץ־הערשאַפט. דער בערלינער פערטראַג האָט געמאַכט גרויסע ענדערונגען אין דער באַל־קאַנישער האַלב־אינזעל. די פריהערדיגע דונאַי־פירסטענטימער זיינען גע־וואָרען אונאָפּהענגיגע מלוכות, און אפילו די לאַגע פון די שטאַאַטען, וואָס זיינען געבליבען אונטער טערקיי, האָט זיך געבעסערט. אָבער פון דאַמאָלס אָן זיינען רוסלאַנד און עסטרייך געוואָרען פיינדליך איינע צו דער אַנדערער צוליב דעם איינפלוס אויף די נייע באַלקאַנישע שטאַאַטען. און דיזע פיינד־שאַפט קען לייכט ווערען אַ געפאַהר פיר דעם אייראָפּעאישען פרידען.

צו יענער צייט האָט אין רוסלאַנד זעלבסט געהערשט אונצופרידענהייט מיט דער רעגירונג און פיעלע האָבען געפאָדערט קאָנסטיטוציאָן און האָבען געוואָלט דורך טעראָר שטירצען די רעגירונג. אַלע קלאַסען פון רוסלאַנד האָבען געליטען אין דער איבערגאַנגס־פּעריאָדע. דער אַדעל איז געווען אונצופרידען, ווייל ער האָט פערלאָרען אַ גרויסען טייל פון זיינע גיטער; דער בויער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען פיר די ערד, וואָס מען האָט איהם געגעבען, און דאָס איז פיר איהם געווען אַ נייע לאַסט, און אַ זעהר שווערע, ווייל ער איז שוין געווען גענוג בעלעסטיגט מיט אַנדערע שטייערן, וואָס די רעגירונג האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט. די בירגער זיינען געווען אויפגעבראַכט אויף די רעגירונג דערפאַר, וואָס זי האָט שרעק־ליך פערפאָלגט זייערע קינדער, וואָס האָבען געשטודירט, און פיר יעדען פרייען פּאָליטישען אויסדרוק זיינען זיי גרויזאַם בעשטראָפט געוואָרען. קנאַפּ האָבען זיי געליטען פון די דריקענדע געזעצען, האָט מען נאָך צוגע־געבען אַ „דריטע אָפּטיילונג" מיט אַ געהיים־פּאָליציי און אַ שעף פון זשאַנ־דאַרמען אָן דער שפּיץ, וועלכע האָבען פערפאָלגט יעדען בירגער, וואָס איז ביי זיי געווען אין חשד, אַז ער איז ניט גאַר כשר, אויך ווען זיי האָבען ניט געהאַט קיין בעווייז צו פערפאָלגען איהם געזעצליך. רוסלאַנד איז געווען דאָס איינציגע לאַנד אין אייראָפּאַ, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאָלקס־פער־טרעטער, און די פּרעס איז געווען אונטערוואָרפען אונטער אַ שטרענגער צענזור.

עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזע אונצופרידענהייט פון אַלע קלאַסען פון פאָלק האָט געשאַפען אַ באָדען פיר רעוואָלוציאָנערע און געהיימע גע־

זעלשאַפטען. עס זיינען דורך דיזען דרוק ענטשטאַנען די געפירכטעטע „ניהיליסטען" *), וועלכע האָבען בעקעמפט ניט נאָר די זעלבסטהערשאַפט און די פּריווילעגיעס פון די קלאַסען, נאָר אויך די בעשטעהענדע איינריכטונגען פון פאַמיליע און אייגענטום. עס זיינען געגרינדעט געוואָרען מעהרערע געהיימע געזעלשאַפטען מיט אַנדערע שטרעבונגען, צווישען וועלכע עס זיינען אויך געווען די טערראָריסטען, וואָס האָבען געשטרעבט צו ערמאָרדען דעם צאַר מיט זיינע הויפּט־מיטהעלפער, אום צו גרינדען אין לאַנד אַ נייע אָרדנונג.

די רעגירונג האָט זעהר שאַרף בעשטראָפט יעדען, וואָס האָט אַנטייל גענומען אין וועלכער עס איז געהיימער געזעלשאַפט. מען האָט זיי ניט פּראָצעסירט אין אַן עפענטליכען געריכט, נאָר מען האָט זיי אדמיניסטראַטיוו פערשיקט אין די וויטע קאַלטע ערטער פון סיביר, וואו פיעלע פון זיי זיינען אומגעקומען פון דער שלעכטער בעהאַנדלונג פון די רעגירונגס־בעאַמטע. די יעניגע, וואָס מען האָט געגען זיי געהאַט וועלכע עס איז בעווייזען, האָט מען געהאַנגען, געשאָסען אָדער פערשיקט אין קאַטאָרגע. אָבער די אַלע פערפאָלגונגען האָבען ניט געהאָלפען, די צאָהל פון די ניהיליסטען איז געוואַקסען מעהר און מעהר. די געהיימע דרוקערייען האָבען זיך פערמעהרט און איבעראַל זיינען פערשפּרייט געוואָרען אין די מיליאָנען פלוג־שריפטען, רעקלאַמען און אויפרופען, וועלכע האָבען גערייצט דאָס פאָלק צו אַן אויפשטאַנד. עס האָבען אויך אָנגעהויבען צו אַרבייטען די טערראָריסטען: דעם 21טען פעברואר 1879 האָבען זיי דערשאָסען קניאַז קראַפּאָטקין; דעם 7טען מערץ האָבען זיי ערמאָרדעט אין אָדעסאַ דעם זשאַנדערמסקען פּאָלקאָווניק קנאָפּ; דעם 25טען האָבען זיי געשאָסען אויף'ן גענעראַל דרענטעלען; דעם 5טען אַפּריל האָט מען געשאָסען אויף גראַף טשערטקאָוו, און דעם 14טען אַפּריל האָט מען געשאָסען אויף'ן צאַר זעלבסט.

די רעגירונג האָט זיך גענומען צו אויסעראָרדענטליכע מיטלען. די גענעראַל־גובערנאַטאָרען האָבען ערהאַלטען אונבעשרענקטע מאַכט צו האַנדלען ווי זיי פערשטעהען אום אָפּצורעכנען זיך מיט די ניהיליסטען און טערראָריסטען. עס זיינען דאַמאַלס אַרעסטירט געוואָרען טויזענדער יונגע

*) „ניהיליסטען" פון דעם לאַטיינישען וואָרט „ניהיל", גאָרנישט. דיזע רעוואָלוציאָנערען האָבען אַזוי געהייסען, ווייל זיי האָבען געשטרעבט צו מאַכען צו גאָרנישט, צו שטערען, די גאַנצע עקסיסטירענדע אָרדנונג פון לאַנד.

מענשען, אויף וועלכע מען האט נאר געהאט דעם קלענסטען חשד, דאס זיי געהערען צו די אונצופרידענע מיט דער עקסיסטירענדער רעגירונג. דער טעררא́ר האט אויף א געוויסע צייט א ביסעל אויפגעהערט. אבער דעם 17טען פעברואר 1880 האבען די ניהיליסטען ווידער אנגעמאכט אין לאנד א גרויסען גערודער דערמיט, וואס זיי האבען אויפגעריסען מיט א באמבע דעם קייזער'ס עס־זאל אין דעם מאמענט, ווען די קייזערליכע פאמיליע האט זיך געלאזען געהן צום טיש. דער צאר איז געבליבען אונבעשעדיגט, אבער 60 סאלדאטען זיינען פון דיזער עקספלאזיאן געטויטעט געווארען און 40 זיינען פערוואונדעט געווארען. דאמאלס האט זיך די רעגירונג איבערצייגט, דאס זי קען ניט פארטזעצען דעם קאמף מיט די ניהיליסטען אהן דער שטיצע פון פאלק, און דיזע קען זי נאר האבען דורך דעם, וואס זי וועט געבען דעם פאלק געוויסע פרייהייטען און איינפיהרען פערשיידענע רעפארמעס. דעם 13טען מערץ (1טען מערץ נאך דער רוסישער צייט־רעכנונג) האט אלכסנדר דער 2טער זיך בעגעבען אין סענאט אום אונטערצושרייבען אן אוקאז וועגען רעפארמעס פיר דאס לאנד, אבער אויף דעם וועג צוריק פון סענאט איז ער פון א באמבע צוריסען געווארען אויף שטיקער. דאס איז פארגעקומען אום 3 אוהר נאך מיטטאג. אויף דעם ווינקעל פון דער מיכאילאווסקע גאס האט מען געווארפען א באמבע אין דעם צוג, ווען ער איז געפאהרען צוריק; אבער דיזע ערסטע באמבע האט דעם צאר ניט געטראפען, נאר אייניגע פון זיינע בעגלייטער זיינען ערמארדעט געווארען. דער צאר איז ארונטער פון זיין קארעטע און האט געהייסען, אז מען זאל איהם פיהרען זעהן די לייט, וואס זיינען ערמארדעט געווארען; אבער אין דעם זעלבען אויגענבליק האט מען א ווארף געטאן א צווייטע באמבע, וועלכע האט שוין ניט פערפעהלט איהר ציל און האט צוריסען דעם צאר אין שטיקער. ער איז באלד געשטארבען אהן בעוואוסטזיין.

זיין זוהן אלכסנדר דער 3טער איז באלד ארויף אויף'ן טראן (1881—1895). צום אונגליק פון רוסלאנד האט דער נייער מאנארך בעשלאסען ניט צו מאכען אין לאנד קיין ענדערונגען און רעפארמעס, נאר פארטצוזעצען די דעספאטישע רעגירונג פון זיינע פארגענגער. ער האט געזאגט, דאס גאט האט איהם געגעבען די מאכט צו הערשען זעלבשטענדיג און זיין הייליגע פליכט איז דיזע מאכט אויפצוהאלטען. די צאהל פון אונצופרידענע האט זיך דאדורך פערגרעסערט, און דער טעררא́ר האט זיך פערברייטעט נאך מיט מעהר פערצווייפלונג. דער קייזער האט פשוט מורא געהאט ארויסצוגעהן פון זיין פאלאץ און ווייזען זיך צום פאלק. דאס אלעס

אָבער האָט איהם ניט בעוואויגען צו געבען דעם פאָלק עטוואָס פרייהייט אום צוגעווינען דערמיט זיין שטיצע און טרייהייט. אלכסנדר דער 3טער האָט ניט פערשטאַנען, דאָס נאָר פאָלקס־פערטרעטערשאַפט, ווי עס איז איינגעפיהרט אין די וועסט־אייראָפּעאישע לענדער, א פּאַרלאַמענט, קען רעטען רוסלאַנד פון אַנאַרכיע. און אַזוי איז עס געבליבען ביז זיין טויט (1895), ביז זיין זוהן ניקאָלאַי דער 2טער איז אַרויף אויף דעם רוסישען טראָן.

אין שפּאַניען האָט אין יאָהר 1840 די רעגירונג איינגעשטילט די קאַרליסטען. אָבער די ראַדיקאַלען האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען דער רעגירונג, בעזונדערס ווען זי האָט איבערגעגעבען אויף דאָס ניי די ממשלה אין די הענט פון די קלעריקאַלען און האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו אונטערדריקען די ראַדיקאַלען און די פּרעס. דאָס פאָלק האָט אויפגעהויבען אַ שטאַרקען שטורם. אין מאַדריד האָבען די רעוואָלוציאָנערען גערינדעט אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. די קעניגין כריסטינאַ און איהר טאָכטער איזאַבעללאַ האָבען געבעטען הילף פון דאָן באַלדאָמעראָ עספּאַרטעראָ, אָבער דיזער האָט ניט געוואָלט נעהמען קיין אָנטייל אין זייער לאַגע ביז די קעניגין וועט צוריקקעהרען די ראַדיקאַלען אויף זייערע עמטער, פון וועלכע זי האָט זיי אַרונטערגעזעצט. כריסטינאַ האָט נאָכגעגעבען. עספּאַרטעראָ האָט געגרינדעט אַ מיניסטעריום פון לויטער ראַדיקאַלען, און דעם 20טען סעפּטעמבער 1840 איז ער אַריין אין מאַדריד מיט גרויס טריאומף. דאָס האָט דער קעניגין אַזוי שטאַרק געקרענקט, דאָס זי האָט דעם 12טען אָקטאָבער 1840 זיך ענטזאַגט פון טראָן (זי איז געווען רעגענטין). דער פּאַרלאַמענט האָט בעשטימט אַלס רעגענט אויף איהר אָרט עספּאַרטעראָ׳ן. אָבער ווייל ער האָט פערפאָלגט די רעוואָלוציאָנערען איז ער באַלד פערהאַסט געוואָרען און האָט זיך מעהר ניט געקענט האַלטען אויף זיין אָרט, און ווען דאָן ראַמאָן מאַריאַ נאַרוואַעז, וועלכער איז אונטערגעשיקט געוואָרען פון כריסטינאַ׳ן, איז געגאַנגען נאָך מאַדריד מיט אַ בעדייטענדער מיליטער־מאַכט, איז עספּאַרטעראָ אין 1843 אַוועק נאָך ענגלאַנד.

באַלד נאָך זיין אַפּרייזע נאָך ענגלאַנד האָט זיך כריסטינאַ צוריקגעקעהרט אין שפּאַניען. זי איז אָבער ניט בעשטימט געוואָרען צו זיין צוריק רעגענטין, ווייל איהר יונגע טאָכטער איזאַבעללאַ איז דערווייל ערקלערט געוואָרען פיר פול־יעהריג. דיזער שריט איז געווען אַ זעהר אונ-

גליקליכער, ווי עס האָט זיך באַלד ארויסגעצייגט. איזאבעללאַ איז געווען צו יונג צו רעגירען, און דאָס האָט פעראורזאַכט דעם פאָלק גרויסע צרות.

די פערשיידענע פאַרטייען האָבען ניט אויפגעהערט צו רייסען זיך צווישען זיך אין דער צייט פון איהר הערשאַפט. עס האָבען אויך ניט אויפגעהערט קיין אינטריגעס אין הויף, און דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די מיניסטעריומס האָבען זיך געביטען זעהר אָפט. אַלס קאַטאָליקין און אַ בורבאָנין איז זי געווען שטארק געניייגט צו זיין אַן אבסאָלוטע הערשערין. זי האָט געדריקט די פרעסע און האָט צוטריבען די קאָרטעס (פאַרלאַמענט). די הויפט־פיהרער אין דער רעגירונג זיינען געווען קלעריקאַלען. די ראַדי-



קעניגין כריסטינאַ פון שפאַניען.

קאַלען זיינען אין גאַנצען געווען דערוויייטערט פון וועלכען עס איז אַמט. מען האָט אָנגעהויבען פאָרצובערייטען אַ פלוצלינגע איבערקעהרעניס. די אויפרעגונג איז געוואָרען נאָך פיעל שטארקער, ווען די רעגירונג האָט געפאָדערט פון פאָלק אַ געצוואונגענע אַנלייהע, דאָס האָט געפיהרט צו אַן אויפשטאַנד, צוליב וועלכען די מוטער פון דער קעניגין, כריסטינאַ, איז געווען געצוואונגען צו ענטלויפען פון שפאַניען, ווייל דאָס פאָלק איז געווען איבערצייגט, דאָס אין די אַלע צרות איז זי די הופט־שולדיגע (1854). אין די נייע קאָרטעס איז די מעהרהייט בעשטאַנען פון ליבעראַלען, און דיזע

האָבען זיך בענוצט מיט זייער מאַכט און האָבען אָפּגענומען די גיטער פון די קלעריקאַלען פון די קירכען און פון דער רעגירונג און האָבען זיי פער-וואַנדעלט אין נאַציאָנאַל-גיטער, ד. ה. גיטער, וואָס געהערען צום פאָלק. דיזע גיטער זיינען פערקויפט געוואָרען און צוטיילט געוואָרען צווישען די בויערן אום צו פערבעסערן זייער לאַגע. דיזער פּאַרלאַמענט האָט ארויס-געגעבען נאָך פיעלע אַנדערע ליבעראַלע געזעצען, וועלכע זיינען געווען פון גרויסע נוצען פיר דאָס אָרימע פאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אין א זעהר קריטישען צושטאַנד.

די קעניגין איזאַבעללאַ איז פון דיזען פּאַרלאַמענט געווען זעהר אונצו-פרידען און האָט געזוכט מיטלען צו שטירצען איהם. אָבער אַזוי באַלד ווי זי האָט ענטזאַגט איהר פרייגעזאָנענעם מיניסטער אָ'דאָננעל, האָבען זיך גלייך אָנגעפאַנגען אין לאַנד אונרוהען, און זי האָט זיך געמוזט ענטזאַגען פון איהרע רעאַקציאָנערע פּלענער, צוריקרופען דעם ענטזאַגטען מיניסטער און אַרויסגעבען פרייהייטס-געזעצען אום ווידער צו בערוהיגען דאָס לאַנד. די ראַדיקאַלען האָבען געפאָדערט אַלגעמיינעם שטימרעכט און אָפּצושיידען די קירכע פון דעם שטאַאט, די רעליגיאָן זאָל ניט האָבען קיין שום שייכות מיט די פּאָליטישע רעכטען פון א בירגער. דער פיהרער פון די ראַדיקאַ-לען איז געווען גענעראַל פּרים. אָבער אָ'דאָננעל האָט ארויסגעטריבען פון לאַנד די ראַדיקאַלען מיט זייער גענעראַל פרים און האָט אויך דער שטיקט די אויפשטאַנדען, וואָס זיינען פּאָרגעקומען אין דער אַרמעע אין פערשיידענע ערטער. יעצט האָט די פּאַרטיי פון די רעאַקציאָנערען, וועלכע האָבען דורכאויס געוואָלט איינפיהרען צוריק אַן אבסאָלוטע מאָנאַרכיע, געמיינט, דאָס יעצט איז די רעכטע צייט צו נעהמען זיך דורכפיהרען זייער וואונש. זיי האָבען שוין אָנגעהויבען צו טריאומפירען מיט זייער זיג. די פּאָליציי האָט אָנגעהויבען אונטערצודריקען יעדע פרייע בעוועגונג. די זעלבסט-פערוואַלטונג, וואָס די רעגירונג האָט פריהער געגעבען צו יעדער פּראָווינץ, האָט מען צוריקגעצויגען, און דעם אונטעררעכט האָט מען וויע-דער איבערגעגעבען צו די קלעריקאַלען. ווען 117 דעפּוטאַטען פון דער אָפּאָזיציאָן אין פּאַרלאַמענט האָבען געפאָדערט פון דער קעניגין אָפּצושאַ-פען דעם אבסאָלוטיזם, האָט מען זיי פערשיקט אויף די קאַנארישע אינזלען. אָ'דאָננעל איז ענטלאָפען נאָך אויסלאַנד. דער ליבעראַלער פּאַרלאַמענט איז צוטריבען געוואָרען. כמעט גאַנץ שפּאַניען איז געקומען אין בעלאַגע-רונגס-צושטאַנד און דער קריגס-געריכט האָט אָנגעמאַכט אין לאַנד א טעררּאָר.

אָבער די הייס־בלוטיגע שפּאַניער האָבען אויך ניט געשוויגען. אין אַלע קלאַסען פון פאָלק האָט זיך ענטפלאַמט אַ שרעקליכער האַס צו דער רעגירונג. איזאַבעללאַ איז אוועק נאָך דעם קור־אָרט ביאַרריטץ אום צו שליסען דאָרט מיט נאַפּאָלעאָן'ען אַ בונד. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען אָפען. גענעראַל פּרים איז געקו־מען געשווינד פון ענגלאַנד, סעררא נאָ איז ענטלאָפען פון די קאַנאַ־רישע אינזלען, וואוהין ער איז געווען פערשיקט; מיט זיי האָט זיך פער־



גענעראַל פּרים.

איינגט דער אַדמיראַל טאָפּעטע און דעם 19טען סעפּטעמבער 1868 האָט זיך אויף די פּלאַטע ערקלערט אַלס רעוואָלוציאָנער געגען דער רעגירונג. די ליבעראַלען האָבען זיך באַלד פערזאַמעלט אַרום פּרים און סעררא נאָ. דעם 28טען סעפּטעמבער איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישען די רעוואָלוציאָנערען און דער רעגירונגס־אַרמעע. אויף דער בריק פון אַלקאָלעאַ, ניט ווייט פון קאָרדאָוואַ, האָט סעררא נאָ צושלאָגען די רעגירונגס־טרופּען און איז געגאַנגען אויף מאַדריד. די קעניגין איז געווען פערצווייפעלט און האָט גערעכענט, אַז איהר זאַך איז פערלאָרען. זי איז

ענטלאָפען נאָך פראנקרייך; דאָרט האָט זי זיך ענטזאגט פון איהר רעכט אויף'ן שפאַנישען טראָן און האָט עס איבערגעגעבען לויט דעם ראט פון נא-פּאָלעאָן דעם 3טען צו איהר זוהן אַלפאָנס (1870).

דאָס מיניסטעריום פון די רעוואָלוציאָנערען האָט אָנגעהויבען מאַכען א גאַנצע רייהע פון ליבעראַלע רעפאָרמעס. די פערפאַסונג, וואָס איז ארויס-געגעבען געוואָרען אין 1869, האָט שפאַניען געמאַכט פיר א קאָנסטיטו-ציאָנעלע מאָנארכיע. די רעפּובליקאנער האָבען ניט געקענט דורכפיה-רען זייער פערלאַנג צו מאַכען שפאַניען פיר א רעפּובליק. סעראַנאָ, וועלכער איז ערהויבען געוואָרען אַלס רעגענט, האָט זיי אין דעם גע-שטערט. יעצט איז אויפגעשוואומען די פראַגע: ווער זאָל בעשטייגען דעם טראָן? דיזע פראַגע האָט אָנגעמאַכט איינינגע שוועריגקייטען. אי-בערהויפּט האָט זיך פראַנקרייך שטאַרק אינטערעסירט דערמיט און האָט זיך אריינגעמישט אין דער פּאָליטיק פון שפאַניען. ענדליך איז ערוועהלט געוואָרען אַלס קעניג דער הערצאָג אמאַדעאוס פון אאָסטא, דער זוהן פון וויקטאָר עמאַנועל. דעם 30טען דעצעמבער איז ער אָנגע-קומען אין שפאַניען און דעם זעלבען טאָג איז גענעראַל פּרים ערמאָרדעט געוואָרען פון איינעם פון זיינע פיינד.

דער יונגער קעניג אָבער איז ניט געווען אין שטאַנד צו ברייגנען אָרד-נונג אין לאַנד, וועלכעס איז געווען צוריסען אויף שטיקער פון פערשיידענע פּאַרטייען. ער האָט זיך ענטזאגט פון הערשאַפט נאָך 2½ יאָהר פון זיין בע-שטייגען דעם שפאַנישען טראָן און איז אוועק צוריק נאָך איטאַליען. דאַן האָט דער פּאַרלאַמענט איבערגענומען די רעגירונג און האָט פּראָקלאַמירט דאָס לאַנד פיר א רעפּובליק. אָבער דיזע ענדערונג האָט ניט בערוהיגט דאָס לאַנד, אין געגענטייל, דער שטרייט צווישען די פערשיידענע פּאַרטייען איז געוואָרען שטאַרקער. דאָס האָט זעהר אָפּגעשוואַכט די מאַכט פון דער נייער רעפּובליק. מיט דיזען צושטאַנד האָט זיך בענוצט דער פּרעטענ-דענט דאָן קאַרלאָס און ער איז מיט א היבשער צאָהל טרופּען אריין אין די נאָרדליכע פּראָווינצען אַלס קאַרל דער 7טער און האָט גע-צוואונגען די שפאַניער צו אָנערקענען איהם אַלס זייער מאָנאַרך. די קאַר-ליסטען האָבען געפיהרט מיט די רעפּובליקאנער א שרעקליכען קאַמף. זיי האָבען צושטערט די אייזענבאַהנען, האָבען געשאָסען אויף אייזענבאַהן-צוגען, זיי האָבען געברענט דערפער און שטעדט און האָבען געמאָרדעט די אונשולדיגע איינוואוינער. אין די האַפען-שטעדט האָבען די פּראָלעטאַריער געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען די הערשענדע קלאַסען.

אויף אַ קורצע צייט איז עס געלונגען דעם הויפּט פון דער רעגירונג, קאַסטעלאַר, צו בערוהיגען דאָס לאַנד. אָבער באַלד האָבען די קאַר־ליסטען ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ. אויף דער אַנדערער זייט איז עס אויך געלונגען די ראַדיקאַלען און פּראָלעטאַריער צו פערשטאַרקען זיך, און די רעגירונג איז געווען געצוואונגען איבערצוגעבען די אַרבייט פון בע־רוהיגען דאָס לאַנד אין די הענט פון אַן ערפאַהרענעם קריגס־מאַן. דעם 30טען דעצעמבער 1874 האָט דער גענעראַל מאַרטינעץ קאַמ־פּאָס פּראָקלאַמירט אַלפאָנס דעם 12טען, דעם זוהן פון איזאַבעללאַ, אַלס קעניג פון שפּאַניען. עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ נייע רעגירונג און דעם 14טען יאַנואַר 1875 איז ער אַריין אין מאַדריד אַלס קעניג. אָבער דער קריג מיט די קאַרליסטען האָט נאָך לאַנג געדויערט. ער האָט זיך ערסט געענדיגט אין יאָהר 1876. אַלפאָנס איז אָבער ניט לאַנג געווען קעניג אין שפּאַניען. אין יאָהר 1885 איז ער געשטאָרבען, און זיין טויט איז געווען פיר דאָס לאַנד אַ שווערער קלאַפּ. עס האָבען זיך אָנגעפאַנ־גען נייע אונרוהען. נאָך זיין טויט האָט זיין פרוי, די קעניגין מאַריאַ כרי־סטינאַ, געבאָרען אַ זוהן, און דאָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו די אונרוהען. כריסטינאַ האָט איבערגענומען די רעגענטשאַפט פון איהר זוהן, וועלכער איז אַלס אַלפאָנס דער 13טער געוואָרען דער יורש פון שפּאַנישען טראָן.

---

די סקאַנדינאַווישע לענדער, שוועדען און נאָרוועגען, האָבען אין אונ־זערען יאָהרהונדערט ניט געשטערט די פּאָליטישע ענטוויקלונג פון אייראָפּאַ, זינט שוועדען האָט אונטער בערנאַדאָטטע אין 1812 געשלאָסען מיט רוסלאַנד אַ בונד געגען נאַפּאָלעאָן'ען און האָט מיטגעווירקט אין די פרייהייטס־מלחמות. דיזע צוויי לענדער זיינען זינט קאַרל דעם 13טען געווען פעראייניגט אונטער איין קעניג. אין 1905 האָט זיך נאָרוועגען אָפּגעריסען פון שוועדען און האָט ערוועהלט אַלס קעניג דעם דענישען פּרינץ קאַרל אַלס האַאַקאָן דעם 7טען. אין פּאָליטישער בעציהונג זיי־נען שוועדען און נאָרוועגען זעהר פאָרטגעשריטען. זיי געניסען פיעל פער־זענליכע און פּאָליטישע פרייהייט. און עס איז קיין וואונדער ניט: ביידע לענדער זיינען בויערן־שטאַאַטען, און די בויערן זיינען איבעראַל געווען די בעסטע טרעגער פון דעמאָקראַטיע.

האָללאַנד און בעלגיען האָבען דורך די רעוואָלוציאָן פון יאָהר 1830 זיך צוטיילט און זיינען געוואָרען בעזונדערע שטאַאַטען. פון דאַמאָלס אָן זיי־

נען זייביידע געוואָרען פיעל ענערגישער אויף דעם געביט פון אינדוסטריע און האָבען בעקומען אַ גרויסע בעדייטונג פיר דעם וועלט־מארק. האָללאַנד האָט געמאַכט גרויסע פאָרטשריטען דורך איהרע געזעצען וועגען פינאַנצען, דורך איהרע פּאָסט־רעפאָרמעס, דורך פערקלענערן איהרע שטאַאַטס־אויס־גאַבען און דורך די ענדערונגען, וואָס זי האָט געמאַכט אין האַנדעל און אין שיפפאַהרט (1850). די אינדוסטריע אין בעלגיען האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען מיט 5 יאָהר שפּעטער ווי אין האָללאַנד, נעמליך אין יאָהר 1835. באַלד ווי די בעלגישע באַנק איז געגרינדעט געוואָרען האָבען זיך אָן איהר



בערנאַדאָטטע.

אָנגעשלאָסען פיעלע אַקציען־געזעלשאַפטען. עס האָבען זיך שנעל ענטוויקעלט פיעלע פאַבריקען, שפּינערייען פון באַוועל און פלאַקס, אייזען־ און שטיינקויהלען־ווערק, גלאָז־פאַבריקען או. אַז. וו. היינט רעכענט זיך בעלגיען אַלס ערסטע קלאַס אינדוסטריעלע מאַכט. די קויהלען־מינעס אין בעלגיען שטעהען אויף איין ליניע מיט די ענגלישע. דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען דער בעלגישער אינדוסטריע. דער בעסטער בעוויז פיר בעלגיען'ס עקאָנאָמישע מאַכט איז די געדיכטע בעפעלקערונג פון דיזען לאַנד און די פיעלע אייזענבאַהנען, וואָס קרייצען די מדינה.



## די מלחמות פון פרייסען

### געגען שלעזוויג־האָלשטיין און עסט. ייך.

די דערשטיקונג פון דער רעוואָלוציאָן אין 1848 האָט געפיהרט דער־צו, דאָס די רעאַקציאָן האָט זיך געשטאַרקט. פריעדריך וויל־העלם דער 4טער האָט אפילו אין יאָהר 1850 געגעבען א שבועה, דאָס ער וועט זיך האַלטען פעסט אָן דער קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז געגעבען גע־וואָרען צו אַלע שטאַנדען, אָבער די ווערטער, וועלכע ער האָט צוגעגעבען צו דער שבועה, האָבען בעוויזען דייטליך, דאָס ער רעכענט די קאָנסטי־טוציאָן נאָר פיר א צייטליכע זאַך און פריהער אָדער שפּעטער וועט זי אָפּ־געשאַפט ווערען, ווייל זי איז איהם געווען זעהר פערהאַסט. דיזער גע־פיהל איז געווען בולט אין אַלע זיינע פּאָליטישע האַנדלונגען. דערצו איז די קאָנסטיטוציאָן געווען אַזוי געשריבען, דאָס עס איז געווען לייכט צו מאַכען אין איהר פּשט׳לאַך און אויסטייטשען זי ווי עס האָט געלוינט פיר די רעגירונג. די בעאַמטע האָבען איבער־א־נייס אָנגעפאַנגען צו האַנדלען ווי זיי האָט געפּאַסט, דאָס געזעץ האָט פערלאָרען זיין מאַכט און די מאַכט פון דער קירכע איז צוריק הערגעשטעלט געוואָרען.

דער איינציגער וויכטיגער פאַקט אין דער געשיכטע פון פרייסען פון יענער פּעריאָדע איז די גרינדונג און דער אויסבוי פון דעם צאָל־פעראיין. נאָך דעם, ווי דער צאָל־פעראיין האָט זיך אין דריטען און פערטען צעהנדליג פון 19טע יאָהרהונדערט שטאַרק פערברייטערט, זיינען צו איהם צוגעשטאַ־נען אויך האַמבורג און אָלדענבורג (1854), אַזוי דאָס אין יאָהר 1866 האָט דער פעראיין געהאַט א בעפעלקערונג פון 35,000,000 מענשען. עס האָ־בען צו איהם געהערט כמעט אַלע דייטשע שטאַאַטען אויסער עסטרייך, מעקלענבורג, האָלשטיין און די האַנזע־שטעדט. אין 1853 איז אויך פאַר־געקומען א האַנדעלס־פערטראַג צווישען דעם צאָל־פעראיין און עסטרייך. דיזער פערטראַג האָט פיעל פערגרינגערט דעם האַנדעלס־פערקעהר. אין

יאָהר 1862 האָט פרייסען געשלאָסען מיט עסטרייך א צאָל־פערטראַג אויף 12 יאָהר (פון 1866— ביז 1878). דיזער פערטראַג איז געמאַכט געוואָרען אָהן דעם אַנטייל פון צאָל־פעראיין, און דאָס האָט פעראורזאַכט א קריזיס. מען האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס דער צאָל־פעראיין וועט אין גאַנצען אויפגעלעזט ווערען נאָך דעם יאָהר 1865, ווייל פרייסען האָט אָפט געזאָגט, דאָס זי וועט אַרויס פון פעראיין, אין פאַל ווען אַנדערע שטאַאַטען וועלען ניט איינשטימען צום פערטראַג מיט פראַנקרייך.

אויך עסטרייך איז אַרויס מיט א פּראָטעסט געגען דעם פערטראַג צווישען פרייסען און פראַנקרייך. אויך אין די זידליכע שטאַאַטען איז געוואָרען א שטאַרקע אַגיטאַציאָן געגען דעם פערטראַג פון פרייסען מיט פראַנקרייך, און אויך אין פרייסען זעלבסט האָבען זיך געפונען פיעלע געגנער. מען האָט אַאויסגעפונען, דאָס דער טאַריף בעשיצט צופיעל די אינטערעסען פון דער פראַנצויזישער אינדוסטריע, און מען האָט געוואָלט אַריינגעהמען עסטרייך אין פעראיין אום מען זאָל קענען זיכערען א וויטערען מאַרק אין אָסט (מזרח־אייראָפּא). די מענה פון די געגנער פון דעם פערטראַג צווישען פרייסען און פראַנקרייך איז געווען, דאָס דייטשלאַנד פערשאַפט פראַנקרייך אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען נעטיג צום לעבען, און פראַנקרייך גיט זיי דערפאַר לוקסוס־זאַכען, און דיזעס מוז זיך אָפּרופען ניט גינסטיג אויף דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון דייטשלאַנד. די געגנער האָבען געפאָדערט א נייעם טאַריף. פרייסען האָט אָבער ניט געלעגט קיין געוויכט אויף אַלע געשרייען און פּראָטעסטען, און דער סוף איז געווען, דאָס דער גאַנצער צאָל־פעראיין האָט איינגעשטימט אויף דעם פערטראַג. די פערהאַנדלונגען צווישען עסטרייך און פרייסען האָבען ניט געפיהרט צו קיין רעזולטאַט. ביסלאַכווייז זיינען אַלע דייטשע שטאַאַטען אַריין אין פעראיין און דייטשלאַנד איז געוואָרען פערקניפּט אין האַנדעלס־בעציהונגען מיט די אַנדערע אייראָפּעאישע מדינות. דער פערטראַג מיט פראַנקרייך איז געווען דער אָנפאַנג פון א נייער צאָל־פּאָליטיק, געגרינדעט אויף די פרינציפּען פון א פרייהאַנדעל־סיסטעם.

נאָך דעם, ווי אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע שטאַאַטען האָבען געענדערט זייערע טאַריפען נאָך די נייע פרינציפּען, זיינען שוין אויך עסטרייך און בעלגיען געווען געצוואונגען צו ענדערן זייערע טאַריפען אום צו ברייגען זיי אין האַרמאָניע מיט די איבריגע אייראָפּעאישע שטאַאַטען.

אונטער דעם מיניסטעריום פון מאַנטייפפעל איז פרייסען געוואָרען זעהר רעאַקציאָנער. די געמיינדע־אָרדנונג פון יאָהר 1850 איז אין יאָהר

1851 אָפּגעשאַפט געוואָרען, און עס איז צוריק איינגעפיהרט געוואָרען די אַלטע אָרדנונג, אין וועלכער די אַדעליגע גוטס־בעזיצער האָבען געהאַט דאָס פאָררעכט. מען האָט אויך בעזייטיגט די געווערב־פרייהייט. דיזעס אָבער האָט פיעל געשאַדט די אינטערעסען פון דער אינדוסטריע. די פרעס־פריי-הייט איז אויך בעשרענקט געוואָרען. די בעאַמטע זיינען געוואָרען נאָר אַ ווערקצייג פון דער רעגירונג אָהן אייגענער איניציאַטיווע און ווילענס־קראַפט. פּאָליטישע פערברעכער האָבען געמוזט פּראָצעסירט ווערען אין רעגירונגס־געריכטען, ניט פון געשוואָרענע פון פאָלק. די מיליטערישע בעאַמטע האָ-בען בעקומען מעהר מאַכט און זיינען געוואָרען געפעהרליך פיר די בירגער. קורץ, מען האָט פערניכטעט יעדע זעלבשטענדיגקייט און יעדע פרייהייט. עס איז נאָך אפילו עטוואָס געבליבען פון דער קאָנסטיטוציאָן און אַ שאָטען פון פּאַרלאַמענט, אָבער דאָס האָט מען איבערגעלאָזען אום צו פערשפּאָרען זיך די מיה אין גאַנצען אויפצולעזען די קאָנסטיטוציאָן.

אין יאָהר 1857 האָט דער פרייסישער קעניג פריעדריך ווילהעלם דער 4טער בעקומען אַ געהירן־קראַנקהייט, וועלכע האָט איהם געמאַכט אונפעהיג צו רעגירען. דער הויף האָט אָנגעווענדט אַלע קרעפטען, דאָס דעם קע-ניג'ס ברודער **פרינץ ווילהעלם פון פרייסען** זאָל ווערען שטעל־פערטרעטער פון קעניג, ווייל זיי זיינען געווען זיכער, דאָס ער וועט פאָרטזעצען די רעאַקציאָנערע ריכטונג. ער איז געווען דער זעלבער, געגען וועלכען עס איז ספּעציעל געווען געריכטעט דער צאָרן פון פאָלק אין 1848. דעם 2טען יאַנואַר איז דער קעניג פריעדריך ווילהעלם דער 4טער געשטאָרבען, און פרינץ ווילהעלם פון פרייסען האָט בעשטיגען דעם טראָן אַלס ווירקליכער מאָנאַרך.

ווי אַלע קעניגען האָט ווילהעלם אָנגעפאַנגען זיין רעגירונג מיט אַ פאָלקס־פריינדליכער פּאָליטיק. אָבער ער האָט דיזע פּאָליטיק באַלד געענ-דערט, ווי מען האָט עס געקענט פון איהם ערוואַרטען. פרייסען שפּילט די ראָלע צווישען די איירָאָפּעאישע פעלקער, דאָס איהר הערשער האָט בע-קומען די קרוין ניט פון פאָלק, נאָר פון „גאָטעס גנאַדען", און דעריבער מוז ער זיין דער אויבער־הערשער אין דעם מיליטער און אין דעם שטאַאַט. די-זען פּרינציפּ האָט ניט געקענט ענדערן אין פרייסען קיין רעוואָלוציאָן און קיין דעמאָקראַטיע.

די רעאַקציאָן האָט אָנגעמאַכט אין פּאַרלאַמענט אַ מחלוקה. פריהער איז די ליבעראַלע מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט געווען זעהר מעסיג. יעצט אָבער, ווען די רעאַקציאָן האָט זיך אָנגעהויבען צו שטאַרקען, זיינען די לי-

בעראַלען ענטשיידען אַרויסגעטראָטען געגען דער רעגירונג. זיי האָבען גע־וואוסט, דאָס ביי די וואַהלען, וועלכע האָבען דאַמאָלס געדאַרפט פאָרקומען, וועלען זיי, די ליבעראַלען, האָבען דעם זיג. איבערהויפּט זיינען זיי געווען געגען די רעפאָרמעס אין דער אַרמעע, וואָס דער קעניג האָט אָנגעהויבען מאַכען פון זיין אייגענער איניציאַטיווע, ניט אָנפרעגענדיג ביים פאָלק, ד. ה. ביים פּאַרלאַמענט. דער פּאַרלאַמענט האָט זיך ענטזאַגט דיזע צו בעשטעטיגען. דער קעניג האָט געוואָלט איינפיהרען דריי יאָהר מיליטער־דינסט, פערגרעסערן די מיליטער־אויסגאַבען, און האָט אויך געוואָלט מאַכען לענגער די צייט פון רעזערוו־פליכט. די ליבעראַלען זיינען אויך ניט געווען צופרידען מיט דעם קעניג'ס ווערטער ביי דער קרוינונג אין קעניגסבערג. ער האָט דאָ נעמליך געזאָגט, דאָס „ער בעקומט די קרוין פון „גאָטעס גנאַ־דען", ניט פון פאָלק, און די ביידע הייזער פון לאַנדטאַג זיינען נאָר בע־שטימט אַלס ראַטגעבער צום קעניג".

די ערוועהלטע ליבעראַלען פון יאָהר 1861 זיינען דאַמאָלס געווען די מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט. דיזע האָבען פירכטערליך געשטורמט אויף די רעגירונג פיר איהר האַנדלונג געגען דער קאָנסטיטוציאָן און האָבען גע־פאָדערט, אַז דאָס מיניסטעריום זאָל רעזיגנירען. אָבער דער קעניג האָט אויך זיין נייעם קאַבינעט ערוועהלט ניט פון די לינקע, נאָר פון די שטרענג קאָנסערוואַטיווע, וועלכע האָבען געהערט צו די רעאַקציאָנערען. דער קע־ניג האָט דעם פּאַרלאַמענט אויפגעלעזט, אָבער די נייע וואַהלען האָבען ווידער פערשאַפט דער פּאָרטשריטס־פּאַרטיי די מעהרהייט. דאָס האָט געבראַכט די פאָלקס־פערטרעטער און די מיניסטאָרען אין אַ גרויסען קאָנ־פליקט. די אַרמעע־אָרגאַניזאַציאָן איז ווידער פערוואָרפען געוואָרען פון פּאַרלאַמענט מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט — 308 געגען 11 שטימען. דאָס מיניסטעריום איז ווידער אומגעביטען געוואָרען. אַלס פּרעזידענט אין נייעם מיניסטעריום איז ערוועהלט געוואָרען אָטטאָ פאָן ביס־מאַרק־שאָנהאַוזען (1815—1898). דעם 23טען סעפּטעמבער 1862 איז ער ערוועהלט געוואָרען אין זיין אַמט, און מיט זיין ענערגיע און קלוגער טעטיגקייט האָט ער געגעבען אַ בעזונדערען כאַראַקטער דער נייעס־טער געשיכטע פון דייטשלאַנד.

ביסמאַרק איז געווען אַ העכסט ענערגישער קאָנסערוואַטיווער שטאַאַטס־מאַן. ער האָט שרעקליך געהאַסט די דעמאָקראַטיע, ווייל זי האָט די חוצפה אָנצוגרייפען די רעכטען פון דער קרוין. דער פּאַרלאַמענט האָט זיך פיעלע מאָל געווענדט צום קעניג מיט אַדרעסען וועגען אומבייטען דעם קאַבינעט

און דאָס גאַנצע רעגירונגס־סיסטעם. נאָך זעהר שטירמישע סצענעס אין פּאַרלאַמענט האָבען די מיניסטאָרען אין גאַנצען אויפגעהערט צו בעזוכען די זיצונגען. דעם 26טען מאַי 1863 איז דער לאַנדטאַג (פּאַרלאַמענט) אין גאַנצען געשלאָסען געוואָרען, ער האָט זאָגאַר ניט בעשטימט די סומע פון אויסגאַבען פיר דאָס לאַנד. פון דאַמאָלס אָן האָט ביסמארק אַליין



קעניג ווילהעלם פון פּרייסען.

רעגירט אָהן דעם לאַנדטאַג. דאָס פאָלק האָט גאָר ניט פּראָטעסטירט גע-גען דיזער אונגעזעצליכקייט.

די מחלוקה צווישען דער רעגירונג און דעם לאַנדטאַג האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט. דערווייל האָט זיך געמאַכט אַ קריג צווישען פּרייסען

און עסטרייך און צווישען פרייסען מיט אַנדערע דייטשע בונד-שטאַאטען. די נצחונות פון דעם פרייסישען מיליטער האָבען געשאַפען אַ נייע צייט.

אין די זעכציגער יאָהרען האָט עסטרייך געוואָלט אין גאַנצען אריינ-כאַפּען אין איהרע הענט די פיהרונג פון דייטשען בונד. אויף דעם פירס-טען-קאָנגרעס פון דייטשען בונד, וואָס איז פאָרגעקומען אין פראַנקפורט אין יאָהר 1863, האָט עס געהאַלטען, דאָס עסטרייך זאָל בעקומען די פיה-רונג פון גאַנץ דייטשלאַנד. אָבער פרייסען האָט געשטערט. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס עסטרייך זייז געוואָרען שטאַרק בייז אויף פרייסען און האָט אָנגעהויבען אויפרייצען די דייטשע מיטעל-שטאַאטען געגען פריי-סען. עס איז שוין ניט געוועזען ווייט, אַז עס זאָל אויסברעכען אַ קריג צווי-שען די ביידע מעכטען: פרייסען און עסטרייך. אָבער דער סכסוך וועגען שלעזוויג-האָלשטיין האָט זיי צוזאַמענגעבונדען, ווייל זיי האָבען ביידע גע-האַט אין דיזער אַנגעלעגענהייט איינעם און דעם זעלבען אינטערעס.

דעם 15טען נאָוועמבער 1863 איז געשטאָרבען פריעדריך דער 7טער, קעניג פון דענעמאַרק. לויט דעם לאָנדאָנער פּראָטאָקאָל פון יאָהר 1852 איז נאָך איהם בעשטימט געוואָרען אַלס קעניג דער פּרינץ כריס-טיאַן פון גליקסבורג אונטער דעם נאָמען כריסטיאַן דער 9טער. לויט דער קאָנסטיטוציאָן פון דעם פערשטאָרבענעם קעניג פריעדריך דעם 7טען האָט שלעזוויג-האָלשטיין געדאַרפט געהערען צו דענעמאַרק און דער נייער קעניג כריסטיאַן דער 9טער איז געווען געצוואונגען צו האַלטען זיך ביי דיזער פּאָליטיק. אָבער דער דייטשער בונד איז געווען געגען דיזער פּאָליטיק, און האָט אריינגעשיקט אין האָלשטיין מיליטער צו פערהינדערן די פערייניגונג פון דיזען שטאַאט מיט דענעמאַרק.

אין דעצעמבער 1863 זיינען 12,000 מאַן פון זאַקסען און האַננאָווער אריין אין האָלשטיין. גאַנץ דייטשלאַנד האָט געפאָדערט די בעפרייאונג פון דיזע צוויי הערצאָגטימער פון אונטער דעם יאָך פון דענעמאַרק. פריי-סען האָט ניט געוואָלט דורכלאָזען דעם צופאַל, דורך וועלכען זי קען פער-גרעסערן איהר מאַכט, הגם זי איז געווען געבונדען דורך דעם לאָנדאָנער פּראָטאָקאָל אָנצוערקענען, דאָס דער נייער קעניג כריסטיאַן דער 9טער זאָל זיין דער פאָלשטענדיגער יורש פון דעם פערשטאָרבענעם קעניג פריעדריך דעם 7טען מיט זיינע רעכטען אויף שלעזוויג-האָלשטיין. פרייסען האָט דעריבער ערקלערט, דאָס דענעמאַרק האָט ניט אויף דיזע פּראָווינצען קיין רעכט און האָט געפאָדערט פון דעם נייעם קעניג, אַז ער זאָל מבטל זיין די פערפאַסונג פון 1863, לויט וועלכער דיזע צוויי הערצאָגטימער דאַרפען

זיין אַ טייל פון דענעמאַרק. אין דיזער פראַגע האָט זיך עסטרייך אָנגע־שלאָסען אָן פּרייסען אום ניט צו דערלאָזען, דאָס פּרייסען זאָל פערכאַפּען שלעזוויג־האָלשטיין פיר זיך אַליין.

דענעמאַרק האָט ניט געוואָלט פאָלגען די פאָדערונג פון פּרייסען און עסטרייך, און דיזע צוויי מעכטען האָבען אַריינגעשיקט מיליטער אין האָל־שטיין. דער קאָמאַנדיר פון דיזע טרופּען איז געווען דער אַלטער פעלד־



ביסמאַרק.

מאַרשאַל וואַנגעל. באַלד האָבען די טרופּען פון דיזע צוויי מעכ־טען אַריינגעטרעטען אין שלעזוויג. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי אָווערזעע (6טען פעברואַר 1864), אין וועלכער די דענער זיינען גע־שלאָגען געוואָרען פון די עסטרייכער און דאַן זיינען די בונדעס־טרופּען אַריין אין פלענסבורג, און דעם 18טען אַפּריל האָט פּרייסען איינגענומען די דיפּפּעלער שאַנצען, אין וועלכע די דענער האָבען זיך איינגעשלאָסען,

און די פרייסען האָבען דאַמאָלס אריינגעכאַפּט פיעל קריגס־רויב, הגם עס האָט זיי געקאָסט דאָס לעבען פון 1,300 סאָלדאַטען. מיט דעם פאַל פון די דיפּפּעלער שאַנצען איז דער קריג ענטשידען געוואָרען. אויך אויף'ן ים האָט פרייסען געהאַט אַ גרויסען זיג ביי ריגען איבער דענעמאַרק. ענגלאַנד האָט זיך דאַן אריינגעמישט און האָט אויסגעווירקט אַ וואַפען־שטיל־שטאַנד. אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דער שטרייט איז פאָרטגע־זעצט געוואָרען, ווייל די דענער האָבען ניט געוואָלט נאָכגעבען די פאָדערונג פון פרייסען, דאָס שלעזוויג זאָל צוטיילט ווערען לויט נאַציאָנאַליטעטען, וועלכע בעפעלקערן דיזעס הערצאָגטום. די פעראייניגטע טרופּען האָבען פערכאַפּט די גאַנצע האַלב־אינזעל יוטלאַנד און דאַן זיינען די דענער גע־ווען געצוואונגען צו בעטען פרידען. דעם 30טען אָקטאָבער 1864 איז דער פרידען אונטערגעשריבען געוואָרען אין וויען. לויט דיזען פרידען האָט זיך דער קעניג פון דענעמארק ענטזאגט פון אַלע רעכטען אויף שלעזוויג, האָלשטיין און לאַוענבורג צו גונסטען פון עסטרייך און פרייסען.

דער דייטשער בונד האָט פערלאַנגט, דאָס פרייסען, ניט עסטרייך, זאָל בעהערשען די הערצאָגטימער שלעזוויג, האָלשטיין און לאַוענבערג, און דאָס האָט ווירקליך ביסמאַרק'ס מיניסטעריום געטאָן. פריהער פון אַלעם איז דער בונדעסטאַג אָפּגעלעגט געוואָרען אָן אַ זייט; עס איז דורכגעפיהרט געוואָרען, דאָס די טרופּען פון די איינצעלנע דייטשע שטאַאַטען זאָלען פערלאָזען די איינגענומענע הערצאָגטימער, אַזוי דאָס דאָרט זיינען נאָר פערבליבען עסטרייכישע און פרייסישע טרופּען. די פערוואַלטונג איז אָנ־פאַנגס איבערגעגעבען געוואָרען צו צוויי קאָמיסאַרען פון דיזע צוויי מעכ־טען, אָבער באַלד האָט פרייסען אריינגעכאַפּט אין איהרע הענט די פּאָסט־און טעלעגראַף־אַנשטאַלטען און איז אַליין געוואָרען די הערשערין אין די איינגענומענע הערצאָגטימער.

עסטרייך האָט געגען דיזער האַנדלונג פּראָטעסטירט, אָבער ביסמאַרק האָט ניט געוואָלט הערען פון קיין פּראָטעסט און האָט ניט געוואָלט וויסען פון קיין מאָראַלישער פליכט צו עסטרייך, וועלכע האָט געהאָלפען בעזיגען דענעמאַרק. דאָס האָט אין זומער פון יאָהר 1865 געדראָהעט אַרויסצורופען אַ צוזאַמענשטויס צווישען עסטרייך און פרייסען.

אָבער די זאַך איז דאָך פאָריבער אָהן אַ שטרייט. אין דער גאַ־סטיינער קאָנווענציאָן פון 14טען אויגוסט 1865 איז מען געקומען צו אַ פערגלייך; עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס שלעזוויג זאָל זיין אונטער דער הערשאַפט פון פרייסען און האָלשטיין אונטער עסטרייך.

וואָס אָנבעטרעפט לאַוענבורג, זאָל זי געהערען אין גאַנצען צו פרייסען, וועל־כע זאָל בעצאָהלען עסטרייך אַ געוויסע סומע געלט פיר דאָס רעכט, וואָס זי טרעט אָפּ צו פרייסען. אַלס פרייסישער גובערנאַטאָר פון שלעזוויג איז בעשטימט געוואָרען דער גענעראַל־לייטענאַנט עדווין פאָן מאַנ־טייפפעל. אָבער דיזער פרידען איז ניט געווען קיין דויערהאַפטער. די שנאה צווישען דיזע צוויי מעכטען איז געוואָרען טיף איינגעוואָרצעלט און דער ריס איז פערקלעפּט געוואָרען נאָר אויבערפלעכליך. עסטרייך האָט פערלאַנגט, דאָס דער פרינץ פריעדריך פאָן אויגוסטענ־בורג זאָל בעהאַנדעלט ווערען אַלס ריכטיגער הערצאָג, און ער זאָל פיה־רען זיין רעגירונג אין קיעל. פרייסען אָבער האָט דערצו ניט געוואָלט איינ־שטימען, און צווישען וויען און בערלין האָט זיך ווענען דעם אָנגעפאַנגען אַ גרויסער דיפּלאָמאַטישער שטרייט.

עסטרייך האָט פערלאַנגט איבערצוגעבען דיזען סכסוך דעם דייטשען בונד, ווייל זי האָט גערעכענט, דאָס דיזער וועט בעשליסען די זאַך געגען פרייסען. די עסטרייכישע רעגירונג האָט אויך צושיקט בריף צו אַלע הער־שער פון דייטשען בונד, אין וועלכע זי האָט אויסגעדריקט פאָלשטענדיגען צוטרויען, דאָס זיי וועלען די זאַך בעשליסען געוויסענהאַפט. אין דער זעל־בער צייט האָט עסטרייך געשיקט טרופּען צו פערשטאַרקען די שלעזישע גרענעץ און האָט אויך אָנגענומען אַנדערע קריגערישע מאַסרעגלען צו זיין גרייט צום שטרייט.

פרייסען האָט דערויף געענטפערט אין דער צירקולאַר־דעפּעשע פון 24טען מערץ 1866. אין דיזער האָט ביסמאַרק ערקלערט, דאָס עס ליגט אין דעם אינטערעס פון דייטשלאַנד צו גערן האַנט אין האַנט מיט פרייסען און ניט מיט עסטרייך. ווען דייטשלאַנד וועט ניט זיין איינס מיט פרייסען קען זי ערוואַרטען דעם שיקזאַל פון פוילען.

צוזאַמען מיט דיזער צירקולאַר־דעפּעשע האָט פרייסען אויך געשיקט טרופּען צו די גרענצען פון שלעזוויג. דעם 8טען אַפּריל האָט פרייסען גע־שלאָסען אַ בונד מיט דעם איטאַליענישען קעניג וויקטאָר עמאַנועל, דאָס ער זאָל מיט גוואַלד דורכפיהרען ווענעציא׳ס אָפּפאַל פון עסטרייך. מיט אַ טאָג שפּעטער האָט ביסמאַרק פאָרגעשלאָגען אין בונדעסטאַג איינצופיהרען אַן אַלגעמיינעם דייטשען פּאַרלאַמענט מיט דירעקטע פאָלקס־וואַהלען און אַלגעמיינעם שטימרעכט. פיר די יונקער־רעגירונג איז יעדער מיטעל גע־ווען רעכט, אפילו ווען ער איז געווען געגען זיך זעלבסט, אום נאָר צו שאַ־דען עסטרייך.

די פאָרבערייטונגען צו דעם שטרייט זיינען געווען פון ביידע זייטען ריזיגע. אין עסטרייך איז מען געווען שטארק ערביטערט, געגען פרייסען. זאָגאר די קלענערע שטאאטען פון דייטשען בונד זיינען געווען געגען פריי־סען. דער נאָמען ביסמארק איז געוואָרען פערהאסט אין גאנץ דייטשלאנד. אין פרייסען זעלבסט איז געוואָרען די פרייסישע פאָליטיק פון ביסמארק שטארק פערהאסט. איבעראל האט מען דיזע געטאדעלט און געשימפט:



מאַנטייפפעל.

אין פארלאמענט, אויף מאסען־פערזאמלונגען און אין דער טעגליכער פרעס. אין יוני האט מען שוין ערווארטעט דעם אויסברוך פון קריג. עסטרייך האט פאָרגעלעגט דעם סכסוך פאר'ן דייטשען בונדעסטאג. פרייסען האט געגען דעם ענערגיש פראָטעסטירט, ווייל דאס איז געווען געגען דעם גא־סטיינער פערטראג, און האט ארויסגעשיקט געגען עסטרייך אן ארמעע פון 400,000 מאן.

דיזע ארמעע האט פרייסען אריינגעשיקט אין האלשטיין. עסטרייך האט צוזאמענגערופען די בעפעלקערונג אום צו בעראטען זיך וואס מען זאל טאן. אבער פרייסען האט אין גאנצען מבטל געווען די האלשטיינישע רע־גירונג און האט זאגאר אריינגעווארפען אין געפענגניס דעם עסטרייכישען קאמיסאר, וועלכער האט געגעבען דעם בעפעהל צוזאמענצורופען די בע־פעלקערונג. עסטרייך האט פערלאנגט פון די דייטשע בונד־שטאאטען זיי זאלען מאביליזירען זייערע קריגערישע קרעפטען. דעם 14טען יוני האט זיך דער בונדעסטאג בעראטען וועגען דיזען פערלאנג פון עסטרייך. דער אנטראג איז אנגענומען געווארען מיט 9 שטימען געגען 6. דאן האט דער פרייסי־שער געזאנדטער ערקלערט, דאס דער פרייסישער הויף רעכענט, אז מיט דיזען בעשלוס פון בונדעסטאג איז דער ביזהעריגער פערטראג מיט דעם בונד געבראכען. אין דער זעלבער צייט האט פרייסען בעקאנט געמאכט א נייע בונדעס־פערפאסונג, לויט וועלכער דער בונדעס־פארלאמענט זאל ערוועהלט ווערען דירעקט פון פאלק, און עסטרייך זאל ארויסגעשטויסען ווערען פון בונד.

דעם 14טען יוני איז פרייסען ארויס אין אן אפענעם קאמף. דאס פרייסישע פאלק, וועלכעס איז פריהער געווען אונצופרידען מיט ביסמארק׳ס פאליטיק, איז יעצט פלוצלינג געווארען איינגענומען מיט לייב און זעעלע פיר די פאליטיק פון דיזען אייזערנעם קאנצלער. יעצט האט פרייסען גע־האפט צו זיין אין שטאנד צו מאכען אן ענדע צו די קליין־שטאאטעריי.

דעם 15טען יוני האט פרייסען ארויסגעשיקט איהרע פאדערונגען צו די נאהענטע שטאאטען: צו האננאווער, זאקסען און קורהעססען. זי האט זיי גאראנטירט זייער אויבערמאכט, ווען זיי וועלען זיך באלד אנשליסען אן דעם נייעם שטאאטען־בונד. זיי האבען קיינער ניט געוואלט טאן דעם פערלאנג פון פרייסען. דער רעזולטאט פון דער עקשנות פון דיזע דריי לענדער איז געווען, דאס פרייסען האט צו זיי געשיקט מיליטער. דעם 19טען יוני איז קאססעל איינגענומען געווארען און דער קורפירסט איז גע־פאנגען געווארען. די העססישע טרופען זיינען אוועק נאך זיד און האבען זיך פעראייניגט מיט דער ארמעע פון בונד. אויך די האננאווערער סאלדא־טען האבען זיך געלאזען געהן נאך זיד אום צו פעראייניגען זיך מיט דער ארמעע פון דייטשען בונד, אבער פרייסען האט זיי געהינדערט צו דער־גרייכען דיזען ציל, און דער זיג איז געבליבען פיר פרייסען. דעם 29טען יוני האט קעניג געארג דער 5טער זיך אונטערגעגעבען מיט זיינע טרופען.

אין זאקסען איז דעם 18טען יוני בעזעצט געוואָרען דרעזדען מיט פּריי-סישע סאָלדאַטען, און דעם 19טען יוני לייפּציג. די זאַקסישע טרופּען זיי-נען אַוועק נאָך בעהמען. היר האָבען זיך די עסטרייכישע טרופּען פערזאַ-מעלט אונטער דער אויבער־קאָמאַנדע פון גענעראַל בענעדעק. די צאָהל פון סאָלדאַטען אונטער זיין קאָמאַנדע איז געווען ¼ מיליאָן. די פּרייסישע טרופּען אין אָסט זיינען אויך געווען אַזוי פיעל און האָבען גע-בילדעט צוויי אַרמעען. ביידע אַרמעען האָבען געצויגען נאָך בעהמען, איינע איבער זאַקסען אונטער דעם פּרינץ פריעדריך קאַרל, די אַנדערע פון שלעזיען אונטער דעם קרוינפּרינץ פריעדריך ווילהעלם.

ביי טראוטענאו און נאכאָד איז דעם 27טען יוני פאָרגע-קומען אַ שלאַכט. די פּרייסען האָבען דאָ געמוזט צוריקטרעטען ביי טראַו-טענאו. דערפאַר האָבען זיי געהאַט אַ גלענצענדען זיג איבער די עסטריי-כער ביי נאַכאָד. דעם 21טען יוני האָבען די זיגער איינגענומען סקא-ליטץ איבעראַל האָבען די עסטרייכער געמוזט צוריקטרעטען. אויך די צווייטע אַרמעע האָט געהאַט אַ שענעם זיג דעם 28טען יוני ביי סאָאר נאָך דעם, ווי זיי האָבען געמוזט צוריקטרעטען ביי טראוטענאַו. דעם 29טען יוני האָבען די פּרייסען פערכאַפּט קעניגין־האָף. אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען די עלב־אַרמעע אונטער דער פיהרונג פון הער-ווארטה פאָן ביטטענפעלד. ביי היהנער־וואססער איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט (26טען יוני), אין וועלכער די פּרייסען האָבען געזיגט, און דיזער זיג האָט פערשאַפט דער עלב־אַרמעע די מעגליכקייט צו פעראייניגען זיך מיט דער אַרמעע פון פּרינץ פריעדריך קאַרל. די פעראיי-ניגטע אַרמעען האָבען געקעמפּט מיט גרויס ערפאָלג ביי מינכענ-גראַטץ (28טען יוני) און ביי גיטשין (29טען יוני).

נאָך דיזע מפּלות האָט זיך דער פיינד געמוזט צוריקציהען צו דער פעסטונג קעניג־גראַטץ. די ערשטוינענדע נצחונות פון די פּריי-סען זיינען ניט נאָר געווען צו פערדאַנקען זייערע מערקווירדיגע צינד־נאַ-דעל־געוועהר, נאָר נאָך מעהר צו פערדאַנקען דער הויכער בילדונג, איבער-געבענהייט און זעלבשטענדיגקייט פון דער פּרייסישער אַרמעע. ניט אומ-זיסט האָט מען געזאָגט, דאָס דער הויפּט־זיגער אין דער שלאַכט פון סאַ-דאָוואַ איז געווען דער פּרייסישער שול־לעהרער. אין אַ קריג שפּילען ניט די ראָלע די מאַטעריעלע הילפס־מיטלען, נאָר די גייסטיגע און זעעלישע קרעפטען. אויך האָט דער שעף פון גענעראַל־שטאַב, פרייהערר פאָן

מאַלטקע, פיעל מיטגעווירקט צום פּרייסישען רוהם דורך זיין מייס־טערהאפטע קריגפיהרונג.

נאָך דעם, ווי בענעדעק האָט קאָנצענטרירט זיינע טרופּען ביי קעניג־גראַטץ, האָבען די פּרייסען בעשלאָסען צו מאַכען דאָרט די ענטשיידענדע שלאַכט. די עסטרייכער האָבען זיך דאָרט שטאַרק בעפעסטיגט. דער פּריי־סישער קריגס־ראַט האָט בעשלאָסען אַנצוגרייפען דעם פיינד דעם 3טען יולי. אום די שלאַכט זאָל האָבען דעם געווינשטען ערפאָלג האָט מען גע־מוזט האָבען דעם קרוינפּרינץ ביי דער אַרמעע. ער איז אָבער דאַן געוועזען איינינע מייל ווייט פון דער הויפּט־אַרמעע. דעם רעכטען פליגעל האָט קאָ־מאַנדירט ביטטענפעלד, דער צענטרום איז געשטאַנען געגען דעם דאָרף סאַדאָוואַ אין פראָנט פון די עסטרייכער, און דיזע האָבען דערווייל געמוזט פיהרען די פאָרבערייטונגען צום שטרייט ביז דער קרוינפּרינץ וועט אָנקומען.

דער 3טער יולי איז געוועזען אַ דונקעלער וואָלקענדיגער רעגענטאָג. די ערד איז געוועזען ווייך און שווער פיר דאָס מאַרשירען פון אַן אַרמעע. די פּרייסען האָבען געקעמפּט כמעט מיט איבערמענשליכער אָנשטרענגונג. זיי האָבען אָבער גענומען די בעפעסטיגטע דערפער און פערבאַריקאַדירטע וועל־דער, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס זיי האָבען דערביי אָוועקגעלעגט פיעלע אָפּפער. עס איז שוין געוועזען מיטטאָג־צייט, די סאָלדאַטען האָבען שוין אויסגעשאָסען די מוניציאָן, מען האָט געמוזט געברויכען די רעזערוו־מו־ניציאָן. מיט אונגעדולד האָט מען ערוואַרטעט די אָנקונפט פון דעם קרוינ־פּרינץ.

ענדליך אום 2 אוהר נאָכמיטטאָג איז ער אָנגעקומען. ער האָט וויר־ליך געהאַט אַ זעהר שווערען וועג. יעצט האָבען זיך די פּרייסען גענומען מיט מעהר ענערגיע צו שטורמען אויף די עסטרייכער. ווי אַ שרעקליכער שטורם־ווינט האָבען די פּרייסען געברויזט פון נאָרד־אָסט. אום 3 אוהר האָט מען שוין ארויסגעזעהען, דאָס די עסטרייכער וועלען האָבען אַ שרעק־ליכע נידערלאַגע. זיי זיינען אַלע געלאָפען צוריק אין אַ שרעקליכען טומעל און אָהן אַ שום אָרדנונג אין אַ קנויל צו דער עלבע אום צו געפינען אַ וועג נאָך פאַרדוביטץ. די שמחה פון די זיגער, די פּרייסען, איז געוועזען ניט צו בעשרייבען. אין זייערע הענט זיינען אריינגעפאַלען: 11 פאָהנען, 174 קאַנאָנען און 18,000 ניט־פערוואונדעטע סאָלדאַטען. אין זיין טעגליכען בעפעהל צו דער אַרמעע האָט דער קעניג געזאָגט: „דער טאָג פון קעניג־גראַטץ האָט געקאָסט זעהר גרויסע און שווערע אָפּפער, אָבער ער איז אַן

עהרען-טאָג פיר די גאַנצע אַרמעע, אויף וועלכע דאָס גאַנצע פאָטערלאַנד קוקט מיט שטאָלץ און בעוואונדערונג".

אין וויען האָט געהערשט אַ שרעקליכער טרויער. מען האָט גאָרניט געקענט רעכנען, דאָס אין אַזאַ קורצער צייט, אין אַ 7-טעגיגען פעלדצוג, זאָל עסטרייך אַזוי נידערפאַלען! דער שטרייט מיט איטאַליען איז שוין געווען פיעל גינסטיגער פיר עסטרייך. דער קייזער נאַפּאָלעאָן האָט געראַטען דעם עסטרייכישען קייזער, אַז ער זאָל נאָכגעבען די פאָדערונג פון איטאַליען וועגען ווענעציאַ, אום ער זאָל בעסער אָנווענדען זיינע אַלע קרעפטען געגען פרייסען. אָבער דער שטאָלץ פון פראַנץ יאָזעף'ן האָט איהם ניט דערלאָזען אָפּצוגעבען ווענעציאַ אָהן אַ קריג. די איטאַליענער זיינען איבעראַל געשלאָגען געוואָרען, אויך גאַריבאַלדי מיט זיינע וואָלונטירען האָבען ניט געהאָלפען, אויך ער האָט געכאַפּט זעהר אָפטע נידערלאַגעס פון דער עסטרייכישער אַרמעע. איבערהויפּט איז געווען גרויס די נידערלאַגע פון דער איטאַליענישער אַרמעע אין דער שלאַכט ביי קוסטאָצצאַ דורך דעם ערץ-הערצאָג אַלברעכט. שפּעטער איז אויך די איטאַליענישע פלאָטע שטאַרק צוקלאַפּט געוואָרען ביי ליססאַ (20טען יולי). נאָך פריהער, איידער עס איז פאָרגעקומען די שלאַכט ביי ליססאַ, האָט מען אין עסטרייך געפּאַסט אַ בעשלוס איבערצוגעבען ווענעציאַ צו נאַפּאָלעאָן'ען. דורך דעם, האָט מען גערעכענט, וועט נאַפּאָלעאָן העלפען עסטרייך אין איהר מלחמה געגען איטאַליען, אָדער ער וועט צום ווענינסטען צווינגען איטאַליען צו אַ וואַפען-שטילשטאַנד, אום די טרופּען, וואָס עסטרייך האָט געשיקט אין שטרייט מיט איטאַליען, זאָלען קענען צוריקקעהרען זיך נאָך וויען אַלס שוץ געגען פרייסען. אָבער פראַנץ יאָזעף האָט געהאַט אַ טעות. נאַפּאָלעאָן האָט פריינדליך צוגענומען די מתנה, אָבער ער האָט ניט אויסגעאיבט אויף איטאַליען קיין צוואַנג.

די פרייסען זיינען געגאַנגען נאָך וויען אָהן אַ שום שטערונג. מען האָט ערוואַרטעט יעדען טאָג, דאָס וויען זאָל עראָבערט ווערען פון די פרייסען. אָבער עסטרייך האָט זיך געאיילט צו פועל'ן אַ וואַפען-שטילשטאַנד, און באַלד האָט מען פאָרטגעזעצט די בעדינגונגען פון פרידען, לויט וועלכע עסטרייך איז אַרויס פון דייטשען בונד, האָט מסכים געווען צו אַלע ענדערונגען, וואָס פרייסען האָט געפּלאַנט אין נאָרד פון דער מאַין-ליניע, און האָט זיך ענטזאַגט פון אַלע רעכטען אויף שלעזוויג-האָלשטיין צו גונסטען פון פרייסען; אויסער דעם האָט זיך עסטרייך פערפּליכטעט צו צאָהלען צו פרייסען 20,000,000 טהאַלער קריגס-קאָסטען.

דערוויילע האָט אויך די פּרייסישע אַרמעע אין וועסט אונטער פאָגעל פאָן פאַלקענשטיין און מאַנטייפעל געהאַט גרויסען ערפאָלג. דעם 4טען יולי האָבען זיי צוריקגעטריבען די באַיערן ביי דערמבאַך און זייַנען אונגעשטערט אַוועק אויף קיססינגען. דערוויילע אָבער האָט מען פון



מאָלטקע.

דער הויפּט־קוואַרטיר געלאָזט וויסען, דאָס עס איז „פּאָליטיש וויכטיג", אַז מען זאָל פערנעהמען די לענדער, וואָס ליגען נאָרדליך פון דעם מאַין. די אַרמעע האָט זיך דעריבער גענומען געהן אויף האַנאַו און פראַנקפורט אום צו בעזעצען זיי. אָבער אויף'ן וועג האָט דיזע אַרמעע ווידער בעגעגענט

אַן אַרמעע פון בונד. ביי לאַופאַך איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער די בונד־אַרמעע איז בלוטיג געשלאָגען געוואָרען. דעם צווייטען טאָג איז פאָרגעקומען אַ נייע שלאַכט ביי אַשאַפּפענבורג. אויך אין דיזער שלאַכט איז די בונד־אַרמעע שרעקליך צוקלאַפּט געוואָרען פון די פרייסען. נאָך דיזער שלאַכט האָט די בונד־אַרמעע געמוזט צוריקטרעטען און פרייסען האָט דאַן געהאַט די מעגליכקייט צו פערכאַפּען פראַנקפורט און נאַססאַו. דעם 16טען יולי האָט פאָלקענשטיין געקענט מעלדען דעם פרייסישען קעניג: „די לענדער נאָרדליך פון מאַין ליגען אייער מאַיעסטעט צו די פיס".

אין דיזער צייט האָט זיך די בונד־אַרמעע פעראייניגט מיט די באַיערן און האָט זיך פערשטאַרקט פון אַנדערע זייטען. אָבער אויך די מאַין־אַרמעע איז בעדייטענד צוגעוואַקסען אין צאָהל און אין מאַכט. פרייסען איז גע־ווען ענטשלאָסען צו נעהמען פיר זיך איינצינע לענדער פון די בונד־מעכטען, וואָס זיינען געווען צו איהר פיינדליך, אום צו זיין דורך דעם גאַראַנטירט, דאָס דער פרידענס־אָפּשלוס וועט זיין פיר איהר גינסטיג. דעם 23טען יולי זיינען די באַדענער געשלאָגען געוואָרען ביי הונדסהיים און דעם 24טען די ווירטעמבערגער ביי טאַובערבישאָפּסהיים. די זיד־דייטשען האָבען אפילו איבעראַל געצייגט גרויסע גבורות אין די מלחמות, אָבער אין ערגעץ איז זיי ניט געלונגען אַנצוגרייפען אין דער ריכטיגער צייט. דערצו איז נאָך דער גרויס־הערצאָג פון מעקלענבורג אָנגעקומען פון הינטען צו העלפען פרייסען.

דעם 2טען אויגוסט איז בעשלאָסען געוואָרען אַ וואַפען־שטילשטאַנד, און דאָס האָט זיי געראַטעוועט פון זייער שלעכטער לאַגע. די שטאָדט ווירצ־בורג איז בעזעצט געוואָרען פון די פרייסען, און די אַרמעע פון דייטשען בונד איז אין גאַנצען אויפגעלעזט געוואָרען. דערמיט האָט זיך אויך גע־ענדיגט דער שטרייט אין וועסט. יעצט האָבען זיך אָנגעהויבען פרידענס־שליסונגען אויך מיט די קלענערע דייטשע שטאַאַטען. פרייסען האָט דאַ־מאָלס אָנגעפאַנגען צו גרינדען אַ נאָרד־דייטשען בונד. זאַקסען איז באַלד צוגעשטאַנען צו דיזען בונד אונטער דער פיהרונג פון פרייסען, באַלד איז אויך דאַרמשטאָדט צוגעשטאַנען צו דעם בונד. אונטער פרייסען זיינען צו־געקומען שלעזוויג־האָלשטיין, האַננאָווער, קורהעססען, נאַססאַו און די פרייע שטאָדט פראַנקפורט. דיזע נצחונות האָבען געשטעלט פרייסען פיעל העכער אין מאַכט.

קעניג ווילהעלם האָט געאײלט צו קומען פון קריגס־פּלאַץ אין זיין הויפּטשטאָדט בערלין, אום צו עפנען דעם 5טען אויגוסט דעם נייעם לאַנדטאַג. די אָפּאָזיציאָנס־מענער זיינען ווידער ערוועהלט געוואָרען אין לאַנדטאַג. אָבער זייער געגנערשאַפט צו דער רעגירונג איז יעצט געוואָרען פיעל שוואַכער, וויל פיעלע פון זיי זיינען געווען זעהר צופרידען מיט די נייע פערהעלטניסען. מיט אונגעדולד האָט מען ערוואַרטעט צו הערען די ער־עפנונגס־רעדע. די רעגירונג איז געווען קלוג גענוג, אין דער צייט ווען זי איז אַרויס מיט גרויס גלאַנץ פון דעם שווערען קאַמף, צו ווערען שלום מיט דער אָפּאָזיציאָן. דער קעניג אין זיין רעדע האָט דערמאָהנט די נעמען פון די העלדען, וואָס האָבען פערלאָרען זייער לעבען אויף׳ן שלאַכטפעלד און האָט דערביי געזאָגט: „די רעגירונג מיט די פאָלקס־פערטרעטער דאַרפען אַרבייטען אייניג, זאום די בלוטיגע זאַמען זאָלען ניט זיין געזעעט אומזיסט און זאָלען בריינגען צייטיגע פרוכט״.

דער לאַנדטאַג איז געווען צופרידען נאָכצוגעבען דעם פערלאַנג פון דער רעגירונג, צו שליסען פרידען מיט דער אָפּאָזיציאָן, און האָט בעוויליגט דער רעגירונג אַ קרעדיט פון 60 מיליאָנען טהאַלערס. אַזוי איז ווידער איינגעפיהרט געוואָרען אַ געזעצליכער בודזשעט (אַ הוצאה און הכנסה פון דער רעגירונג מיט דער צושטימונג פון פּאַרלאַמענט). דער קעניג האָט נאָכדעם אַרויסגעגעבען אַן אַמנעסטיע (בעגנאַדיגונג) פיר אַלע אָנגעקלאָגטע וועגען פּאָליטישע פערברעכענס און פערברעכענס פון פרעס־פרייהייט. דער־מיט איז געשלאָסען געוואָרען אַן אַלגעמיינער פרידען.

די פירסטען, וואָס זיינען אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון זייערע טראָ־נען, האָבען זיך געמוזט צופּאַסען צו זייער שיקזאַל. אייניגע האָבען בע־קומען פיר זייער אַרונטערזעצונג געוויסע סומעס געלט. דיזע האָבען ניט פערשאַפט פרייסען קיין שוועריגקייטען. נאָר דער קעניג געאָרג פון האַנ־נאָווער האָט זיך ניט געקענט צוגעוועהנען צו זיין שיקזאַל און האָט נאָך אַ געוויסע צייט אָנגעהאַלטען אין אויסלאַנד אַן אייגענע קריגס־מאַנשאַפט, וועהרענד זיין פרוי האָט אין דער מאַריענבורג געזוכט די סימפּאַטיע פון די וועלפען. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס ער האָט ניט בעקו־מען די גרויסע סומע פון 16,000,000 טהאַלער, וואָס פרייסען האָט בע־שלאָסען צו בעצאָהלען איהם פיר זיין טראָן. אויסער דעם זיינען פיעלע פון זיינע גיטער קאָנפיסקירט געוואָרען. און נאָר דער פּאַרלאַמענט האָט געהאַט די מאַכט צו בעפרייען זיינע גיטער פון קאָנפיסקאַציאָן. דיזע קאָנ־פיסקירטע גיטער האָבען שפּעטער געבילדעט דעם בעריהמטען וועלפען־

פאַנד, וועלכער איז בענוצט געוואָרען דורך ביסמאַרק'ן צו אונטערקויפען די צייטונגען און צו אַלערליי דונקעלע אונטערנעהמונגען. ביסמאַרק איז געווען אַ פּראַקטישער מענש און ער האָט דורכגעפיהרט אין דייטשען דע-פּוטאַטען-הויז אַ בעשענקונגס-געזעץ פיר די „פערדינטע" שטאַאַטסמענער און מיליטערישע קאָמאַנדירען. דורך דיזעם געזעץ זיינען געפאַלען פון די קאָנפיסקירטע גיטער פיר ביסמאַרק, ראָאָן, מאָלטקע און אַנדערע גאַנץ אַנ-שטענדיגע סומען. די „גרויסע" מענער האָבען פיר זייערע גרויסע „פער-דינסטען" זיך געלאָזען זעהר גוט בעצאָהלען.

נאָך דעם, ווי די קלענערע דייטשע רעגירונגען, וואָס זיינען געלעגען אויף דער נאָרד-זייט פון דעם טייך מאַין, האָבען איינגעשטימט צוצושטעהן צו דעם נאָרד-דייטשען בונד אונטער דער אויבערהערשאַפט פון פּרייסען, האָבען זיי צו ענדע פון יאָהר 1866 געשיקט זייערע פאָלקס-פערטרעטער נאָך בערלין אום צו בעראַטען זיך דאָרט און אויסאַרבייטען פיר דיזען נייעם בונד אַ פערפאַסונג. נאָך פיעלע פערהאַנדלונגען איז אַ פערפאַסונג אָנגענומען געוואָרען. לויט דיזער פערפאַסונג האָבען די אַלע דייטשע שטאַאַטען נאָרדליך פון דעם מאַין געבילדעט איין בונד, מיט גלייכע גע-זעצען און גלייכע רעכטען פיר אַלע בירגער פון דעם בונד, אַזוי דאָס יע-דער בירגער פון וועלכען עס איז שטאַאַט פון דעם בונד האָט געהאַט דאָס רעכט צו בעזעצען זיך אין יעדען שטאַאַט. די אַרמעע האָט בעדאַרפט זיין אַן אַלגעמיינע פון אַלע שטאַאַטען אונטער דער פיהרונג פון פּרייסען.

דער הויפּט-צוועק פון דיזען בונד איז געווען צו הייבען דעם אַלגע-מיינעם האַנדעל פון די אַלע שטאַאַטען פון בונד. די אַלע געזעצען פון דעם בונד האָבען געהאַט דעם ציל — צו פערשאַפען פרייהייט דער אַרבייט, דער אינדוסטריע און דעם האַנדעל. ווי מיר האָבען פריהער ערקלערט איז די אַלגעמיינע אַרמעע פון בונד געווען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון פּרייסישען קעניג. אויפצוהאַלטען די אַרמעע איז בעשטימט געוואָרען 225 טהאַלער אַ יאָהר פיר יעדען סאָלדאַט. אַלס מיטלען דערצו האָבען געדינט די צאָל-שטייערן פון אַלע שטאַאַטען. אין פאַל אָבער די צאָל-שטייער פון אַ שטאַאַט איז ניט געווען גענוג צו דעקען די אויסגאַבען פון זיינע סאָל-דאַטען, האָט די רעגירונג פון יענעם שטאַאַט געמוזט געבען ספּעציעלעביישטייערונגען.

עסטרייך'ס פינאַנצען זיינען געשטאַנען זעהר שלעכט נאָך פאַר דעם קריג מיט פּרייסען. זי האָט געמוזט אויסגעבען זעהר גרויסע סומעס אום צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן. די שולדען פון דער רעגירונג זיינען גע-

וואַקסען מעהר און מעהר און האָבען דערגרייכט ריזיגע סומען. כמעט דאָס גאַנצע מעטאַל־געלט פון לאַנד איז אַוועק נאָך אויסלאַנד צו בעצאָהלען די גרויסע פּראָצענטען פיר די שולדען. די רעגירונג איז געווען געצוואונ־גען צו פערקויפען שטאַאַטס־לענדערייען און איבערגעבען די אייזענבאַהנען צו פראַנצויזישע קאָמפּאַניעס; אָבער דאָס אַלעס האָט געהאָלפען דער רעגירונג נאָר אויף אַ קורצע צייט. דערצו האָט זיך דאַמאָלס ענטוויקעלט אַ שרעקליכע רעאַקציאָן. די אַלע ערלייכטערונגען און הנחות פון דער לעצ־טער צייט, וואָס די עסטרייכישע רעגירונג האָט געגעבען דעם פאָלק, זיינען צוריק אָפּגענומען געוואָרען; מען האָט זיך צוריקגעקעהרט צו די צושטענדען פון דער פערגאַנגענהייט. דאָס איז געווען די עסטרייכישע פּאָליטיק אין די פופציגער יאָהרען. פּאָליטיש איז דאָס גאַנצע לעבען פערניכטעט געוואָרען. עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, ווי אויף אַ בית עולם, ווען פרינץ יאָזעף האָט דעם 31טען דעצעמבער 1851 ערקלערט, דאָס די קאָנסטיטוציאָן איז אָפּגעשאַפט, דאָס פון יעצט אָן איז עסטרייך ווידער אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע, ווי זי איז געווען פריהער, דאָס די מיניסטאָרען זיינען, ווי פרי־הער, פעראַנטוואָרטליך נאָר צום קייזער אַליין, און ניט צום פאָלק, און דער שטאַאַטס־ראַט איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קייזערליכען ראַט.

אָבער די אומשטענדען זיינען געוואָרען אזוי שרעקליך, דאָס די רעגי־רונג האָט זיך ענדליך איבערצייגט, אַז מען מוז מאַכען אַן ענדע צו די אַלטע אָרדנונגען, מען מוז ברעכען דאָס גאַנצע סיסטעם און דורך פּאָליטישע רע־פאָרמעס אויפהויבען דעם צוטרויען פון דער פינאַנץ־וועלט. אין די יאָהרען 1859 און 1860 איז בעקאַנט געוואָרען, דאָס די רעגירונג האָט פערגרעסערט דעם נאַציאָנאַל־חוב אויף 111 מיליאָנען טהאַלער, דאָס פיעלע הויכע בע־אמטע האָבען געמאַכט שרעקליכע פאַלשען אין די שטאַאַטס־פינאַנצען. עס איז געקומען דערצו, דאָס דער גענעראַל אייגאַטטען איז פערהאַפ־טעט געוואָרען און ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען; דער פינאַנץ־מיניס־טער ברוק האָט זיך פער'סמ'ט אין זיין שלאָפצימער; אויך דער באַנק־דירעקטאָר ראָבערט און דער דירעקטאָר פון טריעסטער קרעדיט־אַנ־שטאַלט ריכטער האָבען בעגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אָבער ניט אַכטענדיג אויף די נויטווענדיגקייט פון ראַדיקאַלע רעפאָר־מעס, האָט די רעגירונג דאָך ניט געהאַט דעם מוט צוצוטרעטען גלייך צו וויכטיגע ענדערונגען, און האָט פערלאָרען פיעל צייט אין מאַכען עקספּערי־מענטען (פּראָבעס) צו ענדערן די לאַגע אָהן גרויסע רעפאָרמעס. דאָס פאָלק אָבער האָט אויסגעדריקט אַ שטאַרקע אונצופרידענהייט און האָט געפאָדערט

צו מאַכען איין מאָל פיר אַלע מאָל אַן ענדע צו דעם אַלטען פערשימעלטען אבסאָלוטען פעאָדאַל־סיסטעם. דעם 26טען פעברואר 1861 האָט דער קייזער ארויסגעגעבען אַ נייע פערפאַסונג. לויט דיזער פערפאַסונג איז בעשטימט געוואָרען פיר די לאַנדטאַגען אַ פערטרעטונג פון אינטערעסען אַנשטאָט אַ פערטרעטונג פון די שטאַנדען. איבערהויפּט האָט גרונד־בעזיץ ערהאַלטען אַן ענטשיידענע פערטרעטונג. דער רייכסראַט איז פערגרעסערט געוואָרען אין דער צאָהל פון מיטגלידער און דיזער, ווי די לאַנדטאַגען, האָט ערהאַלטען דאָס רעכט פון איניציאַטיווע (דאָס רעכט פאָרצושלאָגען געזעצען) און פון עפענטליכער פערהאַנדלונג, און די לאַנדטאַגען איז געוואָרען בעוויליגט דירעקטע וואַהל פיר דעם רייכסראַט. דער נייער פאַרלאַמענט איז בעשטאַנען פון צוויי הייזער: אַ הערען־הויז און אַ הויז פון אָפּגעאָרדענטע. דאָס לעצטע איז בעשטאַנען פון דעלעגירטע פון די איינצעלנע לאַנדטאַגען.

אָבער דיזע רעפאָרמען זיינען ניט געווען אין שטאַנד צו בעסערן דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון דער עסטרייכישער מאָנארכיע. דערצו זיינען די אַריסטאָקראַטיע און די קלעריקאַלען געווען שטאַרק געגען דיזע רעפאָרמען. דער איינפלוס פון די קלעריקאַלען, די ביטערסטע פיינד פון טיכטיגער פאָלקס־בילדונג, אָהן וועלכער עס קען ניט בעשטעהן די מאָדערנע אינדוסטריע, האָט זיך שטאַרק געלאָזט פיהלען אין לאַנד.

דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס אין די זעכציגער יאָהרען איז דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון עסטרייך געווען זעהר שלעכט: דער האַנדעל איז געווען פאַראַליזירט, די גרונד־בעזיצער פעראָרימט און דער קרעדיט זעהר שוואַך. נאָך דעם קריג צווישען עסטרייך מיט פרייסען האָט איינער פון דער אָפּאָזיציאָן געשריבען: „אונזער אינדוסטריע איז ניט מעהר ווי אַ טויטער קערפּער, וואָס האָט אין זיך סימני היות נאָר פון דעם, וואָס ער איז פערגאַלוואַניזירט; אונזער קולטור איז ווי אַ גוסס; אונזער פאָלקס־בילדונג איז ווי אַן אוצר, וואָס איז נאָך ערגעץ־וואו פערגראָבען טיף אין דער ערד; אונזער וואוילשטאַנד איז געפּלאַצט; אונזער קרעדיט איז פאַלש; עסטרייך׳ס עהרע אין אויסלאַנד איז געבראָכען. אַ פאָלק, וואָס ווייס קיינמאָל ניט וואָס עס איז — אויב עס איז קאָנסטיטוציאָנעל אָדער אבסאָלוט־מאָנארכיסטיש, אויב עס איז גייסטליך אָדער וועלטליך, פיסקאַליש (שטאַאַטס־ווירטשאַפטליך) אָדער פאָלקס־ווירטשאַפטליך, אויב זיין האַנדעל איז פריי אָדער שטעהט אונטער דעם שוץ פון צאָל, אויב די רעגירונג איז צענטראַליסטיש, דואַליסטיש (צוויי־טיילינ) אָדער פעדעראַליסטיש, עסטריי-

כיש אָדער אונגאריש, דייטש אָדער טשעכיש, מאָנארכיש, אריסטאָקראַטיש אָדער גאָר אָלינארכיש (אין דער מאַכט פון ווענינע) ; א פּאָלק, וואָס דער ווערט פון זיין בעזיץ ווערט אַלע טאָג קלענער, וואָס זיין אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע עקסיסטענץ איז אָפּהענגיג פון פרעמדע און איז קיינמאָל ניט זיכער — אזא פּאָלק פערלירט קראַפט און פערטרויען פיר נאַציאָנאַלע פּראָדוקציאָן, זיינע הענט און זיין הארץ ווערען אונזיכער, און פון איהם מוזען ענדליך ביידע שווינדען : אי הארץ אי מוט !"

אין יאָהר 1867 האָט עסטרייך'ס שטאַאַט־שולד בעטראָפען 3,046 מיליאָנען גולדען קאַפּיטאַל מיט 127 מיליאָנען גולדען יעהרליכע צינזען און א יעהרליכען אַמאָרטיזאַציאָנס־בעטראַג (סומע צו דעקען שולדען) פון 24 מיליאָנען. אויסער דעם איז שטענדיג געווען א דעפיציט צווישען די יעהרליכע איינקונפטען און אויסגאַבען. דאָך האָט זיך דער צושטאַנד נאָך דעם ענדע פון דעם קריג מיט פּרייסען פיעל געענדערט צו בעסער. דער האַנדעל און דער אַקערבוי האָבען זיך געבעסערט. די פּאַפּירען האָבען געשטיגען. אַן אונגעוועהנליכע טעטיגקייט האָט זיך ארויסגעוויזען אין דעם בויען פון אייזענבאַהנען.

אויך צווישען עסטרייך און אונגארן איז ענדליך געקומען צו אַן אויסגלייך. אין יאָהר 1867 זיינען פערעפענטליכט געוואָרען געזעצען, לויט וועלכע אונגארן האָט בעקומען צוריק איהרע אַלטע רעכטען, וואָס זי האָט פערלאָרען אין יאָהר 1849 ; זיעבענבערגען און קראָאַטיען זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען צוריק צו אונגארן, און עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען די מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע בעציהונגען צווישען ביידע מדינות. אונגארן האָט בעקומען א בעזונדער מיניסטעריום אונטער דער פיהרונג פון דעם פּאַטריאָטישען גראף אַנדראַססי (אַנדראַשי). דער קייזער און די קייזערין זיינען מיט גרויס פייערליכקייט געקרוינט געוואָרען אין אונגארן אַלס הערשער. אזוי איז עסטרייך געוואָרען א קאָנסטיטוציאָנעלעם דאָפּעל־רייך „עסטרייך־אונגארן" מיט מיליטערישער, דיפּלאָמאַטישער און האַנדעלס־פּאָליטישער איינהייט.

דאָס אזא סאָרט דאָפּעל־מאַכט זאָל זיך ענטוויקלען אונטער איין רעגירונג פרידליך און גליקליך איז געגען אַלע ערפאַהרונגען פון דער וועלט־געשיכטע. עס צייגט זיך, דאָס צווישען די דייטשען און אונגארען הערשט אַן אייביגע שנאה, דאָס יעדע פון דיזע ביידע נאַציאָנאַליטעטען זוכען ארייַנצוכאַפּען די מאַכט אין איהרע הענט. דערביי האָט זיך אויסגעצייגט, דאָס די אונגארען בעזיצען א פיעל ענערגישערע לעבענסקראַפט איידער די דייט-

טשען, און זיי האָבען ארויסגעשטויסען די דייטשען פון אַלע פּאָזיציאָנען. דאָס איז אַ בעווייז, ווי פאַלש עס איז די בעריהמעריי פון די דייטשען, דאָס זיי זיינען זעהר פעהיג אויסצוהאַלטען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. זאָגאר אין קאַמף מיט די טשעכען זיינען די לעצטע געווען די זיגער. ווען מיר וואַרפען אַ בליק צוריק אויף די אַלטע געשיכטע פון עסטרייך, אויף די שענדליכע אונטערדריקונג און טיראַניי, וועלכע דיזעס לאַנד האָט אויסגעאיבט געגען איהרע אונטערטאַנען, איז עס גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די לעבענס-פעהיגקייט פון דעם פאָלק איז אונטערגעגראָבען געוואָרען. קיין זאַך איז ניט אַזוי שרעקליך בעשטראָפט געוואָרען אין דער וועלט-געשיכטע ווי דעספּאָטיזם, און דיזען האָט עסטרייך געאיבט פיעל מעהר ווי וועלכעס עס איז אַנדערעס לאַנד אין אייראָפּאַ!



# דער דייטש־פראַנצויזישער קריג

.1871 — 1870

מיר קומען יעצט צו יענער עראייגניס, וועלכע די דייטשען האָבען פערהימעלט, וויל זי האָט פערווירקליכט אַ וואונש, וואָס זיי האָבען לאַנג געשטרעבט צו זיין ערפילונג, נעמליך, די נייע אויפשטעלונג פון דעם דייטשען רייך. אָבער די אָפיציעלע געשיכטע־שרייבער האָבען די נייע אויפשטעלונג פון דייטשען רייך בעדעקט מיט אַ נעץ פון ליגען און לעגענדעס.

דאָך קען מען ניט אָפּלייקענען, דאָס דיזען קריג האָט דייטשלאַנד צו פערדאַנקען די ראָלע, וועלכע זי שפּילט יעצט אין דער וועלט־פּאָליטיק. נאָר די זיגען פון 1870 — 1871 האָבען בעפרייט דעם דייטשען נאָמען פון דער שאַנדע, מיט וועלכער דיזער איז געווען בעדעקט אין אויסלאַנד. דיזע נצחונות האָבען פערשאַפט דעם דייטשען פאָלק אַכטונג, אָבער צוזאַמען מיט דעם אויך האַס און פורכט פון אַלע זייטען.

לאָמיר פריהער בעטראַכטען די אויסערליכע אורזאַכען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען דעם קריג. שפּאַניען האָט אין 1870 ניט געהאַט קיין קעניג. פּרים האָט צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד געזוכט אין אייראָפּאַ אַ קעניג פיר שפּאַניען, אָבער ער האָט ניט געקענט געפינען. דעם 7טען יולי האָט מען פּלוצלינג דערהערט, דאָס אַ פּרינץ פון די האָהענצאָללערן האָט געהאַט מיט פּרים געהיימע אונטערהאַנדלונגען און האָט איהם פערשפּראָכען אָנצונעהמען די שפּאַנישע קרוין. דיזע נאַכריכט האָט די פראַנצויזישע רעגירונג בעקומען דורך דעם, וואָס עס איז איהר געלונגען צו פערכאַפּען אַ דעפּעשע. די נאַכריכט האָט אויפגעקאָכט פּאַריז און עס איז געוואָרען אַ שרעקליכער לאַרם. וויל אין היינטיגע צייטען ענטשיידען נאָך ניט פּאָליטישע פראַגען די פעלקער, נאָר די פירסטען, איז עס דעריבער געווען געפעהרליך, אַז מען זאָל צולאָזען אַ פּרינץ פון די האָהענצאָללערן ווערען אַ הערשער אין זיד און אַסט. דער פראַנצויזישער קייזער נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע האָט געגען דעם פראַ-

טעסטירט. מען האָט געפאָדערט פון ביסמאַרק'ן, אַז ער זאָל ערקלערען דעם פרייסישען קעניג, דאָס ער זאָל אַלס הויפט פון דער פאַמיליע ניט ערלויבען דעם פרינץ אָנצונעהמען די שפּאַנישע קרוין.

ביסמאַרק אָבער האָט מיט דעם גאַנצען עסק ניט געוואָלט האָבען צו טאָן. דאַן האָט זיך נאַפּאָלעאָן געווענדט דורך זיין בעפאָלמעכטיגטען ב ע נ ע ד ע ט ט י צום קעניג פערזענליך. דער קעניג האָט געזוכט אויסצו־דרעהען זיך פון אַ ריכטיגען ענטפער; בענעדעטטי האָט אָבער געפאָדערט אַ בעשטימטע פערשפּרעכונג. דעם 12טען יולי האָט דער פּאַריזער קאַבי־נעט אונערוואַרטעט ערהאַלטען אַן אָפּיציעלען בעריכט פון שפּאַניען, דאָס דער האָהענצאָללערן־פרינץ האָט צוריקגעצויגען זיין קאַנדידאַטור. נאַפּאָ־לעאָן האָט פערלאַנגט פון פרינץ, אַז ער זאָל צוזאָגען, דאָס ער וועט זיך אויך שפּעטער ענטזאָגען פון אַ טראָן־קאַנדידאַטור, ווען מען וועט איהם פאָרשלאָגען.

דעם 13טען יולי איז די וועלט איבערראַשט געוואָרען מיט פאָלגענדער טעלעגראַמע:

„עמס, 13טען יולי נאָכמיטטאָג.

נאָך דעם, ווי די נאַכריכטען פון דער ענטזאַגונג פון דעם קרוין־פרינץ פון די האָהענצאָללערן איז אָפּיציעל מיטגעטיילט געוואָרען דער פראַנצויזישער קייזערליכער רעגירונג פון דער שפּאַנישער קעניגליכער רעגירונג, האָט דער געזאַנדטער אין עמס נאָך געשטעלט די פאָדערונג, אַז מען זאָל איהם ערלויבען טעלעגראַפּירען נאָך פּאַריז, דאָס דער קע־ניג פערפּליכטעט זיך קיינמאָל מעהר ניט צו געבען זיין צושטימונג, ווען די האָהענצאָללערן זאָלען ווידער צוריקקומען אויף זייער קאַנדי־דאַטור. דער קעניג האָט זיך אָבער ענטזאַגט אויפצונעהמען נאָך אַ מאָל דעם פראַנצויזישען געזאַנדטען און האָט איהם דורך דעם אַדיו־טאַנט געלאָזט זאָגען, דאָס זיין מאַיעסטעט האָט דעם געזאַנדטען גאָר־נישט מיטצוטיילען".

דאָס האָט געהייסען קריגס־ערקלערונג. דיזע טעלעגראַמע איז באַלד פערנאַנדערגעשיקט געוואָרען צו אַלע רעגירונגען. לויט דעם בעגריף פון עהרע, וואָס הערשט צווישען די הערשענדע דינאַסטיעס, האָט די בעליידי־גונג, וואָס דער פרייסישער קעניג האָט פערשאַפט דעם פראַנצויזישען גע־זאַנדטען, געמוזט אַרויסרופען קריגס־ערקלערונג פון פראַנקרייך געגען פרייסען. צוויי פון די ערסטע קולטור־פעלקער פון אייראָפּאַ זיינען אַזוי אויפ־געהעצט געוואָרען איינע אויף די אַנדערע, דאָס זיי זיינען אַרוים אויף אַ

בלוטיגע שלאכט, וועלכע האָט בעדעקט מיט שאנדע די ציוויליזאציאָן פון דער נייער צייט.

אזוי איז די געוועהנליכע געשיכטע, אָבער זי איז דורכאויס פאלש. די אמת׳ע געשיכטע איז, דאָס ניט פראנקרייך דורך די גראָבע בענעהמונג פון איהר געזאנדטען האָט ארויסגערופען דיזע מלחמה, נאָר פרייסען האָט אויף אַן אונגלויבליכע אַרט גענעטיגט פראנקרייך צום קריג. דער בעסטער בעווייז דערצו איז, דאָס פראנקרייך איז גאָרניט געווען פאָרבערייטעט צו אַ קריג, ווערענד פרייסען איז געווען פאָלשטענדיג גרייט. ווען נאפּאָלעאָן האָט דעם 28טען יולי בעזוכט די אַרמעע האָט ער געפונען, דאָס קיין איינ-ציגער קאָרפּוס איז ניט געווען אין פולער שטארקקייט, ווי עס געהער צו זיין אין צייט פון קריג. די טיילען פון דער אַרמעע זיינען געווען ווייט איי-נער פון אַנדערען אויף שטרעקעס פון איניגע און דרייסיג מיילען. די מאָ-ביליזאציאָן פון דער אַרמעע האָט געפאָדערט אַ היבשע צייט. עס האָבען געפעהלט אין קריגס־דעפּאַרטעמענט פון פראנקרייך די נעטיגע לאנד־קאַר-טעס מיט די וויכטיגע איינצעלהייטען, וואָס זיינען נעטיג פיר אַן אַרמעע אין קריגס־צייט. עס האָט געפעהלט די נעטיגע פּראָוויזיאָן און אַמוניציאָן פיר אַ קריג. דער גענעראַל קאָפּפּיניערעס האָט ערקלערט אין קריגס־ראַט, דאָס מעטץ איז ניט אין שטאנד אויסצוהאלטען אַ בעלאגערונג זאָגאָר פון 14טעג אָהן דער הילף פון אַן אַרמעע. אזוי איז געווען די לאגע פון פראנקרייך אין יענער צייט.

דאגעגען איז אין פרייסען אַלעס געווען אין בעסטער אָרדנונג, אַלעס צוגעגרייט אויף אַ האָאָר. די מאָביליזאציאָן פון דער דייטשער אַרמעע איז דורכגעפיהרט געוואָרען לויט דעם פּלאַן, וועלכען מאָלטקע האָט אויס-געאַרבייט נאָך אין דעם ווינטער פון 1868—1869. מאָלטקע האָט גוט פער-שטאנען, דאָס גאנץ דייטשלאנד, סיי נאָרד סיי זיד, וועט העלפען פרייסען אין איהר שטרייט מיט פראנקרייך. ער האָט דעריבער איינגעטיילט די דייטשע אַרמעע אין דריי הויפּט־טיילען, אזוי ווי עס איז ווירקליך געשעהען אין יולי פון 1870, און יעדע אַרמעע איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרען פון די רעגימענטען (פּאָלקען), וועלכע זיינען בעשטימט געוואָרען מיט אָנדערט-האלב יאָהר פריהער. עס פערשטעהט זיך, דאָס מיט דיזע אויסגעצייכענטע פאָרבערייטונגען צום קריג און האָבענדיג אַן אַרמעע פון צוויי מאָל אזוי גרויס ווי די פראנצויזישע, האָט מען ניט געדאַרפט האָבען אַ בעזונדערע געניאַליטעט צו בעזיגען די פראנצויזען, וועלכע זיינען ניט געווען אָרגאני-זירט און ניט פאָרבערייטעט צו אזאַ סאָרט מלחמה. עס איז מעהר צו בע-

וואונדערן די ווידערשטאנדס־פעהיגקייט פון די געשלאָגענע פראנצויזען ווי די „געניאַלע" קריגס־צוגען פון מאָלטקע'ן.

פון דעם זעהען מיר קלאָר, דאָס פראַנקרייך האָט בשום אופן ניט גע־קענט וועלען ארויסרופען א קריג מיט דייטשלאַנד. אָבער מיר קענען ברייג־גען דערצו נאָך בעווייזען, וועלכע זיינען בעקאנט געוואָרען שפּעטער. עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעשטעלט, דאָס ביסמארק האָט געפעלשט די אוי־בען־געבראַכטע דעפּעשע, וועלכע האָט ארויסגערופען דעם קריג. בענעדעט־טי האָט טעלעגראַפירט צום מיניסטער פון אויסערן: „אום ניט צו האַנדלען געגען דעם רעספּעקט האָב איך געבעטען דעם אדיוטאַנט מיטצוטיילען דעם קעניג, דאָס איך מוז היינט אין אָבענד אַפּרייזען, און איך וואָלט וועלען נעהמען פון זיינער מאַיעסטעט אָפּשייד. דער קעניג האָט מיר געלאָזען זאָ־גען, דאָס ער איז בערייט מיך אויפצונעהמען פיר איינעגע מינוטען פאַר זיין אָפּרייזע אין זיין זאַל אויף'ן וואקזאַל. דער קעניג פאָהרט אָפּ אום 3 אוהר, ווי מען זאָגט, נאָך קאָבלענץ אום אָפּצוגעבען א וויזיט זיין פרוי. איך וועל מאָרגען אום 10 אוהר 15 מינוט זיין אין פּאריז און וועל גלייך קומען אין מיניסטעריום". און מיט 3 שטונדען שפּעטער האָט בענעדעטטי טעלעגרא־פירט: „איך האָב נאָר־וואָס געזעהען זיין מאַיעסטעט אויף'ן וואקזאַל און ער האָט מיר בלויז געזאָגט, דאָס ער האָט מיר מעהר ניט צו זאָגען נאָך דעם, וואָס ער האָט געזאָגט פיהער, און דאָס די פערהאנדלונגען וועגען דיזען גע־גענשטאנד וועלען פאָרטגעזעצט ווערען דורך זיין רעגירונג".

לויט דיזען בעריכט איז דער לעצטער זאַץ פון דער עמסער דעפּעשע, דאָס דער פּרייסישער קעניג האָט ניט געוואָלט אויפנעהמען דעם פראַנצוי־זישען געזאַנדטען, דורכאויס א ליגען. אויך דער בעריכט פון דעם קעניג'ס פליגעל־אדיוטאַנט פירסט ראַדזיוויל פון 13טען יולי זאָגט: זיין מאַיעסטעט האָט צום דריטען מאָל נאָך טיש אונגעפעהר אום 6 אוהר דורך מיר געלאָזט זאָגען דעם גראַף בענעדעטטי, דאָס ער קען זיך יעצט ניט מעהר בעשעפטיגען מיט פערהאנדלונגען וועגען דער צוקונפט פון דיזער פראַגע. וואָס ער האָט געזאָגט היינט אין דער פריה, דאָס איז זיין לעצטעס וואָרט אין דיזער אַנגעלעגענהייט, און ער קען זיך איינפאַך אויף דעם בע־רופען. ביי דיזער ערקלערונג האָט בענעדעטטי געזאָגט, דאָס ער פיהלט זיך פון זיין זייט בערוהיגט. — פון א גראָבער אָפּברעכונג פון אַלע בעציהונגען איז אַלזאָ קיין רעד ניט געווען; זאָגאר דעם פאָלגענדען טאָג, ווען די „עמסער דעפּעשע" איז שוין ארויס פאַר דער וועלט, האָט נאָך דער קעניג פריינדליך בעגריסט דעם פראַנצויזישען געזאַנדטען.

צו דער אַלגעמיינער איבערראַשונג האָט אין 1892 ביסמאַרק זעלבסט צוגעגעבען די פעלשונג פון דער דעפּעשע. אין אַ געשפּרעך מיט מאַקסימי-ליאַן האַרדען האָט ביסמאַרק געזאָגט: „עס איז זעהר לייכט צו ענדערן דעם גאַנצען זין פון אַ געשפּרעך אָהן פעלשונג, נאָר דורך קליינע שטריכען אָדער עטוואָס דורכלאָזען. מען ברויכט ניט צו מאַכען פאַלשען. איך האָב עס זעלבסט אַמאָל געטאָן אַלס רעדאַקטאָר פון דער דעפּעשע פון עמס. דיזע דעפּעשע האָט דער קעניג געשיקט צו מיר איך זאָל זי פּערעפענטליכען אין גאַנצען ווי זי איז, אָדער נאָר אַ טייל פון איהר, און ווען איך האָב זי נאָר דורך איינינע שטריכען פערקלענערט, האָט מאָלטקע, וועלכער איז דאַמאָלס געזעסען מיט מיר, געזאָגט: „פריהער איז עס געוועזען אַ „שאַמאַדע" (ד. ה. אַ טראָמפּעטען־סיגנאַל צו איינשטעלען די שלאַכט) און יעצט איז עס אַ „פאַנפאַרע" (ד. ה. אַ סיגנאַל צום אָנגריף)". מיט ליעבקנעכט'ס ווערטער גערעדט: „די עכטע עמסער דעפּעשע איז געווען פרידען, די געפעלשטע עמסער דעפּעשע איז געווען קריג".

עס פערשטעהט זיך, דאָס צו דיזער געפעלשטער דעפּעשע האָט ביס-מאַרק געמוזט געברויכען נאָך איינינע כיטראַסטען ביז עס איז איהם גע-לונגען אויפצורייצען פראַנקרייך, אַז זי זאָל ערקלערען קריג. צו דיזען צוועק איז די טעלעגראַמע ערשינען ניט אַלס אָפיציעלע פון דער דייטשער רעגירונג, נאָר פריוואַט פון דעם וואָלפפישען ביוראָ. ווען די פראַנצויזישע רעגירונג וואָלט דאָס געוואוסט, וואָלט זי דערויף געקוקט ווי אויף אַ גע-וועהנליכע צייטונגס־נייעס און וואָלט דערצו געשענקט וועניג אויפמערקזאַם-קייט; ביסמאַרק אָבער האָט עס אַזוי געמאַכט, דאָס אַלע רעגירונגען האָבען עס גערעכענט פיר אַן אָפיציעלע דעפּעשע פון דער פּרייסישער רעגירונג. אַזוי האָט עס אויך בעטראַכט דאָס פראַנצויזישע פאָלק. און דאָס איז אי-בערהויפּט, וואָס ביסמאַרק האָט געוואָלט.

דאָס איז געווען אַ מייסטערהאַפטע מאַנעוורע.

ביסמאַרק איז דעם גאַנצען טאָג (13טען יולי) געווען בעשעפטיגט מיט ערהאַלטען פון איבעראַל טעלעגראַמעס, וועלכע האָבען איהם בעריכטעט, וואָס פיר אַ גוואַלדיגע ווירקונג זיין באָמבע האָט אָנגעמאַכט אין גאַנץ איי-ראָפּאַ. אַלעס איז געווען נאָך זיין וואונש. מען האָט אויך פאַרבערייטעט אַ פאַלשע ידיעה, דאָס בענעדעטטי האָט דעם גאַנצען טאָג געזוכט צו זעהן דעם קעניג אויף זיין שפּאַציר, און ווען דיזער האָט איהם בעגעגענט האָט ער זיך אומגעקעהרט צו איהם מיט'ן רוקען. דאָס אַלעס איז געווען שקר וכזב, אָבער מען האָט אין דעם געגלויבט, און דאָס האָט געגאָסען בוימעל אויף'ן

פייער און האט גערייצט דאס פראנצויזישע פאלק צו ערקלערען קריג. אין עמס, פון וואנען די ערסטע דעפעשע פון 13טען יולי איז ארויסגעשיקט געווארען, ווייל דער קעניג האט זיך דאמאלס דארט געפונען אום צו נעהמען זיין קור, האט מען זאגאר געלאזט שטעלען א שטיין אלס דענקמאל פון דיזער וויכטיגער עראייגניס.

ביסמארק האט זעהר דרינגליך געבעטען דעם קעניג, אז ער זאל אונטערברעכען זיין קור אין עמס און צוריקקעהרען זיך נאך בערלין; דערביי האט ער אזוי איינגעארדענט, דאס די בעפעלקערונג אין בערלין האט איהם בעגעגענט מיט אן אונגעוועהנליכען ענטהוזיאזם. זיין אריינפאהרען אין בערלין איז געווען א וואהרער טריאומף־צוג. דער קעניג איז געווען שטארק פערוואונדערט; ער האט גארניט פערשטאנען וואס דאס זאל בעדייטען. נאך איידער ער איז אנגעקומען אין בערלין האט ער געגעבען זיין צושטימונג צו מאביליזירען ווענינגסטענס א טייל פון דער ארמעע. די פרייד אין בערלין איז געווען אונבעשרייבליך. ווען דער קעניג איז אנגעקומען אין זיין שלאס האט ער שוין בעשלאסען צו מאביליזירען די גאנצע ארמעע. אזוי האט ביסמארק מיט זיינע כיטרע קונסט־שטיק געקראגען דעם קעניג׳ס צושטימונג צו זיינע טייפלישע פלענער.

דאס יענע דעפעשע האט אויך אין פאריז געטראפען ווי א באמבע, ברויכען מיר ניט צו זאגען. דאס פאלק איז געווארען שרעקליך צורייצט פון דיזער בעליידיגונג, וועלכע איז אין גרונד גארניט פארגעקומען. אויף אלע גאסען און אויף אלע בולווארען האט דאס פראנצויזישע פאלק געשטורמט און געשריען: „נאך בערלין! נאך בערלין!” די אפאזיציאנס־פארטיי איז געווען שטארק דאגעגען, אז מען זאל ערקלערען קריג דייטשלאנד, אבער מען האט זי ניט געהערט. אויך טהיערס האט פראטעסטירט געגען אנפאנגען יעצט קריג מיט דייטשלאנד, הגם ער איז אימער געווען דאפיר, דאס פראנקרייך מוז אפנעהמען פון דייטשלאנד אייניגע פראווינצען אום צו פערשאפען זיך „נאטירליכע גרענצען”. אבער אויך זיין פראטעסט האט קיינער ניט געוואלט הערען. די קריגס־פארטיי האט געהאט די אויבערהאנט און יעדער וויד׳ער־שפרוך איז געבראנדמארקט געווארען אלס ניט־פאטריאטיש.

דעם 15טען יולי האט זיך געעפענט אין פאריז דער פארלאמענט אום צו פערהאנדלען די פראגע פון קריגס־ערקלערונג. דער קריגס־מיניסטער א ל י וו י ע ר איז ארויף אויף די טריבונע און האט אין א שארפער רעדע געפאדערט, אז מען זאל רעטען די עהרע פון פראנקרייך. ער האט

געזאָגט: „מיר זיינען געווען טיף איבערראַשט, ווען מיר האָבען נעכטען דערהערט, ווי דער פּרייסישער קעניג האָט בעליידיגט אונזער געזאַנדטען און האָט איהם ניט געוואָלט אויפנעהמען. און אום צו ווייזען דעם ריכטיגען כאַראַקטער פון דיזער בעליידיגונג האָט דער פּרייסישער קאַבינעט צושיקט וועגען דעם טעלעגראַמען צו אַלע קאַבינעטען פון גאַנץ אייראָפּאַ... נאָך דיזער האַנדלונג וואָלט עס הייסען אונטער דער ווירדע און ניט קלוג צו פּראָבירען זיך אויסגלייכען. מיר האָבען נאָך גאָרניט פערשפּעטיגט, דאָס מיר זאָלען אויסמיידען דעם קריג; מיר וועלען זיך פּאָרבערייטען צו דעם קריג, צו וועלכען מען האָט אונז אַרויסגערופען, איבערלאָזענדיג יעדען דעם טייל פון פּעראַנטוואָרטליכקייט, וועלכער איז פיר איהם צוגעפּאַסט".

דער מיניסטער האָט געלאָזט וויסען דער פערזאַמלונג, דאָס ער האָט שוין געהייסען רופען צום שטרייט די רעזערווע=סאָלדאַטען. די פערזאַמלונג איז געווען צופרידען מיט דיזער האַנדלונג פון דעם מיניסטער. די סומע געלט, וואָס די רעגירונג האָט געפאָדערט פון פּאַרלאַמענט אויף קריגס-קאָסטען, איז כמעט איינשטימיג בעוויליגט געוואָרען. דאָס פאָלק איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי איינשטימיג מיט אַלע פאָדערונגען פון דער רעגירונג, ווי דיזען מאָל. דאָס מיניסטעריום אָבער האָט זיך דערוויילע דערוואוסט, דאָס פראַנקרייך האָט יעצט ניט די מעגליכקייט צו שטרייטען, ווייל די אַרמעע איז אין אַ זעהר שלעכטער אָרדנונג, וועהרענד די דייטשע אַרמעע איז פאָלשטענדיג גוט אָרגאַניזירט און איז פערטיג גלייך צו מאַרשירען צום שלאַכטפעלד. איינינע פון די מיניסטאָרען האָבען גוט פערשטאַנען, ווי גרויס עס איז יעצט די געפאַהר פיר פראַנקרייך אַרויסצוגעהן אין קריג מיט דייטשלאַנד, אָבער די טעלעגראַמע האָט צורייצט דאָס פראַנצויזישע פאָלק אַזוי שטאַרק, דאָס עס איז געווען אונמעגליך צו דענקען וועגען אַ פרידליכען אויסגאַנג פון דיזער געשיכטע. דאָס פאָלק האָט גאָרניט געוואָלט וויסען פון דעם צושטאַנד, אין וועלכען די אַרמעע האָט זיך געפונען. ווער עס האָט זיך געפּרובט אויסדריקען וועגען פראַנקרייך'ס שוואַכקייט אין יענער צייט, איז געווען פעררעכענט פיר אַ פיינד פון לאַנד. עס איז אויך זעהר נאַטירליך. פראַנקרייך האָט דאָך אַזוי לאַנג געשפּילט אין אייראָפּאַ די ערסטע ראָלע.

דעם 19טען יולי האָט פראַנקרייך ערקלערט קריג געגען דייטשלאַנד, און דעם זעלבען טאָג איז געעפענט געוואָרען אין בערלין דער נאָרד=דייטשער רייכסטאַג. דער רייכסטאַג האָט באַלד בעוויליגט די נעטיגע סומע

געלט פיר דעם קריג. נאָר וועניגע שטימען, ווי ליעבקנעכט׳ס און בעבעל׳ס, האָבען זיך ערהויבען געגען די פעלקער־שלאַכטעריי.

באַלד האָבען זיך פעראייניגט מיט פּרייסען אַלע קליינע דייטשע שטאַא־טען. נאָך דעם, ווי פּרייסען האָט געשלאָגען עסטרייך אין יאָהר 1866 און האָט פערגרעסערט איהר טעריטאָריע דורך דעם, וואָס זי האָט צוגענומען פיר



קרוינפּרינץ פריעדריך ווילהעלם פון פּרייסען.

זיך שלעזוויג־האָלשטיין, האַננאָווער, קורהעססען און נאַססאַו, האָט זי בע־הערשט אַלע דייטשע שטאַאטען, וואָס ליגען נאָרדליך צו דעם מאַין, אונ־טער דער הערשאַפט פון נאָרד־דייטשען בונד. נאָר די זידליכע שטאַאטען זיינען געשטאַנען אַליין, זיי האָבען זיך ניט פערבונדען מיט פּרייסען. אָבער די הויפּט־געגנער אין די זידליכע שטאַאטען זיינען נאָר געווען די רעגירונגען.

די מיטעלע קלאַס אָבער, די בורזשואזיע, איז געווען דאַפיר, אַז מען זאָל זיך פעראייניגען מיט פּרייסען און מיט די נאָרד־דייטשע שטאַאטען אין איין פערבאַנד, הגם דער פּרייסישער מיליטאַריזם איז זיי געווען ניט שטאַרק געפעלען. די רעגירונגען פון דיזע זידליכע שטאַאטען זיינען אָבער אויך באַלד געקומען צום בעשלוס, דאָס עס לוינט ניט צו האַלטען זיך פיינדליך צו פּרייסען; זיי האָבען דאָך געזעהען פאַר זיך דעם ביטערען סוף פון עסטרייך. די זידליכע דייטשע שטאַאטען האָבען זיך אַלזאָ ענדליך אויך פעראייניגט מיט די נאָרדליכע אונטער דער הויפּט־פיהרונג פון פּרייסען, און אַזוי איז אין יאָהר 1870 גאַנץ דייטשלאַנד אַרויס בעוואַפענט געגען פראַנקרייך, און די צענטראַל־מאַכט האָט זיך געפונען אין די הענט פון פּרייסען.

פראַנקרייך האָט געהאַט אַרויסצושטעלען בלויז 300,000 מאַן, וועהרענד דייטשלאַנד האָט געשטעלט געגען איהר 550,000 מאַן. נאַפּאָלעאָן'ס פּלאַן איז געווען אַריינצוגעהן אין זיד־דייטשלאַנד מיט 250,000 מאַן און צווינגען די זידליכע שטאַאטען אָפּצופאַלען פון פּרייסען. דאַן האָט ער געהאָפט, דאָס ווען עס וועט איהם נאָר געלינגען צו געווינען איין שלאַכט, וועלען איהם קומען צו הילף עסטרייך און איטאַליען. ער האָט אויך גערעכענט, דאָס די לענדער, וואָס פּרייסען האָט זיך אָנגעאייגענט אין 1866, וועלען יעצט מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען פּרייסען. ער האָט צונויפגעזאַמעלט 100,000 מאַן אין עלזאַס ביי שטראַססבורג אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַרשאַל מאַק מאַהאָן. די הויפּט־אַרמעע אונטער זיין אייגענער קאָמאַנדע, וועלכע איז בעשטאַנען פון 150,000 מאַן, האָט ער קאָנצענטרירט אין לאָטהרינגען ביי מעטץ. די איבריגע 50,000 מאַן זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו גענעראַל קאַנראָבערט, וועלכער האָט געהאַט צו בעוואַכען דעם בעפעסטיגטען לאַגער ביי שאַלאָנס. פאָרלויפיג, איידער נאַפּאָלעאָן האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דער הויפּט־אַרמעע, איז זי געווען אונטער דעם אויבער־בעפעהל פון מאַרשאַל באַזען, וועלכער האָט פריהער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די אונאָרדנונגען אין מעקסיקאָ, פון וואַנען ער האָט געבראַכט אַהיים אין פראַנקרייך אַן אונגעהייער רייכע מעקסיקאַנישע שפּאַניערין.

אויך די דייטשע אַרמעע איז געווען איינגעטיילט אין דריי הויפּט־טיילען. דער רעכטער פליגעל איז בעשטאַנען פון 61,000 מאַן אונטער דעם הויפּט־בעפעהל פון גענעראַל שטיינמעטץ. דער צענטער האָט געהאַט 206,000 מאַן אונטער דעם פּרינץ פריעדריך קאַרל. דער לינקער פלי-

געל פון 180,000 מאַן איז געווען אונטער דעם קרוינפּרינץ. דער אויבער־קאָמאַנדיר פון דער גאַנצער אַרמעע איז געווען דער קעניג זעלבסט, וועלכער האָט זיך געפונען ביים צענטער. דער גרויסער גענעראַל־שטאַב איז געווען אונטער דער לייטונג פון גענעראַל מאָלטקע. די פערטיידיגונג פון די נאָרד־דייטשע ברעגען געגען דעם אָנפאַל פון די פראַנצויזען איז איבערגעגעבען



מאַרשאַל באַזען.

געוואָרען צום גענעראַל פאָגעל פאָן פאַלקענשטיין, וועלכער האָט געהאַט זיין הויפּט־קוואַרטיר אין האַנאָווער. אום מעהר אויפצוריי־צען דאָס דייטשע פאָלק געגען די פראַנצויזען האָט ביסמאַרק אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, דאָס די פראַנצויזען, וועלכע זיינען פיעל בעסער פאָרבערייטעט צום קריג, האָבען נעבאַך ערקלערט די אונשולדיגע דייטשען קריג. דיזען

ליגען האָט ער פערשפּרייט אין גאַנץ דייטשלאַנד דורך די רעגירונגס־פּרעס און אַנדערע צייטונגען, וועלכע זיינען געווען טריי צו דער רעגירונג. ביסמאַרק איז נאָך געגאַנגען ווייטער. ער האָט געאָפּפערט אייניגע הונדערט מענשען־לעבענס אום צו מאַכען די אויפרייצונג שטאַרקער און זיכערער. ער האָט נעמליך געאָרדענט, דאָס די 1,500 מאַן, וואָס זיינען געשטאַנען אין סאַארבריקען, זאָלען אַרויס אין שטרייט מיט אַ גאַנצען פראַנצויזישען קאָרפּוס. עס פערשטעהט זיך, דאָס די פראַנצויזען האָבען געוואונען די שלאַכט, און דאָס די פראַנצויזישע צייטונגען האָבען טריאומפירט. דאָס האָט ביסמאַרק געוואָלט. דאָס האָט אויפגעקאָכט גאַנץ דייטשלאַנד געגען פראַנקרייך.

דעם 4טען אויגוסט 1870 איז דער קרוינפּרינץ פון פּרייסען אַריבער מיט דער 3טער אַרמעע דעם דייטשען גרענעץ ביי לאַנדאו און גערמערסהיים און האָט אַנגעגריפען אַן אָפּטיילונג פון מאַק־מאַהאָן'ס אַרמעע ביי ווייסענבורג. די שלאַכט איז געווען זעהר אַ בלוטיגע. די פראַנצויזען האָבען געמוזט צוריקטרעטען, און אַ טייל איז געווען געצוואונגען אונטער־צוגעבען זיך. דער גענעראַל דועי איז געפאַלען אין שלאַכט. דער פערלוסט אין נפשות איז געווען פון ביידע זייטען אונגעהייער גרויס.

צוויי טעג שפּעטער, דעם 6טען אויגוסט, איז פאָרגעקומען די הויפּט־שלאַכט ביי וואָרטה. דאָ האָט מאַק מאַהאָן גענומען פערשטעלען דעם דורכגאַנג דורך דעם וואָגעזען־וואַלד. אָבער נאָך איידער ער האָט געקענט בעווייזען צוזאַמענצונעהמען די נעטיגע מיליטערישע קרעפטען צו פערשטעלען דעם דורכגאַנג, איז איהם שוין בעפאַלען די גאַנצע 3טע דייטשע אַרמעע אונטער דעם קרוינפּרינץ. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בלוטיגע שלאַכט. די פראַנצויזען זיינען שטאַרק געשלאָגען געוואָרען. זיי וואָלטען אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען, ווען זיי וואָלטען ניט געשווינד ענטלאָפען. איין טייל פון דער אַרמעע איז געקומען צופליהען אין שטראַססבורג מיט'ן אייזענבאַהן. דער אַנדערער טייל פון דיזער צושלאָגענער אַרמעע איז געלאָפען אין אַ שרעקליכער אונאָרדנונג דורך דעם וואַלד, אַזוי דאָס מאַק מאַהאָן איז ניט געווען אין שטאַנד צוזאַמענצורופען זיי צוריק און איבער־אַ־נייס אויפשטעלען אַן אַרמעע. דער פערלוסט פון מענשען־לעבענס איז אויך אין דיזען שטרייט געווען אונגעהייער גרויס אויף ביידע זייטען. צוויי פראַנצויזישע רעגימענטען פון קאַוואַלעריע זיינען אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. פון דיזע בעריהמטע רייטער זיינען קוים געבליבען 150 מאַן. אויף אַ שטרעקע פון פיעלע מיילען איז די ערד געווען בעדעקט מיט הרוגים, פער־

וואונדעטע, פערד, געוועהר און אַמוניציאָן. אויף די פּרייסען, באַיערן און ווירטעמבערגער האָבען פערלאָרען אין דיזער שלאַכט 8,000 מענשען־לע־בענס.

אין דעם זעלבען טאָג איז פאָרגעקומען א שלאַכט ניט ווייט פון סאַאר־בריקען. אויך היר האָבען די פראַנצויזען געמוזט צוריקטרעטען.

די פראַנצויזישע רעגירונג איז געווען שרעקליך נידערגעשלאָגען. דאָס מיניסטעריום האָט געמוזט רעזיגנירען. עס איז באַלד בעשאַפען געוואָרען א נייעס מיניסטעריום מיט גראַף פּ אַ ל י ק אַ אָ אָן דער שפּיץ. דאָס נייע מיניסטעריום האָט באַלד געזעהען מיטלען צו פערגרעסערן די אַרמעע. מען האָט צוזאַמענגערופען אויסגעדינטע סאָלדאַטען, מען האָט גענומען נייע רעקרוטען, מען האָט געמאַכט אַנלייהען פון גרויסע סומען געלט. דער אויבער־בעפעהל איבער די אַרמעע איז צוגענומען געוואָרען פון מאַרשאַל לע־באָף און איז איבערגעגעבען געוואָרען צו באַזען. דיזעס איז געווען א גע־היימע אַרונטערזעצונג פון דעם קייזער נאַפּאָלעאָן. באַזען'ס פּלאַן איז גע־ווען צו קאָנצענטרירען די גאַנצע אַרמעע ביי פּאַריז און דאַן אונטערצונעה־מען א הויפּט־שלאַכט. די דייטשען דאַגעגען האָבען געוואָלט, דאָס די הויפּט־שלאַכט זאָל פאָרקומען פריהער, און דעריבער האָבען זיי אָנגעווענדט אַלע קרעפטען צו הינדערן דעם אָפּצוג פון די פראַנצויזען נאָך פּאַריז.

אָבער עס איז באַזען'ען ניט געלונגען דורכצופיהרען זיין פּלאַן. זיין אַרמעע איז אָנגעגריפען געוואָרען ביי קאָלאָמבעי (14טען אויגוסט), און ער האָט געמוזט שיקען דעם 4טען קאָרפּוס צו העלפען די געדריקטע טרופּען. עס איז פאָרגעקומען די בלוטיגסטע שלאַכט אין דער גאַנצער מלחמה. הגם די פראַנצויזען האָבען ערהאַלטען נייע 150,000 מאַן, האָבען אָבער אויך די דייטשען ערהאַלטען פרישע פערשטאַרקונג, און די פראַנצוי־זען זיינען שרעקליך צוקלאַפּט געוואָרען, אַזוי דאָס מעהר פון א דריטעל פון דעם גאַנצען קאָרפּוס איז געפאַלען אי שלאַכטפעלד.

דעם 17טען אויגוסט איז באַזען אין גאַנצען ערשעפּט צוריקגעגאַנגען נאָך מעטץ. ער האָט זיך בעפעסטיגט ביי די פעסטונגען סט. קענטין און פּלאַפּעווילע. דעם 18טען אויגוסט מיטטאָג־צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען דער אָנגריף פון די דייטשען אויף די פראַנצויזישע שטעלונג. ביי סט. פּ ר י וו אַ ט איז פאָרגעקומען א בלוטיגע שלאַכט. דיזער טאָג האָט גע־קאָסט דייטשלאַנד 20,000 טויטע און פערוואונדעטע. אויף די פראַנצויזען האָבען פערלאָרען 12,000 מאַן, און דער רעסט האָט זיך געמוזט צוריקציהען נאָך מעטץ אום צו בעשיצען זיך מיט די קאַנאָנען פון דער פעסטונג.

די דייטשען האָבען בעלאַגערט מעטץ. פיר די בעלאַגערונג איז גע-בליבען פרינץ פריעדריך קאַרל מיט 160,000 מאַן. פון די איבריגע טרופּען האָט מען געבילדעט אַ נייע אַרמעע אונטער דעם אויבער-בעפעהל פון קרוינ-פּרינץ פון זאַקסען, אום צו געהן גענען דער אַרמעע פון מאַק מאַהאָן, וואָס איז געשטאַנען אין לאַגער אַרום שאַלאָנס. אָבער ווען די נייע דייטשע אַר-מעע איז געקומען אין שאַלאָנס האָט זי געפונען דעם לאַגער לעער, ווייל מאַק מאַהאָן האָט ערהאַלטען אַ בעפעהל צו קומען נאָך מעטץ העלפען די בעלאַגערטע. נאַפּאָלעאָן זעלבסט איז דאַמאָלס געווען ביי מאַק מאַהאָן'ס אַרמעע. מאַק מאַהאָן האָט באַלד דערזעהען, דאָס עס וועט איהם ניט זיין מעגליך צוריקצוגעהן נאָך פּאַריז, ניט דערשלאָגען זיך צו מעטץ, און ער האָט בעשלאָסען צו פּרובּען דעם לעצטען קאַמף ביי דער קליינער פעסטונג ס ע ד אַ ן.

דעם 1טען סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען די שלאַכט ביי סעדאַן, וועלכע האָט פערשאַפט דעם דייטשען פאָלק דעם גרעסטען רוהם פון זיין געשיכטע. צוערסט האָבען די באַיערן גענומען דעם בעפעסטיגטען דאָרף ב אַ ז ע י ל - ל ע ס און האָבען איהם אין גאַנצען פערניכטעט. די פראַנצויזען זיי-נען אַרומגערינגעלט געוואָרען פון אַ שטאַרקער מאַכט. זיי האָבען גע-פאָכטען מיט גרויס העלדענמוט, אָבער דער דייטשער קרייז האָט זיך אימער געשלאָסען געדיכטער און געדיכטער. דער איינציגער אָרט, וואו צו בעשיצען זיך, איז געווען די פעסטונג סעדאַן. ביי 4 אוהר נאָכמיטטאָג האָט זיך אָנ-געהויבען די באָמבאַרדירונג פון דער פעסטונג, און איינצעלנע הייזער האָבען זיך דערפון אָנגעצונדען. דאָס האָט געבראָכען דעם לעצטען מוט און די פראַנצויזען זיינען געקומען אין פערצווייפלונג.

דער קייזער נאַפּאָלעאָן, וועלכער איז אויך געווען אין דער פעסטונג, האָט געשיקט פאָלגענדען בריף דורך דעם גענעראַל ר ע י ל ל ע צום קעניג פון פּרייסען: „מיין הערר ברודער! ווייל עס איז מיר ניט געלונגען צו שטאַרבען אין דיזען שטרייט צווישען מיינע טרופּען, איז מיר איבערגעבלי-בען מיין שווערד איבערצוגעבען אין די הענט פון אייער מאַיעסטעט. איך בין אייער מאַיעסטעט'ס גוטער ברודער נאַפּאָלעאָן". דער קרוינפּרינץ פריעד-ריך איז געווען טיף גערירהט פון דיזער סצענע.

דער קעניג האָט פערלאַנגט, דאָס די גאַנצע פראַנצויזישע אַרמעע זאָל איבערגעבען די וואַפען. דעם מאָרגען פון 2טען סעפּטעמבער האָט נאַפּאָ-לעאָן אונטערהאַנדעלט מיט'ן פּרייסישען קעניג און האָט פערלאַנגט בע-סערע קאָנדיציאָנען, אָבער דער קעניג האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען. נאַ-

פּאָלעאָן האָט געמוזט אונטערשרייבען די קאַפּיטולאַציאָן (אונטערגעבונג)
פון דער גאַנצער פראַנצויזישער אַרמעע. אויסער דעם, וואָס די דייטשען
האָבען שוין אין דער שלאַכט געמאַכט 21,000 געפאַנגענע, האָבען זיך יעצט
אונטערגעגעבען צו זיי 84,450 מאַן מיט איין מאַרשאַל, 39 גענעראַלען,
אַלע אָדלערן, קאַנאָנען און פערד.

די קאַפּוטילאַציאָן ביי סעדאַן האָט געפיהרט דערצו, דאָס די קייזער-
ליכע רעגירונג אין פראַנקרייך איז אָפּגעשאַפט געוואָרען. אין גאַנץ פּאַריז
האָט דאָס פאָלק געשריען אין די גאַסען: „אַראָפּזעצונג! רעפּובליק!"
אין פּאַרלאַמענט האָבען די לינקע פערלאַנגט פון דעם רעפּובליקאַנער זשול
פּאַוור, דאָס מען זאָל אָפּנעהמען פון קייזער און זיין פאַמיליע אַלע
רעכטען. דעם 4טען סעפּטעמבער האָט זיך דער פּאַרלאַמענט פערזאַמעלט
צום לעצטען מאָל. די שטורמדיגע זיצונג האָט זיך געענדיגט מיט דער
אַראָפּזעצונג פון דעם קייזער נאַפּאָלעאָן מיט זיין פאַמיליע אויף אימער.
נאָכדעם האָט די פערזאַמלונג ערקלערט רעפּובליק און מען האָט ערוועהלט
אַ דערווייליגע רעגירונג אום צו פערטיידיגען דאָס לאַנד געגען דעם פיינד
ביז עס וועט צוזאַמענקומען אַ נייע קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג. אָן
דער שפּיץ פון דער נייער צייטווייליגער רעגירונג איז געשטאַנען דער גענע-
ראַל טראָשו, וועלכער איז געווען בעקאַנט אַלס אַ מאַן מיט גרויסע
קענטניסען. די פערשיידענע צווייגען פון דער רעגירונג זיינען איבערגע-
געבען געוואָרען צו פאַכלייט פון רעפּובליקאַנישען לאַגער. פּאַוור איז גע-
וואָרען מיניסטער פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען, גאַמבעטטאַ
מיניסטער פון אינלאַנד, לעפּלאָ קריגס-מיניסטער. אין דער זעלבער
פערזאַמלונג איז אָפּגעשאַפט געוואָרען דער סענאַט, און דער פּאַלאַץ בור-
באָן, דער זיץ פון קייזער, איז געשלאָסען געוואָרען. די קעניגין אייזשעניע
איז ענטלאָפען נאָך בעלגיען.

אין דייטשלאַנד האָט געהערשט שמחה וששון. דאָס דייטשע פאָלק
האָט געשיקט גאַנצע וואַגאָנען מיט מתנות צו די סאָלדאַטען, וואָס זיינען
געשטאַנען אין פראַנקרייך. מען האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו האָפען, דאָס
באַלד וועט געשלאָסען ווערען פרידען. אין דייטשלאַנד האָט מען שטאַרק
געהאָפט, דאָס באַלד וועט ווידער אויפגעשטעלט ווערען דאָס דייטשע קיי-
זערטום נאָך דעם, ווי עס איז אַ לאַנגע צייט אונטערגעגאַנגען. יעצט האָט
מען אָנגעהויבען צו ערוואַרטען אַ וואַהרע פּאָליטישע פעראייניגונג פון אַלע
דייטשע פירסטענטימער צו איין גרויסען דייטשען פאָלק. אָבער אין די לייי-
טענדע קרייזען האָט מען נאָך דערפון ניט געוואָלט וויסען. דער קרוינפּרינץ

האָט דעם 3טען סעפּטעמבער בעמערקט אין זיין טאַגע־בוך: „וועגען דער קייזער־פראַגע ווערט קוים געטראַכט. איך מערק, דאָס ביסמאַרק איז זעהר ווייניג גענייגט צו איהר". דעם 14טען נאָוועמבער האָט דער קרוינפּרינץ געהאַט וועגען דעם אַ געשפּרעך מיט ביסמאַרק'ן. דיזער האָט בעהויפּטעט, דאָס עס איז יעצט אַ געפאַהר צו נעהמען זיך לעזען דיזע פראַגע, ווייל עס קען טרייבען די זידליכע שטאַאטען איבערצוגעהן צו עסטרייך. דער קרוינ-פּרינץ האָט פיעל איינגע'טענה'ט מיט ביסמאַרק'ן אום איבערצורעדען איהם, אָבער ער איז געבליבען ביי זיינס, דאָס די קייזער־פראַגע קען יעצט ניט ענטשידען ווערען. דער קרוינפּרינץ האָט דאַן געמאַכט ביסמאַרק'ן אַ פאָר-ווארף פיר ניט אַכטען אויף זיין מיינונג. ביסמאַרק האָט זיך פון דיזען פאָרוואורף געפיהלט בעליידיגט, אָבער ער האָט אַלץ ניט נאָכגעגעבען דעם קרוינפּרינץ וועגען דער קייזער־פראַגע. ער האָט געזאָגט דעם קרוינפּרינץ, דאָס אויב ער איז ניט צופרידען מיט זיינע מעשים קען ער די זאַך פער-האַנדלען מיט זיינער מאַיעסטעט, אז ער זאָל זיך ערוועהלען אַן אנדער קאַנצלער; אָבער כל זמן ער איז אויף זיין שטעלע מוז ער טאָן לויט זיינע פּרינציפּען. דער אינהאַלט פון דיזען געשפּרעך איז געווען פערצייכענט אין דעם טאַגע־בוך פון קרוינפּרינץ פון 16טען סעפּטעמבער.

פון אַ בעגייסטערונג אין די הויכע קרייזען פיר די אויפשטעלונג פון אַ נייעם דייטשען קייזערטום איז גאָר קיין רעד ניט געווען. אָבער ניט קוקענדיג דערויף איז די זאַך דאָך פערווירקליכט געוואָרען, און דער קרע-דיט דערפאַר קומט נאָר דעם דייטשען פאָלק זעלבסט. דאָס פאָלק האָט געטריבען זיינע פירסטען, דאָס זיי זאָלען זיך פאָליטיש פעראייניגען, און דיזע לעצטע האָבען זיך שפּעטער בעריהמט, דאָס זיי זיינען געווען אַזוי גוט און פרום און האָבע געשענקט דעם דייטשען פאָלק די פרייהייט צו פעראייניגען זיך אין איין רייך.

מיר זיינען אַ ביסעל צו פיעל און ווייט פערקראָכען. לאָמיר זיך צו-ריקקעהרען צו דעם גאַנג פון דער געשיכטע. נאָך דער שלאַכט ביי סעדאַן איז דעם 28טען סעפּטעמבער געפאַלען אויך שטראַססבורג. דער העלדישער קאָמאַנדאַנט א ו ה ר י ך האָט מיט גרויס מוט אויסגעהאַלטען די בעלאַ-גערונג אייניגע וואָכען. די בעלאַגערונג פון מעטץ איז צוגעגאַנגען זעהר שווער, ווייל די שטאַרקע איינגעשלאָסענע ארמעע האָט געהינדערט די דיי-טשען צו פיהרען אַ רעגעלמעסיגע בעלאַגערונג. אָבער באַזען האָט ניט גע-האַט די מעגליכקייט ארויסצורייסען זיך פון דער פעסטונג און דורכברעכען זיך אַ וועג דורך די דייטשע ארמעע. דעם 27טען אָקטאָבער האָט זיך באַזען



נאפאלעאן דער 3טער קומט פאר קעניג ווילהעלם נאך דער שלאכט ביי סעדאן.

אויף אונטערגעגעבען. די זיגער האָבען גענומען 170,000 געפאַנגענע, אונ־טער זיי אויך 3 מאַרשאַלען.

נאָכדעם האָבען זיך די דייטשען גענומען צו דער שווערסטער אויפ־גאַבע — צו בעלאַגערן פּאַריז. זינט דעם יאָהר 1841 האָבען די פראַנצוי־זען אויפגעבויט אַרום פּאַריז אַ גאַנצע קייט פון פעסטונגען. פאַר דיזע פעסטונגען איז יעצט געלעגען די דייטשע אַרמעע. דער קעניג זעלבסט האָט געמאַכט זיין הויפּט־קוואַרטיר אין ווערסאַיל. אין לודוויג דעם 14טען׳ס פּאַלאַץ, וועלכער איז געווען בעפּוצט מיט טייערע בילדער, וואָס האָבען פאַרגעשטעלט נצחונות פון די פראַנצויזען איבער די דייטשען, האָ־בען די דייטשען יעצט איינגעריכטעט אַ האָספּיטאַל מיט פיעלע בעטען פיר קראַנקע און פערוואונדעטע פון דער דייטשער אַרמעע.

די בעלאַגערונג פון פּאַריז איז געווען אַ ריזען־אונטערנעהמונג. דאָס זעלבע איז אויך געווען די פערטיידיגונג פון דיזער בעריהמטער וועלט־שטאָדט. פּאַריז מיט איהרע 2 מיליאָנען איינוואוינער האָט געהאַט 400,000 פערטיידיגער. די גאַנצע בעפעלקערונג איז געווען ענטשלאָסען אויף אַלערליי אָפּפער אום צו פערטיידיגען די שטאָדט. די גאַנצע אומגעבונג פון פּאַריז האָבען די דייטשען געפונען פערוויסטעט, די בעוואוינער זיינען צולאָפען, די הייזער פערניכטעט, די אייזענבאַהנען און שאָסען פערשפּאַרט. די דייטשע אַרמעע האָט אַרום פּאַריז ניט געקענט געפינען קיין לעבענסמיטלען און האָט דיזע געמוזט פערשאַפען פון דער היים, פון דייטשלאַנד. די דיי־טשע אַרמעע, וואָס האָט בעלאַגערט פּאַריז, איז בעשטאַנען נאָר פון 200,000 מאַן.

אין דיזע שטונדען פון געפאַהר האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק אָנגע־ווענדט אַלע קרעפטען אום צו פערטרייבען פון זיך דעם פערהאַסטען פיינד. מיט דער הילף פון אַ לופט־באַלאָן איז גאַמבעטטאַ געפלויגען פון פּאַריז נאָך טורס און האָט אַלס קריגס־מיניסטער אָרגאַניזירט דעם פאָלקס־קריג. אי־בעראַל, וואו עס איז נאָר געווען מעגליך, האָט מען אָרגאַניזירט טרופּען אום צובעפרייען פּאַריז פון דעם פיינד. אין אָנפאַנג פון אָקטאָבער איז שוין געשטאַנען ביים טייך לואַר אַ פראַנצויזישע אַרמעע פון 60,000 מאַן. אָבער דיזע אַרמעע איז דעם 10טען אָקטאָבער געשלאָגען געוואָרען פון דעם דיי־טשען גענעראַל פ אָ ן ד ע ר ט אַ נ ן ב יי אַ ר ט ע נ עי. די לואַר־אַרמעע האָט נאָך איינציגע מאָל געפּרובט געהן בעפרייען פּאַריז, אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג און איז נאָך איניגע מאָל געשלאָגען געוואָרען.

אין נאָרד האָט זיך געבילדעט אַן אַנדער אַרמעע אונטער דער פיהרונג פון בורבאַקי און האָט זיך פעראייניגט מיט דער וועסט־אַרמעע און מיט די לואַר־טרופּען. אין אָסט איז געשטאַנען דער אַלטער פרייהייטס־קעמפער גאַריבאַלדי, וועלכער איז געווען בעגייסטערט פון דער נייער רעפּובליקאַנישער רעגירונג און האָט געזוכט צו העלפען פראַנקרייך׳ס בעפרייאונג פון דעם דייטשען פיינד. אָבער די דייטשען האָבען געטאָן זייערס. דער גענעראַל שמעלינג האָט בעלאַגערט שלעטשטאַדט און האָט זי איינגענומען (24טען אָקטאָבער) און נאָכדעם איז ער אוועק נעהמען נייברייזאַך. אין דער זעלבער צייט האָט גענעראַל פאָן ווערדער בעלאַגערט בעלפאָרט. אהין איז געקומען גאַריבאַלדי און האָט פערפיהרט מיט איהם אַ שלאַכט אום אַוועקצוטרייבען איהם פון דער בעלאַגערונג. אָבער ווערדער האָט שטאַרק צוקלאַפּט גאַריבאַלדי׳ן ביי פּאַסקעז (26טען נאָוועמבער). אויך די רהאָנע־אַרמעע אונטער קרעמער איז דעם 19טען דעצעמבער צוקלאַפּט געוואָרען פון ווערדער׳ן ביי נואיס.

גאַמבעטטאַ האָט דאַן געפּאַסט אַ פּלאַן, וועלכער איז פיר די דייטשען געווען זעהר געפעהרליך. ער האָט בעשלאָסען מיט דער וואָגעזען־אַרמעע פון 100,000 מאַן אָפּשניידען די אַרמעע, וואָס האָט בעלאַגערט פּאַריז, פון דייטשלאַנד און בעפאַלען מיט איהר זיד־דייטשלאַנד, און מיט דיזען אופן צווינגען די דייטשען אויפצוגעבען די בעלאַגערונג פון פּאַריז. דייטשלאַנד האָט זיך פון דיזען פּלאַן באַלד דערוואוסט און האָט שנעל צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פיר זיד־דייטשלאַנד, דיזע אַרמעע זאָל געהן העלפען גענעראַל ווערדער׳ן, וועלכער איז געשטאַנען אין אָסט, און האָט זיך קאָנצענטרירט אין וועזול. דעם 15טען, 16טען און 17טען יאַנואַר איז פאָרגעקומען אַ שטרייט צווישען די פיינד ביי דעם טייכעל ליזענע, און הגם די פראַנצויזען זיינען געווען אין צאָהל 3 מאָל מעהר פון די דייטשען, דאָך האָט זיך ווערדער געהאַלטען פעסט אין זיין פּאָזיציאָן ביז מאַנטייפעל איז איהם געקומען צו הילף און האָט פערניכטעט גאַבעטטאַ׳ס פּלאַן. און אַזוי איז די לעצטע האָפנונג צו בעפרייען פּאַריז פון בעלאַגערונגס־צושטאַנד געוואָרען צו גאָרנישט.

פּאַריז איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק בעפעסטיגט, דאָס עס איז געווען אונמעגליך צו נעהמען זי מיט שטורם. די איינציגע האָפנונג איז געווען צו צווינגען זי אונטערצוגעבען זיך דורך הונגער. די דייטשען האָבען פערשטאַנען, דאָס אַזאַ ריזען־בעפעלקערונג, ווי פּאַריז האָט, איז אונמעגליך צו פערזאָרגען מיט שפּייז פיר אַ צייט פון איינציגע מאָנאַטען. דעריבער האָבען די

בעלאַגערער אַנגענומען אַלע מיטלען אַפּצושניידען פּאַריז מיט וועלכען עס איז פּונקט פון דער אויסערער וועלט אום די בעלאַגערטע זאָלען ניט האָבען די מעגליכקייט צו בעקומען קיין שום שפּייז פון וועלכען עס איז אָרט אוי־סער דער שטאָדט. אָבער אויך די דייטשען האָבען שטאַרק געליטען פון מאַנגעל. קעלט, נאַסעס וועטער, מאַנגעל אין קליידונג און ברייט האָבען שרעקליך געפּלאָגט די סאָלדאַטען, וואָס האָבען בעלאַגערט פּאַריז. דערצו זיינען די סאָלדאַטען געווען שטאַרק פערמאַטערט פון שטענדיגער שווערער אַרבייט ביי דער בעלאַגערונג. צוליב דעם מאַנגעל אין קליידונג און שפּייז און צוליב דער שווערער אַרבייט זיינען זעהר פיעלע דייטשען צושטאָרבען וועהרענד דער בעלאַגערונג. זעהר פיעלע זיינען צושטאָרבען פו עפּידעמישע קראַנקהייטען.

אָבער פיעל שרעקליכער איז געווען די לאַגע פון די בעלאַגערטע אין פּאַריז. פיעלע זיינען געפאַלען אין די אָפטע שטרייטען ביי נאַכט, ווען די דייטשען פלעגען מאַכען פלוצלינגע אָנפאַלען; פיעלע זיינען אומגעקומען אין די אויספאַלען, וואָס זיי פלעגען מאַכען אויף די דייטשען, די בעלאַגערער, פון צייט צו צייט. די סאָלדאַטען, וואָס האָבען פערטיידיגט די שטאָדט, האָבען זיך געמוזט וואַלגערן און פּלאַגען אין פייכטע אונגעזונטע ערטער. די בירגער זיינען שטענדיג געווען אין געפאַהר פון די באָמבעס, וואָס די בעלאַגערער האָבען געוואָרפען אין שטאָדט. פיעלע זיינען בעגראָבען גע־וואָרען אונטער זייערע צושטערטע וואוינונגען, וועלכע זיינען געטראָפען געוואָרען פון די דייטשע באָמבעס. די לעבענסמיטלען זיינען געוואָרען טייי־ערערפון טאָג צו טאָג. די אָרימע קלאַס האָט ניט געהאַט קיין מיטלען. מיט וועלכע איבערצוקומען אַ טאָג. מען האָט פון הונגער אָנגעהויבען עסען ראַ־טען־פלייש, אָבער אויך דיזע שפּייז איז באַלד געשטיגען צו אַ זעהר הויכען פּרייז. עס איז זעלטען צו געפינען אין דער געשיכטע אַ שטאָדט, וואָס האָט געליטען אַזוי פיעל עלענד און נויט ווי פּאַריז.

די פראַנצויזען האָבען אָנגעווענדט גרויסע קרעפטען אום דורכצורייסען זיך דורך די ליניע פון די בעלאַגערער. זיי האָבען עס אָבער בשום אופן ניט געקענט. עס זיינען געפאַלען פון ביידע זייטען זעהר פיעלע אָפּפער, אָבער זיי האָבען זיך געמוזט צוריק אומקעהרען אין שטאָדט.

די דייטשען האָבען ענדליך בעשלאָסען צו באָמבאַרדירען פּאַריז. דעם 27טען דעצעמבער האָבען זיי אָנגעהויבען צו פייערן פון 76 קאַנאָנען. דאָס איז געווען אונערוואַרטעט און זעהר שרעקליך פיר די ייראָפּען, וואָס האָבען פערטיידיגט די שטאָדט, און זיי האָבען זיך געמוזט צוריקציהען פון די פער־

טיידיגונגס-פּאָזיציאָנען. עס איז דאַמאָלס געפאַלען די פעסטונג מאָנט אווראָן, וואָס איז געווען דער וויכטיגסטער שליסעל פון פּאַריז. די איינוואוינער זיינען פון דיזען פאַל געוואָרען זעהר צושראָקען. טראָשו האָט זיך געגעבען גרויסע מיה צו בערוהיגען דאָס פאָלק; ער האָט פערזיכערט, דאָס די רעגירונג איז ביי זיך פעסט, דאָס זי וועט זיך פיר קיין פאַל ניט אונטערגעבען, אָבער דאָס פאָלק האָט פערלאָרען צו איהם יעדען צוטרויען. די צייטונגען האָבען איהם בעשולדיגט, דאָס ער איז אַ פעררעטער, אַן אונפעהיגער, און דאָס ער געהט אום מיט שלעכטע געדאַנקען. ער האָט געמוזט איינשטימען, דאָס ער זאָל זיין אונטער דער קאָנטראָל פון אַ קאָמיסיאָן פון 4 מיניסטאָרען און 4 גענעראַלען, און אָהן זייער צושטימונג זאָל ניט געטאָן ווערען קיין זאַך.

נאָך ניי-יאָהר האָט זיך די באָמבאַרדירונג פערשטאַרקט און איז געוואָרען מעהר אָפט. עס איז די דייטשען געלונגען צו עראָבערן אַ נייע באַהן-ליניע, וועלכע האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו פערשאַפען פרישע מוניציאָן און נייע האַרמאַטען. די באָמבעס האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צו בעשעדיגען די פאָרשטעדט און די וויטע טיילען פון שטאָדט. די באָמבעס האָבען אָנגעהויבען צו דערלאַנגען אויך ווייטער אין שטאָדט. זיי האָבען שוין דערגרייכט דעם פּאַלאַץ לוקסעמבורג און אין פּאַנטהעאָן. מיט יעדען טאָג האָט די דייטשע אַרטילעריע געוואונען מעהר און מעהר באָדען. די בעפעלקערונג האָט ענערגיש פערלאַנגט, אַז מען זאָל מאַכען געגען די בעלאַגערער אַ גרויסען אויספאַל. טראָשו האָט זיך ניט געוואַגט שטעלען ענטגעגען דיזען פּלאַן, הגם ער האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ דורכפאַל. ער האָט בערופען די מעירס (בירגער-מייסטערס) פון 20 בעצירקען פון פּאַריז אום צו בעראַטען זיך מיט זיי וואָס צו טאָן. דער הונגער פון איין זייט און דער קאָמונע-אויפשטאַנד פון דער אַנדערער זייט האָבען געצוואונגען צו ענטשיידען וואָס צו טאָן און זיך גלייך נעהמען צו דער אַרבייט. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו שטעלען אַלע איינוואוינער פון פּאַריז אונטער וואַפען און צו מאַכען דעם 19טען יאַנואַר אַ גרויסען אויספאַל אויף די בעלאַגערער.

די נצחונות, וואָס די דייטשע טרופען האָבען געהאַט ביז יעצט, האָבען געפיהרט צו דער פעראייניגונג פון די בעזונדערע דייטשע שטאַאטען אין איין גרויסעם מעכטיגעם קייזערטום. דאָס איז געווען דער וואונש פון פאָלק, און דאָס האָט יעצט דאָס פאָלק דורכגעפיהרט ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס די פירסטען זיינען געווען דאַגעגען, ווייל זיי האָבען געמוזט אַרונטערלאָזען פיעל פון זייערע רעכטען. מיר האָבען פריהער געזעהען, ווי ביסמאַרק איז

אויך געווען שטארק געגען דיזער פעראייניגונג, ווי דער קרוינפּרינץ האָט מיט איהם געהאט אַ הייסע דעבאטע וועגען דיזען געגענשטאַנד, און ביס־מארק איז געבליבען ביי זיין מיינונג, דאָס דייטשלאַנד קען נאָך יעצט ניט ווערען אַ קייזערטום. יעצט אָבער, ווען דאָס פאָלק האָט עס געפאָדערט און די אַרמעע האָט עס געשטיצט, האָבען די פירסטען געמוזט נאָכגעבען, און דעם 18טען יאַנואַר 1871 איז די פּראָקלאַמאַציאָן וועגען דייטשען קייזערטום פאָרגעלעזען געוואָרען אין ווערסאַיל, וואו דער פּרייסישער קעניג האָט געהאַלטען זיין הויפּט־קוואַרטיר. די פּראָקלאַמאַציאָן האָט ביסמארק פאָרגעלעזען אָהן שום ענטהוזיאַזם, ווי אַ געשעפטס־אַקט. אויך די פירסטען פון אַלע דייטשע לענדער האָבען עס געהערט אונגערן און האָבען ניט גע־ציינט קיין צייכען פון בעגייסטערונג איבער די פעראייניגונג פון דייטש־לאַנד אונטער אַ קייזער־קרוין, וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען פון דיי־טשען פאָלק און פון דער אַרמעע צום קעניג פון פּרייסען. נאָך דעם פאָר־לעזען פון דער פּראָקלאַמאַציאָן איז אַרויס נאָר איינער פון די פירסטען, נעמליך דער גרויס־הערצאָג פון באַדען, און האָט אויסגערופען: „לעבען זאָל זיין קייזערליכע מאַיעסטעט, דער קייזער ווילהעלם דער 1טער!"

דער וואהרער שעפער פון דער פעראייניגונג פון די דייטשע שטאַאטען איז געווען דאָס דייטשע פאָלק, דאָס אַרבייטער־פאָלק, און ניט די פירסטען, וועלכע זיינען דאַגעגען געווען דערמיט זעהר אונצופרידען, ווייל זיי האָבען זיך געמוזט ענטזאַגען פון איינינע פּריווילעגיעס און רעכטען. ווי אין יאָהר 1848 האָבען אויך אין 1870—1871 די אַרבייטער געבראַכט גרויסע אָפּפער פון בלוט און גוט אום צו פערווירקליכען די פעראייניגונג פון דייטשען פאָלק. און אויך יעצט, ווען מען זאָל איבערגעבען די זאָרג פון האַלטען דאָס דייטשע פאָלק פעראייניגט אין איין גרויסער מאַכט צו די פירסטען, און ניט צום פאָלק, וואָלט שוין דייטשלאַנד לאַנג געווען צוברעקעלט ווי פריהער. און באמת האָט שוין איין מיניסטעריום געדענקט אויפצולעזען דעם רייכסטאַג פון דער פעראייניגטער דייטשלאַנד. אָבער דערויף האָבען די סאָציאַל־דע־מאָקראַטען געענטפערט: „ווען איהר וועט אָפּשאַפען דעם רייכסטאַג, ווע־לען מיר איהם ווידער עפנען".

דער קריג האָט שוין געהאַלטען ביים ענדע. דעם 19טען יאַנואַר האָט טראָשו געמאַכט אַן אויספאַל אויף די בעלאַגערער מיט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן. דער קאַמף האָט געדויערט 7 שרעקליכע שטונדען. די פראַנצויזען האָבען אין דיזען קאַמף פערלאָרען 7,000 אין טויטע און פער־וואונדעטע און האָבען זיך געמוזט צוריקקעהרען אין שטאָדט. אין דעם

זעלבען טאָג איז אויך די נאָרד־אַרמעע געשלאָגען געוואָרען; דער איבער־געבליבענער טייל פון דיזער אַרמעע האָט זיך געמוזט בעשיצען אין די פעס־טונגען אַרראַס און ליללע.

די בעלאַגערטע אין פאַריז זיינען געקומען אין פערצווייפלונג. זיי האָבען זיך געמוזט ענטשליסען צו אַ וואַפען־שטילשטאַנד. זשול פּאַוור האָט אויסגעווירקט אַ וואַפען־שטילשטאַנד אויף דריי וואָכען, אום מען זאָל האָבען צייט צוזאַמענצורופען אַ נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג און מען זאָל ענד־ליך שליסען פרידען. די הויפּט־בעדינגונגען פון וואַפען־שטילשטאַנד זיינען געווען פאָלגענדע: פּאַריז זאָל איבערגעבען אַלע איהרע פעסטונגען; די פער־טיידיגונגס־מיטלען פון שטאָדט־וואַל זאָלען צוגענומען ווערען; אַלע סאָל־דאַטען, וואָס געפינען זיך אין לאַנד, זאָלען זיין געפאַנגענע, אויסער 12,000 מאַן, וואָס זיינען נעטיג צו האַלטען אין לאַנד אָרדנונג; די קריגס־געפאַנ־גענע זאָלען די צייט פון וואַפען־שטילשטאַנד בלייבען אין שטאָדט און זאָ־לען איבערגעבען זייערע וואַפען צום זיגער; די פּאַריזער שטאָדט־געמיינדע זאָל צאָהלען אַ קאָנטריבוציאָן פון 200,000,000 פראַנק אין צייט פון 14 טעג; אַלע דייטשע געפאַנגענע זאָלען אַרויסגעגעבען ווערען צו די דייטשען, דערפאַר ווען די פראַנצויזען בעקומען אַזוי פיעל פראַנצויזישע געפאַנ־גענע. אייניגע דעפּאַרטעמענטען זיינען ניט אריין אין די בעדינגונגען פון וואַפען־שטילשטאַנד, נעמליך: די דעפּאַרטעמענטען דובס, זשוראַ און קאָטע ד'אָר. די בעלאַגערונג פון דער פעסטונג בעלפאָרט זאָל פאָרטגעזעצט ווע־רען, ווייל די דייטשען זיינען געווען זיכער, דאָס זי וועט באַלד אַריינפאַלען אין זייערע הענט, און זיי האָבען ניט געוואָלט פערלירען די פרוכט פון אַזוי פיעל אָנשטרענגונג צו נעהמען זי. אויך די אַרמעע פון בורבאַקי האָט ער־האַלטען דאָס רעכט צו בעוועגען זיך פריי.

אין די דעפּאַרטעמענטען, וואָס זיינען געווען אויסגעשלאָסען פון דעם וואַפען־שטילשטאַנד, זיינען די ליידען פון קריג געוואָרען אונערטרעגליך. זיי זיינען געקומען צו אַזאַ מדרגה, וואָס איז ניט צו געפינען אין דער גע־שיכטע צו איהר אַ גלייכען. מאַנטייפפעל האָט געאיילט צו פערנעהמען די געגענד, דורך וועלכע די אַרמעע פון בורבאַקי האָט גערעכענט געהן צוריק נאָך ליאָן. ער האָט פערכאַפּט די אייזענבאַהנען, אויף וועלכע דיזע אַרמעע פון 150,000 מאַן האָט געקענט קומען נאָך ליאָן, און דערמיט האָט ער זי פערשפּאַרט צווישען דער דייטשער אַרמעע און דער שווייץ. גאַריבאַלדי, וועלכער איז געשטאַנען מיט 25,000 מאַן און דער רעזערווע אין דיזשאָן, איז געווען ווי האַלב געפאַנגען. מאַנטייפפעל האָט שנעל מאַרשירט מיט

זיין אַרמעע ווייטער צו אָסט אום צו פערכאַפּען וואָס גיכער די דורכגענג דורך די יוראַ־בערג. בורבאַקי האָט שוין ניט געהאַט די מעגליכקייט צו געהן מיט זיין אַרמעע נאָך זיד, און זעהענדיג, דאָס ער האָט ניט קיין מיטלען צו רעטען זיך, האָט ער בעגאַנגען זעלבסטמאָרד. זיין שטעלע האָט פערנומען דער גענעראַל קלינשאַנט. דעם 1טען פעברואַר האָבען די דייטשען אָנגעגריפען פּאָנטאַרליער. די פראַנצויזען זיינען געווען געצוואונגען איבערצוגעהן איבער די הויכע יוראַ־בערג אין די שווייץ, און האָבען דערביי פערלאָרען איבער 15,000 אין געפאַנגענע, אויסער אַ גרויסער מאַסע, וואָס זיינען צושטאָרבען פון הונגער און קעלט. אין דער שווייץ זיינען זיי ענטוואַפענט געוואָרען און מען האָט זיי געהאַלטען געפאַנגען ביז עס וועט געשלאָסען ווערען דער פרידען צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד

די רעסטען פון דער אַרמעע, וואָס האָבען זיך געפונען אין פערשיידענע ערטער, זיינען געווען אין דעם זעלבען אונגליקליכען צושטאַנד, אין וועלכען די אַרמעע פון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען האָט זיך געפונען, ווען זי איז געלאָפען צוריק פון רוסלאַנד. די סאָלדאַטען זיינען געווען געקליידעט אין שמאַטעס. די אויסגעמאַטערטע פערד האָבען זיך קוים געשלעפּט אין די טיפע שנעען פון די בערג, און פון הונגער האָבען זיי געגריזשעט די האָלץ פון די וואָגענס. זעהר אָפט זיינען דאָרט געפאַלען די פערד און מען האָט זיי דאָרט איבערגעלאָזען. זעהר פיעלע סאָלדאַטען האָבען געטראָגען הילצערנע שיך, אָבער זעהר פיעלע האָבען דאָס אויך ניט געהאַט און האָבען געמוזט מיט זייערע פערוואונדעטע פיס בראָדיען באָרפוס אין די טיפע שנעען. אָנשטאָט ברויט האָט מען געגעבען די סאָלדאַטען צו עסען צוויבאַק (סוכאַרעס), וואָס האָט ערוועקט אַ שטאַרקען דורסט צום טרינקען. פלייש איז געווען זעהר ווענינ, און דאָס וואָס איז געווען האָט געהאַט אַ זעהר שלעכטען טעם. קיין מוזיק איז ניט געהערט געוואָרען, קיין פאָהנען זיינען ניט געווען צו זעהן. ווי צו אַ לויה זיינען די סאָלדאַטען געגאַנגען מיט טרויעריגע אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. דאָס איז געווען אַ לייכען־צוג נאָך דעם פראַנצויזישען רוהם, וואָס האָט געקלונגען אין דער וועלט.

אויך בעלפאָרט האָט זיך לענגער ניט געהאַלטען. דעם 16טען פעברואַר האָט זי געמוזט קאַפּיטולירען און דעם 18טען איז זי איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פו די דייטשען. דעם 12טען פעברואַר איז צוזאַמענגעקומען די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אין באָרדאָ. די מעהרהייט פון די דעפּוטאַטען האָבען געשטימט פיר פרידען. דעם 1טען מערץ האָבען די דייי

טשען אַריינגעצויגען אין פּאַריז אונטער אַ טריאומף־באָגען, אום די פראַנ-
צויזישע נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג זאָל זיך צואיילען צו קומען צו אַ בעשלוס.
אין דעם זעלבען טאָג האָט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג געגעבען איהר צושטי-
מונג צו די פרידענס־פּונקטען, וואָס דייטשלאַנד האָט געפאָדערט דעם 26טען
פעברואַר. פראַנקרייך האָט אָפּגעטרעטען צו דייטשלאַנד עלזאַס און אַ טייל
פון לאָטהרינגען, וועלכע האָט געשפּראָכען דייטש, צוזאַמען מיט דער פעס-



גאַמבעטטאַ.

טונג מעטץ; אויך האָט זיך פראַנקרייך פערפּליכטעט צו בעצאָהלען דייטש-
לאַנד אין צייט פון 3 יאָהר אַ סומע פון 5 מיליאַרדען פראַנקס קריגס־הוצאות.
די דייטשען האָבען בעפרייט די לאַנד־שטריכען צו וועסט און זיד פון פּאַריז.
אָבער די פעסטונגען, וואָס זיינען אין נאָרד און אָסט פון דער הויפּטשטאָדט,
אויך די נאָרד־אָסטליכע דעפּאַרטאַמענטען פון פראַנקרייך זיינען געבליבען

בעזעצט מיט דייטשע טרופען ביז פראַנקרייך וועט בעצאָהלען די 5 מיליאַר־דען פראַנקס קאָנטריבוציאָן.

פראַנקרייך האָט געמוזט איינשטימען צו דיזע שווערע בעדינגונגען, ווייל עס זיינען נאָך דאַמאָלס געשטאַנען אין לאַנד 600,000 דייטשע סאָל־דאַטען. אויסער דעם איז אויך אין דייטשלאַנד געשטאַנען אַ פערטיגע אַר־מעע פון 250,000 מאַן בערייט צו געהן אין שטרייט באַלד ווי מען וועט עס פאָדערן.

דעם 17טען מערץ איז קייזער ווילהעלם דער 1טער געקומען צוריק אין בערלין, און דעם 21טען האָט ער געעפענט דעם ערסטען רייכסטאַג, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען פון אַלגעמיינעם דייטשען קייזער־רייך. די ערסטע אויפגאַבע פון רייכסטאַג איז געווען צו פערפאַסען נייע געזעצען, נאָך וועלכע דאָס נייע דייטשע קייזער־רייך זאָל רעגירט ווערען. על־זאַס־לאָטהרינגען איז פעררעכענט געוואָרען אַלס אַ נייער דייטשער שטאַאַט. פיר די רעזערווע סאָל־דאַטען האָט דער נייער רייכסטאַג בעשטימט 12 מיליאָנען מאַרק שטיצע. אויך פיר די אינוואַלידען איז בעשטימט געוואָרען אַ גרויסער פאָנד. ביס־מאַרק האָט אויך דיזען מאָל, ווי אין יאָהר 1866, דורכגעפיהרט אַ געזעץ צו בעשטימען אַ סומע צו בעשענקען די קאָמאַנדירען און שטאַאַטסמענער, וועל־כע האָבען זיך „פערדינט" געמאַכט. אויך פיר דיזע בעטלעריי זיינען בע־שטימט געוואָרען 12 מיליאָנען מאַרק. די שטאַאַטסמענער און קאָמאַנדירען, וואָס האָבען בעקומען פיר זייער דינסט גרויסע געהאַלטען, זיינען בעלוינט געוואָרען גאַנץ אַנדערש ווי די אונגליקליכע קריפּלען, וועלכע האָבען פער־לאָרען אין קריג די מעגליכקייט צו פערשאַפען זיך זייער לעבענס־אונטער־האַלט. דיזע מוזען זיך יעצט אימער וואַנדערן מיט ביטשריפטען וועגען שטי־צע, ווייל זיי זיינען גאַנץ ווייניג פערזאָרגט געוואָרען.

דעם 16טען יוני זיינען די דייטשע טרופען אַריין אין בערלין מיט גרויס פּאַראַד דורך אַן אַלעע פון 7,441 האַרמאַטען, וואָס זיי האָבען אָפּגענומען פון פראַנקרייך אין צייט פון קריג. אויסער דעם האָבען זיי מיטגעבראַכט 107 פראַנצויזישע אָדלערן מיט פאָהנען און דעם רוהם, דאָס זיי האָבען גע־זיגט אין 17 גרויסע שלאַכטען און 156 קלענערע, און דאָס זיי זיינען די גרינדער פון דייטשען קייזערטום. זינט דאַן איז דער רוהם פון דייטשען פאָלק געשטיגען זעהר הויך אין די אויגען פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער. זיין אינדוסטריע האָט געמאַכט אַ ריזיגען פאָרטשריט, און זיין האַנדעל האָט זיך פערשפּרייט אין דער גאַנצער וועלט.

---

# די געשיכטע פון דייטשלאַנד, עסטרייך און פראַנקרייך

## נאָך דעם קריג פון 1870 — 1871.

באַלד נאָך דעם דייטש-פראַנצויזישען קריג האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דייטשלאַנד אַ קולטור-קאַמף. גלייך אין דער ערסטער זיצונג פון נייעם רייכסטאַג האָבען פיעלע דעפּוטאַטען אָנגעהויבען צו פאָדערן, אַז מען זאָל צוריק אויפשטעלען די אַלטע הערשאַפט פון פּאַפּסט, ווי מען האָט אויפגעשטעלט צוריק די אַלטע דייטשע אימפעריע. די הויפט-פיהרער פון דיזער פּאַרטיי זיינען געוועזען: מאַללינקראָדט, רייכענספערגער, ווינדהאָרסט, שאָרלעמער-אַלסט, דער בישאָף קעטטעלער פון מאַינץ און נאָך אַנדערע. זיי האָבען פערלאַנגט, אַז דייטשלאַנד זאָל זיך אַריינמישען צו גונסטען פון דעם פּאַפּסט און מען זאָל אויפנעהמען אין דער קאָנסטיטוציאָן פון דעם קייזעררייך איינינע גרונד-רעכטען פון דער קאַטאָלישער קירכע. אָבער ווייל זייערע פאָדערונגען זיינען צוריקגעוויזען געוואָרען, האָבען זיי געבילדעט אַן ענערגישע אָפּאָזיציאָנס-פּאַרטיי געגען דער רעגירונג. צו דיזער פּאַרטיי זיינען צוגעשטאַנען אויך אַנדערע עלעמענטען, וועלכע זיינען ניט געווען צו פרידען מיט דעם נייעם צושטאַנד פון די אינטערעסען.

די רעגירונג האָט געפונען פיר נעטיג אַרויסצוגעהן אויף אַן אָפענעם שטרייט מיט דיזער אָפּאָזיציאָן, וועלכע איז בעוואוסט אַלס דאָס צענטרום, און האָט צוריקגעוויזען אַלעס, וואָס די קלעריקאַלען האָבען געפאָדערט אין רייכסטאַג. פריהער פון אַלעם האָט מען בעפרייט די שולען פון דער הערשאַפט פון די קלעריקאַלען און מען האָט זיי איבערגעגעבען דער וועלטליכער מאַכט. די מעהרסטע פון די מיטגלידער פון רייכסטאַג האָבען געשטיצט די רעגירונג אין איהר קאַמף מיט די קלעריקאַלען. די ליבעראַלע פּאַרטיי איז געווען די מאַיאָריטעט אין רייכסטאַג.

דער קאַמף איז געוואָרען שאַרפער און אָפענער. דער נייער קולטוס-מיניסטער אַדאַלבערט פאַלק האָט דעם 13טען פעברואַר 1872

דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס פאָלקס־אונטעררינכט זאָל זיך געפינען אויס־שליסליך אונטער דער קאָנטראָל פון שטאַאט און די גייסטליכע זאָלען דער־מיט גאָר ניט האָבען צו טאָן. אַלע פּראָטעסטען פון די קלעריקאַלען האָבען גאָרניט געהאָלפען און דאָס געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען. דעם 15טען און 16טען מאַי איז אָנגענומען געוואָרען אַ פּראָיעקט, דאָס מען זאָל בע־שרענקען די טעטיגקייט פון די יעזואיטען, און זיי זאָלען פיר זייערע שענד־ליכע האַנדלונגען בעשטראָפט ווערען געזעצליך. דעם 4טען יוני איז אַרויס אַ געזעץ, לויט וועלכען אַלע יעזואיטישע אַנשטאַלטען זאָלען געשלאָסען ווערען אין צייט פון אַ יאָהר, די יעזואיטען זעלבסט זאָלען אויסגעוויזען ווערען פון לאַנד און די טעטיגקייט פון דיזען אָרדען זאָל אין גאַנצען פערבאָטען ווערען אין דעם דייטשען רייך.

די קלעריקאַלען האָבען אָרגאַניזירט אַ זעהר שטאַרקען ווידערשטאַנד געגען דעם שטאַאט. די גייסטליכע, וואָס האָבען געהאַלטען מיט׳ן סענאַט, האָבען די בישאָפען זיי ענטזאַגט פון זייערע שטעלעס אין דער קירכע. אַלע דייטשע בישאָפען זיינען געשטאַנען ווי איין מאַן פיר דעם פּאַפּסט און גע־גען דעם שטאַאט. זיי האָבען זאָגאָר געברויכט רעוואָלוציאָנערע מיטלען. דער ערץ־בישאָף לעדאָכאָווסקי פון פּאָזען איז בעשטימט געוואָרען פון פּאַפּסט אַלס „פּרימאַס פון פּוילען” און איז פערשריבען געוואָרען אין דעם רוימישען קאַלענדער צווישען די רעגירענדע פירסטען אַלס שטעלפער־טרעטער פון די פּוילישע קעניגען.

אין אָנפאַנג פון יאָהר 1873 איז די שפּאַלטונג צווישען דעם צענטרום (די קלעריקאַלען) און דער רעגירונג געקומען צום העכסטען שפּיץ. די רע־גירונג האָט געשאַפען אַ גאַנצע רייהע פון געזעצען, וועלכע האָבען בעשטימט גרויסע שטראָפען פיר יעדע שעדליכע טעטיגקייט פון די קלעריקאַלען געגען די אינטערעסען פון די בירגער. די גייסטליכע האָבען געמוזט בעקומען אַ געוויסען גראַד פון וועלטליכער בילדונג אום זיי זאָלען קענען בעשטעטיגט ווערען פון דער רעגירונג אין זייערע עמטער. דיזע און ענליכע אַנדערע געזעצען זיינען פון דער רעגירונג פאָרגעשלאָגען געוואָרען איינצופיהרען, און זיי זיינען פון דער מאַיאָריטעט פון די דעפּוטאַטען אָנגענומען געוואָרען. און הגם דיזע געזעצען האָבען געהאַט אין העררען־הויז זעהר פיעלע געגנער, איבערהויפּט פון די פעאָדאַלען און קלעריקאַלען, האָט אָבער די געוואַלטיגע בערעדטזאַמקייט פון ביסמאַרק׳ן און זיין ענערגישעס אויפטרעטען דאָך דורכגעפיהרט די זאַך, און אין מאַי פון יאָהר 1873 זיינען די אַלע געזעצען אָנגענומען געוואָרען.

די קלעריקאַלען זיינען געוואָרען שרעקליך ערביטערט געגען דער רע־גירונג, און די אולטראַמאָנטאַנע (פּאַפּסטליכע) פּרעס איז געווען אויפגע־קאָכט. די בישאָפען האָבען פּראָקלאַמירט אַן אָפענעם ווידערשטאַנד געגען דיזע געזעצען. ווען די רעגירונג האָט געאָרדענט, אַז מען זאָל ענדערן די געגענשטענדען פון די גייסטליכע לעהר־אַנשטאַלטען לויט דעם פּראָגראַם פון שטאַאַט, האָבען די גייסטליכע עס ניט געוואָלט אָננעהמען. די רעגירונג האָט דערפאַר אייניגע סעמינאַרען אין גאַנצען געשלאָסען און פון אַנדערע האָט זי צוגענומען די מיטלען, וואָס דער שטאַאַט האָט בעשטימט פיר זייער אונטערהאַלט. די בישאָפען האָבען אַליין בעשטימט די שטעלעס פון די גייסטליכע אין די קירכען און האָבען ניט געוואַרט ביז די רעגירונג וועט זיי בעשטעטיגען אין זייערע עמטער. די רעגירונג האָט אָבער ניט אָנער־קענט פיר געזעצליך די צערעמאָניעס, וואָס זיי האָבען דורכגעפיהרט. די־זער קאַמף צווישען דער רעגירונג און די גייסטליכע האָט זיך פערשפּרייט אין גאַנץ פּרייסען און האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקע אויפרעגונג אין פאָלק, וועלכעס איז געווען אויף דער זייט פון די קלעריקאַלען און געגען דער רע־גירונג אין דיזען שטרייט.

אָבער די רעגירונג האָט ניט נאָכגעגעבען. זי האָט פערקלאָגט די רע־וואָלוציאָנערע גייסטליכע פאַר'ן גערילכט און האָט געזעהען, דאָס מען זאָל זיי פערורטיילען. די בישאָפען האָבען אָבער פאָרטגעזעצט זייער קאַמף געגען דער רעגירונג. דאַן האָט די רעגירונג אָראָפּגעזעצט דעם גראַף לעדאָ־כאָווסקי, וועלכער איז געווען בעשטימט פון פּאַפּסט אַלס העכסטער בע־אַמטער איבער די קאַטאָלישע קירכע אין דייטשלאַנד, און האָט איהם גע־בראַכט נאָך אָסטראָוואָ אין אַרעסט. די רעגירונג האָט געלאָזט וויסען די קלעריקאַלען, דאָס אויב זיי וועלען ניט נאָכגעבען אין צייט פון 10 טעג איהרע פאָדערונגען, וועט זי בעשטימען וועלטליכע בעאַמטע איבער די קיר־כען־אַנגעלעגענהייטען און איבער דעם קירכען־פערמעגען.

דער האַס פון די קאַטאָלישע גייסטליכע צו דער רעגירונג איז געוואָרען אַזוי שטאַרק, דאָס דעם 13טען יולי 1874 האָט אַ קאַטאָלישער סטאָליער געמאַכט אַ פערזוך צו טויטען ביסמאַרק'ן. דיזער פערזוך האָט שרעקליך אויפגערעגט דאָס פאָלק און האָט פיעל געשאַדט די גייסטליכע. אין דער זעלבער צייט האָט דער פּאַפּסט אויפגעפאָדערט די דייטשע קלעריקאַלען ניט נאָכצוגעבען און ניט צו פאָלגען די געזעצען. דער שטרייט צווישען דער רעגירונג און די גייסטליכע איז צוליב דעם געוואָרען נאָך שאַרפער. דאַן האָט דער קולטוס־מיניסטער פאַלק דורכגעפיהרט אַ פּראָיעקט, דאָס די רע־

פירונג זאָל אויפהערען צו געבען דער קאטאָלישער קירכע די סומען, וואָס זיינען בעשטימט געוואָרען פיר איהר, ביז די גייסטליכע וועלען זיך אונ־טערגעבען און וועלען פאָלגען די געזעצען פון שטאאט. די אלט־קאטאָלישע געמיינדעס האָבען בעקומען אין די ערטער, וואו זיי זיינען אין א גרויסער צאָהל, א פערהעלטניסמעסיגען אַנטייל אין דעם קירכען־פערמעגען.

די רעגירונג האָט פאָרטגעזעצט דעם קאמף, און האָט זיך ווייניג גע־שראָקען פאר די חרמות און קללות פון דער קירכע. מיט דעם יאָהר 1878 האָט זי מיט אמאָל גענומען א גאַנץ אַנדערע ריכטונג. דער עקאָנאָמישער קריזיס, וועלכער איז געקומען נאָך דער פערקאָכטער ספעקולאציאָן פון דער „גרינדער־פעריאָדע", האָט פעראורזאכט אונצופרידענהייט אין די וויטסטע שיכטען פון פאָלק און האָט געשאפען א גינסטיגען באָדען פיר די פערברײי־טונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. דעם 11טען מאי 1878 איז פאָר־געקומען דער פערזוך פון האָדעל אויף דעם קייזער ווילהעלם. דעם קייזער האָט ניט געשאדעט, אָבער ביסמארק האָט געוואוסט דיזען פערזוך אויסצונוצען און ער האָט געוואָרפען די שולד פיר דעם פערברעכען אויף די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטיי. ער האָט פאָרגעשלאָגען נייע געזעצען צו פערשטארקען די רעגירונג געגען רעוואָלוציאָנערע פעראיינען און געגען אגיטאטאָרען. אָבער זיין פאָרשלאַג איז דורכגעפאלען אין רייכס־טאַג, וועלכער האָט אין דיזע געזעצען געזעהען אַן אָנפאנג פון דער רעגירונג צו פערפאָלגען בלויז די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פארטיי. באַלד נאָכדעם, דעם 2טען יוני, איז געמאכט געוואָרען א צווייטער פערזוך אויף'ן קייזער'ס לעבען. דער אורהעבער פון דיזען פערזוך איז געווען ד ר. נ א ָ ב י ל י נ ג. עס איז ניט בעוויזען געוואָרען, דאָס ער האָט בעגאַנגען דאָס פערברעכען אונטער דעם סאָציאַל־דעמאָקראטישען איינפלוס, אָבער ביסמארק האָט עס אַזוי ערקלערט, ווייל איהם האָט עס אַזוי געלוינט. ער האָט אויפגעלעזט דעם רייכסטאַג און האָט געאָרדענט נייע וואהלען; ער האָט געהאָפט, דאָס אונטער דעם איינדרוק פון די צוויי פערזוכען אויף'ן קייזער'ס לעבען וועט איהם געלינגען דורך די וואהלען צו פערשטארקען די מאכט פון דער קאָנ־סערוואטיווער פארטיי. דעם 21טען אָקטאָבער 1878 איז טאַקי אָנגענומען געוואָרען אַן אויסנאהמס־געזעץ געגען די סאָציאַליסטען. אַן אונגעהייערע מאַסע פון צייטונגען, בראָשורען און ביכער איז פערבאָטען און קאָנפיס־קירט געוואָרען, פיעלע פעראיינען און קלובען זיינען געשלאָסען געוואָרען, די גאַנצע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאציאָן איז פערניכטעט געוואָרען און די פּראָפּאַגאַנדע איז אונטערגעבראָכען געוואָרען. איבער אייניגע שטעדט,

ווי צום ביישפיל איבער בערלין און לייפּציג, איז זאָגאר בעשטימט געוואָרען אַ בעלאַגערונגס־צושטאַנד; פון דיזע שטעדט האָט מען ארויסגעטריבען אַ היבשע צאָהל בעוואוסטע סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען צוליב דעם רואי־נירט געוואָרען מיט זייערע פאַמיליעס.

אין דעם זעלבען יאָהר האָט די רעגירונג אומגעביטען איהר האַנדעלס־פּאָליטיק. אָנשטאָט דעם פריהערדיגען פרייען האַנדעל האָט זי איינגע־פיהרט די פּאָליטיק פון שוץ־צאָל, אום צו זיכערן וועניגסטענס איהר אינ־דוסטריע און לאַנדווירטשאַפט דעם אייגענעם מאַרק. אין דעם נייעם צאָל־טאַריף, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרען דעם 15טען יולי 1879, זיינען די בעשטעהענדע צאָלען פיר אריינגעפיהרטע סחורות בעדייטענד געהעכערט געוואָרען און עס זיינען געשאַפען געוואָרען מעהרערע נייע צאָלען. נאָר רויהע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען נעטיג פיר די דייטשע אינדוסטריע, זיינען געבליבען פריי פון צאָל. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס לעבענס־מיטלען זיינען פיעל געשטיגען אין פרייז. דער „שוץ פון דער נאַציאָנאַל־ארבייט", ווי מען האָט אָנגערופען דעם נייעם צאָל־טאַריף, איז אין גרונד געווען אַ פערמאַסקירטער רויב פון דעם ארבייטער'ס קאַרגען פערמעגען. די אינדירעקטע שטייערן זיינען נאָך אימער די הויפּט־קוועלען פון איינ־נאַהמע פון דעם דייטשען שטאַאַט.

אום דורכצופיהרען זיינע עקאָנאָמישע רעפאָרמעס האָט ביסמאַרק גע־מוזט האָבען די שטיצע פון צענטרום, ד. ה. פון די קלעריקאַלען. און דע־ריבער האָט ער צו ענדע פון די 70ער יאָהרען אָנגעפאַנגען צו ווערען פריד־ליכער מיט די קאַטאָלישע קלעריקאַלען. דער קולטוס־מיניסטער פאַלק האָט געמוזט רעזיגנירען, און זיין שטעלע האָט פערנומען פּוטטקאַמער. כמעט יעדען יאָהר האָט מען אריינגעבראַכט פּראָיעקטען צו ענדערן די קיר־כען־פּאָליטיק און אפּצושאַפען די מאַי־געזעצען. אויך די בישאָפען האָבען בעקומען צוריק זייערע שטעלעס מיט זייערע רעכטען. היינט האָט די צענט־רום־פּאַרטיי כמעט מעהר קיין פאָדערונגען ניט צו שטעלען. זי האָט איי־גענטליך פערלאָרען די בערעכטיגונג פיר איהר עקסיסטענץ, און עס שיינט ווירקליך, דאָס זי איז נאָהענט פון אונטערגאַנג, ווייל אין איהר ווייזען זיך די פערשיידענסטע אינטערעסען און שטרעבונגען. נאָר אויגענבליקליך ציינגט זי זיך נאָך אַלס פעסטע שוץ־וואַנט פיר די רעאַקציאָן.

דעם 17טען נאָוועמבער 1881 איז געעפענט געוואָרען די סעסיאָן פון רייכסטאַג. אין דיזער סעסיאָן איז פאָרגעלעזען געוואָרען די בעריהמטע „קייזערליכע באָטשאַפט", וועלכע האָט אויסגעשפּראָכען די פּליכט צו בע־

זייטיגען די סאָציאַלע איבלען און צו הייבען די לאַגע פון דער ארבייטער־קלאַס. דיזע באָטשאַפט האָט געשיינט צו פערשפּרעכען אַ נייע סאָציאַל־פּאָליטישע פּעריאָדע. נאָך דעם, ווי ביסמאַרק האָט מיט זיינע געוואַלט־מאַסרעגלען נידערגעוואָרפען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, האָט ער זי אויך געזוכט אָפּצושוואַכען מיט פּאָזיטיווע מיטלען — דאָס די רעגירונג זעלבסט וועט געבען דעם פּאָלק אַזעלכע זאַכען, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטען וואָלטען בעדאַרפט לאַנג שטרייטען ביז זיי וואָלטען עס געבראַכט צו שטאַנד. אַזוי האָט די רעגירונג אָנגענומען אַ געזעץ צו גרינדען אַ קאַסע פיר אַרבייטער צו העלפען זיי אין דער צייט, ווען זיי זיינען קראַנק, אַ פּאָנד צו פערזיכערן אַרבייטער געגען אַן אונגליקליכען צופאַל, אַ פּאָנד צו געבען פּענסיאָן אַלטע אַרבייטער, וועלכע זיינען שוין מעהר ניט אין שטאַנד צו אַרבייטען. הגם דאָס זיינען ניט געוועזן קיין פּאָלקאָמענע מיטלען, זיינען זיי דאָך געוועזן אַ גרויסער פּאָרטשריט געגען פריהער. אָבער איהר צוועק, אָפּצושוואַכען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, האָט די רעגירונג דאָדורך ניט דערגרייכט. אין געגענטייל, דאָס פּאָלק האָט אָנגעהויבען צו שיקען אין רייכסטאַג אימער מעהר און מעהר סאָציאַל־דעמאָקראַטען. היינט האָבען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען מעהר שטימען פון יעדער איינער פון די אַנדערע פּאַרטייען. די רעגירונג האָט ענדליך בעשלאָסען צו לאָזען אין גאַנצען פּאַלען דאָס סאָציאַליסטען־געזעץ.

פון דאַמאָלס אָן האָט די אַרבייטער־פראַגע ניט אויפגעהערט צו בעשעפּטיגען דעם רייכסטאַג. די פיהרער פון די פּראָלעטאַריער האָבען ניט אויפגעהערט צו פאָדערן מעהר און מעהר רעכטען פיר די אָרימע קלאַס, און די רעגירונג פון איהר זייט האָט געמוזט איינשטימען צו מאַכען מעהר און מעהר רעפאָרמען צו גונסטען פון די אַרבייטער.

אין יאָהר 1889 איז קייזער ווילהעלם דער 1טער געשטאָרבען. אויפ׳ן טראָן איז אַרויף קייזער פ ר י ע ד ר י ך, וועלכער איז שוין דאַמאָלס געלעגען אויפ׳ן שטערבע־בעט. ער האָט רעגירט נאָר 100 טעג און איז געשטאָרבען. נאָך איהם האָט בעשטיגען דעם טראָן ו ו י ל ה ע ל ם ד ע ר 2 ט ע ר. דאָס וויכטיגסטע, וואָס דיזער הערשער האָט געטאָן אין דער ערסטער צייט פון זיין רעגירונג, איז געווען אַרונטערצוזעצען דעם אַלמעכטיגען ביסמאַרק פון זיין שטעלע. מען קען אויסזעצען געגען ביסמאַרק׳ן פיעלע פעהלערן, אָבער מען מוז מודה זיין, דאָס ער האָט מיט זיין שטאַרקען כאַראַקטער און קלאָרען פערשטאַנד געשטעלט די רעגירונג אויף אַ פעסטען פונדאַמענט און האָט פיר די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען

געקעמפט מייסטערהאַפט. זיינע נאָכפאָלגער זיינען געווען פּאַרטאַטשעס געגען איהם. ניט קאַפּריווי און ניט האָהענלאָהע האָבען גע־קענט געבען פעסטקייט דער רעגירונג. אין געגענטייל, אין זייער צייט האָט זיך די רעגירונג געפונען אין אַ זעהר אונזיכערן צושטאַנד. זאָגאַר די טרייעסטע דינער פון טראָן, די יונקערס, האָבען אין זייער צייט אימער רעוואָלטירט, און די מעהרהייט אין רייכסטאַג, אויף וועלכע די רעגירונג האָט זיך געשטיצט, איז געווען זעהר ניט זיכער.

דאָס פאָלק איז געווען זעהר אונרוהיג צוליב די קאַלטע בעציהונגען צווישען דעם קייזער און ביסמאַרק'ן. אָבער עס איז גאָרניט געווען צו בע־מערקען ביי דעם פייערן פון ביסמאַרק'ס 75־יעהריגען געבורטסטאָג. נאָך



ווילהעלם דער 2טער.

ווען דער קייזער איז אויף ריכטיג מיט איהם שלום געוואָרען און האָט עס ארויסגעצייגט שפּעטער צו זיין 80־יעהריגען געבורטסטאָג, איז דאָס פאָלק געוואָרען העכסט צופרידען און האָט געפייערט דיזען געבורטסטאָג מיט אַ פּאַראַד, וואָס האָט כמעט ניט געהאַט קיין גלייכען אין דער נייערער צייט.

אַ זעהר וויכטיגער פאַקט אין דער דייטשער געשיכטע פון די לעצטע צייטען איז די עֶרעפנונג פון דעם נאָרד־אָסט־זעע־קאַנאַל. אין דיזער ער־עפנונג האָבען גענומען אַנטייל אַלע גרויסע פעלקער. די צווייטע וויכטיגע בעגעבענהייט אין דייטשלאַנד פון דער נייערער צייט איז די איינאָרדנונג פון רייכס־געריכט אין הערבסט פון 1895.

אין דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע (עסטרייך) איז נאָך דעם קריג פון 1866 פאָרטגעזעצט געוואָרען דער פּראָצעס פון צוברעקלונג. איבערהויפּט האָבען די סלאַווישע פעלקער געשטרעבט נאָך זעלבשטענדיגקייט גלייך מיט די אונגאַרען. אין 1875 האָבען 75 אַלט־טשעכישע דעפּוטירטע זיך ענטזאגט אריינצוטרעטען אין בעהמישען לאַנדטאַג. פיר די הויכע שטאַאטסמענער איז עס געווען גאַנץ שווער דורכצופיהרען דאָס שטאַאט־שיף זיכער דורך די געפאַהרען פון פּאַרלאַמענטאַריזם.

מעהר פון אַלעמען האָבען די אונגאַרען פערשאַפט דער עסטרייכישער רעגירונג גרויסע שוועריגקייטען. זיי האָבען פערלאַנגט און האָבען אויך געקראָגען אַן אָנטייל אין דער לייטונג פון די געמיינזאַמע אַנגעלעגענהייטען. די לינקע זייט פון אונגאַרישען פּאַרלאַמענט האָט זאָגאַר געפאָדערט פאָלשטענדיגע אונאָפּהענגיגקייט. די דעבאַטען וועגען דעם האָבען זיך געצויגען לאַנג, ביז ענדליך אין יאָהר 1876 האָבען זיך די אונגאַרען צופרידען געשטעלט מיט די הנחות, וואָס עסטרייך האָט זיי נאָכגעגעבען. עס איז בעגייט געוואָרען דער צאָל־ און האַנדעלס־בונד נאָך אויף 10 יאָהר, און די נאַציאָנאַל־באַנק איז געוואָרען אַן עסטרייך־אונגאַרישע נאַציאָנאַל־באַנק. אָבער אויך נאָכדעם זיינען פאָרגעקומען שטרייטיגקייטען צווישען עסטרייך און אונגאַרן ביז ענדליך, אין יאָהר 1878, איז אַלעס אויסגעגליכען געוואָרען און צווישען עסטרייך און אונגאַרן איז אין גאַנצען פעסטגעשטעלט געוואָרען דער פרידען.

נאָך אַלעם דעם איז דער האַס צווישען די צוויי נאַציאָנאַליטעטען געבליבען זעהר שטאַרק. דאָס איינציגע, וואָס האָט זיי צוזאַמענגעבונדען, איז דאָס הערשער־הויז. די טשעכען דערווייטערן זיך פון די דייטשען אימער מעהר און מעהר און אונטערדריקען די דייטשע שפּראַך און די דייטשע שולע. אין בעהמען איז די דייטשע שפּראַך זאָגאַר געוואָרען אויס אָפיציעל. די רעגירונג זעלבסט העלפט די בעהמער אין דיזען שפּראַך־קאַמף.

אין דער נייער צייט האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ בעוועגונג איינצופיהרען אין עסטרייך אַלגעמיינעס וואַהלרעכט, אַזוי ווי עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין דייטשלאַנד פיר אַלע פערשיידענע שטאַאטען. די ארבייטער מאַכען אַלע יאָהר אין מאַי גרויסע דעמאָנסטראַציאָנען מיט דער פאָדערונג איינצופיהרען אַן 8־שטונדיגען ארבייטס־טאָג און אַלגעמיינעס וואַהל־רעכט. און אַזוי איז יעצט די גאַנצע פראַגע ווידער אויפגעהויבען געוואָרען. עס איז יעצט שווער פאָרויסצוזאָגען, צו וואָס די יעצטיגע פערהאַנדלונגען וועלען פיהרען.

פראַנקרייך האָט נאָך דער באַרבאַרישער אונטערדריקונג פון דעם קאָ-מונע־אויפשטאַנד פאַרגעשטעלט אַ צופאַלענעס בילד. אין דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג האָבען זיך געפונען לעגיטימיסטען, באָנאַפּאַרטיסטען, אָרלעאַ-ניסטען און רעפּובליקאַנער. דערצו איז די פערזאַמלונג געווען גענייגט צו צוברעכען די צענטראַליזאַציאָן פון דער פערוואַלטונג. אָבער דער פּרעזי-דענט טהיערס האָט דאָך געוואוסט ווי אַרויסצודרעהען זיך פון די אַלע שוועריגקייטען. איבערהויפּט האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין גוטער איינ-ריכטונג פון די פערפּלאָנטערטע פינאַנצען. ער האָט געוואוסט ווי צו שאַ-פען די ריזיגע סומע פון דער קאָנטריבוציאָן, וואָס פראַנקרייך האָט זיך פער-פּליכטעט צו צאָהלען דייטשלאַנד, און האָט בעפרייט דאָס לאַנד פון דער



רייכסטאַגס־געביידע אין בערלין.

פערהאַסטער דייטשער אַרמעע, וואָס האָט דאָרט געדאַרפט בלייבען ביז מען וועט בעצאָהלען דייטשלאַנד די ריזיגע סומע פון 5 מיליאַרדען פראַנקס. אויך האָט ער דורכגעפיהרט אַ געזעץ, לויט וועלכען עס זאָל צו דער רעגעל-מעסיגער אַרמעע מיט 5־יעהריגער דינסט־פּליכט צוגעגעבען ווערען אַ טע-ריטאָריאַל־אַרמעע, ד. ה. אַן אַרט מיליץ אָדער פאָלקס־בעוואָפנונג.

אָבער ניט אַכטענדיג אויף דאָס פיעל גוטעס, וואָס טהיערס האָט פער-שאַפט פראַנקרייך, האָט ער דאָך געהאַט פיעלע געגנער און די אָפּאָזיציאָן געגען איהם איז געוואַקסען מעהר און מעהר. דעם 23טען מאַי 1873 האָט זיין מיניסטעריום געמוזט רעזיגנירען, און באַלד נאָכדעם האָט ער רעזיג-

נירט. נאָך טהיערס׳ן איז ערוו׳עהלט געוואָרען אלס פּרעזידענט דער מאר־שאל מאק מאהאָן, הערצאָג פון מאזשענטא. אין דער זעלבער צייט איז דער מארשאל באזען דעגראדירט געוואָרען (בערויבט געוואָרען פון זיינע רעכטען און ראנגען) און איז פּעראורטיילט געוואָרען צום טויט. איבע־צוויי מאָנאטען האָט גאנץ פראנקרייך גערודערט מיט דיזען פּראָצעס, ביז דער קריגס־געריכט האָט איהם ענדליך געפונען שולדיג. מאק מאהאָן האָט פערביטען די טויט־שטראָף אויף 20־יעהריגע געפענגניס אין דער פעסטונג „אייזערנע מאסקע" אויף דער אינזעל סט. מארגעריטע. שפּעטער איז איהם געלונגען מיט דער הילף פון זיין פרוי צו ענטלויפען פון דאָרט נאָך האָללאנד.

אין יאָהר 1875 איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין פראנקרייך א נייע פערפאססונג. די געזעצגעבענדע מאכט איז בעשטאנען פון צוויי פערזאמ־לונגען: פון דער קאמער פון דעפּוטירטע, וועלכע ווערען געוועהלט פון פאָלק, און פון דעם סענאט פון 300 מיטגלידער, וועלכע האָבען געמוזט אלט זיין ניט וועניגער פון 40 יאָהר און געוועהלט ווערען טיילס פון די דע־פּוטירטע, טיילס פון די דעפּארטעמענטען אין בעזונדערע געזעצליכע קאָל־לעגיומס (פערזאמלונגען). דיזע צוויי קערפּערשאפטען, די דעפּוטאטען און די סענאטאָרען, ערוועהלען דעם פּרעזידענט אויף 7 יאָהר. דיזער איז דער הויפּט פון דער עקזעקוטיוו־מאכט. ער איז דער הויפּט־קאָמאנדיר פון דער ארמעע, בעשטימט אלע הויכע עמטער, פערהאנדעלט מיט אויסלענדישע מעכטען אין נאָמען פון דער פראנצויזישער רעגירונג, ער בערופט דאָס מי־ניסטעריום, וועלכעס איז אָבער פעראנטוואָרטליך ניט צום פּרעזידענט, נאָר צו די דעפּוטאטען פון פאָלק. אזוי איז ענדליך בעשטעטיגט און איינ־געפיהרט געוואָרען די רעפּובליקאנישע רעגירונגס־פאָרמע.

אָבער דיזע פערפאססונג האָט נאָך געהאט אויסצושטעהן שווערע קאמ־פען. איבערהויפּט איז געווען געגען דיזער רעפּובליקאנישער פערפאססונג די מאָנארכיש־קלעריקאלע פּארטיי. דיזע האָט דערגרייכט, דאָס אין דעם עליזעע (שלאָס פון פּרעזידענט) האָט זיך געעפענט א געהיימע נעבען־רעגירונג, אין וועלכער די הויפּט־פיהרער זיינען געווען: דער הערצאָג פון בראָליע, די מארשאלין און איהר ראטגעבער דער בישאָף דיופּאנלופּ פון אָר־לעאנס. מאק מאהאָן האָט בעהאנדעלט די פאָלקס־דעפּוטאטען מיט גרויס גאווה. אין מאי 1877 האָט ער געשלאָסען די דעפּוטאטען־קאמער „אום די אויפרעגונג זאָל זיך בערוהיגען". ווען די דעפּוטאטען האָבען זיך ווידער פערזאמעלט האָבען זיי פריהער פאר אלץ זיך געמוזט בעשעפטיגען מיט דעם

בודזשעט, וועהרענד די רעגירונג האָט זיך גענומען צו זאָרגען וועגען פרי-
דען. מען האָט פערפאָלגט און אָפּגעזאָגט אַלע רעפּובליקאַנישע בעאַמטע,
וועלכע זיינען געשטאַנען אין וועג דער מאָנארכיש־קלעריקאַלער פּאַרטיי.

דאָס פאָלק איז דעריבער געווען ביי די וואַהלען פון יאָהר 1877 שטאַרק
אויפגערעגט. די ליבעראַלען און די דעמאָקראַטען האָבען געמאַכט די גרעס-



מאַק מאַהאָן.

טע אָנשטרענגונג צו געווינען דאָס פאָלק אויף זייער זייט, און דאָס זעלבע
האָבען געטאָן די מאָנארכיש־קלעריקאַלע רעאַקציאָנערען. דער מאַרשאַל
מאַק מאַהאָן האָט געמאַכט רונד־רייזען איבער׳ן גאַנצען לאַנד און האָט גע-
האַלטען רעדעס אום צו געווינען דאָס פאָלק אויף זיין זייט. די בעאַמטע
מיט די קלעריקאַלען האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס אום צו געווינען פיר

איהם די מאסען. אָבער די וואהלען זיינען ניט אויסגעפאלען נאָך דעם וואונש פון די רעאקציאָנערען. די רעפובליקאנער האָבען ערהאלטען אין פארלאמענט 320 ערטער און זיינען געווען א גרויסע מאיאָריטעט געגען זייערע פיינד. באלד נאָך די וואהלען האָט אויסגעבראָכען א קאמף צווישען דעם פרעזידענט און דער קאמער. דער פרעזידענט איז געווען געצוואונגען צו ערוועהלען א נייעם מיניסטעריום און האָט געמוזט געבען א פערשפרעכען, דאָס ער וועט טאָן אלעם לויט עס פאָדערט די רעפובליקאנישע קאָנסטיטוציאָן. ווען ער האָט זיך איבערצייגט, דאָס ער וועט קיינמאָל ניט האָבען די מעהרהייט פון פארלאמענט אויף זיין זייט, האָט ער דעם 30טען יאַנואר 1879 רעזיגנירט פון זיין אמט אלס פרעזידענט.

דאַן איז ג ר ע ו ו י ערוועהלט געוואָרען אלס פרעזידענט. דיזער איז געווען א שטרענגער רעפובליקאנער און בירגערליך געזאָנען. אונטער איהם איז ארויסגעגעבען געוואָרען אַן אמנעסטיע (בעגנאדיגונג) פיר די קאָמונע־קעמפער (1880). דערמיט האָט ער גוט געמאכט וואָס די פראנצויזישע געזעלשאפט האָט געזינדיגט געגען די העלדישע קעמפער פון די פראָלעטאריער. אָבער די אמנעסטיע האָט גערעטעט נאָר א קליינעם טייל פון די פערפאָלגטע. דער גרעסטער טייל פון דיזע קעמפער איז צושטאָרבען אין די געפענגניסען. אום צו צוברעכען דעם איינפלוס פון די קלעריקאלען, האָט גרעווי דורכגעפיהרט א געזעץ, דאָס די קלעריקאלען האָבען מעהר ניט קיין רעכט צו געבין אקאדעמישע טיטלען צו די, וואָס ענדיגען די אוניווערזיטעטען, ווי עס איז געווען ביז איהם. דיזעס רעכט איז איבערגעגעבען געוואָרען צום שטאאט. הגם דער סענאט האָט דאָס געזעץ ניט אָנגענומען, האָט די רעגירונג געפונען אַן אנדערען מיטעל ווי פטור צו ווערען פון דעם איינפלוס פון די קלעריקאלען ביי דער בעשטימונג פון טיטלען פיר די, וואָס ענדיגען הויכע בילדונגס־אנשטאלטען. זי האָט אויף׳ן גרונד פון אַן אלטען געזעץ אין גאנצען געשלאָסען די יעזואיטען־אָרדענס, און די מיטגלידער פון דיזע אָרדענס האָט זי ארויסגעשיקט פון לאנד.

אין דיזער צייט האָט פראנקרייך געהאט אַן ערפאָלג אין דער אויסערליכער פאָליטיק דערמיט, וואָס זי האָט ערוואָרבען טוניס. א רויבערישער שטאַם האָט אָנגעהויבען צו בעפאלען די פראנצויזישע פראָווינץ אלזשיר און דאָס האָט געגעבען פראנקרייך אַן אורזאַך צו פערנעהמען טוניס, פון וואַנען דער רויבערישער שטאַם האָט געמאכט זיינע אָנפאלען. פראנצויזישע טרופען זיינען ארייננעדרונגען אין טוניס און האָבען געצוואונגען דעם בעי (הערשער) איבערגעבען צו פראנקרייך די פעסטונגען צוזאַמען מיט די פערוואל-

טונג פון זיין לאַנד. אָנפאַנגס האָבען די פראַנצויזען געהאַט פיעל צו קעמ־פען מיט די איינוואוינער פון טוניס. אָבער ענדליך איז דער בעזיץ פון פראַנקרייך געוואָרען זיכער, הגם אַנדערע מעכטען זיינען געווען געגען דעם. די עקספעדיציאָן געגען די אינזעל מאַדאַגאַסקאַר אין זיד־אָסט אַפריקאַ האָט געהאַט וועניגער ערפאָלג. ווייל די האָוואַס (די איינוואוינער פון די־זער אינזעל) האָבען אַ געזעץ, דאָס קיין פרעמדער קען דאָרט ניט האָבען קיין גרונד־אייגענטום. אויסער דעם איז פיר די פראַנצויזען געווען זעהר שווער איינצונעהמען די האָוואַס. איבערהויפּט איז זעהר שעדליך פיר די פראַנצויזען דער זומפּ־פיבער, וועלכער האָט צוגענומען פיעלע מענשען־לעבענס. און ווייל די פראַנצויזען האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט אריינ־צודרינגען אין דאָס אינערע פון לאַנד האָבען זיי ענדליך געמוזט שליסען



פּרעזידענט גרעווי.

אַ פרידען (1885), וועלכער האָט זיי געבראַכט כמעט ניט מעהר ווי דעם שיין פון אַ שוץ־הערשאַפט (פּראָטעקטאָראַט).

פראַנקרייך האָט אויך געשיקט אַן עקספעדיציאָן נאָך טאָנג־קינג (אינדאָ־כינאַ), ווייל כינעזישע רויבער האָבען בעלעסטיגט דעם פראַנצויזי־שען האַנדעל. דער קייזער פון אַננאַם האָט גערופען כינעזישע טרופּען צו העלפען איהם געגען די פראַנצויזען. אין 1883 האָבען די פראַנצויזען גע־צוואונגען דעם קייזער פון אַננאַם, אַז ער זאָל זיי אָפּגעבען קאָשין־כינאַ, די ערהייבונג פון שטייערן און צאָלען אין טאָנג־קינג און איבערהויפּט די גאַנצע פערוואַלטונג. דער קייזער פון אַננאַם האָט אַנערקענט דעם פּראָטעק־טאָראַט פון פראַנקרייך. אָבער דער קריג מיט די כינעזישע זעע־רויבער

איז געווען זעהר שווער. די פראַנצויזען האָבען אפילו פערכאַפּט די אינ-זעל פאָרמאָזא, אָבער זיי האָבען אויך געליטען נידערלאַגעס פון די זעע-רויבער. די פראַנצויזען האָבען אימער מעהר און מעהר געפאָדערט פרישע טרופּען און געלט. אין יאָהר 1885 איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען פריעדען. פראַנקרייך האָט בעקומען טאָנגקינג; אָבער זיי זיינען דאָרט ניט געווען זיכער. עס זיינען דאָרט אימער פאָרגעקומען אונרוהען און די קאַמ-פען האָבען ניט אויפגעהערט.

אין יענער צייט האָט גאַנץ פראַנקרייך געשטורמט מיט סקאַנדאַלען פון קאָררופּציאָן אין די הויכע פּאָליטישע קרייזען. מעהר פון אַלעס האָבען



פּרעזידענט קאַרנאָ.

אויפגערעגט דאָס פאָלק די ווילסאָן-סקאַנדאַלען. דער דעפּו-טאַט ווילסאָן איז געווען דעם פּרעזידענט גרעווי'ס אַן איידים. ער האָט אויסגענוצט זיין פערוואַנדטשאַפט מיט'ן פּרעזידענט צו מאַכען געלט דורך פערשאַפען אָרדענס, גוטע שטעלעס און מיליטער-פּאָדראַדען. מעהר פון אַלעס האָט אויפגערעגט געגען איהם די עפענטליכע מיינונג דאָס וואָס ער האָט פערשטיקט איינינע וויכטיגע בריף פון די אונטערזוכונגס-אַקטען. דאָס פאָלק איז געוואָרען העכסט אויפגעבראַכט אויף דעם פּרעזידענט, וואָס ער האָט דערלאָזען, אז עס זאָלען פאָרקומען אזעלכע געמיינהייטען, און

דער פרעזידענט איז געווען געצוואונגען צו רעזיגנירען. דאַן איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פרעזידענט ס אַ ד י ק אַ ר נ אָ (1877), דער עניקעל פון דעם בעריהמטען גענעראַל קאַרנאָט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן. אַ גרויסע אויפרעגונג און שטורם האָט אָנגעמאַכט אין פראַנקרייך אין יענער צייט דער פאַנאַמאַ־סקאַנדאַל, וועלכער האָט געצייגט קלאָר, ווי ווייט די פאָליטישע קרייזען זיינען פערדאָרבען. זאָגאר דער וועלט־בעריהמטער אינזשעניער ל ע ס ס ע פ ס, וואָס האָט געבויט דעם בעוואוסטען סועץ־קאַנאַל, האָט רואינירט זעהר פיעלע פאַמיליעס, וועלכע האָבען דורך דעם פאַנאַמאַ־שווינדעל פערלאָרען זייער אָפּגעשפּאָרטעס געלט.



**פרעזידענט פאָר.**

אין 1894 איז פרעזידענט קאַרנאָט ערמאָרדעט געוואָרען אין ליאָן פון אַן אַנאַרכיסט. נאָך איהם איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פרעזידענט ק אַ ז י מ י ר פ ע ר י ע ר. אָבער דיזער האָט אין איינינע מאָנאַטען ארום רעזיגנירט פון זיין אַמט און גענעראַל פ אָ ר איז געוואָרען פרעזידענט. אונטער פאָר איז פראַנקרייך אין פּאָליטישע פראַגען אָפט געגאַנגען צוזאַמען מיט דייטשלאַנד; אָבער דאָך איז אין גאַנצען די שטימונג פון פראַנקרייך געגען דייטשלאַנד געווען אַ פיינדליכע און איבערגערייצטע. דער נאַציאָנאַלער פאַנאַטיזם איז זעהר שטאַרק, אַפילו סאָציאַליסטען קענען זיך פון איהם ניט בעפרייען.

# די ארבייטער-בעוועגונג פון די לעצטע צעהנדליגער יאהרען.

אונזער צייט ווערט בעטראכט אלס צייט פון קלאסען-קאמף. אין גרונד זיינען קלאסען-קאמפען פארגעקומען אין אלע צייטען. פערשיידענע קלאסען האבען געשטריטען און געקעמפט איינע מיט דער אנדערער. די בלעטער פון דער געשיכטע זיינען פול מיט בלוטיגע בירגער-קריגען, מיט בויערן-רעוואלוציאנען און ארבייטער-אויפשטאנדען. איין קלאס ווארפט אונטער די אנדערע, בערויבט די אנדערע. אייביג קומען און געהען נייע שיכטען. אבער קיינמאל איז דער קלאסען-קאמף ניט געווען אזוי שארף און אזוי ביטער ווי אין היינטיגער צייט. די גאנצע געזעלשאפט איז יעצט צושפאלטען אין צוויי לאגערן, וועלכע זיינען איינער דעם אנדערען בלוטיגע פיינד. דיזע צוויי לאגערן זיינען די קאפיטאליסטען און די פראלעטאריער. די סאציאלע פראגע בעהערשט אין היינטיגער צייט די גאנצע וועלט. זאגאר די שטרענג-קאנסערוואטיווע שטאאטסמענער גיבען יעצט צו, דאס היינט איז דאס שטודיום פון דער ארבייטער-פראגע די וויכטיגסטע אויפגאבע. דיזען אומשטאנד האבען די פראלעטאריער צו פערדאנקען זיך זעלבסט. נאר ווייל זיי האבען זיך ארגאניזירט, ווייל זיי האבען געגעבען די הענט איבער די נאציאנאלע גרענצען, זיינען זיי געווארען מעכטיגע באטאליאנען, פאר וועלכע די וועלט האט אנגעהויבען מורא האבען. ארמעען ווערען פערמעהרט און געזעצען ווערען געמאכט צו רעטען זיך פון זיי. זיי בילדען די איינציגע ענטשלאסענע און ציל-בעוואוסטע פארטיי, וועהרענד די בורזשואזיע, די בירגערליכע געזעלשאפט, דורך איהרע געגענגעזעצטע אינטערעסען איז צוטיילט און צושפאלטען און קען זיך ניט פעראייניגען צו איין ציל.

אין די פערציגער יאהרען זיינען אריינגעבראכט געווארען אין דייטשלאנד סאציאליסטישע און קאמוניסטישע אידעען פון פראנקרייך און דער שווייץ. די פערברייטער פון דיזע אידעען זיינען געוועזן איבערהויפט האנטווערקער, אבער עס האבען זיך צווישען זיי אויך געפונען פיעלע אקאדעמי-

קער. וועגען דעם קאמוניזם פון דיזע לייט זאגט קארל מארקס שארף, אבער זעהר ריכטיג:

„די סאציאליסטישע און קאמוניסטישע ליטעראטור אין פראנקרייך, וועלכע האט זיך ענטוויקעלט אונטער דעם דרוק פון דער הערשענדער בור-זשואזיע און איז דער ליטעראַרישער אויסדרוק פון דעם קאמף געגען דיזער הערשאפט, איז אריינגעפיהרט געווארען אין דייטשלאנד אין א צייט, ווען די בורזשואזיע איז ארויס אין קאמף געגען דעם פעאדאלען אבסאלוטיזם.

„דייטשע פילאזאפען, האלב־פילאזאפען און שענע גייסטער האבען זיך געגעבען די מיה צו ווערען בעקאנט מיט דיזער ליטעראטור, אבער זיי הא-



קארל מארקס.

בען פערגעסען, דאס מיט דער איינוואנדערונג פון יענע שריפטען פון פראנק-רייך האבען גלייכצייטיג ניט איינגעוואנדערט נאך דייטשלאנד די פראנ-צויזישע פערהעלטניסען. ביי די דייטשע פערהעלטניסען האט די פראנצוי-זישע ליטעראטור פערלארען יעדע דירעקטע פראקטישע בעדייטונג און האט אנגענומען א ריין ליטעראַרישען פנים...

„די ארבייט פון די דייטשע ליטעראטען איז בעשטאנען בלויז דעריין, צו ברייגגען די נייע אידעען אין הארמאניע מיט זייערע אלטע פילאזאפישע אנשויאונגען, אדער ריכטיגער, אנצואייגנען זיך די פראנצויזישע אידעען פון זייער פילאזאפישען שטאנדפונקט.

„דיזע אָנאייגנונג איז געשעהען אויף דער זעלביגער אַרט, ווי מען איי-
גענט זיך אָן אַ פרעמדע שפּראַך דורך איבערזעצונג.

„עס איז בעקאַנט, ווי די מאָנאַכען האָבען איבערגעשריבען מאַנוסקריפּ-
טען פון קלאַסישע ווערק פון דער אַלטער היידנישער צייט מיט נארישע קאַ-
טאָלישע געשיכטען פון הייליגע. די דייטשע ליטעראַטען האָבען מיט דער
פראַנצויזישער וועלטליכער ליטעראַטור געהאַנדעלט פערקעהרט. זיי האָ-
בען געשריבען זייער פילאָזאָפישען אונזין הינטער דעם פראַנצויזישען אָרי-
גינאַל. צום ביישפּיל, הינטער דער פראַנצויזישער קריטיק פון געלט־פער-
העלטניסען האָבען זיי געשריבען „ענטאויסערונג (פערקויפונג) דעם מענש-
ליכען וועזענס", הינטער דער פראַנצויזישער קריטיק פון דעם בורזשואַ־
שטאַאַט האָבען זיי געשריבען „אויפהעבונג (אָפּשאַפונג) דער הערשאַפט
דעם אבסטראַקט־אַלגעמיינען" או. אַז. וו.

„דיזע פילאָזאָפישע אויסדריקען, וועלכע זיי האָבען אונטערגערוקט אונ-
טער די פראַנצויזישע אָריגינאַלען, האָבען זיי געטויפט מיט די נעמען „פי-
לאָזאָפיע דער טהאַט", „וואַהרער סאָציאַליזמוס", „דייטשע וויססענשאַפט
דעם סאָציאַליזמוס", „פילאָזאָפישע בעגרינדונג דעם סאָציאַליזמוס" —
או. אַז. וו.

„די פראַנצויזישע סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע ליטעראַטור האָט אויף
אַזאַ אופן (אין דייטשלאַנד) פערלאָרען איהר קראַפט. און אַזוי ווי זי האָט
ביי דעם דייטש אויפגעהערט אויסצודריקען דעם קאַמף פון איין קלאַס געגען
די אַנדערע, האָט דער דייטש געדענקט, דאָס ער האָט בעזיגט די „פראַנצוי-
זישע איינזאַמקייט" און האָט פערטרעטען אָנשטאָט וואַהרע בעדערפניסען
די בעדערפניס פון וואַהרהייט, און אָנשטאָט די אינטערעסען פון די פּראָלע-
טאַריער, די אינטערעסען פון דעם מענשליכען וועזען, פון דעם מענשען אי-
בערהויפּט, וועלכער געהערט ניט צו קיין קלאַס, וועלכער געהערט איבער-
הויפּט ניט צו דער ווירקליכקייט, נאָר צו דעם לופט־הימעל פון דער פילאָ-
זאָפישער פאַנטאַזיע".

די הויפּט־פערטרעטער פון דיזען סאָרט סאָציאַליזם זיינען געוועזען דר.
קאַרל גרין און מאָזעס העסס.

אין דער רעוואָלוציאָן פון 1848 זיינען די אינטערעסען פון די פּראָלע-
טאַריער ארויסגעטרעטען מיט מעהר זעלבשטענדיגקייט. עס האָבען זיך
זאָגאַר געוויזען נייגונגען צו בילדען אַן אייגענע ארבייטער־פּאַרטיי. אין
בערלין האָט אַ שריפטזעצער באָרן געגרינדעט אַ פּאָליטישע ארבייטער-
אָרגאַניזאַציאָן און אין דער זעלבער צייט זיינען אַזעלכע אָרגאַניזאַציאָנען

געגרינדעט געוואָרען אויך אין אַנדערע שטעדט. דעם 23טען אויגוסט 1848 האָט שטאַטגעפונען אין בערלין אַן ארבייטער־קאָנגרעס, פון וועלכען דער פּאָרזיצענדער איז געווען דער סאָציאַליסטישער אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר נ ע ע ס פ אָ ן ע ז ע נ ב ע ק. אויף דיזען קאָנגרעס זיינען געווען דעלע־גאַטען פון 29 ארבייטער־פעראיינען. עס איז דאַמאָלס געשלאָסען געוואָרען א בונד צווישען אַלע ארבייטער־פעראיינען אונטער דעם נאָמען „ארבייטער פערברידערונג". עס איז דאַמאָלס אויך געגרינדעט געוואָרען אַן אָרגאַן פיר דיזען ארבייטער־פערבאַנד מיט דעם נאָמען „די פערברידערונג".

פיר די ארבייטער־פערברידערונג איז שטאַרק אַגיטירט געוואָרען אין דייטשלאַנד. דער רעזולטאַט פון דער אַגיטאַציאָן איז געווען, דאָס אויף דעם ארבייטער־קאָנגרעס, וואָס האָט שטאַטגעפונען אין פעברואַר 1850 אין לייפּציג, זיינען געווען פערטרעטען 250 פעראיינען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען פעראיינען, וואָס האָבען געצעהלט איבער 1,000 מיט־גלידער. די רעגירונג האָט גוט פערשטאַנען די געפאַהר, וואָס איהר שטעהט פאָר פון דיזע פעראיינען, און האָט זיי אין דעם זעלבען יאָהר אָנגעהויבען צו אונטערדריקען איינעם נאָך דעם אַנדערען און האָט זיי אויך פערוועהרט ארויסצוגעבען זייער אָרגאַן. דעם 13טען יולי 1854 האָט דער דייטשער בונדעסטאַג געפאַסט א בעשלוס, לויט וועלכען די איינצעלנע שטאַאַטען זיינען געוואָרען פערפּליכטעט צו פערוועהרען אַלע ארבייטער־פעראיינען מיט סאָ־ציאַליסטישע אָדער קאָמוניסטישע צוועקען און צושליסען זיי אין צייט פון צוויי מאָנאַטען. דערמיט זיינען דערשטיקט געוואָרען אַלע ארבייטער־פער־איינען אין גאַנץ דייטשלאַנד.

נאָך דער רעאַקציאָן, וועלכע איז געקומען אין דייטשלאַנד נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 1848—1849, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווידער אויפ־געהויבען דעם קאָפּ. דאַפיר האָט זי געהאַט צו פערדאַנקען פ ע ר ד י נ א נ ד ל א ס ס א ל ל. ער האָט איינגענטליך געשאַפען אין זיין סיסטעם זעהר ווע־ניג נייעס. ער איז איבערהויפּט געווען א שילער פון ק א ר ל מ א ר ק ס, וועלכער איז געשטאַנען, נאָך דער רעוואָלוציאָן פון פעברואַר, אָן דער שפּיץ פון דער דייטשער ארבייטער־בעוועגונג צוזאַמען מיט זיינע פריינד ע נ־ג ע ל ס און וו א ל ף. מיר וועלען זיך דעריבער פריהער בעשעפטיגען מיט קאַרל מאַרקס.

אין געגענזאַץ צו די פריהערדיגע סאָציאַליסטען איז קאַרל מאַרקס ארויסגעגאַנגען פון דעם פּרינציפּ, דאָס די סאָציאַליסטישע לעהרע דאַרף זיין געגרינדעט אויף דער וויסענשאַפטליכער בעטראַכטונג פון דעם עקאָנאָ־

מישען געביי פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט, דאָס עס האַנדעלט זיך ניט וועגען דורכפיהרען אַ פאַנטאַזיע, נאָר וועגען אַ רעוואָלוציאָן פון דער געזעלשאַפט דורך די פערענדערונג פון דער פּראָדוקציאָן. דיזע אַנזיכט איז ערנסט פערהאַנדעלט געוואָרען אין דעם „קאָמוניסטען־בונד“, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין פּאַריז אין יאָהר 1836, און איז נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע אָנגענומען געוואָרען. אין דעם אויפטראַג פון דיזען בונד האָט קאַרל מאַרקס מיט ענגעלס געשריבען דעם בעריהמטען „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“.

דיזער מאַניפעסט איז שטאַרק פערברייטעט געוואָרען צווישען די אַרבייטער. ער איז געוואָרען איבערזעצט כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען און איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אַ בראָשורע אין אַן אונגעהייערע צאָהל עקזעמפּלאַרען. דיזע בראָשורע האָט געהאַט אַן אונגעהייער גרויסען איינפלוס אויף די אַנשויאונגען פון די אַרבייטער און די ענטוויקלונג פון דער בעוועגונג. קיין אַנדער שריפט האָט ניט געמאַכט אַזאַ רושם ווי דיזע. יעדע צייטונג, יעדע רעדע, וואָס איז געהאַלטען געוואָרען אין יענער צייט, האָט זיך בענוצט מיט דעם אינהאַלט פון דיזען מאַניפעסט. פיעלע פון זיינע אויסדריקען און געדאַנקען זיינען געוואָרען גאַנגבאַרע מטבעות. דער מאַניפעסט מוז בעצייכענט ווערען אַלס די קלאַסישע שריפט פון סאָציאַליזם. זאָגאַר ווען עס איז אַרויס מאַרקס׳עס ווערק „קאַפּיטאַל“, וועלכעס האָט אָנגעמאַכט אַ רושם אין דער וועלט, איז דער ווערט פון מאַניפעסט און זיין וויכטיגקייט ניט געוואָרען קלענער און שוואַכער.

אויך פון ריין טהעאָרעטישען שטאַנדפּונקט איז דער מאַניפעסט זעהר אינטערעסאַנט. אָן דער שפּיץ פון דיזער בראָשורע שטעהט דער זאַץ, דאָס די געשיכטע פון אַלע געזעלשאַפטען ביז יעצט איז ניט מעהר און ניט וועניגער ווי די געשיכטע פון קלאַסען־קאַמף. ווייטער לעזען מיר אין מאַניפעסט פאָלגענדעס:

„דער פרייער און דער שקלאַף, דער אַריסטאָקראַט און דער פּראָסטער מענש, דער באַראָן און דער לייבאייגענער, דער מייסטער און דער מייסטער־יונג, קורץ אונטערדריקער און אונטערדריקטע זיינען אימער געווען געגנער איינער צום אַנדערען, האָבען אימער געפיהרט אַ פערשטעלטען אָדער אָפּענעם קאַמף איינער מיט דעם אַנדערען, אַ קאַמף, וועלכער האָט זיך יעדען מאָל געענדיגט מיט אַן איבערקעהרעניס אין דער גאַנצער געזעלשאַפט, אָדער מיט דער געמיינזאַמער פערניכטונג פון די קעמפענדע קלאַסען.

„אין די פריהערדיגע צייטען פון דער געשיכטע געפינען מיר כמעט אי־בעראַל, דאָס די געזעלשאַפט איז געווען איינגעטיילט אין פערשיידענע שטאַנ־דען און אין פיעלפאַכע שטופען. אין אַלטען רוים האָבען מיר געהאַט: פאַטריציער, פּלעבעיער, ריטער, שקלאַפען; אין מיטעלאַלטער: פעאָדאַל־הערען, וואסאַלען, מייסטער, געזעלען, לייבאייגענע און דערצו נאָך כמעט אין יעדער פון דיזע קלאַסען ווידער בעזונדערע שטופען (מדרגות).

„די מאָדערנע געזעלשאַפט, וועלכע איז ארויסגעקומען פון דער פעאָ־דאַלער, האָט אויך ניט אויפגעגעבען דעם קלאַסען־קאַמף. זי האָט נאָר אָנ־גענומען אָנשטאָט די אַלטע נייע קלאַסען, נייע בעדינגונגען פון אונטערדרי־קונג, נייע פאָרמעס פון קאַמף.

„אָבער אונזער עפּאָכע, די עפּאָכע פון דער בורזשואזיע, צייכענט זיך אוים דערמיט, וואָס זי האָט געמאַכט די געגענזאַצען פון די קלאַסען איינ־פאַכער. די גאַנצע געזעלשאַפט שפּאַלט זיך יעצט נאָר אין צוויי גרויסע פיינדליכע לאַגערן, אין צוויי גרויסע קלאַסען, וועלכע שטעהען דירעקט איי־נע געגען דער אַנדערער: אין בורזשואזיע און פּראָלעטאַריאַט.

„פון די לייבאייגענע פון מיטעלאַלטער זיינען ארויסגעגאַנגען די פאָר־שטעדטישע בירגער פון די ערסטע שטעדט; פון דיזער פאָרשטעדטישער בירגערשאַפט האָבען זיך ענטוויקעלט די ערסטע עלעמענטען פון דער בור־זשואזיע.

„די ענטדעקונג פון אַמעריקא, די אומשיפונג ארום אַפריקא האָבען גע־שאַפען פיר די אויפקומענדע בורזשואזיע אַ נייעם געביט. דער אָסט־אינ־דישער און כינעזישער מאַרק, די קאָלאָניזירונג פון אַמעריקא, דער אויסטויש מיט די קאָלאָניעס, די פערמעהרונג פון די טויש־מיטלען און די סחורות איבערהויפּט, האָבען געגעבען דעם האַנדעל, דעם שיפען־פערקעהר, דער אינ־דוסטריע אַן אונגעהייערען שטויס און דערמיט אַ ראַשע ענטוויקלונג דעם רעוואָלוציאָנערען עלעמענט אין דער צופאַלענער פעאָדאַלער געזעלשאַפט.

„די ביזהעריגע פעאָדאַלע אָדער צעך־מעסיגע פּראָדוקציאָן איז מעהר ניט געווען גענוג פיר דעם בעדאַרף, וועלכער איז געוואַקסען מיט די נייע מערק. אויף איהר אָרט איז געקומען די מאַנופאַקטור. די צעך־מייסטערס זיינען אַרויסגעשטופּט געוואָרען דורך דעם אינדוסטריעלען מיטעל־שטאַנד; די טיילונג פון דער ארבייט צווישען די פערשיידענע קאָרפּאָראַציאָנען איז פערשוואונדען, עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די טיילונג פון ארבייט אין יעדער איינצעלנער ווערקשטאַט.

„אָבער די מערק זיינען געוואקסען מעהר און מעהר און מיט זיי איז געוואקסען דער בעדארף. אויך די מאַנופאַקטור האָט ניט געקענט צופרידען שטעלען די פאָדערונגען. דאַן האָבען דער דאַמף און די מאַשינעריע איינגע-מאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרעניס אין דער פּראָדוקציאָן. אָנשטאָט דער מאַ-נופאַקטור איז געקומען די מאָדערנע גרויסע אינדוסטריע, אָנשטאָט דעם אינדוסטריעלען מיטעל-שטאַנד זיינען געקומען די אינדוסטריעלע מיליאָ-נערען, וועלכע זיינען די פיהרער פון גאַנצע אינדוסטריעלע אַרמעען, די מאָ-דערנע בורזשואַס.

„די גרויסע אינדוסטריע האָט געשאַפען דעם וועלט-מאַרק, וועלכען די ענטדעקונג פון אַמעריקאַ האָט פאַרבערייטעט. דער וועלט-מאַרק האָט אונ-געהייער ענטוויקעלט דעם האַנדעל, די שיפפאַהרט און דעם פערקעהר אויף'ן לאַנד. דאָס האָט ווידער זעהר שטאַרק פערברייטעט די אינדוסטריע. און וואָס מעהר עס האָבען זיך פערברייטעט דער האַנדעל, אינדוסטריע, שיפ-פאַהרט און אייזענבאַהנען, אַלץ מעהר האָט זיך ענטוויקעלט די בורזשואַזיע, וועלכע האָט פערמעהרט איהרע קאַפּיטאַלען און האָט אַרויסגעשטופּט אין הינטערגרונד אַלע קלאַסען, וואָס זיינען פערבליבען פון מיטעלאַלטער.

„מיר זעהען אַלזאָ, דאָס די מאָדערנע בורזשואַזיע זעלבסט איז אַ פּראָ-דוקט פון אַ לאַנגען ענטוויקלונגס-פּראָצעס, פון אַ לאַנגער רייהע פון איבער-קעהרעניסען אין דער אַרט און ווייזע פון פּראָדוקציאָן און האַנדעל.

„יעדע פון דיזע ענטוויקלונגס-שטופען פון דער בורזשואַזיע איז געווען בעגלייטעט מיט אַ פּאָליטישען פאָרטשריט. אַן אונטערדריקטע קלאַס אונ-טער די פעאָדאַל-העררען, אַ בעוואַפענטע און זעלבסט-פערוואַלטענדע גע-זעלשאַפט אין דער שטאָדט, אַ זעלבשטענדיגע שטאָדט-רעפּובליק, אַ דריטער שטאַנד אין דער מאָנאַרכיע מיט שטייער-פליכט, אַ געגענגעוויכט געגען אדעל און דער מאָנאַרכיע אין דער צייט פון מאַנופאַקטור, אַ הויפּט-גרונדלאַגע פון דער מאָנאַרכיע איבערהויפּט, — ערקעמפט זי זיך ענדליך זינט דער ענטשטעהונג פון דער גרויסער אינדוסטריע און פון וועלט-מאַרק די גאַנצע פּאָליטישע הערשאַפט אין דעם רעפּרעזענטאַטיוו-שטאַאַט. די מאָדערנע שטאַאַטס-מאַכט איז נאָר אַ קאָמיסיאָן, וואָס פערוואַלטעט די געשעפטען פון דער גאַנצער בורזשואַזיע.

„די בורזשואַזיע האָט געשפּילט אין דער געשיכטע אַ העכסט רעוואָלו-ציאָנערע ראָלע. וואו און ווען די בורזשואַזיע איז געקומען צו הערשאַפט האָט זי צושטערט אַלע אַלטע פערהעלטניסען: די פעאָדאַלישע, פּאַטריאַר-כאַלישע און דאָרפישע. זי האָט צוריסען די פעאָדאַלע באַנדען, וועלכע האָ-

בען געבונדען דעם מענשען צו זיין נאַטירליכען אויבער־האַר, זיי האָבען אונ־באַרמהערציג צוריסען און ניט איבערגעלאָזען קיין אַנדער באַנד צווישען מענש און מענש ווי נאַקעטע אינטערעסע און געפיהללאָזע „באַרע צאַהלונג" (מזומנים). זי האָט דערטרונקען די הייליגע עהרפורכט פון פרומע שווער־מעריי, פון ריטערליכער בעגייסטערונג, פון דעם וועהמוט פון אַלטעגליכען מענשען אין דעם אייז־קאַלטען וואסער פון עגאָאיסטישער בערעכנונג. זי האָט די פּערזענליכע ווירדע פערביטען אויף טויש־ווערט און אַנשטאָט די פיעלע ערוואָרבענע פרייהייטען האָט זי געזעצט בלויז די געוויסענלאָזע האַנדעלס־פרייהייט.

„די בורזשואזיע האָט אַלע עהרווירדיגע טעטיגקייטען, וועלכע זיינען ביז אַהער בעטראַכט געוואָרען מיט פרומען רעספּעקט, בערויבט פון זייער קדושה. זי האָט דעם אַרצט, דעם יוריסט, דעם גייסטליכען, דעם פּאָעט, דעם מאַן פון וויסענשאַפט פערוואַנדעלט אין איהרע בעצאָהלטע לוין־אַר־בייטער.

„די בורזשואזיע האָט דעם פיינעם סענטימענטאַלען שלייער פון פאַ־מיליען־פערהעלטניס אַרונטערגעריסען און האָט עס געשטעלט אויף אַ געלט־פונדאַמענט.

„די בורזשואזיע האָט איינגעזעהען, דאָס די ברוטאַלע קראַפט, וועלכע די רעאַקציאָן בעוואונדערט אַזוי אין דעם מיטעלאַלטער, איז געווען די גרעסטע בוילקייט. ערסט זי האָט בעוויזען, וואָס די טעטיגקייט פון מענשען קען צו שטאַנד ברייגגען. זי האָט געשאַפען גאַנץ אַנדערע ווערק ווי עגיפּ־טישע פּיראַמידען, רוימישע וואסער־לייטונגען און גאָטהישע קאַטעדראַלען, זי האָט אויסגעפיהרט גאַנץ אַנדערע צוגען, ווי די פעלקער־וואַנדערונגען און קרייץ־צוגען.

„די בורזשואזיע קען ניט עקסיסטירען, ווען זי זאָל אימער ניט ענדערן די פּראָדוקציאָנס־אינסטרומענטען. אונפערענדערטע פּראָדוקציאָנס־אַרט איז געווען די ערסטע עקסיסטענץ־בעדינגונג פון אַלע פריהערדיגע אינדוסט־ריעלע קלאַסען. די שטענדיגע ענדערונגען אין דער פּראָדוקציאָן, די ערשי־טערונג פון די געזעלשאַפטליכע צושטענדען, די אייביגע אונזיכערהייט און בעוועגונג צייכענט אויס די בורזשואַ־עפּאָכע פון אַלע אַנדערע עפּאָכען. אַלע פעסטע, פערראָסטעטע פערהעלטניסען מיט זייערע אַלט־עהרווירדיגע פאָר־שטעלונגען און אַנשויאונגען ווערען אויפגעלעזט, אַלע ניי־געבילדעטע ווערען אַלט איידער זיי ווערען נאָך פערהאַרטעט. אַלעס, וואָס איז שטאַנדיש און שטעהענד, וועפט אויס, אַלעס וואָס איז הייליג ווערט פערשוועכט, און די

מענשען זיינען ענדליך געצוואונגען צו קוקען אויף זייער לעבען און זייערע געגענזייטיגע בעציהונגען מיט ניכטערע אויגען. די בעדערפנים פון א שטענדיג גרעסערען אָפּזאַץ פיר איהרע פּראָדוקטען יאָגט די בורזשואזיע איבער דער גאַנצער וועלט. איבעראַל מוז זי זיך מאַכען אַ נעסט, איבעראַל זיך עטאַבלירען, איבעראַל אָנקניפּען פערבינדונגען.

„די בורזשואזיע האָט דורך איהר עקספּלואַטירען דעם וועלט־מאַרק געמאַכט די פּראָדוקציאָן און דעם פערברויך פון אַלע לענדער קאָסמאָפּאָליטיש. זי האָט צום גרויסען בעדויערן פון די רעאַקציאָנערען צוגענומען ביי דער אינדוסטריע דעם נאַציאָנאַלען באָדען אונטער די פיס. די אוראַלטע נאַציאָנאַלע אינדוסטריען זיינען פערניכטעט געוואָרען און ווערען נאָך טעגליך פערניכטעט. זיי ווערען ארויסגעשטופּט דורך נייע אינדוסטריען, וועלכע זיינען אַ לעבענס־פראַגע פיר אַלע ציוויליזירטע נאַציאָנען, דורך אינדוסטריען, וועלכע פערארבייטען ניט מעהר קיין היימישע רויהע שטאָפען, נאָר אַזעלכע, וועלכע געהערען צו די וויטעסטע ערטער פון דער וועלט, און זייערע פאַבריקאַטען ווערען פערברויכט ניט נאָר אין לאַנד זעלבסט, נאָר אין אַלע וועלט־טיילען צוגלייך. אָנשטאָט די אַלטע בעדערפניסען, וואָס זיינען בעפרידיגט געוואָרען דורך די פּראָדוקטען פון לאַנד, קומען נייע, וועלכע פאָדערן צו זייער בעפרידיגונג די פּראָדוקטען פון די וויטעסטע לענדער און קלימאַטען. אָנשטאָט די אַלטע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע זעלבסט־גענוגזאַמקייט און אָפּגעשלאָסענקייט קומט אַן אַלזייטיגער פערקעהר, אַן אַלזייטיגע אָפּהענגיגקייט פון די נאַציאָנען איינע פון דער אַנדערער. און ווי אין דער מאַטעריעלער, אַזוי אויך אין דער גייסטיגער פּראָדוקציאָן. די גייסטיגע פּראָדוקטען פון איינצעלנע נאַציאָנען ווערען אַלגעמיין. די נאַציאָנאַלע איינזייטיגקייט און בעשרענקטהייט ווערט מעהר און מעהר אונמעגליך, און פון די פיעלע נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע ליטעראַטורען בילדעט זיך אַ וועלט־ליטעראַטור.

„דורך די ראַשע פערבעסערונג פון אַלע פּראָדוקציאָנס־אינסטרומענטען און דורך די אונענדליך־ערלייכטערטע קאָמוניקאַציאָנען שטויסט די בורזשואזיע אַלע נאַציאָנען, אפילו די באַרבאַרישסטע, אין ציוויליזאַציאָן. די וואָלוועלע פרייזען פון זייערע סחורות זיינען די שווערע אַרטילעריע, מיט וועלכע זי ברעכט דורך אַלע כינעזישע ווענט, מיט וועלכע זי צווינגט די פיינדליכסטע באַרבאַרען זיך אונטערצוגעבען. זי צווינגט אַלע נאַציאָנען אָנצונעהמען די פּראָדוקציאָנס־מעטאָדע פון דער בורזשואזיע, ווען זיי ווילען ניט געהן צו גרונד; זי צווינגט זיי איינצופיהרען ביי זיך די אַזוי־גע-

נאַנטע ציוויליזאַציאָן, ד. ה. צו ווערען בורזשואַס. מיט איין וואָרט, זי שאַפט זיך אַ וועלט נאָך איהר אייגענעם בילד.

„די בורזשואַזיע שאַפט אימער אַלץ מעהר און מעהר אָפּ די צושפּלי־טערונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פון דעם בעזיץ און פון דער בעפעל־קערונג. זי האָט די בעפעלקערונג צוזאַמענגעפּאַקט, די פּראָדוקציאָנס־מיט־לען צענטראַליזירט און דאָס אייגענטום קאָנצענטרירט אין ווייניגע הענט. דער נויטוועגדיגער רעזולטאַט דערפון איז געווען די פּאָליטישע צענטראַלי־זאַציאָן. אונאָפּהענגיגע, כמעט נאָר פערבינדעטע פּראָווינצען מיט פערשיי־דענע אינטערעסען, געזעצען, רעגירונגען און צאָל־גרענצען זיינען צוזאַמענ־געדרענגט געוואָרען אין איין נאַציאָן, איין רעגירונג, איין געזעץ, איין נאַ־ציאָנאַלען קלאַסען־אינטערעס, איין צאָל־גרענעץ.

„די בורזשואַזיע האָט אין די קאַרגע הונדערט יאָהר פון איהר קלאַסען־הערשאַפט געשאַפען מאַסענהאַפטע און ריזיגערע פּראָדוקציאָנס־קרעפטען ווי אַלע פערגאַנגענע דורות צוזאַמען. אונטעריאָכונג פון די נאַטור־קרעפ־טען, מאַשינעריע, די אַנוועגדונג פון כעמיע אויף אינדוסטריע און אַקערבוי, דאַמף־שיפען, אייזענבאַהנען, עלעקטרישע טעלעגראַפען, לאַנד־קולטיווירונג פון גאַנצע וועלט־טיילען, שיפבאַר־מאַכונג פון טייכען, בעפעלקערונגען גע־שאַפענע מיט איין מאָל — וועלכער פריהערדיגער יאָהרהונדערט האָט גאָר געַחלום׳ט, דאָס אַזעלכע פּראָדוקציאָנס־קרעפטען האָבען געשלומערט אין דער שויס פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט?

„מיר האָבען אַלזאָ געזעהען: די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און די פער־קעהרס־מיטלען, אויף וועלכע די בורזשואַזיע האָט זיך געבילדעט, זיינען געשאַפען געוואָרען אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. אויף אַ געוויסער שטופע פון דער ענטוויקלונג פון דיזע מיטלען זיינען די פערהעלטניסען, אין וועלכע די פעאָדאַלע געזעלשאַפט האָט פּראָדוצירט און אויסגעטוישט, די פעאָדאַלע אָרגאַניזאַציאָן פון אַגריקולטור און מאַנופאַקטור, מיט איין וואָרט, די פעאָדאַלע אייגענטומס־פעלהעלטניסען, דיזע זיינען מעהר ניט גע־ווען צוגעפּאַסט צו די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען. זיי האָבען געשטערט די פּראָדוקציאָן אָנשטאָט זי צו הייבען. זיי האָבען זיך פערוואַנדעלט אין קייטען. זיי האָבען געמוזט צוריסען ווערען, זיי זיינען צוריסען געוואָרען.

„אויף זייער אָרט איז געקומען די קאָנקורענץ מיט איהר צוגעפּאַסטער געזעלשאַפטליכער און פּאָליטישער קאָנסטיטוציאָן, מיט דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הערשאַפט פון דער בורזשואַ־קלאַס.

„די בורזשואַזיע האָט אונטערגעוואָרפען דאָס לאַנד אונטער דער הער-שאַפט פון דער שטאָדט; זי האָט געשאַפען אונגעהייער גרויסע שטעדט; זי האָט שטאַרק פערמעהרט די בעפעלקערונג פון די שטעדט אויף'ן חשבון פון די דערפער, און דערמיט האָט זי אַ גרויסען טייל פון דער בעפעלקערונג ארויסגעריסען פון דעם דומען לאַנד־לעבען. און אַזוי ווי זי האָט געמאַכט דעם דאָרף אָפּהענגיג פון שטאָדט, אַזוי האָט זי אויך די באַרבאַרישע לענ-דער געמאַכט אָפּהענגיג פון דער ציוויליזאַציע, די בויערן־פעלקער פון די בורזשואַזיע־פעלקער, די אָסטליכע לענדער פון די וועסטליכע.

„אין דער זעלבער מאָס ווי די בורזשואַזיע, ד. ה. דער קאַפּיטאַל, האָט זיך ענטוויקעלט, האָט זיך אויך ענטוויקעלט דער פּראָלעטאַריאַט, די קלאַס פון מאָדערנע אַרבייטער, וועלכע לעבען נאָר כ. זמן זיי האָבען אַרבייט און פערמעהרען דעם קאַפּיטאַל פון דער הורזשואַזיע. דיזע אַרבייטער, וועלכע מוזען זיך פערקויפען שטיק־ווייז, זיינען פיר די בורזשואַזיע אַ מין וואַארע, ווי יעדער אַנדערער האַנדעלס־אַרטיקעל, און דעריבער זיינען זיי אונטערוואָרפען אונטער קאָנקורענץ און אַנדערע ענדערונגען, וואָס רעגולי-רען דעם מאַרק.

„פון דער צייט אָן, וואָס די מאַשינעריע האָט זיך פערברייטערט און זינט עס איז אַריין אין געברויך די צוטיילונג פון אַרבייט, האָט די אַרבייט פערלאָרען איהר זעלבשטענדיגען כאַראַקטער און איהר גאַנצען רייץ פיר דעם אַרבייטער. דער אַרבייטער איז געוואָרען אַ טייל פון דער מאַשין, פון וועלכען עס ווערט נאָר פערלאַנגט די איינפאַכסטע און גרינגסטע גע-ניטקייט. די קאָסטען, וועלכע דער אַרבייטער פעראורזאַכט, בעשרענקען זיך כמעט נאָר אויף די לעבענסמיטלען, וועלכע ער האָט נעטיג פיר זיין אונטערהאַלט און פיר די פערמעהרונג פון זיין ראַסע (מין). דער פּרייז פון אַ וואַארע, אַלזאָ אויך פון אַרבייט, איז גלייך צו איהרע פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. אין דער זעלבער מאָס, ווי עס וואַקסט דער שלעכטער מצב פון דער אַרבייט, ווערט דער לוין קלענער. נאָך מעהר, אין דער זעלבער מאָס, ווי מאַשינעריע און טיילונג פון אַרבייט ווערען מעהר ענטוויקעלט, ווערט אויך פערמעהרט די אַרבייט, סיי דורך פערמעהרונג פון אַרבייט־שטונדען, סיי דורך די שנעלקייט פון דער מאַשין או. אז. וו.

„וואָס ווייניגער געניטקייט און קראַפט די האַנט־אַרבייט פאָדערט, ד. ה. וואָס מעהר די מאָדערנע אינדוסטריע ענטוויקעלט זיך, אַלץ מעהר ווערט די אַרבייט פון די מענער פערדרענגט דורך פרויען. די אונטערשיידען פון געשלעכט און אַלטער האָט ניט מעהר פיר די אַרבייטער קיין געזעלשאַפט-

ליכע גילטיגקייט. עס זיינען בלויז דאָ ארבייטס־אינסטרומענטען, וועלכע מאַכען פערשיידענע קאָסטען לויט אַלטער און געשלעכט. אָבער מיט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע ווערט דער פּראָלעטאַריאַט פערמעהרט, ער ווערט צוזאַמענגעדרענגט אין גרעסערע מאַסען, זיין קראַפט וואַקסט און ער פיהלט זי מעהר. די אינטערעסען, די קאָנדיציאָנען פון לעבען אין דעם פּראָלעטאַריאַט גלייכען זיך אימער מעהר אויס, ווייל די מאַשינעריע ווישט אימער מעהר און מעהר אָפּ די אונטערשיידען פון ארבייט און דריקט אַראָפּ דעם לוין כמעט איבעראַל אויף די זעלביגע נידריגע שטופע. די וואַק־סענדע קאָנקורענץ פון די בורזשואַס צווישען זיך און די האַנדעלס־קריזיסען, וועלכע קומען ארויס פון דיזער קאָנקורענץ, מאַכען דעם לוין פון די ארביי־טער אימער אונבעשטימטער; די ראַשע ענטוויקלונג און אונאויפהערליכע פערבעסערונג פון דער מאַשינעריע מאַכען זייער גאַנצע לאַגע אימער אונ־זיכערער. די צוזאַמענשטויסען צווישען דעם איינצעלנעם ארבייטער און דעם איינצעלנעם בורזשואַ נעהמען אָן אימער מעהר דעם כאַראַקטער פון צוזאַמענשטויסען צווישען קלאַסען. די ארבייטער הייבען אָן צו מאַכען קאָאַליציאָנען (פערבינדונגען) געגען די בורזשואַס; זיי טרעטען צוזאַמען צו זיכערן זייער ארבייטס־לוין. זיי גרינדען זאָגאַר דויערנדע פעראיינען אום צו פערזאָרגען זיך מיט פּראָוויאַנט פיר דיזע געלעגענטליכע קאַמפען. ערטערווייז ברעכט דער קאַמף אויס אין אויפשטאַנדען.

„די הויפּט־בעדינגונג פיר די עקסיסטענץ און פיר די הערשאַפט פון דער בורזשואַ־קלאַס איז די אָנזאַמלונג פון רייכטום אין די הענט פון פּרי־וואַט־לייט, די בילדונג און פערמעהרונג פון קאַפּיטאַל; די בעדינגונג פון קאַפּיטאַל איז די לוין־ארבייט. די לוין־ארבייט בערוהט בלויז אויף דער קאָנקורענץ פון די ארבייטער צווישען זיך. דער פאָרטשריט פון דער אינ־דוסטריע פיהרט די ארבייטער צו רעוואָלוציאָנערער פעראייניגונג אָנשטאָט צו האַלטען זיי בעזונדער. מיט דער ענטוויקלונג פון דער גרויסער אינ־דוסטריע ווערט אַלזאָ אונטער די פיס פון דער בורזשואַזיע צוגענומען די גרונדלאַגע, אויף וועלכער זי פּראָדוצירט און אייגענט זיך אָן די פּראָדוק־טען. זי פּראָדוצירט פאַר אַלע זאַכען איהרע אייגענע טויטען־גרעבער. איהר אונטערגאַנג און דער זיג פון פּראָלעטאַריאַט זיינען גלייך אונפער־מיידליך". •

דער ענדליכער ציל פון דער ארבייטער־רעוואָלוציאָן איז דער קאָמו־ניזם, און דער ערסטער שריט צו דיזער רעוואָלוציאָן איז צו בעקעמפען די דעמאָקראַטיע. „דער פּראָלעטאַריאַט וועט בענוצען זיין הערשאַפט בים־

לאַבוויִיז אוועקצונעהמען פון דער בורזשואַזיע דעם גאַנצען קאַפּיטאַל, צו צענטראַליזירען אַלע פּראָדוקציאָנס־אינסטרומענטען אין די הענט פון דעם שטאַאַט, ד. ה. פון דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט אַלס הערשענדע קלאַס, און צו פערמעהרען שנעל ווי מעגליך די מאַסע פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען.

„דיזעס קען נאַטירליך נאָר געשעהען דורך דעספּאָטישע אריינמישונג אין דאָס אייגענטומס־רעכט און אין די פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניסען. אזעלכע מאַסרעגלען ערשיינען עקאָנאָמיש ניט גענינענד און ניט בערעכטיגט, אָבער אין דעם לויף פון דער בעוועגונג געהען זיי זעהר ווייט און זיי זיינען אונפערמיידליך אין אַ רעוואָלוציאָן פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָנס־פאָרמע״.

אום דיזען צוועק צו דערגרייכען שלאָגט דער מאַניפעסט פאַר אונטער אַנדערע דיזע מיטלען. די רעגירונג זאָל אָפּנעהמען יעדעס גרונד־אייגענטום פון פּריוואַט־פּערזאָנען און זאָל עס פערדינגען צו יחידים; די רענטע (איינ־קונפט) זאָל בענוצט ווערען פיר שטאַאַטס־אויסגאַבען; די רעגירונג זאָל איינפיהרען שטאַרקע פּראָגרעסיוו־שטייערן, זאָל אָפּשאַפען דאָס רעכט פון ירושה (ווען עס בלייבט אייגענטום נאָך׳ן טויט פון אַ בירגער געהערט עס צום שטאַאַט); אַלעס וואָס ווערט טראַנספּאָרטירט נאָך אויסלאַנד זאָל צענטראַליזירט ווערען אין די הענט פון דעם שטאַאַט או. אז. וו. דער מאַ־ניפעסט ענדיגט זיך מיט פאָלגענדע ווערטער: „די קאָמוניסטען פער־אַכטען צו האַלטען בסוד זייערע אַנזיכטען און אַבזיכטען. זיי זאָגען אָפען, דאָס זייער ציל קען דערגרייכט ווערען נאָר דורך אַ גוואַלדזאַמען שטורץ פון אַלע יעצטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונגען. די הערשענדע קלאַסען מוזען ציטערן פאַר אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציאָן. די פּראָלעטאַריער האָבען גאָרניט צו פערלירען ביי אַזאַ רעוואָלוציאָן אויסער זייערע קייטען. דערפאַר קענען זיי געווינען אַ וועלט. פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פעראייניגט אייך!״

דאָס וואָס קאַרל מאַרקס און ענגעלס האָבען אין קורצען געזאָגט אין דעם מאַניפעסט, האָט מאַרקס אויספיהרליך און אויף וויסענשאַפטליכע גרינ־דען ערקלערט אין זיין בעריהמטען ווערק „קאַפּיטאַל״. דיזעס ווערק איז אָהן צווייפעל דאָס בעדייטענדסטע אין דער נייעסטער נאַציאָנאַל־עקאָ־נאָמיע. עס האָט געהאַט דעם ענטשיידענסטען איינפלוס אויף די טעאָריע פון סאָציאַליזם. דיזעס ווערק האָט ניט צו זיך קיין גלייכען אין דער שאַר־פער לאָגיק און דעם וואונדערבאַרען מאַטעריאַל. אָבער ליידער איז זיין

סטיל זעהר דונקעל. אלס תלמיד פון העגעל'ס שולע האט מארקס געטריי נאָכגעטאָן אַלע קאַפּריזען פון זיין לעהרער. זיינע קינסטליכע געגענזאַצען, זיינע געשראויפטע װענדונגען און זיין ליבע פיר אבסטראַקטען (מופשטים) מאַכען זיין װערק זעהר שװער. פיר ברייטערע קרייזען איז דעריבער דאָס װערק „קאַפּיטאַל" איינפאַך ניט געניסבאַר.

דאָס װערק „קאַפּיטאַל" איז ניט אַ סיסטעם פון נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע, עס איז הויפּטזעכליך אַ קריטיק אויף די בירגערליכע פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַריאַט. דער הויפּט־געגענשטאַנד אין דיזען װערק איז די טהעאָריע פון מעהר־װערט פון װאַארען. װי קען אַ קאַפּיטאַליסט פערגרעסערן זיין קאַפּיטאַל ניט בענוצענדיג זיך מיט װעלכער עס איז אַרבייט? דאָס איז די פראַגע, אַרום װעלכע ביי מאַרקס'ן דרעהט זיך אַלעס. עס קען זיך טרעפען, דאָס אַ קאַפּיטאַליסט פערגרעסערט זיין קאַפּיטאַל דורך דעם, װאָס ער קויפט אונטער דעם פּרייז און פערקויפט העכער פון פּרייז, אָבער אַזעלכע בעטריגערייען געלינגען זעהר זעלטען. די פראַגע איז, װי אַזוי זאָל אַ קאַפּיטאַליסט פערגרעסערן זיין קאַפּיטאַל, װען ער װעט ביים קויפען צאָהלען פיר די װאַארע דעם ריכטיגען פּרייז, װאָס זי איז װערט, און ביים פערקויפען זאָל ער נעהמען אויך ניט מעהר פיעל זי איז װערט און דערביי דאָך פערדינען. װאָס פיר אַ סאָרט װאַארע איז עס? דיזע אייגענטימליכע װאַארע איז די אַרבייטס־קראַפט.

דער װערט און דער פּרייז פון דער אַרבייטס־קראַפט װערט בעשטימט דורך די נעטיגע אַרבייטס־צייט, װאָס װערט פערברויכט עטװאָס צו פּראָדוצירען. ד. ה. די סומע פון לעבענסמיטלען, נאַהרונג, קליידונג, װאָהנונג או. אַז. װ., װאָס װערט פערברויכט דורך דעם אַרבייטער אין דער צייט, װאָס ער פּראָדוצירט װעלכע עס איז װאַארע. די אַרבייטס־קראַפט קען אָבער אַרויסגעבען מעהר אַרבייט װיפיעל זי קאָסט. דער װערט פון דער מעהר־אַרבייט איז דאָן דער מעהר־װערט פון דער סחורה.

דיזע טהעאָריע פון מעהר־װערט װערט בעטראַכט אַלס די הויפּט־שטיצע פון דעם װיסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. אָבער מען געפינט, דאָס דיזע טהעאָריע איז ניט קיין זיכערע. מייסטערהאַפט איז די געשיכטע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אַרט, װעלכע מאַרקס גיט, און זיינע ערקלערונגען איבער די טיילונג פון דער אַרבייט, איבער פאַבריקאַציאָן, מאַשינעריע און גרויס־אינדוסטריע זיינען די גלענצענדסטע קאַפּיטלען פון דעם גאַנצען װערק. דיזע קאַפּיטלען זיינען געװען דער אַרסענאַל, פון װעלכען פערדינאַנד לאַססאַלל האָט גענומען זיינע גייסטיגע װאַפען.

פ ע ר ד י נ א נ ד  ל אַ ס ס אַ ל ל (1825—1864) איז געווען אַ זשעניאַלער מענש מיט אַ מערקווירדיגער רעדנער־קראַפט. ער האָט געמאַכט זעהר פיעלע אַגיטאַציאָנס־רייזען, און איבעראַל האָט ער געהאַט גרויסע טריאומפען. אין יאָהר 1863 האָט ער געגרינדעט דעם אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער־פעראיין אין לייפּציג. דאָרט האָבען זיך פערזאַמעלט דעלעגאַטען פון 10 שטעדט. לאַססאַלל איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט פון דיזען פעראיין. דער צוועק פון דיזען פעראיין איז געווען — צו געווינען אויך אַ פרידליכען און געזעצליכען וועג אַלגעמיינעס וואהל־רעכט, אום די אַרבייטער זאָלען קענען ערוועהלען פון זיך דעפּוטאַטען צום פּאַרלאַמענט.

די פּרייסישע רעגירונג איז געווען גערן בערייט נאָכצוגעבען לאַססאַלל'ס פאָדערונגען וועגען „אַלגעמיינעס שטימרעכט" און „שטאַאַטסהילפע", איבערהויפּט איז ביסמאַרק געווען זעהר גינסטיג צו לאַססאַלל'ס סיסטעם. ביסמאַרק'ס רעגירונג האָט ערוואַרטעט פון די סאָציאַליסטישע שטרעבונגען פון די אַרבייטער אַ גרויסע שטיצע צום פּרייסישען יונקער־ און פּאָליצ״י־שטאַאַט. אויך האָט ביסמאַרק געוואָלט אויפהעצען די אַרבייטער געגען די בירגער אום צו האָבען די אויבערמאַכט איבערביידע שטרייטענדע פּאַרטייען.

לאַססאַלל איז שטאַרק אָנגעגריפען געוואָרען פון דער דייטשער פּרעס. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס עס האָבען זיך צו איהם אָנגעשלאָסען די פיהרער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער און רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי  ב ע ק ק ע ר,  מ אַ ר ק ס,  ע נ ג ע ל ס,  ל י ע ב ק נ ע כ ט  און פיעלע אַנדערע. זיי האָבען געהאָפט, דאָס זיי וועלען איהם אַראָפּפיהרען פון זיינע נאַציאָנאַלע און פּאַטריאָטישע אידעען. אָבער דער טויט האָט איהם פערכאַפּט איידער עס איז זיי געלונגען צו געווינען דיזען זשעניאַלען מאַן פיר זיך. ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1864 אין אַלטער פון 39 יאָהר. זיין אָנדענקען ביי די דייטשע און עסטרייכישע אַרבייטער וועט בלייבען אונפערגעסען.

נאָך דעם טויט פון לאַססאַלל האָבען אויסגעבראָכען אין דעם אַרבייטער־פעראיין גרויסע שטרייטיגקייטען; עס האָבען זיך אין איהם אַריינגעכאַפּט פערדאָרבענע מענשען אָהן געוויסען און אָהן טאַלאַנט. ענדליך איז דאָרט געוואָרען אַ מין דיקטאַטאָר  ש וו י י צ ע ר,  וועלכער איז נאָך דער מיינונג פון ליעבקנעכט געווען אפילו אַ גייסטיג־בעגאַבטער, אָבער מאָראַליש אַ פערדאָרבענער מענש. דיזער האָט אין פינף אַרטיקלען אויפגעפּאָ-

דערט פרייסען מיט די האָהענצאָללערן אָן דער שפּיץ צו נעהמען זיך איבער־אַ־ניים פיר די עראָבערונגס־פּאָליטיק פון פריעדריך דעם 2טען, און ווידער אויפשטעלען די דייטשע איינהייט מיט בלוט און אייזען. דיזע פריינד־שאַפט מיט דער פּאָליטיק פון ביסמאַרק'ן האָט געצוואונגען פיעלע, וואָס זיינען געווען סאָציאַליסטיש געזאָנען, אַרויסצוטרעטען פון פעראיין. און



פערדינאַנד לאַססאַלל.

באמת איז ביי דיזער פּאָליטיק גאָרניט געבליבען וואָס צו טאָן אין דיזען אַרבייטער־פערבאַנד.

אין הערבסט פון יאָהר 1864 איז געגרינדעט געוואָרען אין לאָנדאָן די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן. צו דיזער אַסאָסיאַציאָן זיינען

צוגעשטאַנען ליעבקנעכט און זיינע פריינד אום צו פעראייניגען אויף די דייטשע ארבייטער מיט דיזער געזעלשאַפט. דיזעס איז איהם ביז א גע-וויסען גראַד אויך געלונגען. עס איז געווען נעטיג צו בעזייטיגען שווייצער'ן און צו געווינען דעם אַלגעמיינעם ארבייטער־פעראיין.

אין יאָהר 1869 איז פאָרגעקומען אין בארמען א גענעראַל־פערזאמלונג פון דעם אַלגעמיינעם דייטשען ארבייטער־פעראיין. אהין איז געקומען ליעבקנעכט צוזאמען מיט בעבעל. דיזע צוויי האָבען אָנגעקלאָגט שווייצער'ן, דאָס ער זוכט סיסטעמאַטיש צו צושפּאַלטען דעם פעראיין, און דאָס ער ארבייט אין די אינטערעסען פון פּרייסישען יונקערטום. אָבער די אנקלאַגע האָט געפיהרט צו גאָרניט. שווייצער האָט בעקומען אויף זיין זייט א שוואַכע מאַיאָריטעט. דאַן האָבען די אָנהענגער פון דער אינטערנאַציאָ-נאַלער אַסאָסיאַציאָן געזוכט צו מאַכען א בעזונדער פּאַרטיי פון די דייטשע ארבייטער. עס איז בערופען געוואָרען אויף דעם 7טען אויגוסט 1869 אַן אַלגעמיינער קאָנגרעס פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען נאָך אייזענאַך. דער קאָנגרעס האָט ערפילט זיין צוועק אין א פולער מאָס. עס זיינען אויף דיזען קאָנגרעס געווען פערטרעטען 150,000 ארבייטער. כמעט 300 דעפּו-טירטע האָבען אָנגענומען די פּראָגראַם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָ-סיאַציאָן און האָבען געגרינדעט א פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט גע-שטרעבט צו שיצען די פּערזענליכע פרייהייט און צו פעראייניגען אַלע אר-בייטער־קרעפטען צו אַלגעמיינער טעטיגקייט. ווייל אָבער די דייטשע רע-גירונג האָט ניט ערלויבט די פעראייניגונג פון די דייטשע ארבייטער־פער-איינען מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער־אַסאָסיאַציאָן, איז אָנגענומען געוואָרען א בעשלוס, דאָס יעדער איינצעלנער ארבייטער זאָל ווערען א מיט-גליד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָסיאַציאָן.

די פּראָגראַם פון דעם אייזענאַכער קאָנגרעס האָט ענטהאַלטען פאָל-גענדע גרונדזעצען:

I. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבייטער־פּאַרטיי שטרעבט איינצו-ריכטען א פרייען פאָלק־שטאַאַט.

II. יעדער מיטגליד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער־פּאַרטיי פערפּליכטעט זיך צו העלפען מיט אַלע קרעפטען דורכצופיהרען פאָל-גענדע גרונדזעצען:

1. ווייל די יעצטיגע פּאָליטישע און סאָציאַלע צושטענדען זיינען זעהר אונגערעכטע מוז דער ארבייטער־פערבאַנד אָנווענדען אַלע קרעפטען זיי צו בעקעמפען.

2. דער קאַמף פיר די בעפרייאונג פון די אַרבייטער־קלאַסען איז ניט אַ קאַמף פיר פּריווילעגיעס, נאָר פיר גלייכע רעכטען און גלייכע פליכטען און פיר די אָפּשאַפונג פון יעדער קלאַסען־הערשאַפט.

3. דעם אַרבייטער'ס עקאָנאָמישע אָפּהענגיגקייט פון דעם קאַפּי־טאַליסט איז אַ מין שקלאַפעריי. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי שטרעבט דעריבער אָפּצושאַפען דעם יעצטיגען לוין־סיסטעם דורך איינ־אָרדנען געגאָסענשאַפטליכע אַרבייט, פון וועלכער יעדער אַרבייטער זאָל בעקומען דעם פולען ווערט.

4. פּאָליטישע פרייהייט איז די נעטיגע בעדינגונג פיר די עקאָנאָמישע בעפרייאונג פון דער אַרבייטער־קלאַס. די סאָציאַלע פראַגע איז ענג פער־



ווילהעלם ליעבקנעכט.

בונדען מיט דער פּאָליטישער, און די לעזונג פון דיזער פראַגע איז נאָר מעגליך אין אַ דעמאָקראַטישען שטאַאַט.

5. די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעפרייאונג פון די אַרבייטער קען זיין מעגליך נאָר דאַן, ווען זיי וועלען געמיינזאַם פיהרען דעם קאַמף. דעריבער מוז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־פּאַרטיי בילדען אַן איינהייטליכע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע עס גיט אָבער יעדען איינציגען די מעגליכקייט אויסצונוצען זיין איינפלוס פיר די טובה פון כלל.

6. די בעפרייאונג פון דער אַרבייט איז ניט אַ פראַגע פון איין אָרט, פון איין נאַציאָן, נאָר זי איז אַן אַלגעמיינע פיר אַלע לענדער, וואו עס איז דאָ אַ מאָדערנע געזעלשאַפט, און דעריבער ערקלערט זיך די סאָציאַל־דע־

מאָקראַט׳שע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד אַלס אַ צווייג פון דער אינטערנאַציאָ-נאַלער אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן, און שליסט זיך אָן צו אַלע איהרע בע-שטרעבונגען.

דער אָרגאַן פון דיזער פּאַרטיי איז געוואָרען דער „פאָלקסשטאַאַט”, דאָס פריהערדיגע „דעמאָקראַטישע וואָכענבלאַט”.

אין דער צייט פון דעם דייטש־פראַנצויזישען קריג האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי אַרויסגעלאָזען אַ מאַניפעסט, אין וועלכען זי האָט געפאָדערט פרידען מיט דער פראַנצויזישער רעפובליק. זי איז געווען געגען אָפּנעהמען עלזאַס־לאָטהרינגען פון פראַנקרייך און פעראייניגען עס מיט דייטשלאַנד. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פאָגעל פאָן פאַלקענשטיין האָט מיט דער ספּעציעלער מאַכט, וואָס איז איהם געגעבען געוואָרען אין דער צייט פון בעלאַגערונגס־צושטאַנד, געלאָזט אַרעסטירען די הויפּט־מיטגלידער פון דער קאָמיסיאָן, וואָס האָבען אַרויסגעלאָזען דיזען מאַניפעסט: בראַקקע, קיהן און זייערע גענאָסען. אויך ליעבקנעכט, בעבעל און העפּנער זיינען פערפאָלגט געוואָרען. די כוואַליעס פון נאַציאָנאַלען צאָרן האָבען זיי גע-וואַלט פערשלינגען. אין דער פאָררעדע צו זיין הויך־פעררעאַט־פּראָצעס האָט ליעבקנעכט געזאָגט: „מיר זיינען אין אייערע אויגען מאָראַליש ווילדע חיות, אויסוואורפען פון דער מענשהייט, פעהיג צו יעדען פערברעכען; אַ געגענ-שטאַנד פון אָפּשייליכקייט און עקעל. איינמאָל אין אָבענד, ווען איך בין געזעסען און געאַרבייט אין אַ שפּרעכצימער פון רייכסטאַג מיט דעם רוקען אומגעקעהרט צו דער טיר, זיינען אַריינגעקומען אייניגע דעפּוטאַטען, פון וועלכע איינער, ווי מען האָט געקענט פערשטעהן פון זיינע ווערטער, איז גראַדע געקומען פון קריגס־פּלאַץ, און האָבען אָנגעפאַנגען צו שמועסען אי-בער די מיליטערישע לאַגע. איך האָב מיך אומגעקעהרט אום ניט צו שפּי-לען די ראָלע פון אַן אונפּרייוויליגען צוהערער. איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען דעם בליק, מיט וועלכען די העררען קאָלעגען האָבען מיך אָנגע-קוקט; ער איז געווען פול מיט שרעק, און זיי זיינען באַלד אַרויסגעלאָפען. איין קאָנסערוואַטיווער אָפּגעאָרדענטער, וועמעס גאַרדעראָבע איז געווען נעבען מיינער, איך וויל איהם ניט אָנרופען מיט׳ן נאָמען — ער איז געווען אַ גראַף און ער איז היינט טויט — בעמערקענדיג, דאָס איך האָב גראַדע געטראָגען אַ ראָהרשטאָק מיט אַ בלייענעם קנאָפּ, האָט זיך באַלד פערשאַפט אַ „טויט־שלעגער” (אַ שטאָק צום שלאָגען), וועלכען ער האָט געהאַלטען ביז די זיצונגען פון רייכסטאַג האָבען זיך געשלאָסען.

„און וואָס פירווילדע סצענעס זיינען פאָרגעקומען אין רייכסטאַג, ווען מיר האָבען גענומען דאָס וואָרט! מעהר ווי איין מאָל האָט זיך געלאָזען הערען אין די הייליגע האַלען דער רוף פון די בערלינער גאַסען-יונגען: „האַקט איהם! האַקט איהם!" און ווי אָפט האָבען אונז דראָהענדע „קאָל-לעגען" ארומגערינגעלט; ווי אָפט האָט מען אונז געוויזען צוזאַמענגעלעגטע פויסטען. עס איז געווען אַ וואונדער, דאָס עס איז ניט געקומען צו געשלעג. די פראַנצויזישע קאַמער, איבער וועלכע אונזערע אַנשטענדיגע הערען פאַר-לאַמענטירער קרימען מיט'ן נאָז, האָט ניט אויפצואווייזען קיין ווידטערע סצענעס ווי די, וועלכע דער צווישעטער פּאַטריאָטיזם האָט געמאַכט אין דייטשען רייכסטאַג".

דעם 17טען סעפּטעמבער 1870 זיינען אַרעסטירט געוואָרען ליעב-קנעכט, בעבעל און העפּנער, און דעם 27טען סעפּטעמבער פון פאָלגענדען יאָהר (1871) איז די אַנקלאַגע געגען זיי בעשלאָסען געוואָרען. אָבער נאָך איידער מען האָט וועגען זיי פערהאַנדעלט זיינען די אַנדערע בעשולדיגטע, בראַקקע און נאָך גענאָסען, פּרייגעשפּראָכען געוואָרען. דיזע פרייגעשפּראָ-כענע האָבען פערקלאָגט דעם גענעראַל פאָגעל פאָן פאַלקענשטיין און האָבען געפאָדערט שאַדען-ערזאַץ. דאָס בראוינשווייגער געריכט האָט דעם גענעראַל ווירקליך פעראורטיילט, און דער גענעראַל האָט נעבאַך געמוזט צאָהלען די סומע, וואָס דאָס געריכט האָט צוגע'פּסק'ענט.

דעם 11טען מערץ 1872 האָט זיך אָנגעהויבען די פערהאַנדלונג געגען ליעבקנעכט, בעבעל און העפּנער וועגען הויך-פערראַט. דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען פאַר די לייפּציגער געשוואָרענע ריכטער (דזשורי). בעבעל און ליעבקנעכט זיינען פעראורטיילט געוואָרען צו זיין צוויי יאָהר איינגע-שלאָסען אין אַ פעסטונג און העפּנער איז פּרייגעשפּראָכען געוואָרען. דיזער בעריהמטער פּראָצעס, וועלכער האָט געדויערט 14 טעג, האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די פּראָפּאַגאַנדא פון סאָציאַליזם, וועלכער איז דאַמאָלס בעקאַנט געוואָרען דעם פאָלק אין זיין וואַהרער געשטאַלט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטען האָבען פיעל געוואונען ביים פאָלק פון דיזען פּראָצעס.

אין יאָהר 1874 זיינען ערוועהלט געוואָרען דריי דעפּוטאַטען פון דער פּאַרטיי לאַססאַללעאַנער (אָנהענגער פון לאַססאַלל). דאַן האָט זיך פער-איינינגט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער-אַסאָסיאַציאָן מיט דעם אַלגעמיי-נעם דייטשען אַרבייטער-פעראיין. נאָך די נעטיגע פערהאַנדלונגען זיינען אָנגענומען געוואָרען אַ פּראָגראַם און סטאַטוטען, און דער קאָנגרעס, וועל-

כער האָט שטאַטגעפונען אין גאָטהא פון 22טען ביז 27טען מאַי 1875, האָט ענדליך פעראייניגט די ביידע פיינדליכע ברידער.

ביסמאַרק האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר דער מאַכט פון די סאָציאַליסטישע אַרבייטער. ער האָט געזוכט אַ געלעגענהייט אום צו פער-ניכטען די פערהאַסטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. און דיזע געלע-גענהייט האָבען איהם געגעבען די אַטענטאַטען, אין וועלכע די סאָציאַליס-טען זיינען געווען אונשולדיג, אָבער אין וועלכע מען האָט זיי דאָך בעשול-דיגט אום די פּאַרטיי צו פערניכטען. אין יאָהר 1878 איז געפּאַסט געוואָ-רען דאָס געזעץ וועגען סאָציאַליסטען. דיזעס געזעץ האָט רואינירט די פּאַרטיי און האָט פערשאַפט די פּראָלעטאַריער פיעלע ליידען.

מיר וועלען דאָ געבען נאָר אייניגע ביישפּילען פון די פערפאָלגונגען און די ליידען, וואָס די פּראָלעטאַריער האָבען געהאַט אויסצושטעהן פון דעם סאָציאַליסטען-געזעץ. ריכאַרד שומאַנן, אַ טישלער, פערהייראַט, איז אין דער צווייטער העלפט פון יאָהר 1876 פערוויקעלט געוואָרען אין אַ פּראָ-צעס. ווייל עס איז אָבער ניט געווען אויף זיין שולד קיין בעוויז איז ער פרייגעשפּראָכען געוואָרען. אָבער דאָס האָט איהם ניט געזיכערט פון פער-פאָלגונג. קורץ נאָך דעם, דעם 27טען סעפּטעמבער, האָט מען איהם אַרויס-געטריבען פון לייפּציג. ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון שטאָדט האָבען איהם בעגלייט אייניגע גענאָסען און האָבען דערביי געטראָגען אַ רויטע פאָהן. פּלוצלינג האָבען זיך אין די רייהען פון די בעגלייטער אַריינגעריסען 4 פּאָליציסטען און האָבען געוואָלט אָפּנעהמען די רויטע פאָהן. עס איז גע-וואָרען אַ געשלעג און 2 פּאָליציסטען זיינען נידערגעוואָרפען געוואָרען, אָבער זיי זיינען ניט בעשעדיגט געוואָרען. דאָס איז געווען גענוג צו בע-שולדיגען שומאַנן'ען אין אַן אויפרוהר און מען האָט איהם פער'משפּט צו 4 יאָהר שווערער אַרבייט אין צוכטהויז, און נאָכדעם זאָל ער זיין 10 יאָהר אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. ער האָט אין צוכטהויז געאַרבייט שווער נאָר 9 מאָנאַטען און איז געשטאָרבען. ווען זיין פרוי האָט געבעטען, אַז מען זאָל איהר אַרויסגעבען דעם טויטען קערפּער צו בעערדיגען, האָט מען איהר געענטפערט, דאָס מען האָט איהם איבערגעגעבען צו די סטודענ-טען אין אַנאַטאָמיע-זאַל, ווייל די רעגירונג האָט געוואָלט פערמיידען אַ דע-מאָנסטראַציאָן, וועלכע די סאָציאַליסטען וואָלטען זיכער געמאַכט מיט שו-מאַנן'ס קערפּער. דאָס איז נאָר איין ביישפּיל פון הונדערטער אַנדערע, ווי די רעגירונג האָט דאַמאָלס בעהאַנדעלט די סאָציאַליסטען.

אין אַלע צופעלען איז די פּאָליציי געווען געגען די אַרבייטער. האָט זיך געמאַכט אַ סטרייק איז די פּאָליציי געווען מיט די פאַבריקאַנטען און קאַפּיטאַליסטען און געגען די אַרבייטער. בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט אויף זיך געצויגען די האַנדלונג פון דער פּאָליציי אין די סטרייקס פון די יאָהרען 1885 און 1888. די אַרבייטער וואָלטען געווים ביידע סטרייקס געוואונען, ווייל די אַרבייט־געבער זיינען שוין געווען בערייט נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון די אַרבייטער. האָט זיך אָבער אריינגע־מישט די פּאָליציי און האָט מיט אַלערליי אונגעזעצליכע מיטלען געצוואונ־גען די אַרבייטער געהן צוריק צו דער אַרבייט אויף די פריהערדיגע קאָנ־דיציאָנען, און די אַרבייטער האָבען מיט זייערע אַלע גרויסע אָפּפער אין



אויגוסט בעבעל.

דעם סטרייק גאָרניט געוואונען. די פּאָליציי האָט ניט געלאָזען די סטריי־קער שטעהן ביי די פאַבריקען, ווייל זיי האָבען געשטערט די סטרייק־ברע־כער צו אַרבייטען. די סטרייקענדע אַרבייטער, וואָס האָבען ניט געוואָלט פאָלגען דער פּאָליציי אַוועקצוגעהן פון די פאַבריקען, זיינען שטאַרק בע־שטראָפט געוואָרען.

מיט דער פערפאָלגונג פון די סאָציאַליסטען האָט זיך מעהר ווי אַלע אַנדערע אויסגעצייכענט זאַקסען, און בעזונדערס לייפּציג. אָבער אויך אין אַלע אַנדערע לענדער פון דייטשלאַנד איז די פערפאָלגונג געווען באַרבאַריש. צוזאַמענגענומען האָט מען דאַמאָלס בעשטראָפט סאָציאַליסטען מיט 1,000 יאָהר געפענגניס, און נאָר פיר ריין פּאָליטישע פערברעכענס. ווען מען

זאָל אויך צורעכנען אַלע אַנדערע שטראָפען, אונטער וועלכע מען האָט דאַ־מאָלס אונטערוואָרפען פערשיידענע סאָציאַל־דעמאָקראַטען נאָר פיר פּאָלי־טישע עברות, וועט די צאָהל יאָהרען געפענגניס זיין איבער 2,000. עס זיינען אפילו פּאָרגעקומען זעהר פיעלע פּראָטעסטען געגען דער רעגירונג און געגען די אורטיילען פון די הויכע געריכטס־הייזער, אָבער די אַלע פּראָ־טעסטען האָבען געפיהרט צו גאָרנישט. דאָס רייכס־געריכט, פון וועלכען דער פּרעזידענט איז געווען סימסאָן, האָט אַלע אורטיילען בעשטע־טיגט.

די פּאָליציי האָט זיך אָבער ניט בענוגענט מיט געפענגניס־שטראָף. זי האָט אויך פערבאָטען 332 פעראיינען. צווישען דיזע פעראיינען האָבען זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס זייער גאַנצער צוועק איז נאָר געווען אונ־טערצושטיצען אַן ארבייטער אין פאַל פון נויט אָדער קראַנקהייט, און 108 פּערגניגענס־פעראיינען פון אַרבייטער. די רעגירונג האָט בעשלאָסען אונ־טערצודריקען יעדע בעוועגונג צווישען אַרבייטער, זאָגאַר אַזעלכע, וואָס האָבען גאָרניט צו טאָן מיט פּאָליטיק. מיט דיזען צושטאַנד האָט זיך שטאַרק בענוצט די בורזשואַזיע און האָט אָנגעהויבען אַרונטערצושניידען די פּרייזען פון לוין־אַרבייט.

די פּאָליציי האָט זיך אויך גענומען צו דערשטיקען די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. עס זיינען דאַמאָלס פערברענט געוואָרען 104 פּעריאָדישע שריפטען און איבער 1,200 פערשיידענע ביכער און פּאַמפלעטען. אָבער טרויעריגער פון אַלעס זיינען געווען די גירושים אויף די אַרבייטער פון די שטעדט, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען אין קריגס־צושטאַנד. עס זיי־נען אַרויסגעטריבען געוואָרען 893 מענער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען 504 פאַמיליען־פּאָטערס מיט 973 קינדער. עס איז זיך ניט פאָר־צושטעלען, וואָס פיר הערצרייסענדע סצענעס עס זיינען דאַמאָלס פאָרגע־קומען, פיעל טייכען טרעהרען זיינען עס פערגאָסען געוואָרען! דיזע גרויסע מאַסע עלענדע און הילפלאָזע זיינען געוואָרען צוזעעט און צושפרייט אין פיעלע לענדער, וואו פיעלע פון זיי זיינע צושטאָרבען אין עלענד.

מיר וועלען היר ברייננען נאָר איין ביישפיל פון פיעלע פון די ליידען און דער לאַגע פון די אַרויסגעטריבענע אַרבייטער. א בעקער־מייסטער שעער איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון בערלין און ער איז אַוועק נאָך האַמבורג. מיט א האַלב יאָהר שפּעטער האָט מען איהם אויך פון דאָרט אַרויסגעטריבען. ער איז דאַן אַוועק נאָך עלבערפעלד. בעת מען האָט געמאַכט די אונטערזוכונג אין זיין הויז אין בערלין האָט מען פערנומען

אַלע זיינע ביכער און בראָשורען, זאָגאַר אויף אַ קרייץ. אין עלבערפעלד האָט שעער קענען־געלערנט וואָס עס הייסט צו זיין „פאָגעלפריי“ (שוצלאָז) נאָך דעם סאָציאַליסטען־געזעץ. באַלד ווי זיינע מעבעל איז אָנגעקומען אין עלבערפעלד האָט די פּאָליציי קיינעם ניט געלאָזט צוריהרען זיך ביז זי האָט איבערגעזעהען אַלע שטיקלאַך פּאַפּירען, און וועלכע די מעבעל איז געווען געפּאַקט. זיינע ביכער און בראָשורען האָט ער שוין מעהר אין זיינע אויגען ניט געזעהען. באַלד ווי ער האָט געעפענט זיין בעקעריי האָט די פּאָליציי געשטעלט אַ מאַן ביי זיין געשעפט אום צו פערטרייבען די קונדען. יעדע וואָך האָט ער געמוזט ערשיינען 3 אָדער 4 מאָל אין פּאָליציי־הויז אָהן אַ שום גרונד פאַרוואָס און צו וואָס. מען האָט געזעהען קלאָר, דאָס די פּאָליציי וויל איהם רואינירען. ער האָט ענדליך בעשלאָסען אויסצואוואַנדערן נאָך אַמעריקאַ. פאַר זיין אָפּרייזע נאָך אַמעריקאַ האָט ער געוואָלט בעזוכען זיין פאַמיליע אין בערלין. אָבער ווי ער איז געקומען אויף'ן באַהן־הויף איז ער באַלד אַרעסטירט געוואָרען. פיער וואָכען איז ער געלעגען אין גע־פעגנים, און נאָכדעם האָט מען איהם פער־משפט צו 2 וואָכען געפענגניס דערפאַר. וואָס ער האָט עובר געווען אויף די געזעצען פון דעם גירוש פון דייטשלאַנד; דאָס האָט איהם אַזוי רואינירט, דאָס קומענדיג אין אַמעריקאַ האָט ער ניט געהאַט די מעגליכקייט צו עפנען אַ בעקעריי און האָט זיך גע־מוזט בעשעפטיגען מיט פערקויפען צייטונגען.

אָבער די אַלע אָפּפער, וואָס די פּאַרטיי האָט געבראַכט, זיינען געווען ניט אומזיסט. זיי האָבען נאָר געשטאַרקט איהרע קרעפטען. דער בעסטער בעוויז דערצו האָבען געגעבען די אַלגעמיינע רייכסטאַגס־וואַהלען. אין יאָהר 1871 זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פיר סאָציאַל־דעמאָקראַטען 102,000 שטימען; אין יאָהר 1874 — 352,000, אין 1877 — 463,000. אין דער צייט, ווען די רעגירונג האָט אָנגעהויבען שטאַרק פערפאָלגען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, האָט די צאָהל שטימען אָנגעהויבען אָפּצופאַלען, און איז צוריקגעגאַנגען ביז דער ציפער 312,000; אָבער די פּאַרטיי האָט זיך וויע־דער אָנגעהויבען צו שטאַרקען. אין דער צייט פון דער שטאַרקער פערפאָל־גונג האָט זי אָפּגעהאַלטען פּאַרטיי־טאַגען אין אויסלאַנד, אין ווידען און קאָ־פּענהאַגען. אין יאָהר 1884 האָבען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ערהאַלטען 550,000 שטימען, אין יאָהר 1887 — 763,000 שטימען, און אין 1890 — 1,427,000. דאָס האָט בעוויזען קלאָר, דאָס די געוואַלט־פּאָליטיק פון ביס־מאַרק'ן איז באַנקראָט. דאָס אויסנאַהמס־געזעץ איז ענדליך אָפּגעשאַפט

געוואָרען און די סאָציאַליסטען אין דייטשלאַנד האָבען ענדליך אָפּגעאָטעמט פריי.

פון דאַמאָלס אָן האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד אָנגעהויבען צו וואַקסען אונגעשטערט. אין יאָהר 1890 האָט זי געצעהלט אין רייכסטאַג 46 דעפּוטאַטען. די שטימען צייגען, דאָס זי איז די שטאַרקסטע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד. זי וואָלט זיין נאָך שטאַרקער ווען אָנשטאָט דער אַלטער אונגערעכטער איינטיילונג פון די וואהל־קרייזען וואָלט איינגעפיהרט ווערען אַ גערעכטע.

אויך אין די הערשענדע קלאַסען פון דייטשלאַנד האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געפונען אָנהענגער. וועגען מאַכען פיר דיזע פּאַרטיי אויסנאַהמס־געזעצען איז יעצט ניט מעהר קיין רייד. זאָגאַר די רעגירונג האָט אויפגעהערט צו גלויבען אין זיי.

עס איז יעצט שווער פאָרויסצוזאָגען, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט זיין אין דער צוקונפט. איהר פערדינסט איז שוין גרויס דערמיט, וואָס זי האָט אויפגעוועקט די אַרבייטער־מאַסע פון איהר לעטאַרגישען שלאָף און האָט זי געבראַכט צום בעוואוסטזיין פון איהר לאַגע און צו קענען פערטיידיגען איהרע אינטערעסען. אין היינטיגער צייט איז די אַרבייטער־מאַסע גוט אָרגאַניזירט און וויים וואָס זי האָט צו טאָן, און וועט ניט טאָן קיין איבעראייַלטע נאַרישקייט. זי איז יעצט אין שטאַנד צו בעשיצען זיך געגען יעדען קלאַפּ, וואָס מען וויל איהר געבען. זי איז יעצט אין שטאַנד דורכצופיהרען איהרע פאָדערונגען. זי וועט ניט אויפהערען צו קעמפען ביז זי וועט אַריינגעהמען אין איהרע הענט די פּאָליטישע מאַכט, ביז זי וועט פערניכטען די קלאַסען־הערשאַפט און בעזייטיגען די עקאָנאָמישע אָרדנונג פון קאַפּיטאַל מיט אַלע איהרע מיאוסע אויסוואוקסען.

---

וועגען דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין פראַנקרייך ביז צום אויפשטאַנד פון דער קאָמונע האָבען מיר שוין פריהער בעריכטעט. די רעוואָלוציאָן פון דער פּאַריזער קאָמונע איז די שרעקליכסטע פּאַסירונג פון דער נייעסטער צייט. עס איז געווען אַ שרעקליכער מאַסען־אָפּפער פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז געווען אַ גרויסאַרטיגע פּראָבע אומצושטירצען די עקאָנאָמישע יסודות פון דער קלאַסען־הערשאַפט און צו בעפרייען די אַרבייט פון די קייטען, וועלכע דער קאַפּיטאַל האָט אַרויפגעוואָרפען אויף די אַרבייטער.

דעם 8טען פעברואר 1871 זיינען פאָרגעקומען אין פראנקרייך די וואה־לען פיר מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַל־פערזאמלונג. די מעהרהייט פון דיזער פערזאמלונג איז געווען קאָנסערוואטיוו און איז געווען פול מיט האס געגען די פּאַריזער, וועלכע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון קריג. דיזע פערזאמלונג האט בעשטימט דעם גענעראל וואלענטין אלס פּאָליציי־פּרעפעקט פון פּאַריז און ד׳אורעללע דע פּאלא־דינעס אלס אויבער־קאָמאַנדאַנט פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע. ביידע זיינען געווען ביי די פּאַריזער שטאַרק פערהאסט.

דעם 3טען מערץ איז געגרינדעט געוואָרען פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע א רעפּובליקאנישער בונד מיט דעם צוועק צו שיצען די רעפּובליק פון די באָנאַפּאַרטיסטען און ניט דערלאָזען, אז די נאַציאָנאַל־פערזאמלונג זאָל מאַ־כען אן איבערקעהרעניס. דער בונד האט זיך אליין גענומען דאס רעכט זעלבסט צו ערוועהלען זיינע בעאַמטע. דעם 15טען מערץ האט זיך גע־גרינדעט א צענטראַל־קאָמיטע און גאַמבעטטאַ איז בעשטימט געוואָרען אלס אויבער־קאָמאַנדיר פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע.

אין דעם זעלבען טאָג האט טהיערס געמאַכט אן אָנגריף אויף די שטאָדט פּאַריז. ער האט פאָרויסגעזעהען, דאס עס מוז קומען צו א קאמף מיט פּאַריז, און האט געוואָלט האָבען 40,000 מאַן, מיט וועלכע ער האט געהאָפּט איינצונעהמען די שטאָדט. אָבער ביז דעם 17טען מערץ איז איהם געלונגען צוזאמענצושטעלען קוים 25 טויזענד מאַן, און אויך דיזע זיינען געווען זעהר שלעכט דיסציפּלינירט און דער פערבאַנד איז געווען זעהר א שוואַכער. די־זע האָבען פריהער פון אלעס געהאט די אויפגאַבע צו פערכאַפּען די קאַנאָנען. אום דיזעס צו דערגרייכען האט מען אָבער פריהער געמוזט ענטוואַפנען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע. אָבער דיזער זאָנדערבארער פּלאַן איז ניט געלונגען. טהיערס׳ אַרמעע איז צוריקגעוואָרפען געוואָרען אין אלע פּונקטען, וואו זי האט אָנגעגריפען. די קאַנאָנען זיינען געבליבען ביים פאָלק. טהיערס איז ענטלאָפען נאָך ווערסאַיל. דער גענעראל לעקאָמטע (קאָנט) איז געפאַנ־גען געוואָרען און די סאָלדאַטען האָבען געפאָדערט זיין טויט.

אום האלב פינף אין דער פריה איז אין דער גאַס, וואס פיהרט צום שטאָדט־הויז, געוואָרען א שרעקליכער לאַרם און טומעל. א גרויסע מאַסע מענשען האָבען געשליידערט פון איינעם צום אַנדערען אן אלטען מאַן מיט א ווייסער באָרד און האָבען איהם געטריבען צום שטאָדט־הויז. דאס איז געווען קלעמענט טהאָמאַס, א גרויסער פיינד פון דער רעוואָ־לוציאָן, וואס האט אויסגעבראָכען אין יוני, און איז בעוואוסט אונטער׳ן

נאָמען „יוני־שלאַכט". אייניגע אָפיצערען פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע האָ-בען געוואָלט אָפּהאַלטען די מאַסע, אַז זי זאָל איהם ניט טויטען. „וואַרט אויף דאָס קאָמיטע! בילדעט אַ קריגס־געריכט!" האָבען זיי געשריען צום פאָלק; אָבער דאָס פאָלק האָט דיזע אָפיצערען אָפּגעשטויסען. די נאַציאָ-נאַל־גוואַרדיע האָט אַריינגעשאָסען אין קלעמענט טהאָמאַס 20 קוילען און ער איז געפאַלען טויט. נאָכדעם האָבען זיך אייניגע סאָלדאַטען פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע אַריינגעריסען דורך אַ פענסטער אין דאָס צימער פון גענעראַל לע קאָמטע און האָבען איהם דערשאָסען. דערמיט איז דער צאָרן פון דער מאַסע געשטילט געוואָרען.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך דאָס פאָלק ערוואַכט. אָן דער שפּיץ האָט זיך געשטעלט ב ר ו נ ע ל און האָט געפיהרט דעם קאַמף געגען דער רעגירונג פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג מיט איהר פּרעזידענט טהיערס. די רעגירונג'ס מיליטער איז געשלאָגען געוואָרען איבעראַל אין אַלע פּונקטען. אָבער דאָס צענטראַל־קאָמיטע האָט ניט געוואוסט ווי צו בענוצען זיך מיט זיין זיג. דאַן האָט די רעגירונג פון ווערסאַיל געאָרדענט, דאָס אַלע בע-אַמטע זאָלען פערלאָזען זייערע שטעלעס, אום דאָס גאַנצע רעדער־ווערק פון לאַנד זאָל זיך אָפּשטעלען. עס האָט אויפגעהערט צו אַרבייטען די גאַנצע רעגירונגס־מאַשין: די טעלעגראַפען, די אייזענבאַהנען, זאָגאַר די צדקה־אינסטיטוציאָנען; מען האָט אויפגעהערט צו קאָלעקטירען שטייער, מען האָט אויפגעהערט אויפצופאַסען אויף די גאַסען און אויף די בעלייכטונג. דאָס איז געווען אַ גוואַלדיגער קלאַפּ פיר אַזאַ שטאָדט ווי פּאַריז מיט אַ בע-פעלקערונג פון מעהר ווי 1,600,000 מענשען. אייניגע מעירס (בירגער־מייסטערס) האָבען צוגענומען די געלטען פון קאַסע, די זיגלען און די רע-גיסטערן און זיינען אַוועק מיט זיי. די מיליטער־בעאַמטע האָבען איבער-געלאָזען אין די האָספּיטעלער איבער 6,000 קראַנקע סאָלדאַטען אָהן קיין שום מיטלען. מיט איין וואָרט מיט דיזען בעפעהל האָט טהיערס אָפּגע-שטעלט די גאַנצע רעגירונגס־מאַשין.

די לייט פון דעם צענטראַל־קאָמיטע האָבען זיך דערפאַר דערשראָקען. פון אַלע זייטען האָבען זיך געמעלדעט פעהיגע מענשען, וועלכע זיינען גע-ווען אין שטאַנד צו פערטרעטען די פערלאָזענע שטעלעס, הגם עס האָט זיי דערצו געפעהלט די נעטיגע פּראַקטיק. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, דאָס די נייע בעאַמטע האָבען אויסגעצייכענט און געוויסענהאַפט ערפילט זייערע פליכטען, און די מאַשין איז ווידער אַוועק ווי געהעריג.

צום צענטראַל-קאָמיטע זיינען צוגעשטאַנען אַלע ארבייטער און אַ גרוי-סער טייל פון עהרליכע קליין-בירגער. אָבער די גרויסע בורזשואזיע, קאַפּי-טאַליסטען און מאָנארכיסטען זיינען צוגעשטאַנען צו דער נאַציאָנאַל-פער-זאמלונג אין ווערסאַיל מיט'ן פרעזידענט טהיערס אָן דער שפּיץ. דער פּאָ-ליטישער ערפאָלג פון די ארבייטער האָט ארויסגערופען סאָציאַלע פאָדערונ-גען. זיי האָבען בעשלאָסען אַליין צו ענדערן זייער לאַגע. זיי האָבען ער-סטענס מבטל געווען דאָס געזעץ, וואָס האָט געגעבען רעכט צו פערקויפען אַ פערזעצטען משכון, עס איז פערבאָטען געוואָרען ארויסצוואוואַרפען אַ שכן, וואָס האָט ניט געצאָהלט זיין דירה-געלט.

די נאַציאָנאַל-פערזאמלונג אין ווערסאַיל איז געוואָרען אויסער זיך פון צאָרן געגען פּאַריז. איבערהויפּט האָט געשפריצט מיט גאַל און גיפט געגען פּאַריז זשול פאַוור. זיין פּלאַן איז געווען מען זאָל אַפּעלירען צו דער פּראָ-ווינץ און מיט אַ גרויסע מאַסע מאַרשירען אין פּאַריז. די זעלביגע מענער, וועלכע האָבען פּרייסען איבערגעגעבען אַ פראַנצויזישע פּראָווינץ, האָבען ניט געוואָלט נאָכגעבען פּאַריז אויף אַ האָאר.

און וואָס האָבען אַזעלכעס פערלאַנגט די פּאַריזער ווען זיי האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד דעם 18טען מערץ געגען דער נאַציאָנאַל-פערזאמ-לונג אין ווערסאַיל? ניט מעהר ווי אַן אייגענע פערוואַלטונג, אַן אייגע-נעם מוניציפּאַל-ראַט גלייך מיט די קלענסטע געמיינדען אין פראַנקרייך. שוין אין דער צייט, ווען פראַנקרייך איז געווען אַ קייזעררייך, האָבען די לינקע אין פּאַרלאַמענט געפאָדערט אַ מוניציפּאַליטעט פיר פּאַריז. דאָס איז אימער געווען זייער ליבלינגס-טהעמאַ. די פּראָלעטאַריער און די קליי-נע בירגער האָבען עס גערעכענט פיר אַ שאַנדע, דאָס זינט 80 יאָהר זיצט אין שטאָדט-הויז אַן אויפגעצוואונגענע פערוואַלטונג, דאָס דורך דעם איז דער בודזשעט פון דער שטאָדט געוואָרען אימער גרעסער. מען האָט אָנגע-מאַכט מעהר און מעהר אַנלייהען פיר די שטאָדט און עס זיינען ארויסגעע-קומען שווינדלערייען. דאָס איז געווען די הויפּט-אורזאַך, ווארום דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו פאָדערן אַן ערוועהלטע מוניציפּאַליטעט (שטאָדט-פער-וואַלטונג), און אויך דאָס די פּאָליציי-מאַכט זאָל איבערגעגעבען ווערען אין זייערע הענט. און אַלע בעאַמטע זאָלען ערוועהלט ווערען פון פאָלק און זאָלען זיין פעראַנטוואָרטליך צום פאָלק.

אָבער די פּאַריזער פּראָלעטאַריער האָבען פיעל מעהר פערלאַנגט. זיי האָבען פערלאַנגט ניט נאָר מוניציפּאַליטעט, נאָר אויך קאָמונע. די קאָמונע האָבען זיי געוואָלט זאָל זיין די וואַפע געגען דעם אויסערליכען פיינד און

זאָל זיי אויסלייזען פון נויט און עלענד. „וואָס נוצט", זאָגט דער היסטאָ־ריקער פון דער קאָמונע, „אַ זעלבסט ערוועהלטער ראַט אָהן ווירקליכע פריי־הייטען? דער אמת פרייער ראַט דאַרף ניט זיין צוגעשמידט צום שטאַאַט, אָר אַליין זיין פריי צו פערוואַלטען די שולען, די פּאָליציי, די האָספּיטע־לער און זאָגאַר אויך צו זיכערען די בירגער זייער עקסיסטענץ. דאָס פּאָלק האָט פערלאַנגט אַזאַ סאָרט רעגירונג, וועלכע זאָל איהם ערלויבען צו אַר־בייטען אום צום פערבעסערען זיין אונגליקליכע לאַגע. עס האָט אין לויף פון דער צייט גוט פערשטאַנען, דאָס אויך אין די לענדער, וואו די רעגירונג איז ערוועהלט פון פּאָלק, אונטערדריקען די פערטרעטער דעם ווילען פון די רעפּרעזענטירטע, ווי דער שטאַאַט, וועלכער איז אימער געוואָרען דעספּאָטי־שער, האָט דעם ארבייטער זאָגאַר פערבאָטען דאָס רעכט צו פערטיידיגען זיין אַרבייט. נאָך אַלע דיזע ערפאַהרונגען האָט דאָס פּאָלק געהאַט די פולע איבערצייגונג, דאָס די יעצטיגע רעגירונג און געזעצגעבונג זיינען לויט זייער כאַראַקטער ניט די פּאַסענדע די ארבייטער פריי צו מאַכען. דיזע בע־פרייאונג האָט עס ערוואַרטעט פון דער זעלבסט־פערוואַלטענדער קאָמונע, וועלכע וועט דורך איהרע פּאָליטישע, נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן פיהרען איהר פערוואַלטונג אונאָפּהענגיג לויט די פּאָדערונגען פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט. אָנשטאָט דעם פערטרעטער, וועלכער קען דעם וועהלער בעטריגען, זאָל געזעצט ווערען דער בעפּאָלמעכטיגטער".

מיר זעהען אַלזאָ, דאָס דער פערטיידיגונגס־קריג געגען פּרייסען האָט אַרויסגערופען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. יעצט, ווען די ווערסאַילער רע־גירונג האָט אָפען געצייגט איהר אונפעהיגקייט, האָבען די פּאַריזער אָנגע־הויבען צו פּאָדערען מוניציפּאַליטעט. אין דיזער בעוועגונג איז אויך דער פּראָלעטאַריאַט אריינגעצויגען געוואָרען. ער האָט זיך פעראייניגט מיט דעם צענטראַל־קאָמיטע אום די מוניציפּאַליטעט צו געווינען, און דאַן די קאָמונע און די עמאַנציפּאַציאָן פון דער אַרבייט מיט ערפּאָלג דורכצופיהרען.

דאָס צענטראַל־קאָמיטע האָט בעזיגט די ווערסאַילער רעגירונג און האָט געצוואונגען די מעירס זיך אונטערצוגעבען אונטער איהר מאַכט. זי האָט בעשטימט וואַהלען פיר בעאַמטע אין דער מוניציפּאַליטעט אויף דעם 26טען מערץ. זעהר אַ גרויסע צאָהל מענשען האָט אָנטייל גענומען אין די וואַה־לען. דעם נעכסטען טאָג איז די קאָמונע פּראָקלאַמירט געוואָרען. עס זיי־נען געקומען צום שטאָדט־הויז 200,000 מענשען, צווישען וועלכע עס האָ־בען זיך געפונען 100 באַטאַליאָנען מיט זייערע קאַנאָנען. די מיטגלי־דער פון דעם צענטראַל־קאָמיטע זיינען אַרויס אין פראָנט מיט זייערע

רויטע האַלז-בינדעס, און אין זייער נאָמען האָט ראַנוויער געזאָגט: „דאָס צענטראַל-קאָמיטע גיט איבער זיין מאכט צו די קאָמונע-בירגער. מיין הערץ איז איבערפילט פון פרייד, אַזוי דאָס איך בין ניט אין שטאַנד אַ רעדע צו האַלטען. ערלויבט מיר נאָר צו לויבען דאָס פאָלק פון פּאַריז, וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַזאַ גרויסען ביישפּיל". מען האָט נאָכדעם אויסגערופען די נעמען פון די קאַנדידאַטען פיר די קאָמונע. די גאַנצע מאַסע האָט געזונגען די מאַרסעילעזע. און ווען ראַנוויער האָט אויסגעשריען: „אין נאָמען פון פאָלק, די קאָמונע איז פּראָקלאַמירט!" האָבען אַלע אויסגעשריען: „עס לעבע די קאָמונע!" עס איז געווען אַ זעלטענער מאָמענט אין דער געשיכטע.

די וואַהלען האָבען געהאַט אַ גרויסע מעהרהייט פון די ראַדיקאַלע קליין-בירגער; פון די פּראָלעטאַריער זיינען ערוועהלט געוואָרען נאָר 19 פּערזאָן, צווישען זיי זיינען אויך געווען איינינע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער-אַסאָסיאַציאָן. צווישען דיזע האָבען זיך געפונען פראַנקעל, וואַרלין, וואַילליאַנט, מאַלאָן. די אינטערנאַציאָנאַלען האָבען געמאַכט דעם בעסטען איינדרוק. זיי האָבען בעסער פון אַלע אַנדערע פערשטאַנען די סאָציאַלע פראַגע, זיי זיינען געווען די מעסיגסטע, זעהר ווייט צו טאָן גרויזאַמקייטען, און דעריבער זיינען זיי געווען די בעסטע און וויכטיגסטע בעאַמטע פון דער קאָמונע. אונטער די ערוועהלטע אין דער קאָמונע האָבען זיך אויך געפונען בעוואוסטע אַלטע רעוואָלוציאָנערען: בלאַנקי, דעלעסקליוזע, גאַמבאָן, מיאָט, פּעליקס פּאַט. בלאַנקי איז דעם 17טען מערץ אין דער פּראָווינץ, וואוהין ער איז אַוועק וועגען זיין געזונדהייט, פערהאַפטעט געוואָרען און דער איינציגער ענערגישער מאַן פון דיזער גרופּע, דעלעסקלוזע, האָט זיך קוים געקענט האַלטען, אַזוי געבראָכען איז ער געווען פון די גרויזאַמע ליידען אין דעם געפענגניס אין ווינסעננעס. די מעהרסטע אַנדערע מיטגלידער זיינען געווען הייסבלוטיגע רעדנער, אָהן קענטניס פון פּראַקטישען לעבען.

די וואַהלען זיינען אַלזאָ געווען אונגליקליכע. די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט געשיקט אין שטאָדט-הויז מענשען, וואָס זיינען ניט בעקאַנט געווען מיט פּאָליטיק, און דיזע האָבען בעדאַרפט בעקעמפען די בורזשואַזיע, וועלכע איז געווען פעראייניגט מיט דער אינטעליגענץ. דיזער פעהלער האָט זיך געלאָזט ביטער בעצאָהלען.

די אונפעהיגקייט פון די מיטגלידער פון קאָמונאַל־ראַט האַט זיך באַלד ארויסגעצייגט אין די ערסטע זיצונגען. דער ראַט האַט בעשלאָסען, דאָס די פערהאַנדלונגען זאָלען געפיהרט ווערען בסוד, האַט נאָך געלאָזען אין מאַכט דאָס צענטראַל־קאָמיטע, און האַט פערגעסען צו שפּילען די ראָלע פון אַ געזעצגעבענדער מאַכט. פּאַריז איז געוואָרען אונרוהיג. מען האַט זיך געפרעגט: „וואָס וועט דערפון ארויסקומען?״ די ליבעראַל־ראַדיקאַלע פּאַרטיי איז ענטלאָפען. דער פּרעזידענט טהיערס האַט אָפּגעשניטען פּאַריז פון פראַנקרייך. די פּאָסט האַט ניט געאַרבייטעט, און דעם 1טען אַפּריל האָט טהיערס ערקלערט קריג דער הויפּט־שטאָדט, הגם ער האַט געהאַט צו דיזען צוועק נאָר 35,000 מאַן, אַ רעסט פון אַ פריהערדיגער גרויסער ארמעע.

דעם 2טען אַפּריל האָבען די ווערסאַילער אָנגעהויבען צו באָמבאַרדירען פּאַריז. די שטאָדט איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט. מען האַט ניט געגלויבט, דאָס אַזעלכעס זאָל געשעהען. מען האַט באַלד אויפגעשטעלט באַריקאַדען איבעראַל, מען האַט אָנגעהויבען שפּילען גענעראַל־מאַרשען און מען האַט די גאַנצע בעפעלקערונג געבראַכט אין בעוועגונג. אום 3 אוהר זיינען שוין געוועזען 80,000 מאַן אויף די פיס און האָבען געשטורמט מיט קולות: „נאָך ווערסאַיל״! די בעוועגונג איז געוועזען זעהר אַ שטאַרקע, אָבער זי האָט קיין פיהרער ניט געהאַט. אין דיזען קריטישען מאָמענט האָט זיך דער ראַט בעשעפטיגט מיט דער פראַגע צו שיידען די קירכע פון שטאַאַט און אָפּצושאַפען דעם בודזשעט פיר די קירכע. וועגען דעם, וואָס מען זאָל טאָן געגען ווערסאַיל, איז קיין וואָרט ניט געשפּראָכען געוואָרען.

דאָס אונערוואַרטעטע איז געקומען. די פּאַריזער זיינען צוריקגעשלאָגען געוואָרען און זיינען צולאָפען אין דער גרעסטער אונאָרדנונג. איבער־הויפּט האָבען זיך די פּאַריזער שטאַרק צושראָקען, ווען מען האַט אָנגעהויבען פייערן פון מאָנט וואַלעריען. מען האַט געגלויבט, דאָס די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע האַט בעזעצט די פעסטונג.

אַ קליין הייפעל פון די קאָמוניסטישע סאָלדאַטען אונטער דער ליטונג פון דיובאָל האַט זיך אונטערגעגעבען מיט דער בעדינגונג מען זאָל זיי לאָזען לעבען. אַלס מען האַט דיזע געפאַנגענע געבראַכט אין ווערסאַיל האַט דער גענעראַל ווינוא געהייסען מען זאָל זיי דערשיסען און האַט זיי דערביי אָנגערופען מיט שימף־נעמען.

דיזע ערמאָרדונג פון די געפאַנגענע האַט געעפענט דעם בירגער־קריג, וועלכער האַט זיך אָנגעפאַנגען דעם 2טען אַפּריל. דעם 3טען האַט דער גע-

נעראל ג אַ ל ל י פ ע ט, אין שאטו, געהייסען דערשיסען 3 קאָמונים־טען וועהרענד זיי זיינען געזעסען ביים מיטטאָג־עססען און האָט דערביי געזאָגט: „די באַנדיטען פון פאַריז האָבען דעם קריג ערקלערט — זיי האָבען מיינע סאָלדאַטען ערמאָרדעט. איך ערקלער דיזע מערדער אַ בלוטיגען קריג. מיט דער עמאָרדונג פון דיזע דריי באַנדיטען וויל איך נאָר אַ ביישפּיל געבען". דיזער נידריגער מענש איז געווען אַ רויבער פון דער „הויכער" געזעלשאַפט, וועלכער איז פריהער רואינירט געוואָרען פון אַקטריסעס און נאָכדעם פון זיי געוואָרען געשטיצט. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע רויבערייען אין מעקסיקאָ און איז געוואָרען אַ בריגאַדיער־גענעראל צו פערדאַנקען זיין שענער פרוי, וועלכע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קייזערליכען הויף.

ניט קוקענדיג אויף די קלעפּ, וואָס די קאָמונע האָט געקראָגען, איז דאָך איהר לאַגע געווען ניט שלעכט, ווייל זי האָט געהאַט אונגעהייערע הילפסמיטלען. עס זיינען אין די רייהען פון די קאָמוניסטען געווען 60,000 קעמפּער מיט 200,000 שטיק געוועהר, 1,200 קאַנאָנען, 5 פאָרטען (פעסטונגען) מיט אַ גרויסער מאַסע אַמוניציאָן, וועלכע האָט געקענט זיין גענוג אויף איינינגע יאָהר. דערצו האָט זי אויך געהאַט גענוג געלט. איהר האָט אָבער געפעהלט אַ גוטער פיהרער. דער קאָמונע־ראַט האָט נאָר געשראָקען דער ווערסאַיל־רעגירונג, ער האָט אָבער קיין וויכטיגעס ניט אונטערגענומען. די קאָמונע וואָלט פיעל מעהר ערפאָלג געהאַט, ווען זי וואָלט פערכאַפּט די באַנק, די שטייערן און די דעפּאָזיטען־קאַסע. זי האָט עס געקענט טאָן, האָט אָבער דורכגעלאָזען די גוטע געלעגענהייט, און דאָס איז געווען איהר אונגליק.

עס איז פּשוט ניט צו פערשטעהן די האַנדלונג פון דעם קאָמונע־ראַט צו יענער צייט. די באַנק־בעאַמטע האָבען יעדען מאָרגען ערוואַרטעט, דאָס מען וועט קומען פון דער קאָמונע און צונעהמען די קאַסע. עס איז געווען אונמעגליך איבערצושיקען די געלטען פון דער באַנק נאָך ווערסאַיל, ווייל דערצו האָט מען געמוזט האָבען צום ווענינגסטען אַן אַרמעע־קאָרפּוס. דער אונטער־גובערנער האָט באַלד בעמערקט ווי דער קאָמונע־ראַט איז ניט ענטשלאָסען צו טאָן עטוואָס אין דיזער אַנגעלעגענהייט און האָט זיך געוואוסט צו בענוצען מיט דיזער אונענטשלאָסענהייט. אין באַנק איז דאַמאָלס געלעגען אַן אונגעהייערע סומע געלט: 3 מיליאַרדען מיט 77 מיליאָנען באַר, אויסער 166 מיליאָנען אין באַנק־בילעטען (אַסיגנאַציעס), 899 אין שטאַאַטס־פּאַפּירען, 120 אין הלואה־פּאַפּירען, 11 אין באַררען (מעטאַל־שטיקער), 7 אין דעפּאָנירטע (איינגעלעגטע) עדעלשטייער, 900 אין

קוויטירונגען, און 800 אין באַנק־בילעטען, וועלכע האָבען בלויז געוואַרט אויף די פאַקסימילע פון דעם קאַסירער. אָבער די קאָמונע האָט אפילו ניט געוואַגט די באַנק צו בעזעצען מיט מיליטער. אַזוי האָט דער קאָמונע־ראַט אָהן אַ פּראָגראַם און אָהן אַ פּלאַן פון אַ פעלד־צוג געדראָשען פוסטע שטרוי.

נאָך אין מיליטערישער הינזיכט האָבען די פּאַריזער אייניגערמאַסען ערוואַכט. די ערשיסונג פון זייערע געפאַנגענע האָט אויפגעפלאַמט זאָגאַר די רוהיגע כאַראַקטערען צווישען זיי. די קאָמוניסטען האָבען זיך ענדליך גענומען צו די ווערסאַילער און האָבען זיי פערטריבען פון שאַטילליאָן, זיי האָבען בעזיגט די ווערסאַילער אויך אין אַנדערע פּונקטען. עס איז אָבער ביי זיי ניט געוועזען קיין אויבער־פיהרערשאַפט. זיי האָבען ניט געהאַט קיין קריגס־ראַט. האָט איינער פון די פיהרער געוואָלט מאַכען אַן אויספאַל אויף די ווערסאַילער האָט ער געמאַכט, האָט איינער בעדאַרפט הילף האָט ער עס אַליין בעדאַרפט בעזאָרגען. נאָך דער רעוואָלוציאָנערער אינסטינקט האָט זיי אין אייניגע הינזיכטען אויסגעהאָלפען. די פרויען האָבען געטריבען די מענער צום קאַמף און פיעלע פרויען האָבען זעלבסט זיך גענומען צו די וואַפען, זאָגאַר קינדער האָבען געוואָלט איבערשטייגען זייערע עלטערען אין דיזען קאַמף. די ווערסאַילער האָבען גענומען 660 געפאַנגענע און פיעלע זיינען אין גאַסען־קאַמף אומגעקומען. טויזענדער האָבען געהאָלפען ביי דער בעלאַגערונג. אָבער די אונפעהיגקייט פון דעם קאָמונע־ראַט האָט אַלעם פערדאָרבען. דער ראַט האָט זיך בעשעפטיגט מיט קלייניגקייטען און האָט פערפעהלט צו טאָן עטוואָס וויכטיגעס. מען האָט פערבראַכט די בעסטע צייט אין דעבאַטען וועגען דער אָרגאַניזאַציאָן. די אַלע אָפּפער האָבען צו גאָרניט געפיהרט.

דעם 30טען אַפּריל איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען דער פּוילער קאָמאַנ־דיר ק ל ו ז ע ר ע ט און אויף זיין שטעלע איז גערופען געוואָרען ר אָ ס ס ע ל. דיזער איז אין פיעלע הינזיכטען געוועזען ווירקליך פיעל בע־סער פון זיין פאָרגענגער. ער איז בעסער בעקאַנט געוועזען מיט די מילי־טערישע הילפס־קרעפטען, ווי אויך מיט דעם צושטאַנד פון פּאַריז. אָבער אויך ער האָט ניט געוואוסט וואָס פיר אַ פערטיידיגונגס־פּלאַן אָנצונעהמען. מען האָט זיך איבערצייגט, דאָס אונטער איהם וועט די זאַך בלייבען ווי אונטער קלוזערעט'ן. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען גרויסע שטרייטיגקייטען צווישען דעם קריגס־מיניסטעריום און דעם צענטראַל־קאָמיטע. די געפאַהר איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג און מיט איהר די אונאָרדנונג. דעם 8טען מאַי איז דער פאָרט א י ס ס י איינגענומען געוואָרען פון די ווערסאַילער.

ראַססעל האָט געמוזט רעזיגנירען פון זיין אַמט אַלס אויבער־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע. ער איז אַרעסטירט געוואָרען, אָבער ער איז ענטלאָפען פון געפענגניס.

דעם 16טען מאַי איז צושטערט געוואָרען די וואַנדאָם־זייל. עס האָט זיך פערזאַמעלט אַ זעהר גרויסע מאַסע מענשען פון פאָלק אום צו זעהען ווי די זייל וועט צושמעטערט ווערען. אַלס די זייל איז אומגעפאַלען און נאַ-פּאָלעאָן׳ס קאָפּ האָט זיך געקייקעלט אויף דער ערד און זיין האַנט האָט זיך אָפּגעריסען פון קערפּער, האָט די פערזאַמלונג אַרויסגעלאָזען אַן אונגע-הייערען פריידענס־געשריי. פיעלע זיינען אַרויפגעשפּרונגען אויף די צו-בראָכענע שטיקער פון דער זייל, און אויף דעם זייל־געשטעל האָט מען באַלד אַרויפגעשטעלט אַ רויטע פאָהן.

40 טעג נאָכאַנאַנד האָט מען ניט אויפגעהערט צו באָמבאַרדירען פּאַ-ריז. דעם 19טען מאַי זיינען די ווערסאַילער צוגעקומען זעהר נאָהענט צום שטאָדט. מען האָט נאָך געקענט רעטען זעהר פיעל. אָבער די רייסעריייען צווישען די בעאַמטע פון דער קאָמונע האָבען געמאַכט אַלעס אונמעגליך. דעם 21טען מאַי האָבען זיך די ווערסאַילער אַרויפגעכאַפּט אויף די מויער אין אַ ניט בעוואַכטער שטעלע, וועגען וועלכער אַ פעררעטער האָט געלאָזט וויסען די ווערסאַילער. די צאָהל פון די טרופּען, וואָס זיינען אָנגעלאָפען אויף דיזען אָרט, איז געוואַקסען מיט יעדער שטונדע. די קאָמונע האָט געגען דעם גאָר ניט געטאָן. די ווערסאַילער האָבען געמאָרדעט וויפיעל זייער הארץ האָט געגלוסט און פּאַריז האָט דערפון גאָר ניט געוואוסט. עס האָ-בען זיך אַפילו געפונען פרייוויליגע, וועלכע האָבען זיך געשטעלט געגען די ווערסאַילער, אָבער זיי האָבען געמוזט זיך באַלד צוריקציהען, ווייל זיי האָ-בען קיין הילף ניט בעקומען, און פיר זיי אַליין צו פערטיידיגען דיזען שוואַכען פונקט איז געווען אונמעגליך, ווייל זיי זיינען געוועזען צו וועניג. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס די ווערסאַילער זיינען אַריין אין שטאָדט דורך פינף טויערן.

צום אונגליק האָט דער קריגס־מיניסטער ד אָ מ ב ר אָ ו ו ס ק י פערלאָרען יעדע האָפנונג עטוואָס צו געווינען דורך אַ רעגעלמעסיגען קאַמף און האָט אַרויסגעלאָזען די פאָלגענדע פּראָקלאַמאַציאָן: „עס מוז אַן ענד נעהמען פון מיליטאַריזם. קיין שליפּעס, קיין מונדירען מיט גאָלדענע קנעפּ! מאַכט פּלאַץ פיר דאָס פאָלק, וואָס קעמפּט מיט נאַקעטע הענט. עס איז שוין געקומען די שטונדע פון אַ רעוואָלוציאָנס־קריג. דאָס פאָלק פערשטעהט גאָר ניט פון געלעהרטע מאַנעווערס. אָבער ווען עס האָט אַ געוועהר אין

האַנט האָט עס קיין מורא ניט פאַר אַלע קריגס-קונסט פון דער מאָנאַרכישער שולע". יעצט, ווען דער מיניסטער זעלבסט פעראַכטעט און בעזייטיגט יעדע דיסציפּלין, ווער וועט זיך נעהמען די מיה צו מאַכען סטראַטעגישע פּלענער און זיי דורכפיהרען?

דער באַריקאַדען-קאַמף איז געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּען. איבעראַל זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען באַריקאַדען. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען יענע שרעקענס-טעג און שרעקענס-נעכט, אין וועלכע די קעמפער זיינען געשוואומען אין אַ ים פון בלוט. די ענטשלאָסענהייט פון די קאָמוניסטען איז געווען אַזוי גרויס, דאָס עס וואָלט זיי ניט שווער אָנגעקומען צו פערניכטען די ווערסאַילער, ווען עס וואָלט געווען אַ רעכטער פיהרער, וואָס זאָל גוט פערשטעהן די לאַגע. זייער מוט האָט פּשוט געציינט וואונדער. אָבער די קאָמוניסטען האָבען דאָך ניט געהאַט קיין פעהיגען פיהרער, און די ווערסאַילער האָבען איינגענומען איין שטעלע נאָך דער אַנדערער, און עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען שרעקליכע שחיטות. אויף דער מויער, וואו די קאָמוניסטען האָבען דערשאָסען קלעמענט טהאָמאָס און לעקאָמטע, האָבען די ווערסאַילער געצוואונגען 42 מעננער, 3 פרויען און 4 קינדער צו שטעלען זיך אויף די קני און מען האָט זיי דאַן אַלע ערמאָרדעט. איין פרוי פון דיזע, וועלכע האָט געהאַלטען אַ קינד אויף איהרע הענט, האָט ניט געוואָלט זיך שטעלען אויף די קני און האָט געזאָגט צו די אַלע אַנדערע אָפּפער: „קניט ניט! ציינט דיזע מערדער, דאָס איהר קענט שטאַרבען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ!" יעדער, וואָס האָט געטראָגען וועלכען עס איז צייכען, דאָס ער איז אַ בעאַמטער פון די קאָמוניסטען, איז ערמאָרדעט געוואָרען אָהן אַ שום פּראָצעס. ווער עס האָט אַרויסגעציינט וועלכע עס איז אונרוהיגקייט איז אויף'ן אָרט דערשאָסען געוואָרען. די הייזער, וואו די קאָמוניסטען האָבען געוואוינט, זיינען צורויבט געוואָרען. די טואילעריען, דאָס געביידע פון עהרען-לעגיאָן, פון שטאַאטס-ראַט און דער רעכנונגס-הויף האָבען געברענט. אויך דאָס שטאָדט-הויז איז געווען אין פלאַמען, און דערמיט איז געוואָרען שווערער די פערבינדונג צווישען די קאָמוניסטען.

די ערביטערונג פון די ווערסאַילער האָט זיי בערויבט פון דעם געזונדען פערשטאַנד. זיי זיינען ווילד געוואָרען פון בלוט-דורסט. יעדער, וועמען זיי האָבען דערזעהען און געכאַפּט, האָט געמוזט שטאַרבען. יעצט איז אויסגעקלערט געוואָרען די בעשולדיגונג, דאָס די קאָמוניסטישע פרויען גיסען פּעטראָלעאום אין די קעלערן אום די גאַנצע שטאָדט מיט פייער צו

פערניכטען. יעדע פרוי, וואָס האָט געטראָגען אַ מילך־טאָפּ, אַ קרוג אָדער אַ לעערע פלאַש, איז אויף'ן אָרט דערשאָסען געוואָרען, ווייל דאָס האָט גע-הייסען, דאָס זי געהט נעהמען פעטראָלעאום אום אַ שרפה אָנצומאַכען.

דיזע אונערהערטע שחיטות האָבען שרעקליך צורייצט די קאָמוניסטען און האָבען זיי געבראַכט צו פערצווייפלונג. אום האַלב 8 אוהר דעם 24טען מאַי איז געוואָרען אַ שרעקליכער לאַרם פאַר דער געפענגניס לאַ ראָקעטטע, אין וועלכער מען האָט מיט אַ טאָג פריהער געבראַכט געפאַנגענע פון מאַזאַס. צווישען דער מאַסע, וואָס האָט זיך דאָרט פערזאַמעלט, איז גע-שטאַנען אַ דעלעגאַט פון דער זיכערהייטס־קאָמיסיאָן און האָט געזאָגט: „ווייל מען ערשיסט אונזערע לייט, זאָלען זעקס געפאַנגענע הינגעריכטעט ווערען. ווער וויל בילדען די ראָטע?" באַלד האָבען זיך אַרויסגערופען אייניגע פון דער מאַסע, דאָס זיי ווילען עס טאָן אויס ראַכע, וואָס די ווער-סאַילער האָבען ערמאָרדעט זייערע אייגענע, ביי דעם אַ פאָטער, ביי דעם אַ פרוי או. אַז. וו. עס זיינען ערוועהלט געוואָרען 30 מאַן און זיי זיינען אַריין אין געפענגניס. דער דעלעגאַט איז געגאַנגען פאָרויס מיט אַ ליסט פון די אַרעסטאַנטען אין האַנט און האָט בעצייכענט: „דעם ערצבישאָף דאַרבוא, דעם פּרעזידענט באָנזשאַן, זשעקקער, די יעזואיטען: אַלאַרד, קלערק, דיוקודרעי. זשעקקער'ן האָט מען ענדליך אומגעביטען אויף דעם גייסטליכען דעגעררי. מען האָט זיי געהייסען אַרונטערגעהן. „ווער פעראורטיילט אונז?" האָט געפרעגט באָנזשאַן. „די גערעכטיגקייט פון פאָלק", האָט מען איהם גע-ענטפערט. „אָ, דאָס אייז ניט די ריכטיגע", האָט באָנזשאַן געענטפערט. מען האָט געגעבען אַ צייכען און די געפאַנגענע זיינען געשאָסען געוואָרען.

דעם 25טען מאַי איז דער גאַנצער גאַנצער לינקער ברעג געפאַלען אין די הענט פון די ווערסאַילער. דעם 26טען זיינען נאָך 48 געפאַנגענע פון די קאָמוניסטען ערשאָסען געוואָרען. די ווערסאַילער האָבען קיין מיטלייד ניט געוואָלט וויסען, זיי האָבען זאָגאַר פערוואונדעטע ערמאָרדעט. מען האָט טויזענדער מענער, ווייבער און קינדער געטריבען נאָך ווערסאַיל און דאָרט האָט מען זיי געלאָזט ערמאָרדען.

די לעצטע שטונדען פון פערצווייפלונגס־קאַמף זיינען געווען זעהר שרעקליך. אין דער געשיכטע איז זעהר זעלטען צו געפינען נאָך אַזאַ ביי-שפּיל פון העלדען־מוט און אונערשראָקענהייט פאַר דעם טויט. זאָגאַר קינ-דער זיינען געווען בעזעעלט מיט אונגעוועהנליכען העלדען־מוט. אויף איין באַריקאַדע איז דער מוטיגסטער שיסער געווען אַ קינד. נאָך דעם, ווי די ווערסאַילער האָבען איינגענומען די באַריקאַדע, האָבען זיי דערשאָסען אַלע,

וואָס האָבען זי פערטיידיגט. ענדליך איז עס אויך געקומען צו דעם אינגעל, דעם בעריהמטען שיסער. ער האָט געבעטען מען זאָל איהם געבען 3 מינוטען צייט, וויל ער וויל איבערגעבען זיין מוטער, וועלכע וואוינט געגענאיבער, זיין זילבערנע אוהר אום זי זאָל ניט אַלעס פערלירען. דער אָפיצער האָט אויף איהם רחמנות געהאַט און האָט איהם געלאָזען געהן, אין דער זיכערער ערוואַרטונג, דאָס ער וועט איהם מעהר ניט זעהן. אָבער נאָך 3 מינוטען איז דאָס קינד געקומען צולויפען און האָט אויסגערופען: „דאָ בין איך!" ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף'ן טראָטואַר און האָט זיך אָנגעלעהנט אָן די מויער נעבען די טויטע קערפּערס פון זיינע קאַמעראַדען אום דערשאָסען צו ווערען. דעם 28טען מאי אום 11 אוהר אָבענדס איז די לעצטע באַריקאַדע איינגענומען געוואָרען, און די קאָמונע האָט איהר לעצטען אָטעם־צוג אַרויסגעלאָזען.

די בורזשואַזיע האָט זיך יעצט גענומען נוקם זיין זיך אָן די פּראָלעטאַריער און האָט בעגאַנגען אַזעלכע מערדערייען, וועלכע די געשיכטע פון פּראָלעטאַריאַט האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען. פּאַריז איז געבראַכט געוואָרען אין אַ בעלאַגערונגס־צושטאַנד. דורך אָפישען איז בעקאַנט געמאַכט געוואָרען, דאָס יעדער, וואָס בעזיצט וועלכע עס איז וואַפען, וועט געשטעלט ווערען צום קריגס־געריכט, און דאָס הויז, פון וועלכען מען וועט אויסשיסען, וועט רואינירט ווערען. די סאָלדאַטען פון דער אַרמעע זיינען געוואָרען אַ באַנדע תלינים. זונטאַג דעם 28טען מאי זיינען 5,000 געפאַנגענע אין געפענגנים אַריינגעוואָרפען געוואָרען. ביים אַריינגאַנג אין געפענגנים איז געשטאַנען אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטען און דער אָפיצער האָט די געפאַנגענע נאָר געזאָגט: „רעכטס" אָדער „לינקס". די וועלכע זיינען געקאָמאַנדעוועט געוואָרען „לינקס" זיינען באַלד דערשאָסען געוואָרען. אויף דעם אופן זיינען פון זונטאַג ביז מאָנטאַג פריה ערמאָרדעט געוואָרען 1,900 פּערזאָן. דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע געפענגניסען. מאַסען זיינען געבראַכט געוואָרען צום קריגס־געריכט. מען האָט יעדען איינעם גענומען צו אַ פערהער, וועלכער האָט געדויערט נור אייניגע מינוטען; די פראַגען זיינען געווען כמעט צו אַלעמען די זעלבע: „האָט איהר געטראָגען וואַפען? האָט איהר געדינט ביי דער קאָמונע? ווייזט אייערע הענט!" ווען מען האָט בעמערקט פון זיין אויפפיהרונג ביי דיזע פראַגען, דאָס ער איז אַ קאָמוניסט, אָדער זאָגאַר, ווען נאָר זיין געזיכט איז ניט געפעלען געוואָרען די ריכטער, האָט מען איהם באַלד הינגעריכטעט און מען האָט זאָגאַר זיין נאָמען ניט געפרעגט. מען האָט קיינעם ניט געשוינט: אַלטע,

פרויען, קינדער זיינען אָהן שום פּראָצעס ערשאָסען געוואָרען. עס זיי-
נען געווען ערטער, וואו געהירנס פון ערמאָרדעטע זיינען איינפאַך אומ-
געשוואומען. אזוי פיעלע הרוגים זיינען דאָרט געווען.

עס האָט געשיינט, דאָס די בורזשואזיע האָט אין גאַנצען געוואָלט פער-
ניכטען דעם פּראָלעטאריאט. עס זיינען געגאַנגען איבער די גאַסען גרויסע
וועגען פול מיט הרוגים, וועלכע זיי האָבען אַוועקגעפיהרט אויף לעדיגע פּלע-
צער. עס זיינען נאָך דיזע וועגען געגאַנגען גרויסע מאַסען פון דער בור-
זשואזיע און האָבען מיט פערגניגען געקוקט אויף דיזע מענשליכע טראַ-
געדיע. רייכע דאַמען האָבען געקוסט די שטיוועל פון די הענקער, וואָס
האָבען געריטען אויף פערד און זיינען נאָכגעפאָהרען די וואָגענס מיט די
הרוגים. אויף די הערצער פון פיעלע ערמאָרדעטע איז געווען צוגעשפּילעט
אַ צעטעל מיט דער איבערשריפט : „מערדער, גנב, שכור״. און ביי איי-
ניגע האָבען געשטעקט אין מויל העלזלאַך פון פלעשער.

די הרוגים האָט מען ניט בעערדיגט, נאָר זיי האָבען זיך געוואָלגערט
אונטער׳ן אָפענעם הימעל. דאָס האָט אין גיכען פעראורזאַכט אַ שרעקלי-
כען געשטאַנק, וועלכער האָט אָנגעהויבען צו פערברייטערן אַ פּעסט. אַ
זעהר גרויסע צאָהל קערפּערס האָבען זיך געוואָלגערט אין די גאַסען און
האָבען געשטערט די פרייע בעוועגונג. מען האָט ענדליך אָנגעפאַנגען ווע-
ניגער צו היטריכטען און מען האָט זיך גענומען צו רייניגען די גאַסען פון די
טרופּען. מען האָט אויסגעגראָבען גרויסע און טיפע גריבער אום די ער-
מאָרדעטע צו בעגראָבען. עס האָט אָבער געשיינט צו זיין אונמעגליך אַלע
טרופּען צו בעערדיגען. מען האָט דעריבער בעשלאָסען די פיעלע טרופּען
צו בעגיסען מיט פּעטראָלעאום און פערברענען.

פיעלע זיינען ניט ערמאָרדעט געוואָרען, נאָר זיינען אין די געפענגני-
סען געוואָרפען געוואָרען. עס איז גענוג געווען אַ קליינער חשד, איין וואָרט,
אום אין געפענגנים אריינגעוואָרפען צו ווערען. אין געפענגנים זיינען די
אַלע געפאַנגענע געבונדען געוואָרען מיט שטריק. ווער עס האָט ניט גע-
וואָלט געהן אין געפענגנים האָט מען איהם מיט די באַיאָנעטען געשטאָכען
און געטריבען, אָדער מען האָט איהם אָהן צערעמאָניעס ערשאָסען. די גע-
פאַנגענע פון דיזען סאָרט האָט מען טראַנספּאָרטירט נאָך ווערסאיל. דאָרט
האָט זיי ערוואַרטעט דער גענעראַל ג א ל י פ ע ט. דאָס איז געווען אַ
ווילדע חיה אין דער געשטאַלט פון אַ מענשען. ער האָט גענומען דעם בלו-
טיגען מעשר. דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ענגלישער צייטונג „דעילי ניום״
בעשרייבט ווי די אומגליקליכע זיינען אין ווערסאיל בעהאַנדעלט געוואָרען.

„מען האָט די קאָמפּאַניע אָפּגעשטעלט אויף דער אווענין אוהריך און די גע-פאַנגענע זיינען געוואָרען צושטעלט אין פינף רייהען. דער גענעראַל מאַרקיז דע גאַלליפעט, וועלכער האָט געריטען פאָראויס פאַר אונז מיט זיין גענעראַל-שטאַב, איז אַראָפּ פון זיין פערד און האָט אָנגעפאַנגען אַן אונטערזוכונג צו לינקס הארט נעבען מיר. ער איז לאַנגזאַם געגאַנגען און בעטראַכט יעדען פון דער רייהע, ביי וועלכער ער איז דורכגעגאַנגען, און האָט אָנגעריהרט איינעם פון די געפאַנגענע אויף'ן שולטער, אָדער ער האָט איהם געהייסען אַרויסגעהן פון דער רייהע און זיך שטעלען הינטען. דיזע אויסגעוועהלטע פערזאָנען האָט מען אָהן אַ פערהער אוועקגעשטעלט אין מיטען פון גאַס, וואו עס האָט זיך באַלד געבילדעט אַ צווייטע רייהע. זיי האָבען פערשטאַ-נען וואָס עס ערוואַרטעט זיי, דאָס זייער לעצטע שטונדע האָט געשלאָגען. עס איז געווען שוידערליך אינטערעסאַנט צו בעטראַכטען זייער האַלטונג. איינער, אַ פערוואונדעטער, מיט אַ בלוט-טריפענדען העמד, האָט זיך גע-זעצט אויף'ן גאַס און האָט געקלאָגט פון שמערצען. אַנדערע האָבען גע-וויינט שטיל. צוויי סאָלדאַטען, וועלכע מען האָט געהאַלטען פיר דעזערטי-רען, האָבען בעשוואָרען די אַנדערע געפאַנגענע צו זאָגען, אויב זיי האָבען זיי ווען געזעהען אין זייערע רייהען. מעהרערע האָבען געלאַכט מיט פער-אַכטונג און שטאָלץ. — וואָס פיר אַ שרעקליכער שוישפּיל עס איז צו זעהן, ווי אַ מענש זאָל אַזוי אַוועקכאַפּען מיטמענשען און איהם שלאַכטען אָהן קיין שום דין און משפּט! אַ פּאָאַר טריט פון מיר האָט אַ רייטענדער אָפיצער אָנגעצייגט דעם גענעראַל מאַרקיז דע גאַלליפעט אויף אַ מאַן מיט אַ פרוי, וועלכע זיינען בעשולדיגט געווען, איך וויים ניט אין וואָס. די פרוי איז אַרוים פון דער רייהע, איז געפאַלען אויף די קני און האָט געבעטען מיט-לייד מיט אויסגעשטרעקטע אָרמס, און האָט אין די טראַגישסטע ווער-טער פערזיכערט איהר אונשולד. גאַלליפעט האָט זי אַ היבשע צייט בע-טראַכטעט, און דאַן האָט ער געזאָגט זעהר קאַלט: „מאַדאַם, איך האָב אַלע פּאַריזער טהעאַטערן בעזוכט, עס לוינט זיך ניט די קאָמעדיע, וואָס איהר שפּילט". נאָך דעם, ווי דער גענעראַל האָט אויסגעקליבען הונדערט אָפּפער, האָט מען זיי אַוועקגעפיהרט צום הינריכטען. מען האָט באַלד דער-הערט שיסערייען, וועלכע האָבען אָנגעהאַלטען אַ פערטעל שטונדע. דאָס איז געווען אַ קורצער פּראָצעס פון דיזע אונגליקליכע. זונטאָג דעם 28טען מאַי האָט גאַלליפעט געזאָגט: „אַלע גרייז-האָאָריגע זאָלען אַרויסטרעטען פון דער רייהע". עס זיינען אַרויס 111 געפאַנגענע. „איהר", האָט גאַלליפעט געזאָגט: „איהר געדענקט געוויס די רעוואָלוציאָן פון 1848, איהר זייט

פיעל שולדיגער ווי די אַנדערע". און ער האָט געלאָזט שטירצען זייערע קערפּערס אין די גראָבענס פון פעסטונג".

צו זעהן דאָס אריינציהען פון די געפאַנגענע אין ווערסאַיל איז אָנגעקומען אַ גרויסע מאַסע צושויער פון דער פיינסטער פראַנצויזישער געזעלשאַפט : דעפּוטאַטען, בעאַמטע, גייסטליכע, אָפיצערען, פרויען פון דער גרויסער און מיטעלער וועלט. די ווילדע הוליאַנקע איז געווען אונגלויבליך. ווי די אונגליקליכע געפאַנגענע זיינען אָנגעקומען אין ווערסאַיל האָט מען זיי בעגעגענט מיט לאַרמס און קלעפּ ; מען האָט אויף זיי געוואָרפען שמוץ, צובראָכענע פלעשער, די דאַמען האָבען זיי געשלאָגען מיט זייערע זונענשירמס. באַלד האָט מען זיי איינגעשפּאַרט. זייערע ליידען אין געפענגניס זיינען געווען שרעקליך. מען האָט זיי ניט געגעבען קיין וואַסער צו טרינקען, קיין וועש אומצובייטען. די שטרוי, וואָס מען האָט זיי געגעבען צו אונטערבעטען, איז באַלד פערוואַנדעלט געוואָרען אין מיסט, קיין אַנדערע האָט מען זיי ניט געגעבען. צוויי מאָל אַ טאָג האָט מען זיי געבראַכט, עפּעס אַ געלבליכע פליסיגקייט. עס איז געווען הינטישע שפּייז. די זשאַנדאַרען האָבען זיי פערקויפט טאַבאַק פיר זעהר הויכע פּרייזען, און באַלד האָבען זיי עס קאָנפיסקירט אום נאָכדעם ווידער צו פערקויפען. קיין דאָקטאָר איז צו זיי ניט געשיקט געוואָרען. די פערוואונדעטע האָבען געליטען פון קרעבס (ראַק), עס האָבען אויסגעבראָכען אויגען־קראַנקהייטען. דעליריום איז געוואָרען כראָניש. ביי נאַכט האָט מען געהערט דאָס געשריי פון פיבער־קראַנקע און וואַהנזיניגע. ביי דעם זיינען געשטאַנען די זשאַנדאַרען קאַלט ווי גזלנים מיט געלאָדענע געוועהר.

דערצו די מאָראַלישע ערנידריגונגען. די פרויען, וועלכע האָבען געאָפּפערט דאָס בלוט פון זייער האַרץ, זייערע מענער און קינדער פיר דעם אידעאַל פון פרייהייט און פיר די עמאַנציפּאַציאָן פון דער ארבייט, זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען ווי גאַסען־פרויען. אויסגעלאַסענע מיידלאַך, וועלכע זיינען געפאַנגען געוואָרען און זיינען געוואָרען בענוצט די אַנדערע אויסצושפּיאָנירען, האָבען פאַר אַלעמען אין די אויגען געלעבט מיט די וואַכען. ווען די פרויען האָבען פּראָטעסטירט האָט מען זיי געשמיסען. אַזוי האָט מען אויף דעם שענדליכסטען אופן די העלדינען פון פּראָלעטאַריאַט ארונטערגעבראַכט צו דער שטופע פון אויסוואורפען.

די ערעסטען האָבען גאָרניט אויפגעהערט. די „אַנשטענדיגע" לייט האָבען געלאָזט ארעסטירען זייערע קאָנקורענטען אָדער בעלי חובות מיט דער בעשולדיגונג, דאָס זיי געהערען צו דער קאָמונע. עס זיינען אין אַ קורצער

צייט אָנגעגעבען געוואָרען 399,823 דענונציאַציאָנען (מסירות). די קריגס-געריכטען האָבען שוועך געארבייט, זיי האָבען ארויסגעגעבען 49,066 אור-טיילען. די אָפּפער זיינען געווען אונגעהייער גרויס.

25,000 מענער, פרויען און קינדער זיינען געטויט געוואָרען, 3,000 זיינען אין די געפענגניסען געשטאָרבען, 13,700 זיינען פעראורטיילט גע-וואָרען צו לעבענסלענגליכער געפענגניס; 17,000 פרויען, קינדער און אַל-טע זיינען בערויבט געוואָרען פון זייערע ערנעהרער אָדער זיינען ארויסגע-טריבען געוואָרען פון לאַנד, 111,000 אָפּפער האָט די בורזשואַזיע מקריב געווען אויף דעם מזבח פון רייכע פיר די רעוואָלוציאָן פון 18טען מערץ.

די אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציאָן האָט אין דיזען אויפשטאַנד גע-שפּילט אַ זעהר אונבעדייטענדע ראָלע. דער גענעראל-שטאַב פון דיזער אַסאָציאַציאָן האָט געראַטען זיך האַלטען פון דער ווייטען פון דיזען אויפ-שטאַנד. דאָך האָט זי מאַנכמאָל געשטיצט די קעמפּפער מיט ראַט און טאַט. נאָך דעם שטורץ פון דער קאָמונע האָט דיזע אַסאָציאַציאָן גענומען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פיר אַלעס, וואָס די קאָמוניסטען האָבען געטאָן אין דער צייט פון זייער אויפשטאַנד. קאַרל מאַרקס האָט אין זייער אויפ-טראַג פערפאַסט דעם בעריהמטען אַדרעס וועגען דעם „בירגער-קריג אין פראַנקרייך". דיזען אַדרעס ענדיגט ער מיט פאָלגענדע ריכטיגע ווערטער:

„די פּאַריז פון די ארבייטער מיט איהר קאָמונע וועט אייביג געפייערט ווערען אַלס אַ הערליכער אָנצייגער פון אַ נייער געזעלשאַפט. איהרע מאַר-טירער זיינען בעהאַלטען אין די גרויסע הערצער פון דער ארבייטער-קלאַס. איהרע פערטיליגער האָט שוין יעצט די געשיכטע צום שאַנדקלאָץ צוגענאָ-געלט, און אַלע תפלות פון זייערע פּאַפּען וועלען ניט אין שטאַנד זיין זיי צו בעפרייען פון איהם".

ערסט אין יאָהר 1888 איז ארויסגעגעבען געוואָרען אַן אַמנעסטיע (בע-גנאַדיגונג) פיר די קאָמוניסטען, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען. אָבער אַ זעהר קליינע צאָהל מענשען האָבען געקענט געניסען פון איהר. וויפיעלע זיינען אין דער פערשיקונג אָדער אַלס פליכטלינגען אין אויסלאַנד געשטאָר-בען! צווישען דיזע איז געווען דער מאַלער ק ו ר ב ע ט, וועלכער האָט פעראורזאַכט דעם שטורץ פון דער וואַנדאָם-סטאַטוע און איז געשטאָרבען מיט אַ געבראָכענעם הארצען אין ב ע ו ו ע י.

די ווערסאַילער האָבען גערעכענט, דאָס מיט זייער מאַסען-מערדעריי האָבען זיי די סאָציאַלע פראַגע אין גאַנצען פון דער וועלט פערטיליגט. אָבער זיי האָבען אַ גרויסען טעות געהאַט. שוין אין די ערסטע מאָנאַטען פון 1872

האָבען אויסגעבראָכען גרויסע סטרייקס און די פּראָלעטאַריער, וועלכע האָ-
בען קיין רעכט ניט געהאַט זיך פּאָליטיש צו פערייניגען, האָבען זיך פער-
אייניגט און אָרגאַניזירט ריין אַלס געווערקשאַפטען (יוניאָנס). אין 1876
איז געווען אין פּאַריז אַ קאָנגרעס פון אַרבייטער. די הויפּט-בעשלוסען זיי-
נען געווען איינצוריכטען סינדיקאַל-קאַמערן (אַרבייטער-ראַט) און קאָאָפּע-
ראַטיווע געזעלשאַפטען, צו בעשרענקען דעם אַרבייטער-טאָג אויף 8 שטונ-
דען, און אויך אונטערדריקען נאַכט-אַרבייט.

אין דעם זעלבען יאָהר (1876) האָט ג ע ד בעקומען די ערלויבניס
צוריקקומען אין פּאַריז, פון וואַנען ער איז אויסגעוויזען געוואָרען, און האָט
געגרינדעט אַ צייטונג מיט'ן נאָמען „גלייכהייט", וועלכע האָט פיעל געהאָל-
פען צו פערשפּרייטען סאָציאַליסטישע אידעען. דעם 20טען אַפּריל 1879
איז אין באָרדאָ ערוועהלט געוואָרען צום דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט דער
אַלטער רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסט ב ל א נ ק י. אין אָקטאָבער פון
דעם זעלבען יאָהר האָט אין מאַרסעיל שטאַטגעפונען אַן אַרבייטער-קאָנגרעס,
וועלכער האָט אָנגענומען אַ פּאָרשלאַג, דאָס די אַרבייטער זאָלען אַלע מיט-
לען געברויכען אום דורכצופיהרען דעם פּראָיעקט, דאָס אַלע פּראָדוקציאָנס-
מיטלען און אַרבייטס-ווערקצייג זאָלען ווערען דאָס אַלגעמיינע אייגענטום
פון אַלע אַרבייטער צוזאַמען. עס איז אויך אויף יענעם קאָנגרעס בעשלאָ-
סען געוואָרען צו בילדען אַ גרויסע פּאָליטישע פּאַרטיי פון אַלע אַרבייטער.
די געווערקשאַפטען אָדער קאָאָפּעראַטיוויכטען זיינען געווען געגען די סאָ-
ציאַליסטען און האָבען זיי אָנגעגריפען, דאָך איז שוין אין 1882 דער זיג
פון די סאָציאַליסטען געווען ענטשידען, נאָך דעם, ווי דער קאָנגרעס אין
האוור האָט געמאַכט אַ שיידונג צווישען די ביידע ריכטונגען.

אָבער נאָך אַלעם דעם איז די סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פּאַרטיי נאָך
אַלץ שוואַך געווען. אין די וואַהלען האָבען זיי געהאַט כסדר נידערלאַגען.
די הויפּט-אורזאַך דערפון איז, וואָס צווישען די אַרבייטער זעלבסט איז ניט
געווען קיין אמת'ע אחדות, קיין סאָלידאַריטעט. אויף דעם קאָנגרעס אין
סעינט-עטיעננע איז זאָגאַר געקומען צו אַ שפּאַלטונג. די „מאַרקסיסטען"
מיט געד האָבען זיך געשידען פון די „פּאָסיביליסטען", וועלכע האָבען דעם
הויפּט-קאַמף אַריבערגעפיהרט אויף דעם קאָמונאַלען געביט.

אין די יאָהרען 1889 איז די בעוועגונג שטאַרקער געוואָרען. פיר די
קליין-בירגער און די בויערן האָט קיינער פון די בירגערליכע פּאַרטייען גאָר-
נישט געטאָן. די סאָציאַליסטען האָבען ניט פערשטאַנען די אונצופרידענע
צוציהען צו זיך, די בעדריקטע האָבען געזוכט איינעם, וואָס זאָל זיי ערלעזען

פון זייער גערריקטער לאַגע און האָבען איהם געפונגען אין בולאַנ־זשער. זאָגאר א טייל פון די סאָציאַליסטען איז צו איהם אריבער. נאָר די מארקסיסטען האָבען פערשטאַנען, דאָס בולאַנזשער איז ניט מעהר ווי איין אפעריסט, און האָבען איהם שטארק בעקעמפט.

דאַגעגען איז דער מאַי־יום טוב פון 1890 געווען א גרויסער זיג פיר די ארבייטער־פּארטיי. דיזער יום טוב האָט אויפגעמונטערט די פּראָלע־טאריער און דאָס האָט געבראַכט נייע אָנהענגער צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. דער רעזולטאַט פון דעם מאַי־פייער פון 1891 איז געווען נאָך פיעל וויכטיגער. די האַנדלונג פון דער רעגירונג ביי דיזען פייער איז געווען זעהר ברוטאַל און אויפרייצענד. עס זיינען געווען ערטער, וואו עס איז געקומען זאָגאר צו בלוט־פערגיסונג. עס זיינען אומגעקומען ניין נפשות, צווישען זיי צוויי 11־יעהריגע אינגלאַך און 4 פּערזאָן פון 17 ביז 20 יאָהר. דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז שטארק אויפגעבראַכט געוואָרען אויף די רעגירונג פיר אזא ברוטאַלע האַנדלונג. די סאָציאַליסטען האָבען געוואוסט ווי אויס־צונוצען דיזע האַנדלונג פון דער רעגירונג פיר זייערע צוועקען און האָבען דאַן געמאַכט גוטע פּראָפּאַגאַנדאַ.

די וואַהלען פון 1893 האָבען געבראַכט דעם ערסטען גרויסען זיג פיר דעם סאָציאַליזם. די שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פיר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען, האָבען געצעהלט

| | 1889 | 1893 | צוואוואוקס |
|---|---|---|---|
| אין פראַנקרייך | 176,369 | 589,232 | 234 פּראָצ. |
| אין פּאַריז | 56,271 | 160,386 | 185 פּראָצ. |
| אין די דעפּאַרטעמענטען | 106,595 | 428,846 | 302 פּראָצ. |

די ארבייטער־פּארטיי האָט געוואונען 12 ערטער אין פּארלאַמענט. לאַפּאַרג און פערדול האָבען פערלאָרען זייערע ערטער. צוזאַמען מיט די 2 דעפּוטירטע פון די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּארטייען זיינען דאָ 49. די צאָהל וואָלט זיין נאָך גרעסער, ווען די סאָציאַליסטישע פּארטיי וואָלט זעלבסט ניט געווען אין זיך אַזוי פיעל צוברעקעלט. אין מאַרסעיל, צום ביישפּיל, האָבען געקעמפט 7 קאַנדידאַטען אין איין וואַהל־קרייז.

אין איטאַליען האָבען זיך שוין געבילדעט ארבייטער־געזעל־שאַפטען אין יאָהר 1848. אין 1862 און 1867 האָבען זיך איינינגע אָנ־געשלאָסען צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אסאָציאַציאָן. דעם 8טען אָקטאָבער 1871 האָט זיך אין טורין געגרינדעט א פעדעראַציאָן פון ארבייטער, וועלכע איז באַלד צושפּאַלטען געוואָרען אין צוויי טיילען: איינער מיט די שטרע־

בונגען פון דעם רעפּובליקאַנער מאַצציני און איינער, וואָס האָט געשטרעבט צו דער „עמאַנציפּאַציאָן פון דעם פּראָלעטאַריער". דער לעצטער איז גע-וועזען דער „ארבייטער־בונד", וועלכער האָט זיך געהאַלטען אָן די לעהרען פון דעם רוסישען אנארכיסט באַקונין. אָבער די פּאָליציי האָט באַלד אָנגעהויבען שטאַרק צו פערפאָלגען דעם ארבייטער־בונד און האָט געמאַכט אַן ענדע צו זיין עקסיסטענץ. ווי ווילדע טירען האָט מען די סעקציאָנען



באַקונין.

פון בונד געהעצט. פיעלע זיינען פערשיקט געוואָרען אויף די שטראָף־-אינזלען.

אָבער די אַלע פערפאָלגונגען האָבען ניט אָפּגעהאַלטען די קעמפּער פּאַרט-צוזעצען דעם בעפרייאונגס־קאַמף מיט העלדענמוטיגער אויסדויער. אין אָנ-פאַנג פון די אַכטציגסטע יאָהרען האָט זיך אָנגעהויבען אַן ערנסטע ארביי-טער־בעוועגונג, אין שטרענגען זין פון וואָרט. אָן דער שפּיץ פון דיזער בע-

וועגונג איז געשטאַנען אַ נ ד ר ע אַ  ק אָ ס ט אַ, וועלכער האָט מיט גרויס ענערגיע זיך אָפּגעגעבען מיט אָרגאַניזאַציאָן. אין 1881 איז געגרינדעט געוואָרען אַ לאָמבאַרדישער אַרבייטער-פערבאַנד. אויף זיין ערסטען קאָנגרעס זיינען געווען פערטרעטען 32 פעראיינען, וועלכע האָבען געצעהלט בערך 5,000 מיטגלידער. אויך אין ראָמאַניאַ זיינען גרויסע פאָרטשריטען געמאַכט געוואָרען. דאָ איז מען אַוועק פון רעוואָלוציאָנערע אונאָרדנונגען, מען האָט זיך גענומען צו פערנינפטיגער פּאָליטיק. מען האָט נעמליך בעשלאָסען אריינצוטרעטען אין אַ פּאָליטישען און געמיינדע-וואהלקאַמף. אין 1882 איז געגרינדעט געוואָרען אַ טאָסקאַנישער פערבאַנד מיט דער פּראָגראַם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציאָן. אין וואהלקאַמף פון 1882 האָבען די סאָציאַליסטען געהאַט 49,154 שטימען און האָבען ערוועהלט 2 קאַנדידאַטען, צווישען וועלכע איז אויך געווען קאָסטאַ.

אויף דעם קאָנגרעס אין מאַנטואַ איז אין יאָהר 1885 געגרינדעט געוואָרען אַן אַלגעמיינע איטאַליענישע אַרבייטער-פּאַרטיי. עס האָבען זיך צו דיזער פּאַרטיי אָנגעשלאָסען מעהר ווי 40,000 אַרבייטער. דער קלאַסען-קאַמף האָט גאָר אַן אַנדער געשטאַלט אָנגענומען. איבעראַל האָבען אויסגעבראָכען סטרייקס, וועלכע זיינען געפיהרט געוואָרען מיט גרויס ענערגיע.

אין יאָהר 1886 האָט זיך די רעגירונג שטאַרק גענומען אונטערדריקען די אַרבייטער-פּאָליטיק. זי האָט דעם פערבאַנד פערוועהרט און האָט פערפיהרט אַ פּראָצעס געגען די מיטגלידער פון צענטראַל-פּאָרשטאַנד. אַלע געלטען, פּאַהנען און שריפטען פון דיזען פערבאַנד זיינען קאָנפיסקירט געוואָרען. אָבער אין יאָהר 1887 איז די איטאַליענישע פּאַרטיי ווידער געגרינדעט געוואָרען. אין די וואהלען פון מאָנאַט נאָוועמבער 1890 איז זיי געלונגען צו ערוועהלען 3 מיטגלידער פיר דעם פּאַרלאַמענט. אויף דעם קאָנגרעס אין מאַילאַנד זיינען געווען פערטרעטען 150 פעראיינען פון אַרבייטער און סאָציאַליסטען פון לאָמבאַרדיע, טאָסקאַנאַ, ליגוריען און פּיעמאָנטע. דאָרט האָבען זיי אויסגעזאָגט זייער אידעע, דאָס די עמאַנציפּאַציאָן (בעפרייאונג) פון דער אַרבייטער קלאַס קען נאָר דאַן געשעהען, ווען מען וועט אָפּשאַפען דעם פּרינציפּ פון אייגענטום און איינפיהרען אין דער געזעלשאַפט דעם פּרינציפּ פון אַלגעמיינעם אייגענטום. אין 1892 האָבען זיי אָנגעהויבען ארויסצוגעבען אַן אָרגאַן מיט'ן נאָמען „דער קלאַססען-קאַמף". אין 1893 האָט די פּאַרטיי געצעהלט ביז 200,000 מיטגלידער. די מאַי-פּראָצעסיאָנען אין דיזע יאָהרען האָבען אַלס פּראָפּאַגאַנדאַ געהאַט אַ זעהר גרויסע ווירקונג.

ביי די וואהלען פון 1892 האָבען די סאָציאַליסטען פון איטאַליען ער־אָבערט 3 וואהל־קרייזען; גואסטעללאַ, קאַרפּי, און באַרגאָ סאַנטאָ דאָמינאָ. זיי האָבען אויך ערוועהלט איינינגע קאַנדידאַטען, וועלכע האָבען סימפּאַטיזירט מיט'ן סאָציאַליזם. דאַגעגען האָט קאָסטאַ פערלאָרען מיט וועניגע שטימען. זיי האָבען אויך געגרינדעט איינינגע נייע צייטונגען אויסער דעם צענטראַל־אָרגאַן, וועלכען מיר האָבען שוין דערמאָהנט.

נעבען דער פּאָליטישער אַרבייטער־בעוועגונג איז נאָך דאָ אַ געווערקשאַפטליכע, וועלכע האָט איהר הויפּט־ציל די אַרבייטער־אינטערעסען. די געווערקשאַפטס־בעוועגונג איז בעדייטענד געוואַקסען. מאַילאַנד אַליין האָט געצעהלט 40 סעקציאָנען מיט 10,000 מיטגלידער.

די לאַגע פון דער קלאַס, וועלכע פערמאָגט ניט קיין שום אייגענטום, איז אין איטאַליען ערגער און פיעל שרעקליכער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער. דער שטענדיגער וואוקס פון גרויסען גרונד־בעזיץ, וועלכער איז נאָך פערגרעסערט געוואָרען דורך דעם פערקויף פון די קירכען־גיטער, און די גרויסע לאַסט פון שטייערן ברייננגט די אָרימע צו פערצווייפלונג. עס האָבען זעהר אָפט אויסגעבראָכען הונגער־אויפשטאַנדען, די אָרימע קלאַס האָט זיך ענטזאַגט צו צאָהלען שטייערן, האָט זאָגאַר בעפאַלען און געשטורמט די שטייער־ביוראָס או. ד. גל. אין יאָהר 1893 האָט סיציליען דורכגעמאַכט אַ הונגער־אויפשטאַנד, וועלכער האָט אויסגעבראָכען צווישען די אַרבייטער אין די שוועבעל־גרובען ווייל מען האָט זיי געוויסענלאָז עקספּלואַטירט און צו פערצווייפלונג געבראַכט.

---

אין בעלגיען האָבען די אַנאַרכיסטישע קאָכעניסען און פּראָפּאַגאַנדאַ פון באַקונין'ען געהאַט זעהר שעדליכע רעזולטאַטען פיר'ן סאָציאַליזם. נאָר פון 1878 האָט דער סאָציאַליזם בעקומען פעסטען באָדען אונטער זיך. אין דיזען יאָהר איז געוועזן אַ קאָנגרעס פון סאָציאַליסטען אין בריססעל. אויף דיזען קאָנגרעס האָבען זיך פיעלע סאָציאַליסטישע גרופּען פעראייניגט צו יזיין גרויסער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען די פּראָגראַם פון גאָטהאַ און האָט ערקלערט 3 צייטונגען אַלס פּאַרטיי־אָרגאַנען. אָבער דיזע איינינקייט איז געבראָכען געוואָרען דורך מאָסט'ס שטרייט מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכער האָט זיך איבערגעטראָגען אין בעלגיען. ערסט אויף דעם קאָנ־

גרעס אין אַנטווערפּען אין יאָהר 1885 איז די בעלגישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי ווידער צושטאַנד געקומען.

אין יאָהר 1886 איז אין בעלגיען פאָרגעקומען דער גרויסער סטרייק פון שאַרלערוא, אין וועלכע די גרויסע גלאָז־פאַבריקען זיינען צושטערט גע־וואָרען. דער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרען דורך מיליטער מיט בלוט־פערגיסונג. די פּאַרטיי איז ווידער צושפּאָלטען געוואָרען צוליב דער פראַגע פון אַ גענעראַל־סטרייק, אָבער אין יאָהר 1889 איז זי ווידער איי־ניג געוואָרען, און פון דאַמאָלס אָן איז די בעלגישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע־אויסגעצייכענט אָרגאַניזירט.

---

אין דענעמאַרק איז אונמעגליך געווען צו גרינדען אַ סאָציאַליס־טישען פּאָליטישען פעראיין. דאָרט האָט זיך דער סאָציאַליזם ענטוויקעלט אונטער דער צענטראַל־פיהרונג פון די „פרייע פאַך־פעראיינען“. אין 1875 זיינען אויף דעם קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען געווען פערטרעטען 5,500 אָר־גאַניזירטע אַרבייטער. אין 1878 איז געגרינדעט געוואָרען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פערבאַנד. צו דיזען פערבאַנד איז איבערגעגאַנגען די פיה־רונג פון דער פּאַרטיי. אין 1883 איז אין קאָפּענהאַגען אָפּגעהאַלטען גע־וואָרען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס. דיזער קאָנגרעס האָט געגעבען דער דענישער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אַ שטאַרקען שטויס פאָרווערטס. דעם נעכסטען יאָהר האָבען די סאָציאַליסטען שוין געהאַט 2 פערטרעטער אין פּאַרלאַמענט. צו ענדע פון די אַכציגער יאָהרען איז ווידער געוואָרען אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אַ טייל האָט פערלאַנגט פּראַקטישע רעפאָרמעס אום מען זאָל קענען צוציהען צו דער בעוועגונג דעם מיטעלען שטאַנד פון דער געזעלשאַפט, דער אַנדערער טייל האָט בעטאָנט דעם ריין פּראָלעטאַרישען כאַראַקטער.

דער „דענישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פערבאַנד“ צעהלט אין גאַנ־צען 17,000 מיטגלידער. אויסער דעם שטעהען מיט איהם פערבונדען 400 געווערקשאַפטען מיט 35,000 מיטגלידער. די פּאַרטיי האָט 5 סאָציאַ־ליסטישע צייטונגען און אַ סאַטירישעס וואָכען־בלאַט. אויסער דעם האָבען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען 3 פעראיינס־הייזער אַלס זייער אייגענטום און איי־ניגע גוט אָרגאַניזירטע גענאָסענשאַפטס־בעקערייען. אין פּאַרלאַמענט זי־צען פיער סאָציאַליסטען.

דעם לעזער וועט זיין לאַנגווייליג צו לעזען אויספיהרליך וועגען דער פּאַרטיי־בעוועגונג אין אַלע לענדער. מיר קענען אָבער פערזיכערן, דאָס ווען

אין היינטיגער צייט איז ניטאָ קיין איין ציוויליזירטעס לאַנד, וואו די סאָציאַליסטישע פּראָגראַם שאַרט ניט צאָהלרייכע בעגייסטערטע אָפּפּע-רונגס־פעהיגע אַרבייטער אַרום איהר פאָהן. דעם בעסטען איבערבליק איבער די סאָציאַליסטישע בעוועגונג גיבען די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנ-גרעסען, וועלכע זוכען צו ברייגגען צו אַ פערשטענדיגונג אַלע סאָציאַלי-סטישע גרופּען.

דער ערסטער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס איז געווען דער, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין זשענעוואַ (סעפּטעמבער 1877). דאָ זיינען גע-ווען דעלעגאַטען פון רוסלאַנד, שווייץ, גריכענלאַנד, אויסער פון די לענדער, וועלכע מיר האָבען פריהער דערמאָהנט. עס זיינען דאָ זאָגאַר געקומען דע-פּוטאַטען פון אַלעקסאַנדריען. ביי די פערהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען שטרייטיגקייטען צווישען די אַנאַרכיסטען און מאַרקסיסטען. אויף דער קאָנפערענץ פון כ ו ר (שווייץ) אין 1881 זיינען צוגעקומען דעלעגאַטען פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, גאַליציען, פּאָרטוגאַל, בוענאָס איירעס און אונגאַרן. דיזע קאָנפערענץ איז געווען אַ מאָראַלישע נידערלאַגע פיר דעם סאָציאַליזם, ווייל די בעשלוסען, וואָס זי האָט אָנגענומען, האָבען קיין ווערט ניט געהאַט. פיעל וויכטיגער איז די צווייטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ אין פּאַריז (1886), פון וועלכער פּאָליטישע גרופּען זיינען אויס-געשלאָסען געוואָרען. אויף דיזער קאָנפערענץ איז אויך אויסטראַליען געווען פערטרעטען. היר האָט זיך שאַרף אַרויסגעוויזען צום ערסטען מאָל דער גע-גענזאַץ צווישען קאָנסערוואַטיווע טרעידס־יוניאָנס און די אַנדערע סאָצי-אַליסטישע פּאַרטייען.

גרויס אויפזעהען האָט געמאַכט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון פּאַריז אין יאָהר 1889. 395 דעלעגאַטען זיינען געקומען, צווישען דיזע: שפּאַנישע, רומענישע, בעהמישע, בולגאַרישע, אַרגענטינישע און פיננישע. ליידער האָבען די געווערקשאַפטען, איבערהויפּט די ענגלישע, קיין אָנטייל ניט גענומען אין דיזען קאָנגרעס, און האָבען אָפּגעהאַלטען אַ בעזונדערען קאָנגרעס איז פּאַריז אין דער זעלבער צייט. דער הויפּט־געגענשטאַנד פון די בעראַטונגען אויף דיזען קאָנגרעס זיינען געווען דער מיליטאַריזם און שוץ־געזעצען פיר אַרבייטער. אין 1891 איז אין בריססעל געווען אַ קאָנגרעס, וועלכער איז געווען בעזוכט פון 350 דעלעגאַטען. דיזער קאָנגרעס האָט אויס-געשלאָסען די אַנאַרכיסטען פון דער פּאַרטיי. די פערהאַנדלונגען אויף דיזען קאָנגרעס וועגען מיליטאַריזם זיינען געווען זעהר שטירמיש, ווייל נ י ע-ווענהויז האָט געפאָדערט, דאָס ווען וועלכע עס איז רעגירונג ווערט

ערקלערען קריג זאָלען אַלע ארבייטער איינשטעלען זייער ארבייט. די־זער פאָרשלאַג איז געווען אונטערשטיצט פון ענגלישע, פראַנצויזישע און האָל־לענדישע ארבייטער. אָבער די מעהרהייט האָט געשטורמט געגען דיזען פאָר־שלאַג. אין אַלע אַנדערע פונקטען האָבען די מאַרקסיסטען געזיגט אויף דיזען קאָנגרעס.

אין דעם זעלבען יאָהר (1891) איז אויך אין ציריך פאָרגעקומען אַ קאָנ־גרעס, וועלכער איז געווען בעזוכט פון 440 דעלעגאַטען. אויף דיזען קאָנגרעס זיינען אויך בראַזיליען און סערביען געווען פערטרעטען. דאָרט איז צום ערסטען מאָל בעשלאָסען געוואָרען, דאָס דער 1טער מאַי זאָל זיין אָנער־קענט אַלס אַן ארבייטער־פייערטאָג אין אַלע לענדער. דיזער קאָנגרעס האָט אויך געפונען פיר זעהר וויכטיג און נעטיג, דאָס די ארבייטער זאָלען נעהמען מעהר אָנטייל אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. אין אַלגעמיין האָט געהערשט אויף דיזען קאָנגרעס איבעראיינשטימונג אין אַלע פראַגען, וואָס זיינען פער־האַנדעלט געוואָרען. אויך די ענגלישע געווערקשאַפטען האָבען זיך אָנגע־שלאָסען צ דער גרויסער בעפרייאונגס־אַרמעע פון די ארבייטער. דאָס איז געווען אַ היסטאָרישע פּאַסירונג. דער ציריכער קאָנגרעס איז ניט אַכטענדיג אויף אַלע אינטריגעס געווען אַ גרויסארטיגע דעמאָנסטראַציאָן פיר די אינ־טערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבייטער־בעוועגונג. דיזער קאָנ־גרעס האָט בעוויזען, דאָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אריינגעטרעטען אין זיג־רייכען מאַרש און קאַמף פיר די בעפרייאונג פון ארבייט און דאָס קיין מאַכט אין דער וועלט איז מעהר ניט אין שטאַנד דיזע בעוועגונג אָפּצוהאַלטען. עס איז נאָך קיין מאָל ניט אַזוי גרויס געווען די צאָהל פון דעלעגאַטען, ווי אויף דיזען קאָנגרעס ; עס זיינען נאָך קיין מאָל ניט אָפּגעגעבען געוואָרען אַזוי פיעלע בעריכטען, ווי אויף דעם צוריכער קאָנגרעס. קיין מאָל האָבען נאָך די האַנדלונגען פון אַ קאָנגרעס ניט געקראָגען אַזאַ אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז דער בעסטער בעווייז, צו וועלכער בעדייטונג די אָרגאַניזירטע אַר־בייטער האָבען עס היינט געבראַכט, ווי די בורזשואַזיע ציטערט פאַר זיי, און דאָס די קאַפּיטאַל־שקלאַפען קענען ווירקליך ווערען די הערען פון דער וועלט, ווען זיי ווילען עס נאָר זיין.



# כינאַ.

## די נייעסטע געשיכטע.

### די מאַנדזשו-דינאַסטיע (1644 ביז דער געגענוואַרט).

דער ערסטער מאַנדזשו-פירסט טשון-טשע איז אַרויף אויף'ן כינעזישען טראָן אין יאָהר 1644 און האָט רעגירט דאָס לאַנד ביז 1661. די מאַנדזשו- אָדער די טאַיטסינג-דינאַסטיע איז אין אָנפאַנג ניט געווען פעסט אויף'ן טראָן. דאָס כינעזישע פאָלק האָט אין פערשיידענע פּראָווינצען רעבעלירט געגען דעם נייעם הערשער, ווייל אייניגע פון די פיהרער פון דער מאַנדזשו-דינאַסטיע האָבען שלעכט בעהאַנדעלט דאָס פאָלק און ווייל די כינעזישע בעאַמטע האָבען עס געהעצט געגען דער נייער הערשאַפט. אמאַוואַנג, וועלכער האָט רעגירט דאָס לאַנד אין דעם נאָמען פון דעם יונגען קייזער, האָט געפיהרט די רעגירונג זעהר קלוג און האָט אַלעס געטאָן אום דאָס פאָלק צופרידען צו שטעלען; אָבער עס האָט איהם קיין זאַך ניט געהאָלפען — דאָס פאָלק האָט רעבעלירט. אַמאַוואַנג האָט געמוזט זעלבסט אַרויס אין שטרייט מיט אייניגע פיהרער פון דער רעוואָלוציאָן. ער האָט פערטריבען פון לאַנד אַלע פּרעטענדענטען אויף דעם כינעזישען טראָן פון דער פריהערדיגער מינג-דינאַסטיע, און ווען ער האָט פערטריבען דעם לעצטען פּרעטענדענט איז ער געשטאָרבען. נאָך זיין טויט האָט טשון-טשע זעלבסט איבערגענומען די רעגירונג. ער האָט זיך מעהר פון אַלע אויסגעצייכענט מיט זיין שטרעבונג צו רעפאָרמעס. ער איז פריהער פון אַלעס אַרויסגעטרעטען געגען קאָרופּציאָן, וועלכע האָט זיך שטאַרק פּראַקטיצירט אין די עקזאַמענס פיר בעאַמטע. עס איז איהם שטאַרק געווען געפעהלען די לעהרע פון דעם יעזואיטען-פּאָטער אדאַם שאַלל פון קעלן. ער האָט געפאָלגט זיין ראַט און האָט איינגעפיהרט אין כינאַ דאָס אייראָפּעאישע סיסטעם פון אַסטראָנאָמיע און האָט איהם בעשטימט אַלס ערסטען אַסטראָנאָם אין דעם אָבסערוואַטאָריום אין פעקינג. די וויכ-

טיגסטע פון זיינע רעפאָרמעס איז געווען די איינאָרדנונג פון דעם גרויסען ראַט. דאָס איז געווען די העכסטע אויטאָריטעט אין לאַנד נאָך דעם קייזער. דיזע רעפאָרמעס האָט בעפעסטיגט די מאַנדזשו־דינאַסטיע. דער גרויסער ראַט איז בעשטאַנען נאָר פון 4 מיטגלידער. דיזע 4 מיטגלידער זיינען געווען די איינציגע אין לאַנד, וואָס האָבען געהאַט דאָס רעכט זיך פּערזענליך צו זעהן מיט דעם קייזער און פערהאַנדלען וועגען פערשיידענע אַנגעלעגענהייטען. דער גרויסער ראַט איז בעשטאַנען פון 2 כינעזער און 2 מאַנדזשוס. דיזער קליינער אַנטייל פון די כינעזער און די מאַנדזשוס אין דעם ראַט, האָט געווירקט, אַז דאָס לאַנד האָט זיך ענדליך פאָלקאָם בערוהיגט.

די רעגירונג פון טשון־טשע איז אויך וויכטיג דורך איהר בעריהרונג מיט אייראָפּאַ און מיטעל־אַזיען. דער רוסישער קאַזאַק י ע ר מ אַ ק האָט אין יענער צייט איינגענומען סיביר און רוסלאַנד איז געוואָרען אַ נאָהענטער שכן מיט כינאַ. אין יאָהר 1556 זיינען אין כינאַ אָנגעקומען געזאַנדטשאַפטען פון רוסלאַנד און פון האָללאַנד מיט'ן צוועק צו קריגען קאָנצעסיאָנען פיר זייערע האַנדעלס־פערבינדונגען. זיי האָבען אָבער קיין ערפאָלג ניט געהאַט. טשון־טשע האָט געמאַכט מעהר פריינדשאַפטליכע פערבינדונגען מיט טיבעט. אין 1653 האָט דער גרויסער לאַמאַ (כהן גדול) פון לאַשאַ אין טיבעט בעזוכט כינאַ, און טשון־טשע האָט איהם געגעבען דעם טיטעל ד אַ ־ ל אַ י לאַמאַ, ד. ה. ים־לאַמאַ, ווייל זיינע קענטניסען האָבען קיין גרונד ניט ווי דער ים און זיינען אַזוי ברייט ווי דער ים. דער גרויסער לאַמאַ פון לאַשאַ איז אונטער דיזען טיטעל אַלגעמיין בעקאַנט געוואָרען און דיזער טיטעל איז איהם פערבליבען ביז היינטיגען טאָג. דאָס צייגט, דאָס כינאַ האָט דאַמאָלס געהאַט אַ גרויסע אויטאָריטעט אין אַזיען.

אין יאָהר 1661 איז טשון־טשע געשטאָרבען. אויפ'ן כינעזישען טראָן איז דאַן אַרויף זיין 8 יעהריגער זוהן ק אַ נ ג ־ ה י , וועלכער האָט געהערשט ביז 1722. די ערסטע צייט האָט ער רעגירט אונטער דער פאָרמונדשאַפט פון 4 הויכע בעאַמטע. דיזע האָבען אָפּגעשאַפט די עוונוכען (סריסים), וועלכע די אַזיאַטישע הערשער פלעגען האַלטען צו זייערע האַרעמס. דאָס געזעץ וועגען דעם איז געווען אויסגעקריצט אויף אייזערנע טאַפלען, וועלכע האָבען געוואויגען 1,000 פונט, און איז הייליג אָפּגעהיט געוואָרען פון אַלע אַנדערע פירסטען. איין הויף־פּאַרטיי האָט זיך בענוצט מיט דעם טויט פון טשון־טשע צו מאַכען אַ פערשווערונג געגען די קריסטליכע מיסיאָנערען. נאָר מיט מיה, דורך דעם שוץ פון איינעם פון די פיער רעגענטען מיט'ן נאָמען ס אָ נ י , זיינען זיי געראַטעט געוואָרען פון

טויט. דער יעזואיט שאַל, דער אויבער־אַסטראָנאָם, איז דאָך אַריינגעפאַ־לען אין געפענגנים צוליב דיזער פערשווערונג, און ער איז דאָרט געשטאָר־בען פון מאַטערנים. זיין שטעלע האָט פערנומען זיין פּאַטער ווערבי־עסט, וועלכער איז געוואָרען דער טרייער ראַט־געבער פון דעם יונגען קיי־זער קאַנג־הי. דיזער איז געווען איינער פון קליגסטע און מעכטיגסטע הער־שער פון דער מאַנדזשו־דינאַסטיע. אין פיעלע הינזיכטען האָט זיין רעגירונג מיט זיין פיהרונג אין הויף אַ גרויסע עהנליכקייט צו דער רעגירונג פון לוד־וויג דעם 14טען פון פראַנקרייך, וועלכער האָט געלעבט אין דערזעלבער צייט, נאָר מיט דעם אונטערשייד, דאָס דער גלאַנץ פון לודוויג דעם 14טען האָט פערדעקט דעם עלענד פון אָרימען אויסגעזויגטען פאָלק, ווערענד כינא איז געווען אַ גליקליכעס בליהענדעס לאַנד, מיט דעם גרעסטען פרייען און גליקליכסטען בויערן־שטאַנד אין דער וועלט.

די גרעסטע געפאַהר האָט אויף קאַנג־הי געלויערט פון וואַ־סאַנקוועי, וועלכער האָט מיט 20 יאָהר צוריק פיעל געהאָלפען דער מאַנדזשו־דינאַסטיע צו איהרע זיגען. אין דער צייט, ווען דער פּרינץ פון דער פריהערדיגער מינג־דינאַסטיע, קוועי־וואַנג פון בורמאַ, האָט אָנ־געווענדט אַלע זיינע קרעפטען צו שטירצען די דינאַסטיע מאַנדזשו און צו־ריק געווינען דעם טראָן פון זיינע עלטערן, איז וואו־סאַאנקוועי איהם אַרוים ענטקעגען, האָט איהם בעזיגט און גענומען געפאַנגען. קוועי־וואַנג און זיין זוהן, די לעצטע פון דער דינאַסטיע מינג, זיינען אין פּעקינג צום טויט פער־אורטיילט געוואָרען. וואו סאַנקוועי איז פיר זיין טרייהייט צו דער דינאַסטיע מאַנדזשו פון קייזער מיט דעם פּרינץ־טיטעל בעעהרט געוואָרען און איז געמאַכט געוואָרען פיר וויצע־קעניג אין יונאַן. זיין איינפלוס אויף די כי־נעזער איז געווען אַן אויסערגעוועהנליכער. דער האַנדעל און די אינדו־סטריע האָבען געבליהט אין די פּראָווינצען, וואו ער האָט געהערשט. די איינקונפטען פון די שטייערן זיינען געוואַקסען. אָבער די מאַנדזשו־גע־נעראַלען זיינען געווען אייפערזיכטיג אויף די גרויסקייט פון וואו סאַנקוועי, און אויך אין פּעקינג האָט מען אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר זיין צו גרוי־סער פּאָפּולאַריטעט. מען האָט פון דעסטוועגען קיין ערנסטע זאַך ניט געטאָן געגען איהם, ווייל מען האָט געהאַפט סיי־ווי פון איהם פּטור צו ווע־רען צוליב זיין אַלטקייט. מען האָט אָבער אין דיזער הינזיכט געהאַט אַ גרויסען טעות. ניט אַכטענדיג זזויף זיין הויכען אַלטער איז ער געווען געזונד און שטאַרק, זיין רוהם איז געוואַקסען, און צוזאַמען מיט דעם אויך די געפאַהר פיר די דינאַסטיע מאַנדזשו.

אין יאָהר 1671, ווען דער קייזער קאַנג־הי איז אַלט געוואָרען 18 יאָהר, האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַן ענדע צו דיזען צושטאַנד. ער האָט געפאָדערט פון וואו סאַנקוועי ער זאָל קומען אין פעקינג פערזענליך אום איהם עהרע צו בעצייגען אין דעם טאָג פון זיין אַריינטרעטען אין זיין קייזערליכע פליכט צו 18 יאָהר, ווי עס איז געוועהנליך איינגעפיהרט אין אַזעלכע פעלען, און בעזונדערס, ווייל וואו סאַנקוועי איז פון דער צייט, וואָס קאַנג־הי איז אַרויף אויף'ן טראָן, ניט געוועזן אין פעקינג. ביי די מאַנדזשו איז געוועזן איינגעפיהרט, דאָס יעדער וויכטיגער גובערנאַטאָר האָט בעדאַרפט שיקען אין פעקינג זיינעם אַ זוהן אָדער אַן אַנדער נאָהענטען קרוב אַלס משכון, פיר זיין טרייהייט צום טראָן. וואו סאַנקוועי האָט אויך געהאַט אַ זוהן אַלס משכון אין פעקינג. עס פערשטעהט זיך, דאָס מען האָט איהם אין הויף אימער בעהאַנדעלט בעסער ווי אַלע אַנדערע משכנות. ווען דיזער האָט זיך דערוואוסט, דאָס זיין פאָטער איז איינגעלאַדען צו קומען נאָך פעקינג, האָט ער געשיקט צו איהם אַ געהיימען בריף, אין וועלכען ער האָט איהם געראַטהען ער זאָל ניט קומען, ווייל זיין לעבען איז אין געפאַהר. וואו סאַנקוועי האָט געפאָלגט די עצה פון זיין זוהן און האָט זיך ענטזאַגט צו קומען נאָך פעקינג. און אַלס ער האָט בעקאַנט געמאַכט זיין בעשלוס צו רעבעלירען געגען דעם קייזער קאַנג־הי, האָט ער באַלד געקראָגען אַ גרויסע מאַסע אָנהענגער. אין דער זעלבער צייט האָט דער זוהן פון וואו סאַנקוועי געזוכט צו מאַכען אַ בונט געגען דעם קייזער אין פעקינג. די בונטאָווטשיקעס האָבען בעשלאָסען די גאַנצע דינאַסטיע מאַנדזשו צו פערניכטען אין דעם טאָג פון ניי־יאָהר'ס־פעסט. אָבער אַ בעדינטער פון אַ מאַנדזשו בעאַמטען האָט געגעבען צו וויסען וועגען דעם אין הויף. מען האָט דעם זוהן פון וואו סאַנקוועי מיט אַלע אַנדערע בונטאָווטשיקעס געכאַפּט און מען האָט זיי אָהן צערעמאָניעס הינגעריכטעט.

יעצט האָט זיך וואו־סאַנקוועי מיט זיין גאַנצער מאַכט אַרויסגעשטעלט געגען דעם קייזער קאַנג־הי. אין דער זעלבער צייט האָט דעם יונגען קייזער געדראָהעט אַן אַנדער געפאַהר. די מאָנגאָלען האָבען זיך געוואָלט בענוצען מיט דעם יעצטיגען שטאַנד אין כינאַ און האָבען אָנגעהויבען צו שטעלען זייערע אַלטע פאָדערונגען. איין הויפּטמאַן פון די מאָנגאָלען מיט'ן נאָמען סאַטשאַר האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן אום מיט זיי צו בעפאַלען כינאַ. קאַנג־הי האָט גוט פערשטאַנען, דאָס דיזע געפאַהר איז די גרעסטע פיר איהם. ער האָט אַלע זיינע טרופּען קאָנצענטרירט אין נאָרד. די מאַנדזשו־קאַוואַלעריע איז פּלוצלינג בעפאַלען די מאָנגאָלען,

האָט געפאַנגען זייער פיהרער סאַטשאַר און האָט איהם מיט זיין פאַמיליע אוועקגעשלעפּט נאָך פּעקינג. די מאָנגאָלען האָבען פערלאָרען דעם מוט, האָבען זיך צוריקגעצויגען און קאַנג־הי איז גערעטעט געוואָרען פון אַ גרויסער סכנה. דאַפיר האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען זיין שנעלער האַנדלונג. נאָכדעם האָט ער זיך גענומען צו וואו סאַנקוועי. זיינע טרופּען האָבען עראָבערט די פּראָווינצען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון וואו סאַנקוועי: פור־קיען, קוואַן־טונג און קאַנטאָן. קאַנג־הי איז געווען זעהר פאָרזיכטיג אין זיין זיג און האָט קיין ראַכע ניט גענומען פון די רעבעלען. די גייסטער פון די רעבעלען האָבען זיך בערוהיגט דורך זיין מילדע האַנדלונג. אָבער נאָך די אַלע זיגען איז ער נאָך ניט פערטיג געווען מיט וואו סאַנקוועי, וועלכער האָט פאָרטגעזעצט צו הערשען איבער דעם גאַנצען זיד־־וועסט פון כינאַ. ערסט אין יאָהר 1677 האָט קאַנג־הי געוואַגט אַרויסצוטרעטען מיט זיינע טרופּען געגען וואו סאַנקוועי. דאָס גליק האָט יעצט געשיינט צו פערלאָזען וואו סאַנקוועי, ניט דורך זיינע אייגענע פעהלערן, נאָר דורך די אונאייניגקייט פון זיינע גענעראַלען. קאַנג־הי האָט פערטריבען די כינעזער פון הונאַן. וואו סאַנקוועי האָט געמוזט אַוועק נאָך יונאַן, אָבער ער האָט דאָך פאָרטגעזעצט דעם קאַמף ביז צום יאָהר 1679. ענדליך איז דער בעריהמטער קריגס־העלד געשטאָרבען און מיט זיין טויט איז אויך פערשוואונדען די לעצטע געפאַהר פיר די מאַנדזשו־דינאַסטיע. וואו סאַנקוועי איז געווען די וויכטיגסטע פּערזענליכקייט אין דער מאָדערנער כינעזישער געשיכטע. דאָס פאָלק איז געווען איבערגעגעבען צו איהם מיט גרויסען ענטהוזיאַזם. ער געהערט צו די גרעסטע מענער פון כינאַ, און זיין מיליטערישע קאַריערע בעווייזט, דאָס די כינעזער קענען אויך אַרויסגעבען גרויסע גענעראַלען און מוטיגע סאָלדאַטען.

מיט דעם שטורץ פון וואו סאַנקוועי איז כינאַ פאָלשטענדיג בערוהיגט געוואָרען. אין פערלויף פון 200 יאָהר איז קיין רעוואָלוציאָן ניט פאָרגעקומען אין כינאַ. אָבער מיט די מאָנגאָלען האָט קאַנג־הי געהאַט זיין גאַנצען לעבען צו שטרייטען. דער שטאַרקסטער פון די מאָנגאָלען־שטאַמען פון יענער צייט איז געווען דער שטאַם פון די ק א ל ק א ס. קאַנג־הי האָט געזוכט זיי דורך פריינדשאַפט צו געווינען און האָט געשלאָסען מיט זיי אַן אָפּמאַך, וועלכען זיי האָבען קיין מאָל ניט געבראָכען. אָבער די מאָנגאָלישע שטאַמען פון דער וויסטע האָבען ניט אויפגעהערט זיך צו בונטעווען. די ערגסטע צווישען זיי זיינען געווען די ע ל ע א ו ט ע ן, וועלכע האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף אַלע איבריגע שטאַמען פון דער וויס-

טע. זייער פיהרער ג א ל ד א ן איז געווען זעהר העלדענמוטיג, כיטרע און עהרגייציג. ער האט גוט געוואוסט, דאס פון די אָרימע בעוואוינער פון דער וויסטע קען מען גאָרניט בערויבען און דעריבער האט ער געוואָרפען זיין בליק אויף כינא און איז אומגעגאנגען זאגאר מיט די געדאנקען צו עראָבערן זי. עס האט זיך פערפיהרט א לאנג־יעהריגער קריג, אין וועלכען דאס גליק איז אמאל געווען אויף איין זייט און אמאל אויף דער אנדערער זייט, ביז קאנג־הי האט זיך אין יאָהר 1695 ענטשלאָסען צו בעפאלען גאלדאן אין דער וויסטע און דאָרט איהם פערניכטען. קאנג־הי האט פערשאפט אן ארמעע פון 150,000 מאן און איז מיט איהר אוועק אונטער דער פיהרונג פון די בעסטע גענעראלען דורך די וויסטע גאָבי נאָך קאָבדאָ, וואו גאלדאן האט געהאט זיין הויפט־קוואַרטיר. קאנג־הי זעלבסט איז געווען דער הויפט־קאָמאנדיר פון אן ארמעע פון 37,700 סאלדאטען מיט גוטע ארטילעריע, וועלכע האבען געריטען אויף קעמלען. קאנג־הי איז געווען בעגלייטעט פון א פראנצויזישען פריסטער ז ש ע ר ב י ל ל י א ן , וועלכער האט געגעבען א גענויען בעריכט פון דיזען פעלדצוג. מיט גרויס מיה איז עס געלונגען דער כינעזישער ארמעע צוקומען צו גאלדאן'ס לאגער. ביי ט ש א ו מ א ד א איז פארגעקומען א שלאכט, אין וועלכער גאלדאן האט געהאט א פאָלשטענדיגע נידערלאגע. זיין מאכט איז געבראָכען געוואָרען און פון פערצווייפלונג האט ער זיך אין יאָהר 1697 דאס לעבען גענומען. אבער מיט זיין טויט איז דער קאמף מיט די עלעאוטען ניט געענדיגט געוואָרען. ערסט קאנג־הי'ס ענייקעל, קיען־לונג, איז עס געלונגען די עלעאוטען אונשעדליך צו מאכען.

אין דער צייט פון דער רעגירונג פון קאנג־הי איז צום ערסטען מאָל פאָרגעקומען א צוזאמענשטויס צווישען כינא און רוסלאנד. די רוסען האבען אויפגעשטעלט א פעסטונג ביי א ל ב א צ י ן אויף דעם אמור. די כינעזישע ארמעע, וועלכע איז געשטאנען אין לאנד פון די קאלקאס, האבען אָנגעגריפען די פעסטונג, וויל זיי האבען אויסגעפונען, דאס זי איז א געפאהר פיר כינא. די פעסטונג איז איינגענומען געוואָרען פון די כינעזער, און די מענשען פון דער פעסטונג זיינען נאך פעקינג אוועקגעפיהרט געוואָרען. מערקווירדיג איז, דאס די נאכקאָמען פון דיזע רוסען לעבען נאָך היינט אין פעקינג אלס א בעזונדערע רוסישע קאָלאָניע. אבער ווי די כינעזער זיינען אוועק פון אלבאצין זיינען רוסען ווידער אָנגעקומען אהין. קאנג־הי איז דאמאָלס געווען צו פיעל בעשעפטיגט מיט גאלדאן'ען און דעריבער האט ער איינגעשטימט צו פערהאנדלען מיט דעם גענעראל־גובערנאטאָר פון אָסט־סיביר וועגען פרידען. דאמאָלס איז געשלאָסען גע-

וואָרען דער פערטראג פון נערטשינסק. דאָס איז געווען דער ערסטער פערטראַג, וואָס כינא האָט געשלאָסען מיט אַ אייראָפּעאי-שער מאכט. לויט דיזען פערטראַג האָבען די רוסען איינגעשטימט צו צושטערען די פעסטונג ביי אַלבאַזין און האָבען געמעגט דערפאַר אַן אַנ-דער פעסטונג אויפשטעלען ביי נערטשינסק.

הגם קאַנג-הי איז כמעט זיין גאַנצען לעבען געווען בעשעפטיגט מיט קריגס-צוגען האָט ער דאָך פיעלעס גיטאָן צו ברייננגען אָרדנונג אין דער רע-גירונג פון לאַנד גופא. ער האָט געמאַכט פיעלע פערבעסערונגען אין שול-וועזען (בילדונג), אין געריכט-זאַכען או. אַז. וו. דער בעסטער בעוויז פון זיין קלוגער און טיכטיגער רעגירונג איז, דאָס די כינעזער האָבען אין גאַנצען פערגעסען, דאָס די מאַנדזשו-דינאַסטיע איז אַ פרעמדע, און האָבען געגלויבט, דאָס זי איז געשיקט געוואָרען פון הימעל צו רעגירען דאָס כינעזישע פאָלק און פיהרען עם צום גליק און ערפאָלג. קאַנג-הי האָט פיר זיין ערציהונג פיעל צו פערדאַנקען די אייראָפּעאישע מיסיאָנערען. דורך זיי האָט ער זיך גוט בעקענט מיט דער אייראָפּעאישער וויסענשאַפט און מיט דער אייראָפּע-אישער פּאָליטיק. ער האָט זיך אויך שפּעטער בענוצט מיט די אייראָפּעער אַלס זיינע ראַט-געבער, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס די כינעזער זיינען גע-ווען שטאַרק אונצופרידען דערמיט. ער איז געווען אַ גרויסער פערעהרער פון וויסענשאַפט און איז אויך געווען אַ שריפטשטעלער. בעקאַנט זיינען זיינע 16 כּללים פון רעגירונגס-קונסט, ווי אויך זיינע מיטאַרבייטען אין דעם קייזערליכען ווערטערבוך פון דער האַנלין-אַקאַדעמיע. מעהר פון אַלעם האָט ער געזאָרגט פיר מאַטהעמאַטיק, געאָגראַפיע און קאַרטאָגראַפיע. מיט דער הילף פון די אייראָפּעאישע מיסיאָנערען האָט ער אונטערגענומען די אויס-מעסטונג פון לאַנד. הגם דאָס איז געווען אַ זעהר שווערע אונטערנעהמונג, האָט ער זי דאָך דורכגעפיהרט צווישען 1708 און 1715. ניט קוקענדיג דע-רויף, וואָס מען האָט דערביי געברויכט ניט קיין פּאָלקאָמענע אינסטרומענטען, זיינען דאָך די קאַרטען אַרויס אויסגעצייכענט גוט. די קאַרטען פון כינא, מאָנגאָליען, מאַנדזשוריא און קאָקאָנאָר ווערען נאָך עד היום בעוואונדערט.

אין יאָהר 1719 האָט פּעטער דער גרויסער אָנגעקניפּט פערבינדונגען מיט קאַנג-הי. ער האָט געשיקט אַ גלענצענדע געזאַנדטשאַפט נאָך פּעקינג מיט אַ זעהר פריינדליכען בריף צו קאַנג-הי. פּעטער האָט געהאָפט דורך דעם פערברייטערן דעם רוסישען האַנדעל אין דיזען רייכען לאַנד. אָבער די כינעזער האָבען געהאַט ווניג צוטרויען צו די אייראָפּעער, און דעריבער האָ-

בען זיי באַלד נאָך דעם טויט פון קאַנג־הי אונטערגעבראָכען אַלע געשעפטען מיט די אייראָפּעער.

נאָך דעם טויט פון קאַנג־הי איז אַרויף אויף'ן כינעזישען טראָן זיין זוהן יונג־טשינג (1722 — 1735). אין זיין צייט האָט די היי־מישע פּאַרטיי געוואונען די אויבערמאַכט, און די קריסטליכע מיסיאָנערען, וועלכע האָבען גערעכענט, דאָס אין גיכען וועט כינאַ אַריין אין זייערע הענט, ווייל זיי זיינען געווען די הויפּט־ראַטגעבער אין דער צייט פון קאַנג־הי, האָבען געמוזט זייערע שטעלען פערלירען און מאַכען פּלאַץ פיר היימישע באַמטע און ראַטגעבער. אין פּעקינג האָבען זיי פערלאָרען יעדען איינפלוס. פיעלע פּריסטער זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען נאָך מאַקאַאָ, מען האָט זיי זאָגאַר פערבאָטען דאָס קריסטענטום צו פּרעדיגען. די כינעזישע פּאָליטיקער האָבען די מיסיאָנערען געלאָזט פרעגען: „וואָס וואָלט איהר זאָגען, ווען אונזערע לייט זאָלען געהן נאָך אייראָפּאַ, און זאָלען זיך דאָרט נעהמען אומ־צוענדערן די געזעצען, די מנהגים, וואָס אייערע אַלטע חכמים האָבען איינ־געפיהרט? דער קייזער, מיין ברודער, וויל צו דיזע אינטריגעס אייערע מאַכען אַן ענדע. אייערע שטרייטיגקייטען איבער אונזערע מנהגים האָבען אויך פיעל שאָדען געבראַכט. וואָס וואָלט איהר זאָגען, ווען מיר זאָלען קומען אין אייראָפּאַ, און דאָרט האַנדלען ווי איהר האָט דאָ געהאַנדעלט? וואָלט איהר עס דולדען אַפילו פיר איין אויגענבליק? מיט דער צייט וועל איך דיזע זאַך אין אָרדנונג ברייגען, אָבער איך ערקלער אייך, דאָס כינאַ וועט אַ האָאָר ניט פערלירען ווען איהר וועט דאָ מעהר ניט זיין, און דאָס לאַנד וועט דערפון קיין שום שמערצען ניט האָבען. היר אין לאַנד ווערט קיינער ניט געהאַלטען מיט גוואַלד, און עס וועט ניט געדולדעט ווערען צו מיסאַכטען אונזערע געזעצען און מנהגים".

די פראַגע וועגען בעציהונגען פון כינאַ צו אויסלאַנד האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אויך אונטער דער רעגירונג פון יונג־טשינג'ס זוהן קיען־לונג (1735 — 1796). די מיסיאָנערען האָבען געהאָפט, דאָס זייער צושטאַנד וועט אונטער דעם נייעם קייזער בעסער ווערען, ווייל ער איז גע־ווען אַן אויפגעקלערטער מענש און האָט ניט געוויזען קיין פיינדליכע גע־זינונג געגען פרעמדע. אָבער די הויף־פּאַרטיי האָט שטאַרק געהאַסט די אייראָפּעער. דעריבער, ווען אין פוה־קיען האָט אויסגעבראָכען דער פאָלקס־האַס געגען די שפּאַנישע מיסיאָנערען און עס זיינען געוואָרען אונרוהען, האָט דער קייזער קיען־לונג געגעבען אַ בעפעהל מען זאָל די שפּאַנישע מיסיאָנע־רען הינריכטען דערפאַר, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט גרויסע שחיטות צווי-

שען די כינעזער אויף די פיליפינען־אינזלען, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער ערצעהלט. ערסט מיט 15 יאָהר שפּעטער האָט קיען־לונג אָנגעהויבען צו נעהמען אַ ווירקליכע אינטערעסע אין די מיסיאָנערען, און האָט אָנגעהויבען זיך בעדינען מיט זיי, ווי זיין זיידע האָט עס געטאָן.

עס איז קיין ספק ניט, דאָס קיען־לונג איז געווען דער גרעסטער קייזער פון דער מאַנדזשו־דינאַסטיע, און האָט פיעל וויכטיגערעס אויפגעטאָן פיר דאָס לאַנד אַלס קאַנג־הי. אונטער איהם האָט כינאַ דערגרייכט דעם גרעסטען גלאַנץ אין לאַנד און אויסערליך. זיין צייט איז געווען די רוהמרייכסטע פעריאָדע פון דער געשיכטע פון כינאַ. אין דער ערסטער צייט פון זיין רעגירונג האָט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געשענקט צו רעגולירען די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון לאַנד, און עס האָט אויסגעוויזען, דאָס זיין רעגירונג וועט זיין אַ פרידליכע, ער וועט קיין מלחמות ניט פיהרען. קיען־לונג איז געווען בעקאַנט אַלס אַ געלעהרטער. ער האָט מיט גרויס חשק געשטודירט די געשיכטע פון כינאַ. אָבער דיזעס שטודיום האָט איהם געלערנט, דאָס די סכנות, וועלכע שטעהען פאַר כינאַ פון די צענטראַל־אַזיאַטישע מדינות, עקסיסטירען שוין פון גאַנץ אַלטע צייטען, דאָס דיזע געפאַהרען זיינען קיינמאָל ניט פערשוואונדען געוואָרען, סיידען פיר קורצע צייטען, און דאָס זיי קענען אָפּגעשאַפט ווערען נאָר דאַן, ווען די אויטאָריטעט פון כינאַ וועט זיין אָנערקענט פון די פעלקער, וואָס זיצען אויף ביידע זייטען פון טיאַן־שאַן.

און דיזע אויטאָריטעט פון כינאַ האָט קיען־לונג בעשלאָסען צו פעסטשטעלען. די ערסטע קריגערישע אונטערנעהמונג איז געווען געגען די אונרוהיגע עלעאוטען. ער איז אַרויס אויף אַ שטרייט געגען צענטראַל־אַזיען מיט אַן אַרמעע פון 150,000 מאַן. דער קריג האָט זיך באַלד אויך פערשפרייט איבער אַנדערע מאָנגאָלישע שטאַמען. צעהנדליגער יאָהרען האָט געדויערט דיזער קאַמף און דאָס גליק איז געווען אַמאָל אויף דער זייט פון די כינעזער און אַמאָל אויף דער זייט פון די מאָנגאָלען. דיזער קאַמף האָט געקאָסט די כינעזער הונדערטער טויזענדער אָפּפער, שוין ניט צו רעדען פון די אונגעהייערע מאַטעריעלע אין מאַנגעל, וועלכע די כינעזער האָבען געהאַט אויסצושטעהן אין דער וויסטע גאָבי און אין די סטעפּעס פון מאָנגאָליען. אָבער קיען־לונג איז געווען אַ זעהר ענערגישער מענש, און האָט פיר קיין פאַל ניט אויפגעגעבען די האָפנונג צו געווינען דעם קאַמף. עס איז דאַמאָלס געווען אַ פרידענס־פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגעוויזען אויף די נצחונות פון די מאָנגאָלען; אָבער ער האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערען, קיין נצחון

פון די מאָנגאָלען האָט איהם ניט אָפּגעשראָקען פון פאָרטצוזעצען דעם קריג. ער איז געווען זיכער, דאָס ער וועט זיין ציל דערגרייכען און דאַן וועט איהם דאָס כינעזישע פאָלק אייביג דאַנקבאַר זיין. די אַלע מלחמות, וואָס כינא האָט געפיהרט מיט די האַלב־ווילדע צענטראַל־אַזיאַטישע פעלקער, האָבען ניט געבראַכט קיין ריכטיגען פרידען. אַזוי האָבען זיך געצויגען הונדערטער יאָהרען אָהן אַ ריכטיגען רעזולטאַט. כינא איז אַלע מאָל געווען בעאונרוהיגט פון דיזע פעלקער, און דיזע אונרוהען האָבען איהר געשטערט אין איהר נאַטירליכער ענטוויקלונג. כינא איז געווען זעהר אַ געשמאַקער ביסען פיר די באַרבאַרישע פעלקער פון צענטראַל־אַזיען, ריכטיג ווי איטאַליען איז געווען אָנציהענד פיר די באַרבאַרען פון נאָרד־אייראָפּאַ. קיען־לונג האָט גוט פערשטאַנען, דאָס אום צו מאַכען אַן ענדע צו די אָנפאַלען פון די מאָנגאָלען איז וועניג ער זאָל זיך פערטיידיגען געגען זיי, נאָר ער מוז זיי בעפאַלען אין זייערע וויסטענייען, דאָרט זיי בעזיגען, אונטעריאָכען און צווינגען זיי צו צאָהלען איהם טריבוט און דורך דעם זיי צו האַלטען אין רוהע און געהאָרזאַמקייט. זיין אַרומגערינגעלט מיט וואַסאַלען־שטאַמען איז פיעל זיכערער ווי זיין אַרומגערינגעלט מיט אַן אייזערנער אָדער שטיינערנער וואַנט. דיזע פּאָליטיק האָט קיען־לונג דורכגעפיהרט, און אַלס איהרע גלענצענדע פרוכט האָבען אָנגעהויבען צייטיג ווערען, זיינען די פריהערדיגע געגנער פון זיינע פּלענער געווען העכסט צופרידען און איינינג מיט איהם. ער האָט איינגענומען גאַנץ מאָנגאָליען, און האָט אַלע הויפּטלינגען געצוואונגען איהם צאָהלען טריבוט. דאָס איז געווען דאָס גרעסטע ווערק, וואָס אַ כינעזישער קייזער האָט ווען עס איז דורכגעפיהרט.

קיען־לונג האָט אויך געגען וועסט געפיהרט מלחמות. אין יאָהר 1768 איז ער אַרוים אויף אַ שטרייט מיט 200,000 מאַן געגען בורמאַ, האָט זי בעזיגט און געמאַכט זי זאָל איהם צאָהלען טריבוט. ער האָט אויך בעפעסטיגט זיין איינפלוס אין טיבעט. אין דעם שטרייט מיט טיבעט האָבען די כינעזער אַרויסגעצייגט אַזוי פיעל קריגערישען גייסט און העלדישקייט, דאָס זיי האָבען זיך געקענט מעסטען מיט די פעלקער פון מערב. אַ רויהעס קריגערישעס פאָלק, די ג אָ אָ ר ק ה אַ ס , האָט זיך בעזעצט אין דעם בערגיגען לאַנד נעפּאַאול אין הימאַלאַיאַ, וועלכעס האָט זיך געגרענעצט מיט טיבעט. די גאָאָרקהאַס האָבען געוואָרפען אַן אויג אויף די רייכע אוצרות פון דאַלאַי לאַמאַ און האָבען אָנגעהויבען זעהר אָפט צו בעפאַלען טיבעט. זיי האָבען גערעכענט, דאָס כינא וועט שטעהן פון וויטען און וועט זיך ניט אָננעהמען פיר טיבעט. ער האָט זיך אָבער גענאַרט. קיען־לונג האָט געשיקט

אין יאהר 1791 אז ארמעע פון 70,000 מאן אונטער דעם בעפעהל פון דעם העלדענמוטיגען גענעראל ס ו נ ד ־ פ א. מיט גרויס אנשטרענגונג איז עס געלונגען די כינעזער דורכקריכען די דורכגענג פון די הימאלאיא־בערג, און זיי האבען געפיהרט די מלחמה אין דעם שווערען בערגיגען לאנד מיט אזא אויסדויער, דאס די גאארקהאס האבען זיך באלד געזעהען אין גרויס געפאהר. נאך א לאנגער רייהע פון קליינע אבער ביטערע שלאכטען איז פארגע־קומען די ענטשיידענדע שלאכט ביי קהאטמאנדו. סונד־פא האט דאמאלס שוין מעהר ניט געהאט ווי 40.000 מאן. די גאארקהאס האבען בעשלאסען צו קעמפפען מיט זייער פיינד ביז דעם לעצטען טראפען בלוט. זיי האבען געקעמפפט מיט גרויס מוט ווי לייבען. די שלאכט האט גאר ניט ענטשידען. די כינעזישע סאלדאטען האבען לאנג ניט געוואלט בענייען דעם קריג און האבען זיך אפגעהאלטען פון מורא פאר א מפלה. סונד־פא אבער האט גע־שטעלט די קאנאנען געגען זיינע אייגענע סאלדאטען און האט זיי געטריבען געגען די גאארקהאס. די שלאכט איז געווען אן אונגעוועהנליך פערצווייפעלטע און האט זיך געענדיגט מיט א פאלקאמענעם זיג פיר די כינעזער. די גאארקהאס האבען זיך אונטער־געגעבען און האבען זיך פערפליכטעט צו צאהלען טריבוט צו די כינעזער. כינא האט דאמאלס געשלאסען די דורכגענג אין די הימאלאיא־בערג, דורך וועלכע די הינדוסען האבען געפיהרט זייער האנדעל מיט צענטראל־אזיען, און האט דעם האנדעל פערקירעוועט צו זיך זעלבסט.

אין קיען־לונג'ס צייטען זיינען אין כינא פארגעקומען זעהר פיעלע אויפ־שטאנדען. אבער ער האט זיי אלע גליקליך אונטערדריקט. עס האבען זיך אויפגעהויבען די ווילדע אונהאפהענגיגע מיאאטצע־שטאמען אין די פראווינצען קוועי־טשאו און סטשו־ען, ווי אויך די שטאמען פון דער אינזעל פארמא־זא. הגם זיי האבען געקעמפפט ווי העלדען זיינען זיי דאך בעזיגט געווארען דורך די ענערגיע פון קיען־לונג. אין יאהר 1786 איז די אויטאריטעט פון כינא אויף דער אינזעל פארמאזא וויעדער פאלשטענדיג פעסט געשטעלט געווארען. אין סטשו־ען האבען די אויפשטאנדען מעהר געדויערט. דיזע אויפשטאנדען זיינען געווען די אנפאנגער פון דער גרויסער רעוואלוציאן.

דורך דיזע צאהלרייכע, שנעלע און ערפאלגרייכע מלחמות האט דער מיליטערישער רוהם פון כינא דערגרייכט אין גאנץ אזיען זיין העכסטען גלאנץ, הגם כינא איז שוין לאנג געווען אנערקענט אלס ערסטע אזיאטישע מאכט. צוזאמען מיט דיזער מיליטערישער גרויסקייט האט זיך אויך שטארק אויפגעהויבען דער עקאנאמישער צושטאנד פון כינא. אין דיזער הינזיכט

איז כינאַ דאַמאָלס געשטאַנען אַזוי הויך און אַזוי גלענצענד, ווי זי איז קיין מאָל אין דער צייט פון איהר עקסיסטענץ ניט געשטאַנען. דער בעסטער בעווייז דערצו איז, דאָס אונטער קיען־לונג איז די בעפעלקערונג כמעט פערדאָפּעלט געוואָרען, ד. ה. געשטיגען פון 100 ביז 180 מיליאָנען. אָהן צווייפעל האָט דיזער פאַקט צו פערדאַנקען זיין פּאָליטיק, וועלכע האָט דעם לאַנד פערשאַפט אמת'ע רוה, און דערמיט פערשאַפט די גאַראַנטיע פיר איינטרעגליכע אַרבייט. די ברכות פון דיזער פּאָליטיק האָבען אויך די דורות וואָס נאָך איהם גענאָסען, און די בעפעלקערונג פון כינאַ האָט זינט דאַן דערגרייכט די צאָהל פון 380—400 מיליאָנען נפשות.

-יגאָאָרקהאַס1ן,דיעע ; סנבילד זייטע 609

מיט קיען־לונג האָט די מאַנדזשו־דינאַסטיע דערגרייכט איהר העכסטען פּונקט. אַלע שפּעטערע קיסרים פון דיזער דינאַסטיע: ק י אַ ־ ק י נ ג (1796—1821); ט אַ ו ־ ק ו ו אַ נ ג (1821—1850), ה י ע ן ־ פ ו נ ג (1850—1861), ט ו נ ג ־ ט ש ע (1861—1875) און ק ו ו אַ נ ג ־ ס ו (1875—1908) זיינען ניט מעהר ווי אַ בילד פון שוואַכקייט, קאָרופּציאָן און אונוויסענהייט אין די אינטערעסען פון כינעזישען פאָלק. אויף זיי פּאַסט זעהר דער אורטייל, וואָס ווערט אָפט אויסגעשפּראָכען איבער די מאַנדזשוס: זיי האָבען די כינעזער מעהר ווי דעם צאָפּ ניט געגעבען (ווי די פּרייסען די דייטשען דאָס סאָלדאַטסקע היטעל). זיי האָבען ניט פערשטאַנען ניט די כינעזישע קולטור און ניט די פאָדערונגען פון זייער שטאַאַטס־פּאָליטיק. דער רעזולטאַט פון דיזער אונפערשטענדניס איז געוועזען, דאָס אונטער זיי האָבען די מאַנדאַרינען אויפגעהויבען זייערע קעפּ פרעכער ווי ווען עס איז פריהער. די פערוואַלטונג איז געוואָרען מעהר און מעהר פערדאָרבען און דאָס פאָלק איז געפאַלען אין דעם טיפסטען אָפּגרונד פון שוואַכקייט און האָט אָנגעוואָרען די קראַפט פון ווידערשטאַנד. די הערליכע מעשים און גבורות פון די כינעזער אין די פריהערדיגע צייטען זיינען פיר זיי ווי פערלאָשען געוואָרען. די רעגירונג איז געוואָרען נאָר אַ מין קאַריקאַטור פון די בילדער פון אַ קאַנג־הי און אַ קיען־לונג. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען וועניגער און וועניגער אינטערעסע צו נעהמען אין דער פּאָליטיק פון לאַנד, עס האָט אָנשטאָט דעם זיך איבערגעגעבען מיט זיין גאַנצער ענערגיע צו די אינטערעסען פון אינדוסטריע און האַנדעל. כינאַ שטעלט יעצט פאָר אַ מערקווירדיגע ערשיינונג: דאָס פאָלק ענטוויקעלט זיך מעהר און מעהר און צייגט סימפּטאָמען פון אַ קרעפטיגען לעבען, און די רעגירונג זינקט אין איהר אונפעהיגקייט

און הילפלאָזיגקייט און ווערט מעהר און מעהר אַ שפּילצייג אין די הענט פון די פערדאָרבענע מאַנדארינען, וועלכע בעהערשען אַלעס.

פריהער פאַר אַלעס האָט זיך אַרויסגעצייגט די שוואַכקייט פון די לעצטע מאַנדזשו־קיסרים דורך די פערוויקלונג מיט די אייראָפּעאישע מעכטען. ווי מיר האָבען פריהער ערצעהלט, האָט די רעגירונג פון קיען־לונג די ערסטע געמאַכט האַנדעלס־פערבינדונגען מיט די אייראָפּעאישע מעכטען. די האָל־לענדער, שפּאַניער, רוסען, ענגלענדער און פראַנצויזען האָבען געגרינדעט געשעפטען אין מאַקאַאָ, קאַנטאָן, אַמאָי, אויף דער אינזעל פאָרמאָזאַ, אין פעקינג און אַנדערע ערטער, זיי האָבען אָבער ביז ענדע פון 18טען יאָהר־הונדערט קיין בעדייטענדע פאָרטשריטען ניט געמאַכט. אַ מעהר דויערנדען ערפאָלג האָבען געהאַט די ענגלענדער אין כינאַ. זיי האָבען גוט אויסגע־פאָרשט דאָס לאַנד און זיינען בעקאַנט געוואָרען מיט זיינע רייכטימער פיעל גענויער און ריכטיגער פון אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע מעכטען. מר. הענרי עלליס, איינער פון די בריטישע קאָמיסאַרען אין יאָהר 1816, אַ מאַן, וואָס איז געווען זעהר גוט בעקאַנט מיט אַלע אייראָפּעאישע לענדער און זייערע קעניגליכע הויפען, האָט געשריבען: „לאַכען מעג מען וויפיעל מען וויל איבער דעם נאַרישען שטאָלץ פון דעם קייזער פון כינאַ, אָבער ביים דורכרייזען זיין לאַנד איז אונמעגליך צו אונטערדריקען דעם גע־פיהל, דאָס ער שליסט איין מיט זיין קייזערליכער רינג־מויער דאָס שענסטע לאַנד אין דער וועלט".

אַזעלכע ידיעות האָבען ערוועקט דעם אַפּעטיט פון ענגלישע און אינ־דישע האַנדעלס־הייזער צו מאַכען געשעפטען אין כינאַ. די ערסטע זאַך האָ־בען זיי זיך גענומען צו אימפּאָרטירען אָפּיום פון אינדיען. אָבער די כינע־זישע רעגירונג האָט זיך באַלד אַרומגעזעהען, וואָס פיר אַן איבעל דאָס אָפּיום איז פיר דאָס לאַנד. שוין אין 1800 האָט דער צאָל־בעאַמטער אין קאַנטאָן אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל צו פערוועהרען דעם אָפּיום־האַנדעל און האָט פער־אורטיילט די פרעמדע, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט אַזאַ שעדליכען האַנדעל. אָבער דער אָפּיום־האַנדעל האָט די כינעזישע סוחרים און די אונטערגעקויפ־טע בעאַמטע פיעל געלט איינגעבראַכט, דעריבער איז עס זעהר שווער גע־ווען איהם צו אונטערדריקען. עס זיינען דערפון אַרויסגעקומען גרויסע אונ־אַנגענעהמליכקייטען צווישען די כינעזישע בעאַמטע און די ענגלישע האַנ־דעלס־לייט. די ענגלישע קויפלייט האָבען געפּרובט אָנשרעקען כינאַ דורך אַדמיראַל דרורי, וועלכער האָט געמאַכט אַ פלאָטען־דעמאָנסטראַציאָן. אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, דרורי האָט זיך געמוזט דערווייטערן פון כינאַ

אָהן א קאַנאָנען-שאָס. און דערמיט איז די לאַגע פון די ענגלישע האַנדעלס-לייט אין כינא נאָך ערגער געוואָרען.

ביז 1834 האָט די אָסט-אינדישע קאָמפּאַניע געהאַט פון קעניג א מאָ-נאָפּאָל צו פיהרען געשעפטען מיט כינא. אין דיזען יאָהר האָט מען גע-זאָלט די מאָנאָפּאָל פערלענגערן נאָך אויף 20 יאָהר. אָבער די ענגלישע סוחרים האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם און מען האָט פון זיי די מאָנאָפּאָל צוגענומען. דורך דעם, וואָס מען האָט צוריקגעצויגען די מאָנאָפּאָל, האָט זיך די לאַגע פון קאַנטאָן, וועלכע איז געווען דער הויפּט-פּונקט פון אויסלענ-דישען האַנדעל, אין גאַנצען געענדערט. די אָפּשאַפונג פון דער מאָנאָפּאָל האָט ניט לייכטער געמאַכט דעם האַנדעל מיט כינא, נאָר אין געגענטייל, איהם געמאַכט פיעל שווערער. די כינעזער האָבען אייגענטליך גאָרניט גע-האַט געגען דעם, דאָס עס זאָלען קומען ווער עס וויל פון די אויסלענדער צו קויפען און פערקויפען אין כינא, ווען זיי ברייננען נוצען דעם לאַנד און טוען גאָרנישט געגען די כינעזישע געזעצען. וואָלט די ענגלישע רעגירונג בענייט די מאָנאָפּאָל, וואָלט דער האַנדעל צווישען ענגלאַנד און כינא פאָרט-געזעצט געוואָרען אויף די זעלבע אַרט און ווייזע ווי פריהער, אָבער ווי די מאָנאָפּאָל איז אָפּגעשטעלט געוואָרען האָט זיך אויפגעהויבען די פראַגע: ווי אַזוי זאָל רעגולירט ווערען דער האַנדעל אין כינא מיט אויסלאַנד? אין דעצעמבער 1833 האָט די ענגלישע רעגירונג געשיקט נאָך כינא א קאָמי סיאָן אונטער דער פיהרונג פון לאָרד נ א פּ י ע ר אַלס סופּעראינטענדענט מיט דעם צוועק אָרדנונג צו ברייגען אין די האַנדעלס-בעציהונגען צווישען כינא און ענגלאַנד. אין דער בעשטימונג פון דער קאָמיסיאָן האָט געהאַט א געוויסען אָנטייל דער האָפּאָ (כינעזישע צאָל-בעאַמטער) פון קאַנטאָן, וועלכער האָט געשריבען אין ענגלאַנד: „אין פאַל די קאָמפּאַניע וועט אָפּ-געשאַפט ווערען, וואָלט געווען גלייך פיר די ענגלישע רעגירונג זי זאָל בע-שטימען א שעף, וועלכער זאָל איבערנעהמען די האַנדעלס-אַנגעלעגענהייטען אין זיינע הענט און זיי האַלטען אין אָרדנונג".

אָבער דיזע ווערטער זיינען נאָר געווען א פּריוואַט-מיינונג פון דעם צאָל-בעאַמטען אין קאַנטאָן. די רעגירונג פון פּעקינג און דער וויצע-קעניג פון קאַנטאָן זיינען געווען פון אַן אַנדערער מיינונג. קיין כינעזער האָט ניט געוואָלט האָבען צו טאָן מיט א בעאַמטען, וועלכער איז בעפאָלמעכטיגט גע-וואָרען פון דער בריטישער רעגירונג פיר האַנדעל. די כינעזער האָבען גאַנץ אַנדערש געקוקט אויף די פליכטען פון דיזען בעאַמטען ווי די ענגלענדער. ווי די כינעזער האָבען עס בעטראַכט, איז קלאָר אויסגעדריקט אין די ווער-

טער פון דעם צאָל־בעאַמטען פון קאַנטאָן, וועלכע מיר האָבען אויבען ציטירט. לאָרד פּאַלמערסטאָן איז געווען בעשטימטער אין זיין מיינונג וועגען דער אויפגאַבע פון דער האַנדעלס־קאָמיסיאָן און איהר שעף. אין דער אינסטרוק־ציאָן, וואָס ער האָט געשריבען צום שעף פון דער קאָמיסיאָן, לאָרד נאַפּיער,




**אַ גאַס אין קאַנטאָן.**

זאָגט ער: „אייער לאָרדשאַפט זאָל מעלדען אייער אָנקומען אין קאַנטאָן דורך אַ בריף צום וויצע־קעניג. דורך זיי ער פליכט דעם האַנדעל אין קאַנ־טאָן צו בעשיצען און צו הייבען, וועט עס זיין איינע פון אייערע הויפּט־אויפגאַבען צו דערגעהן אויף זיכער, אויב עס איז ניט פּראַקטיש דיזען האַנ־

דייל צו פערברייטערן אויך אויף אנדערע טיילען פון כינא. עס איז קלאָר, דאָס מיט דער עטאַבלירונג פון דיזען געגענשטאַנד איז עס ווינשענסווערטער אנצופאַנגען א דירעקטע פערבינדונג מיט דעם קייזערליכען הויף אין פּע-קינג".

די כינעזער האָבען ערוואַרטעט נאָר א סופּעראינטענדענט פון האַנ-דעלס-געשעפטען. אָבער ענגלאַנד מיט איהר שיקען לאָרד נאַפּיער האָט אין זינען געהאַט א פּאָליטישע געזאַנדטשאַפט.

אין יולי 1834 איז לאָרד נאַפּיער אָנגעקומען צום קאַנטאָן-טייך, און פון דאָרט האָט ער געשיקט א בריף צום וויצע-קעניג, אין וועלכען ער האָט איהם געמעלדעט פון זיין אָנקומען. ווען די כינעזישע אָפּיצערען האָבען ערהאַלטען דעם בריף, האָבען זיי איהם ניט איבערגעגעבען צום וויצע-קעניג, נאָר זיי האָבען איהם צוריקגעשיקט צו לאָרד נאַפּיער. זיי האָבען גאָר ניט געוואָלט האָבען צו טאָן מיט דעם לאָרד, וועלכען זיי האָבען בעשריבען אַלס א „באַרבאַרישעם אויג", און האָבען געדראָהעט די ענגלישע סוחרים, דאָס זיי וועלען אָפּברעכען אַלע האַנדעלס-געשעפטען מיט זיי. דער וויצע-קע-ניג האָט פערבאָטען דעם נייעם שעף צו קומען נאָך קאַנטאָן, און ער האָט איהם געהייסען פערבלייבען אין מאַקאַאָ ביז ער וועט בעקומען די ערלויבנים, לויט א געוויסער פאָרמאַליטעט, פאָרטצוזעצען זיין רייזע דורך דעם טייך קאַנטאָן. אָבער לאָרד נאַפּיער האָט ניט געוואָלט הערען פון דיזען בעפעהל. ער איז אַריינגעפאָהרען מיט 2 קריגס-שיפען אין דעם טייך און איז געקומען אין קאַנטאָן. דאָרט האָט ער אָבער גאָר ניט געקענט טאָן, ווייל דער צאָל-בעאַמטער האָט לויט דעם בעפעהל פון דעם וויצע-קעניג פערבאָטען שליסען וועלכע עס איז געשעפטען מיט די ענגלענדער. די כינעזער האָבען זיך אויסגעדריקט, דאָס דורך דיזע האַנדלונג פון לאָרד נאַפּיער איז די נאַציאָנאַ-לע עהרע בעליידיגט געוואָרען. די בעאַמטע און די קויפלייט האָבען איינגע-שטימט, אַז דאָס כינעזישע פאָלק איז גראָב בעהאַנדעלט געוואָרען, און האָבען בעשלאָסען, דאָס די ענגלישע האַנדעלס-געשעפטען זאָלען אַלע פון כינעזער פערנומען ווערען. לאָרד נאַפּיער האָט זיך באַלד איבערצייגט, דאָס די כי-נעזישע בעאַמטע ווילען מיט איהם קיין פערקעהר ניט האָבען, און דאָס זיין אנוועזענהייט אין קאַנטאָן וועט נאָר שאַדען דעם ענגלישען האַנדעל מיט כינא. די עקשנות פון די כינעזישע בעאַמטע איז געווען אזוי גרויס, דאָס נאַפּיער האָט געמוזט נאָכגעבען און זיך צוריקציהען נאָך מאַקאַאָ אָהן א שום ערפאָלג. דאָרט איז ער קראַנק געוואָרען גייסטיג און קערפּערליך און געשטאָרבען דעם 11טען אָקטאָבער 1834.

נאָך דעם, ווי די פערהעלטניסען זיינען אונטער פ ר אַ נ ס י ס ד ע י וו י ס און ר אָ ב י נ ס אָ ן געוואָרען בעסער, איז אין 1836 ער־נאַנט געוואָרען קאַפּיטאַן ע ל ל י אָ ט צום אויבער־אויפזעהער פון כינע־זישען האנדעל. אין יענער צייט האָט זיך געבילדעט פון ביידע זייטען, פון כינאַ און פון ענגלאַנד, אַ שטאַרקע אָפּאָזיציאָן געגען דער שענדליכער קאָנטראַבאַנדע פון אָפּיום. קאַפּיטאַן עלליאָט האָט אין 1839 געצוואונגען די ענגלישע אָפּיום־העגדלער איבערצוגעבען צו דער כינעזישער רעגירונג זייער גאַנצען פאָרראַט פון אָפּיום, וועלכער איז בעשטאַנען פון 20,000 קאַסטענס און איז ווערט געווען 2½ מיליאָן פונט סטערלינג. די כינעזער אָבער זיינען דערמיט ניט צופרידען געווען און האָבען געפּאָדערט, דאָס די ענגלישע סוחרים זאָלען אין גאַנצען פון כינאַ ארויסגעטריבען ווערען. די־זע פאָדערונגען האָבען געפיהרט דערצו, דאָס די ענגלישע רעגירונג האָט גע־שיקט אין יאָהר 1870 אַ קריגס־עקספּעדיציאָן נאָך כינאַ.

אין יוני 1840 איז אָנגעקומען סער דזשאָרדזש עלליאָט מיט 4,000 מאַן מיליטער, אויף 25 פראַכט־שיפען מיט 15 קריג־שיפען און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער מינדונג פון דעם קאַנטאָן־טייך. אין פערבינדונג מיט סער ג אָ ר ד אָ ן ב ר ע מ ע ר האָט עלליאָט אָפּערירט געגען קאַנטאָן ווי אין נאָרד געגען די אינזעל טשו־סאָן און די ברעג־ערטער טשע־קיאַנג און מו־סונג. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די ענגלענדער האָבען איינגענו־מען צוויי פעסטונגען ביי דער טיגער־מינדונג (7טען יאַנואַר 1849) און דאַן האָבען די כינעזער זיך דערוואוסט, ווי שוואַך זיי זיינען געגען די ענג־לענדער. עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ פרידענס־טראַקטאַט, לויט וועל־כען כינאַ האָט איבערגעגעבען צו ענגלאַנד די אינזעל האָנג־קאָנג און האָט אויסער דעם געמוזט בעצאָהלען 6 מיליאָנען דאָללאַר קריגס־הוצאות. דיזע סומע האָט זי זיך פערפּליכטעט צו בעצאָהלען אין צייט פון 6 יאָהר. אָבער די כינעזער האָבען ניט געדענקט דיזען פערטראַג ריכטיג צו ערפילען. עס האָבען ווידער אויסגעבראָכען פיינדליכקייטען. ענגלאַנד האָט ווידער גע־שיקט אַ קריגס־עקספּעדיציאָן, נעמליך אונטער סער ה ע נ ר י פּ אָ ט־ט י נ ג ע ר, דעם אַדמיראַל פּ אַ ר ק ע ר און סער י ו ה ג ר ו ג ה. די כינעזער האָבען געקעמפּט מיט פערשיידענע ערפאָלגען, אָבער זיי זיינען ענדליך דורך די איינגעהמונג פון נאַנקקינג געווען געצוואונגען צו שליסען אַ פרידען (19טען אויגוסט 1842). לויט דעם נייעם טראַקטאַט האָט כינאַ זיך פערפּליכטעט צו בעצאָהלען 21 מיליאָנען דאָללאַרס קריגס־הוצאות און האָט געמוזט עפענען פיר דעם ענגלישען האנדעל די האַפענס פון קאַנטאָן,

אַמאָי, פוטשו, נינגפאָ און שאַנגהאַי. כינאַ האָט נאָך אויסער דעם געמוזט איינוויליגען צו געבען ענגלאַנד דאָס רעכט אין דיזע ערטער צו האָבען איהרע קאָנסול־רעגענטען. די אינזעל האָנג־קאָנג האָט זי אין גאַנצען געמוזט אָפּ־טרעטען צו ענגלאַנד. הגם די ענגלענדער האָבען די פרייהייט געפאָדערט נאָר פיר זיך האָט שוין כינאַ געעפענט די אַלע דערמאָהנטע האַפענס פיר אַלע נאַציאָנען. שפּעטער אין יאָהר 1849 האָט כינאַ געגעבען קאָנצעסיאָנען צו אמעריקאַנער און פראַנצויזען, און אין יאָהר 1848 האָט זי געשלאָסען אַ



אַ כינעזישעס קינד.

פערטראַג זאָגאר מיט דעם פּאַפּסט. אין די יאָהרען 1861—1863 זיינען אויך מיט פּרייסען געשלאָסען געוואָרען האַנדעלס־פערטראַגען, און אין יאָהר 1862 מיט שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און בעלגיען.

אונטער דער רעגירונג פון טאַו־קוואַנג איז געוואָרען אין כינאַ אַ שרעק־ליכע רעוואָלוציאָנס־בעוועגונג, וועלכע איז בעקאַנט אַלס די „טאַיפּינג־רע־בעליאָן", און וועלכע האָט אויפגעציטערט גאַנץ כינאַ. זינט עס איז געווען

די רעבעליאָן פון וואו־סאנקוועי איז די טאַיפּינג רעוואָלוציאָן גוועון די געפעהרליכסטע פיר די מאַנדזשו־דינאַסטיע. עס האָבען זיך געבילדעט זעהר פיעלע געהיימע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען געהאַט די אויפגאַבע צו פערקערפערן די מאַכט פון פאָלק געגען דער עפענטליכער רעגירונגס־געוואַלט. אונטער דיזע אַלע געזעלשאַפטען איז די ערסטע און מעכטיגסטע געוועזן די „געזעלשאַפט פון די דריי פעראייניגטע" (הימעל, ערד און מענש). יעדער מיטגליד, וואָס האָט געוואָלט אַריינטרעטען אין דיזע געזעלשאַפט, האָט געמוזט אָפּגעבען אַ שבועה אין פאָלגענדען נוסח: „מיר פערבינדען זיך איבעראַל די דינאַסטיע מינג צוריקצורופען און די באַרבאַרען צו פערניכטען, די טסינג אַרויסצוטרייבען און די עכטע פירסטען צו ערוואַרטען". אָבער ווייל עס איז שוין דאַמאָלס ניט געוועזן קיין זכר פון דער דינאַסטיע מינג, האָט מען בעשאַפען אַ נייעם טיטעל „טיען־וואַנג", וועלכער בעדייטעט „הימעל־קעניג".

דער ערסטער, וואָס האָט די בעוועגונג פעסטגעשטעלט און האָט זיך אָנגעאייגענט דיזען הויך־קלינגענדען טיטעל, איז געוועזן אַ מאַן מיט'ן נאָמען יונג־טסיו־ען. ער איז געוועזן אַ זוהן פון אַ בויער ניט ווייט פון קאַנטאָן. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1813. שפּעטער איז איהם מאַטעריעל געוואָרען שלעכט, און ווען דערצו איז ער נאָך ביים עקזאַמען דורכגעפאַלען איז ער צוגעשטאַנען צו די אונצופרידענע. ער האָט זיך געשטעלט אין יאָהר 1845 אָן דער שפּיץ פון אַ גרויסען רעוואָלוציאָנערען־פעראיין און האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אין דער ווייטער פּראָווינץ קואַנג־סי. אין אַ גאַ ץ קורצער צייט האָט זיך אַרום איהם פערזאַמעלט אַ זעהר גרויסע מחנה רעוואָלוציאָנערען. די רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט פיעלע טרופּען, אָבער זיי האָבען גאָרניט געקענט מאַכען מיט די רעוואָלוציאָנערען. אין הערבסט פון יאָהר 1851 האָט ער איינגענומען די שטאָדט יונג־נגאַן אין קואַנג־סי און האָט אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אין וועלכער ער זאָגט, דאָס ער איז „געשיקט פון גאָט די מאַנדזשוס אויסצוראָטען און צו נעהמען אין בעזיץ דאָס לאַנד אַלס וואַהרער הערשער". ער האָט געגרינדעט די נייע דינאַסטיע „טאַי־פינג", ד. ה. פון „גרויסען פרידען". זיינע אַלע אונטערנעהמונגען האָבען געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג, ער האָט איינגענומען אַלע פּראָווינצען, וואָס זיינען געלעגען אָסט פון דעם טייך טסע־קיאַנג, און אין דרום־זייט פון דעם טייך יאַנג־טסע־קיאַנג. אין 1853 האָט ער עראָבערט נאַנקינג. דיזע שטאָדט האָט ער געמאַכט פיר דעם מיטעלפּונקט פון דער נייער מדינה. די שטרייטען זיינען געפיהרט געוואָרען פון ביידע זייטען, ווי פון דער רעגירונג אַזוי

אויף פון די רעוואָלוציאָנערען, מיט גרויס גרויזאַמקייט.ביידע האָבען צו־שטערט און פערוויסט די שטעדט, וואו דער קריג איז פאָרגעקומען. די איינוואוינער פון פיעלע שטעדט זיינען אין גאַנצען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען. עס זיינען פון ביידע זייטען בעגאַנגען געוואָרען אונמענשליכע גרויזאַמקייטען. די רעגירונג איז געווען מאַכטלאָז אונטערצודריקען דעם אויפשטאַנד. אָבער אויך די טאַיפּינגס זיינען ניט געווען אַזוי אָרגאַניזירט, דאָס זיי זאָלען זיין אין שטאַנד אַזאַ מין אונטערנעהמונג דורכצופיהרען. אויסצופיהרען די בעוועגונג איז געווען נעטיג אַ בעסערע איינהייטליכע פיהרונג.

הונג־טסיו־ען האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט אַ פראַנצויזישען מיסיאָנער ג י ט צ ל א ף, דורך וועלכען ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט'ן קריסטענטום און איז געוואָרען שטאַרק בעגייסטערט פיר דיזע לעהרע. נאָך דעם, ווי ער האָט עראָבערט נאַנקינג, האָט ער געלאָזט דרוקען אַ גרויסע צאָהל עקזעמפּלאַרען פון נייעם און אַלטען טעסטאַמענט און האָט געגעבען דעם קריסטענטום די מעגליכקייט זיך צו פערברייטערן צווישען כינעזישען פאָלק. די מיסיאָנערען האָבען דעריבער פיעל האָפנונג געלעגט אויף דער טאַי־פּינג רעבעליאָן; זיי האָבען גערעכענט, דאָס ווען די רעוואָלוציאָנערען וועלען געווינען, וועט אין אַ קורצער צייט גאַנץ כינאַ איבערגעהן צום קריסטענטום, און דעריבער זיינען פיעלע פון זיי אָפען צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערען. שפּעטער האָבען די מיסיאָנערען טייער בעצאָהלט דערפאַר, ווייל די רעגירונג האָט אויפגעהערט זיין געניינט צו זיי און האָט זיי פערצאַמט אַלע וועגען, זיי זאָלען מעהר ניט קענען אַזוי פריי פראָפּאַגאַנדירען דאָס קריסטענטום ווי פריהער. עס האָט געהאַלטען דערביי, דאָס די כינעזישע רעגירונג זאָל אין גאַנצען פערוועהרען די מיסיאָנערען צו פּראָפּאַגאַנדירען קריסטענטום אין כינאַ. נאָר די פראַנצויזישע רעגירונג האָט זיך אריינגעמישט און האָט אַ ביסעל אָפּגעשוואַכט דעם פערדרוס פון דער כינעזישער רעגירונג אויף די מיסיאָנערען.

אין דער צייט פון דער טאַיפּינג־רעבעליאָן האָט כינאַ געהאַט אַ נייעם סכסוך מיט ענגלאַנד. די שנאה פון כינעזישען פאָלק צו די אייראָפּעער איז געוואָרען פיעל שטאַרקער, און די כינעזישע רעגירונג האָט אימער געזוכט אַ צופאַל אומצוגעהן די אָפּמאַכונג מיט דער ענגלישער רעגירונג. אין יאָהר 1856 האָבען די ענגלענדער נאָך אַמאָל געפאָדערט פון כינאַ זי זאָל מקיים זיין דעם פערטראַג, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין נאַנקינג, און דאָס מען זאָל זיי צולאָזען צו געשעפטען אין קאַנטאָן. די כינעזער אָבער האָבען ניט געוואָלט נאָכגעבען. זיי האָבען די ענגלענדער אויף להכעיס קאָנפיסקירט אַ

כינעזישעס שיף אונטער אַן ענגלישער פאָהן. די ענגלענדער האָבען דאמאָלס קאַנטאָן אָנגעגריפען און האָבען אַ טייל פון דער שטאָדט אין אַש פערוואַנדעלט, און דעם 6טען נאָוועמבער 1856 האָבען זיי די כינעזישע פלאָטע צושמעטערט. צום גליק פון כינאַ האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד אין אָסט־אינדיען געגען ענגלאַנד, און די ענגלענדער האָבען געמוזט זיך צוריקציהען פון קאַנטאָן אום דעם אויפשטאַנד צו דערשטיקען (יאַנוואר 1857). דאָס האָבען די כינעזער בעטראַכט אַלס אַ זיג איבער די באַרבאַרען און האָבען זייער שנאה צו די אייראָפּעער נאָך מעהר אָפען געצייגט. דאַמאָלס איז פראַנקרייך צוגעשטאַנען צו ענגלאַנד אוןביידע צוזאַמען האָבען זיך גענומען צו בעשיצען די אייראָפּעער אין כינאַ, און אין יאָהר 1857 האָבען זיך



אָפּיום־רויכערער.

ביידע גענומען צו שטרייטען געגען כינאַ. די טרופּען, וואָס ביידע מעכטען האָבען געשיקט נאָך כינאַ, האָבען געצעהלט 8,000 מאַן. דעם 29טען דעצעמבער איז קאַנטאָן איינגענומען געוואָרען. אין אַפּריל 1858 זיינען די פלאָטען פון ביידע מעכטען אריין אין דעם ים־בוזים פון פעטשילי, וואו דער פעיהאָ פאַלט אריין אין ים, אום דעם הויף אין פעקינג צו דערשרעקען. דעם 20טען מאַי האָבען זיי ערָאָבערט די פעסטונגען פון טאַקו. דעם 27טען יוני האָט די כינעזישע רעגירונג אָנגעהויבען פערהאַנדלען וועגען פרידען. עס איז אָפּגעמאַכט געוואָרען, אַז דאָס קריסטענטום זאָל אונגעשטערט אויס-

געאיבט ווערען אין כינאַ, אין פּעקינג זאָלען צוגעלאָזען ווערען אייראָפּעאישע געזאַנדטע און כינאַ זאָל בעצאָהלען קריגס־הוצאות 9 מיליאָנען דאָללאַר, 6 צו ענגלאַנד און 3 צו פראַנקרייך.

די כינעזער האָבען דיזען פרידענס־אָפּמאַך געזוכט ניט צו מקיים זיין און ענגלאַנד האָט אין 1859 געשיקט אַדמיראַל האָופּ צו צווינגען זיי צו האַנדלען לויט דעם אָפּמאַך. אָבער די כינעזער האָבען אונטער דער צייט ווידער אויפגעבויט די טאַקו־פעסטונגען און האָבען זיך גוט פערטיידיגט הינטער זיי. עס איז געקומען צו אַ שרעקליכען קאַמף, אין וועלכען די ענג־לענדער האָבען פערלאָרען 500 מאַן און האָבען זיך געמוזט צוריקציהען. די־זער פערלוסט האָט געפיהרט דערצו, דאָס די ענגלענדער האָבען זיך פעראיי־ניגט מיט די פראַנצויזען און האָבען געשיקט אַן עקספּעדיציאָן פון 7,000 מאַן, וועלכע האָבען געשלאָגען די כינעזישע אַרמעע פון 50,000 מאַן און האָבען איינגענומען פּעקינג און צורויבט דעם קייזערליכען זומער־פּאַלאַץ, וועלכער איז געוועזען פול מיט אונגעהייערע אוצרות. דיזער רויב איז בע־טראַכט געוואָרען אין דער ציוויליזירטער וועלט פיר אַ שענדליכען באַר־באַרישען אַקט. דער כבוד פון דיזען אַקט געהערט צו די פראַנצויזען. די ענגלענדער האָבען דערין קיין אָנטייל ניט גענומען. דעם 24טען אָקטאָבער 1860 זיינען די פעראייניגטע טרופּען פון ענגלאַנד און פראַנקרייך אריין אין פּעקינג, און דאַן האָט די כינעזישע רעגירונג אונטערגעשריבען אַ פרי־דענס־טראַקטאַט.

מיט דיזער שווערער צייט פיר כינאַ האָט זיך רוסלאַנד בענוצט און האָט אָפּגעריסען פון איהר די געגענדען אַרום דעם טייך אַמור און אַססורי. די פערמאַטערטע און שוואַכע כינאַ האָט דעם 12טען מאַי 1858 געמוזט אונ־טערשרייבען אַ פערטראַג, לויט וועלכען דיזע לענדער זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו רוסלאַנד, „אַלס אַ צייכען פון גרויסער האָכאַכטונג, וואָס די כי־נעזישע רעגירונג פיהלט צום רוסישען צאַר".

אין דיזער שווערער צייט פיר כינאַ האָט די טאַיפּינג־רעבעליאָן געהאַט גרויס ערפאָלג. זי האָט געהאַט גרויס סימפּאַטיע פון אייראָפּאַ. די רעוואָלו־ציאָן האָט דאָס געהאַט צו פערדאַנקען דעם איינפלוס פון די מיסיאָנערען. אָבער אויסער דער סימפּאַטיע האָבען די אייראָפּעאישע רעגירונגען גאָר ניט געטאָן פיר די רעוואָלוציאָנערען און האָבען זיך געהאַלטען נייטראַל. ענדליך זיינען זיי געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס די טאַיפּינג רעוואָלוציאָנערען זיינען ניט אין שטאַנד אַ ריכטיגע רעגירונג איינצואָרדנען. צו זייער רע־פּוטאַציאָן האָבען דאָ פיעל געשאַדט זייערע בעציהונגען צום ענגלישען האַנ־

דעל, וועלכער האָט שטאַרק געליטען זינט די טאַיפּינג־רעוואָלוציאָנערען האָ־בען אַריינגעכאַפּט די שיפּפאַהרט אויף דעם יאַנג־טסע־קיאַנג. איבערהויפּט האָט דער טעע־האַנדעל געליטען פון די רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען בעהערשט די געגענד צווישען האַנקאַו, וואו דער טעע ווערט געזאַמעלט, און שאַנגהאַי, וואו ער ווערט אין די שיפען אַריינגעבראַכט. דאַמאָלס האָט ענגלאַנד בעשלאָסען אָנצונעהמען די זייט פון דער רעגירונג געגען די רע־וואָלוציאָנערען. באַלד איז אויך פראַנקרייך צוגעשטאַנען צו ענגלאַנד. דיביידע מעכטען האָבען געשיקט טרופּען, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט מיט די רעגירונגס־טרופּען פון כינאַ, און אין די יאָהרען 1862, 1863 האָבען זיי שטאַרק אָנגעגריפען די טאַיפּינג רעוואָלוציאָנערען. די אויבער־קאָמאַנדע איבער דעם ענגליש־כינעזישען קאָרפּוס האָט מען איבערגעגעבען צום מאַיאָר ג אָ ר ד אָ ן, און נאָך פיעלע העלדענמוטיגע קעמפען איז איהם געלונגען דעם 19טען יולי 1864 אָפּצונעהמען די שטאָדט נאַנקינג פון די רעוואָלוציאָ־נערען. דאַן איז די מאַכט פון דער רעוואָלוציאָן געבראָכען געוואָרען. די מאַנדזשוס האָבען פירכטערליך זיך נוקם געווען אָן די טאַיפּינגס. די בלוט־באָד האָט זיך פערשפּרייט איבער גאַנץ כינאַ. צום אונגליק איז די טאַיפּינגס זעהר לייכט געווען צו דערקענען, ווייל זיי האָבען די צעפּ אָפּגעשניטען. מען זאָגט, דאָס דאַמאָלס זיינען אומגעקומען איבער 30 מיליאָנען מענשען.

און אַזוי האָבען די אייראָפּעער געהאָלפען צו בעפעסטיגען דעם טראָן פון די מאַנדזשוס, וועלכער איז שוין זעהר שוואַך געווען. אָבער קיין אמת'ע רוה איז אין לאַנד לאַנג נאָך ניט איינגעפיהרט געוואָרען. דיזעס אַריינמישען זיך פון די אייראָפּעער צו העלפען דער כינעזישער רעגירונג האָט ניט געענ־דערט אויף אַ האָר די פיינדליכע בעציהונגען פון כינעזישען פאָלק צו די אייראָפּעאישע פעלקער. דער האַס צו די פרעמדע האָט געפיהרט צו דער שרעקליכער בלוט־באָד, וואָס די כינעזער האָבען פערשאַפט די אייראָפּעער אין 1870 אין טיען־טסין, וואו עס זיינען ערמאָרדעט געוואָרען דער פראַנצוי־זישער קאָנסול, זיין סעקרעטער און פיעלע קאַטאָלישע מיסיאָנערען און נאָ־נעס. פרינץ ק אָ נ ג האָט שטאַרק בעדויערט דיזע בלוט־באָד און האָט געוואוסט ווי צו פערמיידען אַ קריג מיט פראַנקרייך צוליב דיזער בלוט־פערגיסונג. עס האָבען זיך בעוויזען נייע וואָלקענס אויף דעם פּאָליטישען הימעל פון כינאַ, וועלכע האָבען געזאָלט ברייגנען אַ מלחמה מיט ענגלאַנד און רוסלאַנד צוליב טורקעסטאַן, אָבער דעם בעריהמטען כינעזישען דיפּלאָ־מאַט מאַרקיז טסענג איז געלונגען אויסצוגלייכען די סכסוכים און עס איז

ניט געקומען צו אַ מלחמה. דערפאַר האָבען זיך געמאַכט נייע סכסוכים צווישען כינאַ און פראַנקרייך.

צו ענדע פון 1882 האָט פראַנקרייך גענומען די פּראָווינץ טאָנקין אונטער איהר שוץ. דיזע פּראָווינץ געפינט זיך אין דעם נאָרדליכען טייל פון דעם קעניגרייך אַננאַם, וועלכעס איז געווען אונטער דעם שוץ פון כינאַ. דער צוועק פון דיזער שוץ־פּאָליטיק פון פראַנקרייך איז געווען צו ענטוויקלען בעסער איהרע קאָלאָניען אין אזיען. אַננאַם איז זעהר שוואַך געווען, און די פּראָווינצען האָבען פון איהר שוואַכקייט געוואָלט ציהען נוצען. אָנפאַנגס האָבען געשטערט די פראַנצויזען אין דיזער שטרעבונג אייניגע טויזענד רעבעלען פון די טאַיפּינגס, וועלכע זיינען ענטלאָפען פון כינאַ אין אַננאַם, און זייען געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „שוואַרץ־פלאַגען". הגם אַננאַם איז געווען אונטער דעם שוץ פון כינאַ איז אויך די כינעזישע רעגירונג לאַנג ניט אַרויס געגען די פראַנצויזען אום צו הינדערן זיי זיך בעפעסטיגען אין טאָנקין. ענדליך אָבער האָט דער גרויס־סעקרעטער לי־האָנג־טשאַנג בעשלאָסען לויז צו ווערען פון די פראַנצויזען, און אַלס די כינעזישע טרופּען זיינען אָנגעקומען אין טאָנקין זיינען די פראַנצויזען געשלאָגען געווארען ביי באַקלע. די פראַנצויזען זיינען זעהר שטאַרק בייז געוואָרען פיר דיזע מפּלה און האָבען געשטורמט: „ראַכע פיר באַקלע". דער גענעראַל פון די פראַנצויזישע טרופּען בריער דע ל'איל איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען און זיין שטעלע האָט פערנומען דער גענעראַל מיללאָט. אונטער זיין קאָמאַנדע האָבען די פראַנצויזען געשלאָגען די כינעזער און זיינען געקומען ביז לאַנג־סאָן. דאָ איז ווידער פאָרגעקומען אַ שלאַכט און די פראַנצויזען זיינען ווידער צוקלאַפּט געוואָרען און האָבען קוים זיך געראַטעט פון פערניכטונג. אָבער די כינעזישע גענעראַלען האָבען זיי ניט פערפאָלגט, און זיי האָבען בעסער זיך בענוצט מיט דער פראַנצויזישער מפּלה צו פערבינדען אַ גינסטיגען פרידענס־אָפּמאַך. און דאָס איז זיי ווירקליך געלונגען דורכצופיהרען. פראַנקרייך האָט איינגעשטימט אויף פרידענס־בעדינגונגען, וואָס זיינען געווען זעהר גינסטיג פיר כינאַ. די פראַנצויזען האָבען זיך געמוזט צופרידענשטעלען זיך בעזעצען אין קאָשין־כינאַ און האָבען אויפגעגעבען יעדען וואונש זיך צו בעזעצען אין טאָנקין.

דער ערפאָלג, וואָס די כינעזער האָבען געהאַט אין טאָנקין, האָט זיי פיעל שאַדען געבראַכט, ווייל זיי זיינען געוואָרען שטאָלץ אויף זייער זיג און האָבען דעריבער אָפּגעהאַלטען די רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער אַרמעע, וואָס איז געגאַנגען זעהר גוט און ערפאָלגרייך, און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט

צום אַלטען. די מיליטערישע רעפאָרמע פון כינא האָט א גרויסע בעדייטונג פיר די אַלגעמיינע פּאָליטישע וועלט-לאַגע, און דעריבער מוזען מיר זי גע-נויער בעטראַכטען. אין אָנפאַנג פון דער רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער כינע-זישער אַרמעע זיינען פיעלע געווען ניט צופרידען מיט איהר און האָבען אויס-געזעצט פעהלערן. אורטיילענדיג די כינעזישע אַרמעע האָבען זיי געמאַכט דעם פערגלייך מיט די אייראָפּעאישע אַרמעען, איבערהויפּט מיט דער ברי-טישער אַרמעע. די קריטיקער האָבען פערגעסען, דאָס די אייראָפּעאישע קילטור איז א גאַנץ אַנדערע ווי די כינעזישע, און דאָס פון א כינעזישען סאָלדאַט קען מען פיר קיין פאַל ניט פאָדערן, וואָס מען קען פאָדערן פון א אייראָפּעאישען. זיי האָבען אויך פערגעסען, דאָס די כינעזישע אַרמעע האָט זיך דאַמאָלס געפונען אין אַן איבערגאַנגס-פעריאָדע, דאָס נאָך מיט 20 יאָהר צוריק פלעגט זי אַרוים אין שטרייט מיט פייל און בויגען, און אין אַזא קורצער צייט איז עס אַן אונמעגליכקייט צו רעאָרגאַניזירען אַן אַרמעע און געוועהנען זי צו אַרבייטען מיט פייער-געוועהר געלייפיג און גוט צוגלייך מיט א אייראָפּעאישען סאָלדאַט. איז עס א וואונדער, ווען אין די ערסטע שטריי-טען צווישען כינעזער און אייראָפּעער זיינען די ערסטע געשלאָגען געוואָרען? איז ניט א גרויסער פעהלער געווען צו מאַכען פאָרווירפען די כינעזער, דאָס זיי זיינען טרוסען, ווען זיי האָבען אין דער ערסטער צייט ניט געקענט זיך פערגלייכען מיט די אייראָפּעאישע געניטע סאָלדאַטען? אַלס עס איז ענדליך אונטערגענומען געוואָרען די רעפאָרמע פון כינעזישען מיליטער נאָך אייראָפּעאישען מוסטער, איז עס געווען גאַנץ נאַטירליך, דאָס ביים איבער-גאַנג פון אַלטען סיסטעם צום נייעם זאָלען זיך אַרויסווייזען די לעכערליכסטע קאָנטראַסטען, וועלכע האָבען די ערסטע אייראָפּעאישע מיליטערישע לעהרער פון די כינעזער געבראַכט צו פערצווייפלונג. און דיזע לעהרער האָבען בעריכ-טעט אין אייראָפּאַ די לעכערליכסטע זאַכען איבער די בעוואַפנונג, דיסציפּ-לין און אונפעהיגקייט פון די כינעזישע סאָלדאַטען!

די רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער כינעזישער אַרמעע איז צוגעגאַנגען זעהר לאַנגזאַם, ווייל כינא האָט געהאַט וועניג געלט דערצו. די פינאַנציעלע פערהעלטניסען פון כינא זיינען זעהר געדענגעלטע. די כינעזער האָבען מורא זיך אַריינצולאָזען אין חובות און ווילען ניט באָרגען קיין געלט פון א פרעמדער מאַכט אום זיי זאָלען ניט זיין אָפּהענגיג פון וועמען עס איז. הגם פיעלע לענדער האָבען געוואָלט באָרגען כינא געלט, האָט זי זעהר זעלטען געמאַכט אַן אָנלייהע אויף שלעכטע בעדינגונגען. אין די אַכטציגער יאָהרען פון פאָ-ריגען יאָהרהונדערט האָט כינא געמאַכט אַן אָנלייהע אין דייטשלאַנד אויף

5 מיליאָנען מארק. ווען מיר זאָלען נעהמען אין בעטראַכט, וואָס פיר גרויסע סומען כינאַ האָט אויסגעגעבען אויף רעאָרגאַניזירען די אַרמעע און האָט פון קיינעם קיין געלט ניט געליהען, נאָר האָט אַלעס געטאָן מיט אייגענע מיט-לען, איז עס צו שטוינען, ווי אַזוי זיי האָבען געקענט אין אַזאַ קורצער צייט שאַפען אַזאַ אונגעהייערן קאַפּיטאַל נאָר מיט אייגענע קרעפטען.

די ערסטע צייט פון דער רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער כינעזישער אַרמעע איז דער ערפאָלג געווען זעהר אונבעדייטענד. די אַרבייט איז אָנגעגאַנגען אונטער דעם איינפלוס פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, און קיין בעזונדערעס סיסטעם איז ניט אָפּגעהיט געוואָרען. אָבער אין די לעצטע צעהנדליגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט האָט לי־האָנג־טשאַנג זיך גע-נומען סיסטעמאַטיש צו רעפאָרמירען די כינעזישע אַרמעע. צו דיזען צוועק האָט מען איבערזעצט אין דער כינעזישער שפּראַך די בעסטע אייראָפּעאישע ווערק איבער קריגס־קונסט. די אַרטילעריע האָט מען בעזאָרגט מיט די בעסטע קאַנאָנען פון קרופּ'ס־פאַבריק. אָנפאַנגס האָט כינאַ דיזע רעפאָרמע פון איהר מיליטער דורכגעפיהרט אין איין אָרט, אין פּעטשילי. אָבער דיזער פּונקט האָט באַלד געדינט פיר אַ מוסטער פיר דאָס גאַנצע לאַנד. פון פּעטשילי האָט מען צושיקט געניטע אָפיצערען, וועלכע האָבען גוט פערשטאַנען די נייע מיליטער־קונסט, אין אַלע פונקטען, וואו עס איז געשטאַנען כינעזישעס מיליטער, און מען האָט איבעראַל איינגעפיהרט רעפאָרמעס אויף דער אַרט און ווייזע ווי אין אייראָפּאַ. מיט דיזען אופן האָט כינאַ געבראַכט דערצו, דאָס אין 1886 האָט זי געהאַט אַן אַרמעע פון 100,000 סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען בעוואָפענט ווי עכטע אייראָפּעער און זיינען אין שטאַנד געווען זיך פערגלייכען מיט אייראָפּעאישע שטרייטער אין אַלע הינזיכטען. דאָס אַלעס האָט כינאַ דערגרייכט אין אַ זעהר קורצע צייט, און דאָס מיט אייגענע געלט־מיטלען.

די כינעזער האָבען גוט פערשטאַנען ווי וויכטיג עס איז פיר זיי צו האָבען טיכטיגע אָפיצערען. די רעגירונג האָט איינגעלאַדען אייראָפּעאישע אָפיצערען און האָט אונטער זייער אויפזיכט געעפענט אין פּעקינג אַ קריג-ישולע. לי־האָנג־טשאַנג האָט אַזעלכע קריג־שולען געעפענט אויך אין שאַן-טונג און אין שאַן־סי. און אין יעדער פון דיזע צוויי שולען האָט מען אַריינגענומען 200 שילער. אין טיען־טסין האָט מען געגרינדעט אַ שולע פיר אינ-פאַנטעריע און קאַוואַלעריע. די כינעזער האָבען צו דיזען צוועק איינגעלאַדען גוטע אינסטרוקטאָרען (לעהרער) פון דייטשלאַנד מיט דער ערלויבניס

פון דער דייטשער רעגירונג, וועלכע איז ערנסט געווען בערייט צו העלפען זיי אין דיזער זאַך.

די כינעזער האָבען וואונדערבאַרע רעזולטאַטען דערגרייכט אין דיזער שטרעבונג. זיי האָבען געגרינדעט אַרסענאַלען און געוועהר־פאַבריקען איבער'ן גאַנצען לאַנד. אין פעקינג, טיען־טסין, פו־טשע־או, שאַנגהאַי או. אז. וו. שטעהען זיי נאָך אונטער דער פיהרונג פון אייראָפּעער, אָבער אין אינערען פון לאַנד, ווי צ. ב. אין לאַנג־טשע־או און אַנדערע שטעדט, געפינען זיך קאַנאָנען־גיסערייען און אַנדערע געוועהר־פאַבריקען מיט דאַמפּ איינגעאָרדענט, אין וועלכע עס אַרבייטען כינעזער אָהן דער הילף פון איין איינציגען אייראָפּעער. זיי זיינען שוין יעצט אין שטאַנד זייער גאַנצע וואַפען־אַרבייט אַליין אויסצופיהרען.

די כינעזער האָבען זיך אויך געשאַפען אַ נייע פלאָטע, אַ נייע ים־מאַכט, אויף'ן אייראָפּעאישען שטייגער, אָבער מיט אייגענע מיטלען, אָהן קיין אַנלייהע. זיי האָבען זיך נאָר בענוצט מיט דעם קרעדיט פון די באַנקען, וואָס געפינען זיך אין לאַנד זעלבסט, פון כינעזער און איינציגע פראַנצויזען, וואָס האָבען אין כינאַ באַנק־געשעפטען.

אויך האָבען זיי פיעל געזאָרגט פיר די אויסבילדונג פון מאַרין־אָפיצערען און מאַטראָזען. אין פו־טשע־או האָבען זיי געגרינדעט אַן אַרסענאַל פיר די פלאָטע אין יאָהר 1867 אונטער דער לייטונג פון אַ פראַנצויז זשיקעל, און דיזער אַרסענאַל איז געשטיגען ביז צו אַ הויכע שטופע. זעהר וויכטיג זיינען די ווערפטען (ערטער, וואו שיפען בויען זיך). דאָרט האָבען זיי אויך אַ גרויסע שולע געגרינדעט, וואו עס בילדען זיך אויס, אונטער טיכטיגע אייראָפּעאישע אָפיצערען און אינזשעניערען, ניט נאָר אָפיצערען און אינזשעניערען פיר די פלאָטע, נאָר אויך אינזשעניערען פיר בערג־בוי (מינעס), ווייל כינאַ האָט גרויסע אוצרות פון מעטאַלען אין איהרע בערג, און זי נעטיגט זיך אין גוטע אינזשעניערען צו אַרויסברייננגען דיזע מעטאַלען. אַ גרויסע צאָהל פון די שילער פון דיזער אַנשטאַלט האָבען בעזוכט אייראָפּעאישע אוניווערזיטעטען און פּאָליטעכניקומס און אַנדערע לעהר-אַנשטאַלטען, וואו זיי האָבען זיך פערפאָלקאָמט. צו ענדע פון 19טען יאָהרהונדערט האָבען די כינעזער געגרינדעט אַ גרויסע מיליטער־שולע און מאַרינע־שולע אין וואַמפּאָן.

דיזע רעפאָרמע פון דער אַרמע'ע און פלאָטע אין כינאַ האָט אַ זעהר גרויסע בעדייטונג פיר די צוקונפט. ווען מיר זאָלען פערגלייכען די ערסטע שטרייטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען כינאַ און די אייראָפּעאישע

מעכטען, מיט דעם אויפטרעטען פון דער רעאָרגאַניזירטער כינעזישער אַרמעע אין טאָנקין, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען וואָס מען קען ערוואַרטען פון דער כינעזישער מיליטער־קראַפט אין דער צוקונפט. שוין ניט רעדענדיג פון זייערע פעהיגקייטען — זייער אונגעהייערע צאָהל אַליין גיט זיי אַ גרויסע געוויכט.

דער בעריהמטער סינאָלאָג (קענער פון כינא) ר ע מ ו ז א ט זאָגט: „ווען מען זאָל זיך פאָרשטעלען 400 מיליאָנען מענשען, וואָס זייער קולטור פאַנגט זיך אָן יאָהרהונדערטער פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג, געזעצט אין בעוועגונג אַלס האַנדעלס־מאַכט אָדער קריגס־מאַכט אונטער דער לייטונג פון גרויסע שטאַאַטס־לייט, גרויסע מיליטערישע קאָמאַנדירען אָדער לעהרער און אויפגעקלעהרער, וועט מען פאַר זיך האָבען אַ בילד, וועלכעס ערשיינט נאָך היינט פאַנטאַסטיש, אָבער וועט אין דער ווייטער צוקונפט זיין אַ ווירקליכקייט. מען קען ערוואַרטען, דאָס אַ נייער טאַמערלאַן זאָל פיהרען די כינעזישע קאַנאָנען צום טאָבאָל, צום אוראַל, צו דער וואָלגאַ, דאָס די כינעזער זאָלען באַלד וויעדער הערשען ביים סאַנג־קאַ און פאָרדרינגען אין קאָשין־כינא, וועלכע די פראַנצויזען האַלטען נאָך.

אין היינטיגע צייטען געהט די מענשהייט פאָרווערטס מיט גרויסע שנעליגקייט. מען געהט היינט דורך אין צעהנדליגער יאָהרען, וואָס האָט פריהער בעדאַרפט דויערן הונדערטער יאָהרען. די כינעזער האָבען זיך לאַנג איינגעשפאַרט און האָבען ניט געוואָלט געהן מיט אַלע פעלקער צוזאַמען. אָבער איינמאָל האָט זיי דער צייט־שטראָם אָנגעכאַפּט וועלען זיי מיט זייער אויסדויער און פראַקטישער אינטעליגענץ אין אַ קורצער צייט דערלאַנגען די הויכע שטופע, וועלכע איז זיי פאָרגעצייכענט דורך דעם איינפלוס פון דער אייראָפּעאישער קולטור. פון די פיעלע פערשיידענע פעלקער פון אזיען איז כינא די איינציגע מאַכט, וועלכער עס שטעהט פאַר אַ בעדייטענדע צוקונפט און זי איז אָהן צווייפעל בערופען צו שפּילען אַ זעהר וויכטיגע ראָלע אין דעם אַלגעמיינעם פעלקער־פערקעהר".

איינינע פון די אייראָפּעאישע נאַציאָנען האָבען דאָס בעמערקט, איבערהויפּט די ענגלענדער. רוסלאַנד איז אַ געפעהרליכער שונא פון כינא און אויך פון ענגלאַנד, וועלכער זי איז מקנא איהר זעהר וויכטיגע און גליקליכע קאָלאָניע אָסט־אינדיען. זינט די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר רוקען זיך די רוסען ווי ווייט מעגליך נאָהענט צו אָסט־אינדיען. די ענגלישע פּאָליטיקער האָבען דעריבער שוין לאַנג גערעכענט אויף די הילף פון כינא אין פאַל עס וועט אויסברעכען אַ קריג מיט רוסלאַנד; זי איז מיט דיזער הילף

געוועזען זיכער, ווייל כינאַ האָט נאָר געוואַרט אויף אַ גינסטיגע געלעגענהייט זיך אָפּרעכנען מיט רוסלאַנד פיר די לענדער, וואָס זי האָט אוועקגערויבט פון איהר ביים אַמור און ביי טורקעסטאַן. די רוסען האָבען אויף פערשטאַנען, דאָס עס קען פּאַרקומען אַ שטרייט צווישען איהר מיט כינאַ, אין וועלכען עס קען זיין, דאָס ענגלאַנד וועט אויך אַנטייל נעהמען, און דעריבער האָט זי זיך גענומען צו בויען די גרויסע סיביר־אייזענבאַהן, דורך וועלכע איהר זאָל מעגליך זיין צו מאָביליזירען אַ [illegible]ויסע אַרמעע נאָך כינאַ. ענגלאַנד האָט דערויף מיט אַן אַנדערער אייזענבאַהן געענטפערט. זי האָט געלאָזט בויען די נאָרד־פּאַסיפישע באַהן, וועלכע ציהט זיך פון קוויבעק ביז וועסט־מינסטער ביים ברעג פון פּאַסיפישען ים אדער שטילען מעער. דיזע אייזענבאַהן שניידט דורך קאַנאַדאַ פון איין עק ביז צום צווייטען, און געהט דורך נאָר אויף לאַנד, וואָס געהערט צו ענגלאַנד. דיזע אייזענבאַהן גיט די ענגלענדער די מעגליכקייט לייכט צו מאָביליזירען איהר[illegible]ע צו די נעטיגע פּונקטען, אין פאַל עס זאָל אויסברעכען אַ מלחמה צווישען רוסלאַנד און כינאַ און זי, ענגלאַנד, וועט מוזען זיך אַריינמישען אין דעם סכסוך. יעצט וועלען די כינעזער קענען העלפען די ענגלענדער געגען די רוסען, ווען די לעצטע וועלען אָנפאַלען אויף די ענגלישע קאָלאָניעס אין אָסט־אינדיען, און די ענגלענדער וועלען קענען העלפען די כינעזער דורך די קאַנאַדישע אייזענבאַהן, ווען די רוסען וועלען אָנגרייפען כינאַ דורך זייער סיבירישע באַהן.

אויך דייטשלאַנד האָט פּאָליטישע אינטערעסען מיט כינאַ, מען קען זאָגען נאָך פיעל וויכטיגערע ווי ענגלאַנד. אָסט־אינדיען איז ניט מעהר ווי אַן ענגלישע קאָלאָניע, און ווען ענגלאַנד זאָל פערלירען דיזע קאָלאָניע, וועט דאָך דערמיט די עקסיסטענץ פון ענגלאַנד ניט קומען אין געפאַהר. כינאַ און דייטשלאַנד אָבער זיינעןביידע זעהר נאָהענטע שכנים מיט רוסלאַנד, און ווען די מאַכט פון רוסלאַנד ווערט צו שטאַרק ווערט זי אַ גרויסע געפאַהר פיר כינאַ און דייטשלאַנד מעהר ווי פיר אַלע אַנדערע מעכטען. דיזע צוויי לענדער, כינאַ און דייטשלאַנד, ברויכען גאָר ניט צו מאַכען אַ בונד צווישען זיך צו העלפען איינע דער אַנדערער, אין פאַל רוסלאַנד וועט אָנגרייפען איינע פון זיי, ווייל די אינטערעסען פון ביידען וועלען זיי ממילא צוזאַמענקניפּען, ווען די צייט וועט קומען דערצו. און דיזע צייט מוז קומען. קיין זאַך בעאונרוהיגט ניט אַזוי פיעל אַלע אייראָפּעאישע מעכטען, ווי די שטרעבונג פון רוסלאַנד צו פערבאַפּען מעהר און מעהר פרעמדע לענדער. רוסלאַנד איז יעצט דאָס גרעסטע צענטראַל־לאַנד אין אייראָפּאַ און אַזיען,

און ווען מען זאָל זי לאָזען פריי, וועט זי בעהערשען אין גאַנצען ביידע וועלט־טיילען, איירָאפּאַ און אזיען.

דער לעצטער כינעזיש־יאַפּאַנישער קריג האָט ווי עס שיינט געמאַכט אַ שטריך דורך אַלע דיזע רעכנונגען. כינאַ האָט בעקומען אַ שמערצליכען שטויס און יאַפּאַן איז געוואָרען אַ קאָנקורענטקע פון די איירָאפּעאישע מעכ־טען. דאָס האָט די גאַנצע וועלט איבערראַשט. יאַפּאַן האָט אין דער לעצ־טע צייט אַראָפּגעטרייסעלט פון זיך די קולטור, וועלכע זי האָט איבערגענו־מען פון כינאַ, און האָט זיך מיט גרויס ענערגיע געוואָרפען אין די אָרמס פון דער איירָאפּעאישער קולטור. די יאַפּאַנעזער ווערען יעצט פון אַלעמען בע־טראַכט אַלס די ענגלענדער פון אזיען. דער אונטערשייד צווישען די יאַ־פּאַנעזער און כינעזער איז, דאָס די כינעזער האָבען זייער קולטור זעלבסט בעשאַפען און ענטוויקעלט, און די יאַפּאַנעזער האָבען זייער קולטור איבער־גענומען פון די כינעזער. די כינעזער זיינען דעריבער קאָנסערוואַטיוו, האַלטען זיך פעסט אָן זייער פערגאַנגענהייט, די יאַפּאַנעזער אָבער זיינען אימער בערייט אָנצונעהמען אַ נייע קולטור, ווען דיזע וועט מעהר פּאַסען פיר זיי. און זיי האָבען ווירקליך שנעל אויסגעביטען די אַלטע כינעזישע קולטור אויף די איירָאפּעאישע, וועלכע איז פיר זיי פיעל בעסער אין פּראַק־טישען לעבען. די כינעזער אַלס קאָנסערוואַטיווער פאָלק האַלט זיך פעסט אָן איהרע אייגריכטונגען, געזעלשאַפטליכע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע. די יאַפּאַנעזער האָבען אַלעס שפּילענדיג אַוועקגעוואָרפען, זייער נאַטור־לע־בען מיט אָן איינציגען שטריך אויסגעווישט, צוריסען די קייטען פון קליין־אינדוסטריע און זיך אַריינגעוואָרפען מיט אַ ווילדען חשק אין גרויס־אינ־דוסטריע און זיך געוואָרפען צו די פיס פון קאַפּיטאַליזם.

אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָבען די יאַפּאַנעזער זיך אָנגעאייגענט איי־ראָפּעאישע קענטניסען, די איירָאפּעאישע פּאָליטישע אינסטיטוציאָנען, און האָבען זיך אַריינגעאַרבייט אין אַ נייע וועלט פון טעכניק און פּראָדוקציאָן. זיי האָבען בעוויזען, וואָס קיין פאָלק אין דער געשיכטע האָט ביז יעצט ניט בעוויזען — זיי האָבען ווי מיט די הענט איבערגעשניטען מיט איין מאָל אָן אַלטע קולטור אויף אַ נייע. אויב דאָס וועט אויף אימער אָדער אויף לאַנג פערבלייבען ביי זיי? אויף דיזע פראַגע זאָל ענטפערן די עטהנאָלאָגיע (לעהרע וועגען פעלקער), אַנטהראָפּאָלאָגיע (לעהרע וועגען מענשען) און פּסי־כאָלאָגיע (לעהרע איבער דעם מענשען׳ס זעעלע און כאַראַקטער). דערווייל האָט יאַפּאַן די וועלט איבערראַשט מיט דער אונערוואַרטעטער איבערקעהרע־ניש. זי האָט יעצט איהרע גרויסע פאַבריקען, די גרויסע מיטלען צום גרויסען

וועלט־האנדעל. זי מוז יעצט האָבען איהרע מערק, וואו צו פערקויפען איהר פּראָדוקציאָן. ווי אַלע אַלטע אינדוסטריעלע לענדער קענען ניט עקסיסטירען אָהן עקספּאָרט, אַזוי מוז אויך די נייע יאַפּאַן זיך קענען אויסברייטען איבער איהרע גרענצען, ווען זי וויל ניט דערשטיקט ווערען אין איהר אייגענער ענגשאַפט.

אָבער דער שריט, וואָס די יאַפּאַנעזער האָבען געמאַכט אונטער דעם איינפלוס פון זייערע אייראָפּעאישע לעהרער, האָט שוין טייער געקאָסט זייערע לעהרער, און ווי עס ווייזט אויס וועט עס זיי נאָך מעהר קאָסטען. די אייראָפּעער שטאַלצירען מיט דעם ערפאָלג פון זייערע תלמידים די יאַפּאַנעזער, אָבער דאָס איז נאָר זיך אין די אויגען זאַמד געשאָטען.

פיר די אייראָפּעאישע אינדוסטריע־לענדער איז כינא אַ געבענשטעס לאַנד. עס איז ניט קיין קלייניגקייט צו ערווערבען אַ מארק אין אַ לאַנד פון קולטור, וואָס ענטהאַלט 400 מיליאָנען מענשען. מען האָט געקענט אָנשרייבען פיעלע גרויסע און דיקע ביכער, וועלכע זאָלען ענטהאַלטען די געשיכטע פון דער אָנשטרענגונג, וואָס ענגלאַנד און אַמעריקא האָבען געמאַכט אום צו געווינען כינא אַלס מארק פיר זייערע סחורות. נאָך אַלע אָנשטרענגונגען איז דער ערפאָלג געווען ביז יעצט ניט זעהר גרויס. מיט באָדען־פּראָדוקטען קען קיין לאַנד ניט קאָנקורירען מיט כינא, ווייל זי גיט ארויס מעהר ערד־פּראָדוקטען פון יעדען אַנדערען לאַנד אין דער וועלט. מען האָט נאָר געקענט רעכנען אויף דעם אינדוסטריעלען געביט, דאָס די פּראָדוקציאָן פון די גרויסע פאַבריקען וועט שלאָגען די האַנט־פּראָדוקציאָן פון די כינעזער. די ערסטע פּראָבע האָט מען געמאַכט מיט באַוועל־ארטיקלען. אַזוי ווי דער כינעזישער מארק פאָדערט אַ גאַנץ בעשטימטע ברייט, האָבען די ענגלענדער און אַמעריקאַנער געלאָזען בויען אייגענע ווערק־שטוהלען פיר דיזע ברייט, אָבער מיט אַלע דיזע אָנשטרענגונגען האָבען זיי געמאַכט — דורך זייערע פאַבריקאַנטען אין שאַנגהאַי — נאָר אַן אונטערשייד פון 8—8½ פּראָצענט געגען די כינעזישע הויז־אויסארבייטונגען. עס האָט זיך געלאָזען דערמיט מאַכען געשעפט אין די געגענדען ביי די ברעגען, אָבער אַזוי באַלד ווי די פרעמדע פאַבריקאַנטען האָבען געדאַרפט טראָגען די קאָסטען פון טראַנספּאָרט און די צאָל־קאָסטען נאָך דעם אינערען לאַנד, האָבען זיי די היימישע פּראָדוקטען ניט געקענט שלאָגען. ענגלאַנד האָט קוים ארויפגעארבייט איהר פערקויף פון באַוועל־פּראָדוקטען אויף די סומע פון 30,000,000 דאָלאַר אַ יאָהר. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זי געמוזט קויפען טעע

אין כינאַ פיר מעהר פון 300,000,000 דאָלאַר אַ יאָהר. אזוי איז ענגלישעם גאָלד געבליבען אין כינאַ יעהרליך מעהר ווי 200,000,000 דאָלאַר.

ענגלאַנד האָט געזוכט צו דעקען דעם אונטערשייד פון איהר עקספּאָרט נאָך כינאַ און איהר אימפּאָרט פון דיזען לאַנד דורך אָפּיום, וועלכעס זי האָט אָנגעהויבען אריינפיהרען אהין פון אָסט-אינדיען, אָבער כינאַ האָט באַלד אָנגעהויבען פּראָדוצירען אייגענעם אָפּיום. ענגלאַנד איז געווען געצוואונגען אויפצוגעבען דעם טעע-האַנדעל מיט כינאַ און זיך נעהמען צו טעע-קולטור אין אינדיען אום אויף דיזער אַרט זיך צו בעפרייען פון דעם טעע-האַנדעל מיט כינאַ, וועלכע אימפּאָרטירט וועניגער ווי זי עקספּאָרטירט. וועהרענד אין יאָהר 1851 איז דער טעע-עקספּאָרט פון אינדיען געווען נאָר 262,839 ענגלישע פונט, איז ער אין 1873 געוואַקסען אויף 7 מיליאָנען, אין 1881 אויף 59 מיליאָנען און אין 1893 אויף 110 מיליאָנען פונט סטערלינג. אזוי איז דער געגענזייטיגער אויסטויש צווישען ענגלאַנד און כינאַ בעדייטענד צוריקגעגאַנגען.

ווען ענגלאַנד האָט מיט איהר גרויסען קאַפּיטאַל און גרויסער אינדו-סטריע ניט געקענט גרינדען פיר זיך אַ גוטען מאַרק אין כינאַ — וואָס האָבען שוין געקענט ערוואַרטען אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער? און דאָך גלויבען פיעלע אין אייראָפּאַ, דאָס כינאַ וועט פיר קיין פאַל ניט זיין אין שטאַנד צו קאָנקורירען דורך איהר הויז-אַרבייט מיט דער גרויס אינדוסטריע פון די איי-ראָפּעאישע גרויסע פאַבריקאַנטען מיט זייערע גרויסע קאַפּיטאַלען. דער פלייס און די אינטעליגענץ פון די כינעזער האָבען אַ גרענעץ, אָבער די גרויס-אינדוסטריע און די קאַפּיטאַלען פון די אייראָפּעער האָבען קיין גרענעץ ניט. ווען די אייראָפּעער וועלען קענען זייערע סחורות מיט 20 פּראָצענט ביליגער מאַכען ווי די פּראָדוקטען פון דער כינעזישער הויז-אַרבייט, דאַן וועלען דיזע מוזען אונטערגעהן. דער ערסטער גוואַלדיגער ריס איז אין די לעצטע יאָהרען געמאַכט געוואָרען פון דייטשלאַנד, און נעמליך אין אַליזאַרין-פאַרבען. די כי-נעזישע פאַרב-פאַבריקאַנטען האַבען געמוזט צומאַכען זייערע פאַבריקען, ווייל זיי זיינען ניט אין שטאַנד געווען צו קאָנקורירען מיט די דייטשע פאַבריקאַנ-טען. מיט דער צייט האָבען אויך אַנדערע אַרטיקלען, וואָס זיינען פאַבריצירט געוואָרען אין כינאַ זיך געמוזט אונטערגעבען אונטער דייטשער קאָנקורענץ.

עס וואָלט פערנעהמען צו פיעל פּלאַץ, ווען מיר זאָלען וועלען אויס-פיהרליך שרייבען די האַנדעלס-געשיכטע צווישען כינאַ און יאַפּאַן. זינט די יאַפּאַנעזער האָבען זיך אָנגעאייגענט די אייראָפּעאישע קולטור זיינען זיי געוואָרען געפעהרליכע קאָנקורענטען פיר די אייראָפּעער. שוין אין 1893

האָבען די יאַפּאַנעזער אַריינגעבראַכט אין כינאַ זייערע פּראָדוקציאָנען פיר אונגעפעהר 20 מיליאָנען מאַרק. אָבער זיי האָבען זיך דערביי ניט אָפּגעשטעלט. זיי האָבען די זאַך פיעל בעסער פערשטאַנען איידער די איירָאָפּעאישע מעכטען, זאָגאַר בעסער פון ענגלאַנד.

זעהר פיעל האָבען געשטערט דעם איירָאָפּעאישען האַנדעל מיט כינאַ די גרויסע טראַנספּאָרט־הוצאות און די שווערע אָפּצאָהלונגען, וואָס די כינעזער האָבען אַרויפגעלעגט אויף אויסלענדישע סחורות, וואָס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען אין אינערען פון לאַנד. און דעריבער איז דער האַנדעל פון אויסלאַנד מיט די אינוועניגסטע שטעדט פון כינאַ קיין מאָל ניט געקומען צו אַ בליהענדען צושטאַנד. דיזער האַנדעל האָט זיך געפונען הויפּטזעכליך אין די הענט פון די דייטשען. די יאַפּאַנעזער האָבען געפונען אַ מיטעל ווי דיזע שוועריגקייטען צו בעזייטיגען. זיי האָבען געמאַכט קאָרעאַ פיר די בריק, דורך וועלכע זיי האָבען גענומען צוברייגען זייערע סחורות אין מיטעל־כינאַ. גרויס־אינדוסטריע און גרויס־האַנדעל געהען אימער האַנט אין האַנט. כל זמן כינאַ האָט ניט געהאַט קיין גרויס־אינדוסטריע האָט זי ניט געהאַט קיין גרויסען האַנדעל, און אַזייענבאַהנען האָבען קיין ווערט ניט געהאַט, ווייל זיי זיינען געוועזן נוצלאָז. ערסט ווען אין כינאַ האָט זיך ענטוויקעלט אַ גרויסע אינדוסטריע האָבען די אייזענבאַהנען בעקומען זייער ווירקליכע בעדייטונג. ווען די יאַפּאַנעזער האָבען געוואָלט ענטוויקלען זייער גרויס־אינדוסטריע האָבען זיי דערצו געמוזט שאַפען האַנדעלס־וועגען. דער בעסטער וועג דערצו איז קאָרעאַ. דאָרט מוזען זיי שאַפען דעם פונדאַמענט פיר זייער גרויס־האַנדעל ; דאָרט מוזען זיי בויען האַפענס, אייזענבאַהנען, טעלעגראַפען או. ד. גל. ווען די יאַפּאַנעזער האָבען שוין בעזאָרגט קאָרעאַ מיט די נעטיגע וועגען צום האַנדעל, האָבען זיי אין זייערע הענט דעם האַנדעל פון כינאַ אין אָסט, נאָרד און מיטעל־כינאַ, און לאַכען פון די איירָאָפּעער און אַמעריקאַנער, וועלכע האָבען אַזוי פיעל קרעפטען פערלאָרען אום דעם האַנדעל פעסט צו שטעלען אין זיך, מיט דער האָפנונג, דאָס פון דאָרט וועלען זיי פערכאַפּען דעם גאַנצען האַנדעל פון כינאַ.

דאָס דער ערפאָלג פון די יאַפּאַנעזער איז זעהר גרויס און פערשפּרעכט צו זיין נאָך גרעסער מיט דער צייט, איז צו זעהן קלאָר פון דער באַוועל־אינדוסטריע אַליין. אין יאָהר 1887 האָבען אין יאַפּאַן געאַרבייט 60,000 שפּינדלען, וועלכע האָבען אַרויסגעגעבען 9,700,000 פונט גאַרן (פּאָדים). אין יאָהר 1892 זיינען שוין געלאָפען 403,000 שפּינדלען, וועלכע האָבען אויסגעאַרבייט 82,500,000 פונט גאַרן. די יאַפּאַנעזער זיינען זעהר געפעהר-

ליכע קאָנקורענטען ווייל דער ארבייטס-לוין איז דאָרט זעהר קליין. אין די גרויסע שפינערייען פון קאנעגא-פוטשי בעקומט אן ארבייטער 17 סען (אן ערך 45 פעניג), אן ארבייטערין 7 סען (19 פעניג) א טאָג! געגען אזא ביליגען ארבייטס-לוין קען קיין אייראָפּעאישע אָדער נאָרד-אמעריקאנישע קאָנקורענץ ניט מעגליך זיין. דאָס אליין איז גענוג אורזאך, דאָס די יאפּאַ-נעזער זאָלען אלע אנדערע פעלקער פערטרייבען פון כינא׳ס האנדעל. גרויסע שוועריגקייטען האָבען די יאפּאנעזער צו בעזייטיגען אין דער מעטאל-אינ-דוסטריע; אָבער אין דיזער הינזיכט העלפען זיי זעהר פיעל די ענגלישע און אמעריקאנישע קאפּיטאלען. עס איז בעקאנט, דאָס דער קאפּיטאל האָט ניט קיין פאָטערלאנד; וואו ער קען מאכען גוטע געשעפטען, אהין ציהט ער זיך און ארבייט דאָרט, איבערהויפּט זוכט ער די ערטער, וואו דער אר-בייטס-לוין איז ביליג. דעם קאפּיטאל מאכט ניט אויס, וואו דער ביליגער ארבייטס-לוין איז — אין דער היים אָדער זאָגאר אין א לאנד פון פיינד. עס איז זיכער, דאָס דיזער קאפּיטאל וועט פיעל שאדען די ענגלישע און אמע-ריקאנישע אינטערעסען, ווייל די יאפּאנעזער וועלען דורך איהם ארויסשטו-פען די ענגלישע און אמעריקאנישע סוחרים פון כינעזישען מארק. אָבער דער קאפּיטאליסט זאָרגט ניט וועגען אזעלכע זאכען.

דער קריג, וועלכען יאפּאן האָט געפיהרט מיט כינא, איז געווען א ריין עקאָנאָמישער. ער איז אין גרונד גענומען ניט געווען געריכטעט געגען כי-נא, נאָר איבערהויפּט געגען די אייראָפּעאישע און אמעריקאנישע קאָנקורענץ.

אן אורזאך פיר דעם קריג האָט געגעבען קאָרעא. זינט הונדערטער יאָהרען האָט זיך כינא געריסען מיט יאפּאן צוליב קאָרעא, און צוליב דיזער רייסענים איז זי געבליבען אונאָפּהענגיג. די יאפּאנעזער האָבען אימער גע-פיהרט גרויסע געשעפטען מיט דער מדינה. אין יאָהר 1876 האָט יאפּאן געשלאָסען א האנדעלס-פערטראג מיט קאָרעא. אין דיזען פערטראג האָט יאפּאן אָנערקענט די אונאָפּהענגיגקייט פון קאָרעא, און דערפאר האָט קאָרעא געעפענט פיר יאפּאן איהרע האפען-שטעדט: טשעמולפּאָ, פוזאן און וואָנ-פאן. קאָרעא האָט אויך ערלויבט, דאָס אין דיזע שטעדט זאָלען זיך בע-זעצען יאפּאנעזישע אונטערטאנען. נאָך דיזען טראקטאט האָט קאָרעא גע-שלאָסען טראקטאטען אויך מיט אנדערע מעכטען: מיט די פעראייניגטע שטאאטען, מיט דייטשלאנד, מיט פראנקרייך און ענגלאנד. דער קעניג פון קאָרעא האָט נאָך געהאלטען דעם מנהג ביי געוויסע געלעגענהייטען צו שיקען דעם קעניג פון כינא מתנות, אָבער דאָס איז נאָר געווען א פאָרמע פון העפ-ליכקייט, ניט פון אונטערטעניגקייט.

אָבער קאָרעאַ זעלבסט האָט זיך געפונען אין זעהר ניט קיין גוטען צו־שטאַנד. דער קעניג איז געווען מאַכטלאָז; דאָס לאַנד האָט געליטען פון זעהר אָפטע אויפשטאַנדען, וועלכע די רעגירונג איז ניט אין שטאַנד געווען צו אונטערדריקען; כינאַ און יאַפּאַן האָבען זיך געמוזט אריינמישען אין די אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון לאַנד אום דאָרט אָרדנונג צו מאַכען. נאַ־טירליך זיינען דערביי ארויסגעקומען סכסוכים צווישען כינאַ און יאַפּאַן. דיזע סכסוכים זיינען אין 1885 אויסגעגליכען געוואָרען.ביידע, כינאַ און יאַפּאַן, האָבען גערעכטען דעם קעניג פון קאָרעאַ ער זאָל בילדען אַן ארמעע אויף איירעאָפּעאישער אַרט. אין פאַל ווען עס וועלען זיך דאָרט מאַכען נייע אונרוהען און די רעגירונג וועט ניט זיין אין שטאַנד זיי צו דערשטיקען, זאָלען ביידע מעכטען, כינאַ און יאַפּאַן, שיקען אהין זייערע טרופּען, אום אָרדנונג צו שאַפען, און נאָך דעם, ווי עס וועט דאָרט רוהיג ווערען, זאָלען די ביידע מעכטען זייערע טרופּען צוריקציהען פון קאָרעאַ.

אָבער די אונרוהען אין קאָרעאַ האָבען ניט אויפגעהערט און דער שוואַ־כער קעניג האָט זיך געווענדעט אין אָנפאַנג 1894 צו כינאַ אום הילף. כינאַ האָט באַלד אריינגעשיקט 5,000 מאַן אין קאָרעאַ און האָט וועגען דעם גאָר־ניט נעגעבען צו וויסען צו יאַפּאַן. דיזע האָט זיך געאיילט און האָט אריינ־געשיקט איהרע טרופּען אין קאָרעאַ (ענדע יוני) נאָך איידער די כינעזישע טרופּען זיינען אָנגעקומען אהין. יאַפּאַן האָט געפאָדערט פון כינאַ זי זאָל האַנדלען אין דיזער אנגעלעגענהייט לויט זייער אָפּמאַך פון 1885. כינאַ אָבער האָט געפונען, דאָס יאַפּאַן האָט איהר בעליידיגט מיט'ן אריינשיקען די טרופּען אין קאָרעאַ איידער כינאַ האָט אריינגעשיקט איהר מיליטער, און זי האָט אריינגעשיקט פרישע טרופּען. אַלס ענטפער צו כינאַ אויף איהרע נייע טרופּען האָט יאַפּאַן אויך צוגעשיקט מעהר סאָלדאַטען אין קאָרעאַ און האָט דאָרט פערשטאַרקט איהר מאַכט ביז 8,000 מאַן, און האָט כינאַ געשטעלט פאָלגענדע פאָדערונגען: 1. כינאַ זאָל געבען איהר צושטי־מונג צו פערשיידענע רעפאָרמען אין קאָרעאַ. 2. כינאַ זאָל געבען יאַפּאַן די זעלבע רעכטען אין קאָרעאַ וועלכע זי זעלבסט האָט, נאָר די אויבערהערשאַפט זאָל בלייבען פיר כינאַ. 3. די אַלע אָרדנונגען, וועלכע עס וועלען נעטיג זיין צו מאַכען אין קאָרעאַ, זאָלען געמאַכט ווערען מיט דער איינשטימונג פון ביידע מעכטען. 4. ווען כינאַ וועט יעצט ווידער אריינשיקען נייע טרו־פּען, וועט עס יאַפּאַן בעטראַכטען אַלס אַ צייכען פון קריג און זי וועט אויך אזוי האַנדלען.

כינא האט צוריקגעוויזען דיזע פאָדערונגען. דאָס האט ארויסגערופען א קריג, פיר וועלכען כינא איז געווען פעראַנטוואָרטליך. כינא איז אָבער גאָרניט פּאָרבערייטעט געווען צו א קריג. אמת, די רעאָרגאַניזאציאָן פון דער כינעזישער ארמעע האט פיעל אויפגעטאָן. אָבער ערסטענס האָבען די ערפאָלגען פון די כינעזער געגען די פראַנצויזען אין טאָנקין זיי אזוי שטאָלץ געמאַכט, דאָס זיי האָבען זיך איינגערעדט, א זיי געפינען זיך אויף דער העכסטער שטופע פון מיליטערישער פעהיגקייט. זייערע בעמיהונגען צו פערגרעסערן די ארמעע זיינען דעריבער געוואָרען שוואַכער און זיי זיינען וויעדער געקומען צו דער שטופע, אויף וועלכער זיי זיינען געשטאַנען אמאָל. אויסער דעם דארף מען ניט פערגעסען, דאָס די זעעלע פון רעאָרגאַניזירען די כינעזישע ארמעע איז געווען נאָר איין איינציגער מאַן, לי־הונג־טשאַנג, וועלכער האָט געהאַט צו קעמפען מיט די רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען איהם געשטערט אין זיינע אונטערנעהמונגען אויף יעדען טריט און שריט, און האָבען פיעלע מאָל צושטערט, וואָס ער האָט מיט גרויס מיה אויפגעבויט. אָבער די הויפּט־אורזאַך פון דער כינעזישער שוואַכקייט איז די קאָרופּציאָן פון די בעאַמטע, פון די מאַנדארינען, וועלכע האָבען אין דער לעצטער צייט געקראָגען זעהר א גרויסע מאַכט. די בעאַמטע האָבען געוויסענלאָז צורויבט אלע עפענטליכע געלטען. כינא האָט געהאַט סאָלדאַטען, א פלאָטע און קאַנאָנען נאָר אויף'ן פּאַפּיר, אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט זי גאָרניט געהאַט. ביי היינטיגע וואַפען, און ביי היינטיגער טאַקטיק איז עס אונמעגליך פּאָרטצובערייטען אַן ארמעע אין א קורצער צייט פון א צוזאַמענגעקליבענער מאַסע פרישע רעקרוטען און זיך שטעלען געגען א גוט דיסציפּלינירטע, גוט געמוסטירטע און געאיבטע ארמעע.

און יאַפּאַן דאַגעגען האָט זינט דעם יאָהר 1868 זיך אָנגעהויבען רעגעלמעסיג און אָהן שום שטערונג צו רעאָרגאַניזירען די ארמעע, און צוזאַמען מיט דעם איז ביי איהר אויך איינגעפיהרט געוואָרען די אייראָפּעאישע קולטור אין אלגעמיין. דער דאַמאָלסדיגער מיקאדאָ, מוטסו היטאָ, האָט אליין מיט זיין גוטען ווילען פערוואַנדעלט די אבסאָלוטע מאָנארכיע אין א קאָנסטיטוציאָנעלע פּאָרמע פון רעגירונג (1886), ער האָט געגעבען דעם פּאָלק א פּארלאַמענט און האָט געשאַפען זיכערע, טרייע בעאַמטע. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די אלגעמיינע פליכט פיר מיליטער־דינסט און די ארמעע איז רעאָרגאַניזירט געוואָרען נאָך דעם מוסטער פון די אייראָפּעאישע ארמעען. די יאַפּאַנעזישע ארמעע איז בעשטאַנען פון 60,000 ניט דיסציפּלי־

נירטע סאָלדאַטען, מיט א רעזערוו, אין פאַל פון קריג, פון 97,000 מאַן 1טע קלאַס, און נאָך א רעזערוו פון 98,000 מאַן 2טע קלאַס.

אויסער דעם האָבען די יאפּאַנעזער געשאַפען אַן אויסגעצייכענטע פלאָ־טע. דערצו זיינען זיי מעהר פעהיג פון פיעלע אַנדערע פעלקער, ווייל זיי זיינען אַן אינזעל־פאָלק און געבאָרענע זעע־לייט. די פלאָטע זייערע איז בעשטאַנען פון 90 קריג־שיפען פון דער נייעסטער קאָנסטרוקציאָן, צווישען זיי אויך טאָרפּעדאָ־שיפען מיט 400 קאַנאָנען און 9,000 מאַטראָזען. גייסט, אויסבילדונג און פיהרונג זיינען געשטאַנען ביי די יאפּאַנעזער פיעל העכער ווי ביי די כינעזער.

און דעריבער, ווען עס איז צווישען יאפּאַן און כינא געקומען צו א קריג, האָט די לעצטע געליטען שרעקליכע מפּלות איינע נאָך דער אַנדערער. די וועלט האָט זיך דאַמאַלס זעהר פערוואונדערט. די ערסטע בעגעגנים איז געווען א גרויסער קלאַפּ פיר כינא. איהר טראַנספּאָרט־שיף „קאָו שינג" איז פון דעם ערסטען יאפּאַנעזישען קריג־שיף „נאַניוואַ" געזונקען דורך א טאָרפּעדאָ־שאָס. איבער 1.000 מאַטראָזען זיינען דערטרונקען געוואָרען צוזאַמען מיט דעם געזונקענעם כינעזישען שיף. דעם 29טען יולי 1894 האָט דער יאפּאַנעזישער גענעראַל אָ ש י מ א אָנגעגריפען די כינעזער ביים דאָרף ס ע י ־ ק א ן און זיי האָבען געהאַט א פאָלשטענדיגע נידער־לאַגע. אין מיטען אויגוסט האָבען די יאפּאַנעזער איינגענומען די פעסטונג סאָאול און האָבען פערנומען די גאַנצע האַלב־אינזעל קאָרעא. דעם 15טען און 16טען סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען די שלאַכט ביי פינג־וואַנג אין נאָרד פון דער האַלב־אינזעל. אין דיזער שלאַכט זיינען די כינעזער ווידער געשלאָ־גען געוואָרען. ווייל עס איז שווער געווען פיר כינא צו שיקען פרישע מילי־טער דורך די יבשה, האָט זי בעשלאָסען צו שיקען א טראַנספּאָרט פון 5,000 מאַן דורך דעם ים, צום קריגס־אָרט אין קאָרעא, אונטער דער פיהרונג פון אַדמיראַל ט י נ ג. װעלכער איז אַרויס מיט זיינע שיפען פון װ ו ע י ־ ה א י ־ ו ע י נאָך פּ א ר ט א ר ט ה ו ר. דאָרט האָט ער זיך דער־וואוסט פון דער מפּלה, וואָס די כינעזער האָבען געהאַט ביי פינג־יאַנג, און האָט בעשלאָסען צו ברייננען די טרופּען צו טא־קו־שאַן, א האַפען־שטאָדט וועסטליך פון דער מינדונג פון דעם טייך י א ל ו. דאָ אָבער איז ער אונ־ערוואַרטעט בעפאַלען געוואָרען פון דער יאפּאַנעזישער פלאָטע אונטער אַדמי־ראַל א י ט א. עס איז צווישען זיי פאָרגעקומען א זעע־שלאַכט, אין וועל־

כער די כינעזער האָבען פערלאָרען 5 שיפען און איבער 1,000 מאן. די יאַ-פּאנעזער האָבען נאָר פערלאָרען 400 אין טויטע און פערוואונדעטע.

אין אָקטאָבער האָבען די יאפּאנעזער פערכאפּט די לעצטע שוואכע פּאָזיציאָנען פון די כינעזער אין נאָרד און זיינען אריבער דעם טייך יאלו, וועלכער דינט אלס גרענעץ צווישען קארעא און מאנדזשוריע. דעם 22טען נאָוועמבער האָבען די יאפּאנעזער איינגענומען די זעהר שטאַרקע פעסטונג פּאָרט ארטהור, וועלכע געפינט זיך ביים גאָלף (ים־בוזים) פּעטשילי, ווי אויך די פעסטונג וועי־האי־וועי אין זיד (13טען פעברואר 1895). עס זיינען פאָרגעקומען נאָך איינינע שלאכטען, און אין אלע האָבען די כינעזער

אדמיראל טינג.

פערלאָרען. די וויכטיגסטע פון די לעצטע שלאכטען איז געוועזען די, וועלכע איז פאָרגעקומען ביים טייך ל י א ־ א. דיזער זיג האָט געגעבען די יאַ-פּאנעזער די מעגליכקייט צו געהן אונגעשטערט נאָך פּעקינג, און דאָס האָט געצוואונגען די כינעזער אָנצופאנגען אונטערהאנדלען וועגען פרידען. אין אפּריל 1895 איז געשלאָסען געוואָרען פרידען אין ס י מ א נ ע ס ע ק י. לויט דיזען פרידען האָבען די יאפּאנעזער בעקומען פון די כינעזער די בע-זיגטע טיילען פון דער האלב־אינזעל ליא־אָ־טונג, ווי אויך די אינזעל פאָר-מאָזא און די פעסקאדאָרעס־אינזלען. אויסער דעם האָט זיך כינא פערפּליכ-טעט צאָהלען צו יאפּאן 200 מיליאָנען טאעלס (150,000,000 דאָללאר). די

אייראָפּעאישע מעכטען האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם, דאָס די פעסטונג ליאַאָ־טונג זאָל איבערגעהן צו יאַפּאַן, און דיזע האָט זיך געמוזט צופרידען שטעלען מיט דער אינזעל פאָרמאָזאַ.

דאָס וויכטיגסטע אין דיזען טראַקטאַט איז, דאָס די יאַפּאַנעזער האָבען בעקומען דאָס רעכט צו האָבען פרייען צוטריט צו 5 האַפען־שטעדט, צווי־שען וועלכע איז אויך פּעקינג אַריינגערעכענט, ווי אויך דאָס רעכט צו גרינ־דען באַוועל־פאַבריקען אין כינא, און אַנדערע אינדוסטריעלע איינריכטונגען. דאָס האָט איבערראַשט גאַנץ אייראָפּאַ. עס האָט צושטערט זייער אַלטע טהעאָריע, דאָס די מאָנגאָלישע ראַסע שטעהט אונטער דער קאַווקאַזישער אין קולטור. דיזעס בעווייזט, דאָס עס איז ניטאָ קיין אָפּגעשטעלטע רעגעל, לויט וועלכער מען זאָל קענען בעאורטיילען דעם שטיל־שטאַנד אָדער דעם פּאָרטשריט פון פעלקער.



# די נייעסטע געשעהעניסען.

---

**דער שפּאַניש־אַמעריקאַנישער קריג.** דיזער קריג האָט פיר איי־ראָפּאַ געהאַט כמעט די זעלבע בעדייטונג ווי דער קריג צווישען כינאַ און יאַפּאַן, וועלכען מיר האָבען פריהער בעשריבען. ווי די יאַפּאַנעזער אַזוי האָ־בען די אַמעריקאַנער ביז יעצט געמאַכט זייער געשיכטע נאָר אין זייער אייגע־נעם לאַנד. זיי האָבען זיך ניט געמישט אין אַנדערע לענדער. יעצט זיינען זיי אַרויס אַצוגרייפען אַ אייראָפּעאישען שטאַאַט, און דערמיט האָבען זיי געצייגט אייראָפּאַ, דאָס אין דער וועלט־פּאָליטיק דאַרף מען זיך פון יעצט אָן אויך מיט זיי רעכנען.

די שפּאַניער האָבען ניט אויפגעהערט צו דריקען די איינוואוינער פון זייערע וועסט־אינדישע קאָלאָניעס און דיזע אונטערדריקונג האָט געבראַכט די איינוואוינער צו אַ רעוואָלוציאָן. אין יאָהר 1868 האָט די בעפעל־קערונג פון דער אינזעל קובאַ, זיך צום ערסטען מאָל אויפגעהויבען. נאָך אַ קאַמף פון צעהן יאָהר איז די רעוואָלוציאָן מיט באַרבאַרישע גרויזאַמקייטען דערשטיקט געוואָרען נאָך דעם, ווי כמעט די גאַנצע ווייסע בע־פעלקערונג איז אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען. אַבער אַלס דער יונגער דור איז אויפגעוואַקסען האָט ער בענייט דעם קאַמף מיט די אונטערדריקער און אין יאָהר 1895 האָט אויסגעבראָכען אַ נייע רעוואָלוציאָן. די שפּאַניער האָבען דיזען מאָל געהאַנדעלט מיט מעהר גרויזאַמקייט ווי אין יאָהר 1828. דער שפּאַנישער גענעראַל ווייל ער, אַ שרעקליכע בעסטיע אין מענשליכער געשטאַלט, איז בעשטימט געוואָרען צום גובערנאַטאָר פון קובאַ און ער האָט זיך גענומען צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן מיט אונערהערטער גרויזאַמקייט. ער האָט צושאָכטען אונשולדיגע פרידליכע אַלטע לייט, פרויען און יונגע קינדער. ער האָט מיט זיין אייגענער האַנט דערשאָסען פיעלע קינדער. פיעלע פון די איינוואוינער האָט ער פון די הייזער פערטריבען און האָט זיי פעריאָגט אין אַזעלכע ערטער, וואו זיי זיינען פון עלענד אומגעקומען.

דעם 3טען נאוועמבער 1896 איז מ ע ק ק י נ ל ע י  ערוועהלט געווא-רען פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאטען און איז דעם 4טען מערץ 1897 אריין אין זיין אמט. די ערסטע טאט זיינע איז געווען אפצוהאלטען די שפאניער פון בעהאנדלען גרויזאם די איינוואוינער פון קובא. אין האפען פון ה א וו א נ א  איז דעם 15טען פעברואר 1898 אויפגעריסען געווארען דאס אמעריקאנישע קריג-שיף  מ ע י ן , און מען האט געגלויבט, אז דאס איז געשעהען דורך דעם פערראט פון שפאניען. דאס איז געווען א סיגנאל פיר די פעראייניגטע שטאאטען אריינצומישען זיך אין דעם קריג. די שפאנישע רעגירונג האט אפילו שוין פריהער (אין אקטאבער 1897) אפ-גערופען גענעראל ווייל ער פון קובא צוליב זיינע גרויזאמקייטען, אבער מעק-קינלעי האט געפאדערט די איינשטעלונג פון דער מלחמה אין קובא און די בעפרייאונג פון די רעקאנצענטראדאס (מערץ 1898). שפאניען האט אבער ניט געוואלט נאכגעבען. דאן האט דער סענאט פון די פעראייניגטע שטאאטען אנערקענט די אונאפהענגיגקייט פון קובא און עס איז ערקלערט געווארען קריג געגען שפאניען. דער ערסטער צוזאמענשטויס איז פארגע-קומען אויף די פיליפפינען-אינזלען. דעם 1טען מאי 1898 האט דער אדמיראל ד י וו ע י  אין דער בוכט פון  מ א נ י ל א  ביי  ק א וו י ט ע  פאלשטענדיג פערניכטעט די שפאנישע פלאטע, וועלכע איז מעהרסטענס בעשטאנען פון הילצערנע שיפען. אין יוני האבען די אמעריקאנער געלאנדעט אויף קובא אן ארמעע פון אונגעפעהר 15,000 מאן ביי  ס א נ ט י א ג א  ד ע  ק ו ב א , דער זעלבער האפען, וואו עס איז געשטאנען דער שפאנישער אדמיראל צ ע ר וו ע ר א  מיט איניגע שיפען, וועלכע זיינען נאך איבערגעבליבען פון דער שפאנישער פלאטע. וועהרענד דעם קאמף ארום סאנטיאגא, האט צער-ווערא מיט זיין פלאטע דעם 3טען יולי פלוצלינג פערלאזען דעם האפען פון סאנטיאגא, אבער די אמעריקאנער אונטער די אדמיראלען  ש ל ע י  און ס א מ פ ס א ן  האבען איהם אנגעגריפען און פאלשטענדיג געשלאגען. די גאנצע שפאנישע פלאטע איז פערניכטעט געווארען, קיין איין שיף איז ניט געראטעט געווארען. דעם 14טען יולי האט זיך סאנטיאגא אונטער-געגעבען. דעם 12טען אויגוסט 1898 איז עס געקומען צו א פרידען. שפא-ניען האט פערלארען  ק ו ב א ,  פ א ר ט א  ר י ק א  און די פיליפפינען. דיזע לעצטע שטעהען יעצט פארלויפיג אונטער דער שוץ-הערשאפט פון אמע-ריקא. די איינגעבארענע אין מאנילא זיינען געווען אונצופרידען פון אמערי-ריקאנישער הערשאפט, האבען געפאדערט פאלשטענדיגע אונאפהענגיגקייט,

און האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד אונטער דער פיהרונג פון א ג י נ א ל ד א. אָבער די אַמעריקאַנער האָבען מיט וואַפען דערשטיקט דעם אויפשטאַנד.

קרעטא. ווי די איינוואוינער פון קובא האָבען געליטען פון שפּאַנישען דרוק, אַזוי האָבען די איינוואוינער פון דער אינזעל קרעטא געליטען פון דעם דרוק פון טערקיי. זעהר אָפט האָט זיך געטראָפען, דאָס די מאַחמעדאַנער זיינען בעפאַלען די קריסטען און האָבען אָנגעמאַכט שרעקליכע שחיטות. אין די יאָהרען 1897 און 1898 זיינען אַזעלכע שחיטות ווידער פאָרגעקומען. די אייראָפּעאישע מעכטען זיינען געבליבען געדולדיג. גריכענלאַנד איז די ערסטע ארויס מיט א שאַרפען פּראָטעסט געגען די טערקישע רציחות און אין אַפּריל 1897 איז עס געקומען צו א קריג צווישען טערקיי און גריכענלאַנד. די לעצטע איז בעזיגט געוואָרען און אין סעפּטעמבער איז געשלאָסען פרידען. אָבער ווייל די שחיטות אויף קרעטא האָבען אַלץ ניט אויפגעהערט, האָבען זיך די אייראָפּעאישע מעכטען גענומען אריינמישען אין דער זאַך. אין נאָוועמבער 1898 האָבען די אייראָפּעאישע מעכטען אריינגעשיקט אין קרעטא דעם פּרינץ געאָרג פון גריכענלאַנד אַלס גובערנאַטאָר, און אין יולי 1899 האָט טערקיי ענדליך דער אינזעל קרעטא געגעבען אויטאָנאָמיע (זעלבסט־פערוואַלטונג).

אַפריקאַ. אין די לעצטע צייטען האָבען כמעט אַלע אייראָפּעאישע פעלקער געוואָרפען זייערע בליקען אויף אַפריקא אום דאָרט שטיקער לאַנד צו פערכאַפּען און דאָרט זייערע אינטערעסען צו ענטוויקלען. מעהר און ברייטער פון אַלע אַנדערע מעכטען האָט עס ענגלאַנד געטאָן. צוערסט האָט זי זיך בעפעסטיגט אין עגיפּטען. דאָ האָבען זיך געמאַכט זעהר אָפט סכסוכים צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך. אויסער ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, בעלגיען, האָט אויך איטאַליען געזוכט א פוס אריינצושטעלען אין אַפריקאַ. איטאַליען האָט זיך זינט 1881 ערוואָרבען איינינע געביטען אין אַבעססיניען, זי האָט זיך ערוואָרבען די אויבער־הערשאַפט איבער ר א ס מ א נ ג א ס ע ב א. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און דיזער געביט האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען איטאַליען, און דאָס האָט געפיהרט צו א קריג צווישען איטאַליען און דעם נ ע ג ו ס (קעניג) מ ע נ ע ל י ק פון אַבעססיניען. דעם 21טען יאַנואַר 1896 האָבען די איטאַליענער געמוזט איבערגעבען צו אַבעססיניען די פעסטונג מ א ק א ל ל ע, און דעם 1טען מערץ האָט מענעליק די איטאַליענער פאָלשטענדיג געשלאָגען ביי אַדוא.

מיט א גרעסערן ערפאָלג האָבען די ענגלענדער געשטריטען אין ס ו ד א ן געגען די אַנהענגער פון דעם מ א ה ד י (מאחמעדאַנישען נביא). עס איז אָנגעקומען זעהר שווער פיר ענגלאַנד צו פעסטשטעלען איהר הערשאַפט אין די לענדער פון אויבערען נילוס, ווייל די מאהדיסטען האָבען געשטערט דערין. אָבער דעם גענעראַל ק י ט ש ע נ ע ר איז עס געלונגען דעם 2טען סעפּטעמבער 1898 צו פערניכטען די מאכט פון די דערווישען ביי אָ מ ד ו ר מ א ן . די גאַנצע אַרמעע פון מאהדי איז פערניכטעט געוואָרען און דער מאהדי זעלבסט איז קוים מיט'ן לעבען אַ פערוואונדעטער ענטלאָפען פון שלאַכט־פעלד. איייניגע טעג שפּעטער, נאָך דעם, ווי אָמדורמאַן איז געפאַלען, איז אַ פראַנצויזישע עקספּעדיציאָן אונטער מ אַ ר ש אַ נ ד אָנגעקומען אין פ אַ ש אָ ד אַ . קיטשענער האָט געפאָדערט פון די פראַנצויזען זיי זאָלען גלייך פערלאָזען פאשאָדאַ, און האָט געסטראַשעט צו געברויכען געגען זיי געוואַלט. דער ענגלישער מיניסטער סאַליסבורי האָט אויף'ן דיפּלאָמאַטישען וועג דורכגעפיהרט, דאָס פראַנקרייך זאָל נאָכגעבען.

אין אָקטאָבער 1899 האָט זיך פערבונדען אַ קריג צווישען ענגלאַנד און דער ב ו ר ע ן ־ רעפּובליק אין זיד־אַפריקאַ. די ענגלענדער האָבען געהאַט אַ שווערען קאַמף. די בורען זיינען געווען זעהר האַרטנעקיג און האָבען געבראַכט גרויסע אָפּפער פיר זייער אונאָפּהענגיגקייט. ענגלאַנד האָט איבערהויפּט געוואָלט בעהערשען די גאָלד־מינעס פון טראַנסוואַאַל. נאָך לאַנגע בלוטיגע שלאַכטען האָט ענגלאַנד געזיגט. עס איז געשלאָסען געוואָרען פרידען אין אַפּריל 1902 אין פ ע ר ע ע נ י ג י נ ג . די בורען האָבען אָנערקענט די ענגלישע אויבערהערשאַפט, אָבער די ענגלענדער האָבען זיי געגעבען אויטאָנאָמיע, זייער שפּראַך און זייער נאַציאָנאַליזם זיינען ניט בעריהרט געוואָרען.

אַזיען. אין דער צייט, וואָס ענגלאַנד איז געווען פערנומען מיט דער מלחמה געגען די בורען, האָט דייטשלאַנד געהאַט אַ געלעגענהייט צו פערכאַפּען די ס אַ מ אָ אַ ־ א י נ ז ל ע ן . דעם 2טען סעפּטעמבער 1898 זיינען די אינזלען איבערגעגאַנגען צו דער דייטשער רעגירונג מיט דער צושטימונג פון די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ, וועלכע האָבען פיר זיך צוגענומען נאָר איין אינזעל פון דיזער גרופּע, נעמליך ט ו ט ו א י ל אַ . דעם 25טען יוני 1899 האָבען די דייטשען אָפּגעקויפט פון דער שפּאַנישער רעגירונג די ק אַ ר אָ ל י נ ע ן ־ אינזלען, ווי אויך די מ אַ ר י אַ נ ע ן ־ אינזלען און די פּ אַ ל אַ אָ ס ־ אינזלען.

בעזונדערס האָט זיך שטארק צופלאָנטערט צו ענדע פון 19טען יאָהר־הונדערט דער וואונש פון אלע אייראָפּעאישע מעכטען צו ערווערבען אין כינא א מארק פיר זייערע פּראָדוקציאָנען. דעם 14טען נאָוועמבער 1897 האָבען די דייטשען געשלאָסען מיט כינא א פערטראג, לויט וועלכען זיי האָבען בע־קומען דאָס רעכט זיך צו בעזעצען אין ק י א ו ־ ט ש אָ ו. באלד נאָך דעם, דעם 18טען דעצעמבער, האָבען די רוסען זיך בעזעצט אין פּ אָ ר ט א ר ־ ט ה ו ר, ביים גאָלף פון פּעטשילי. דאן האָבען די ענגלענדער בעזעצט דעם פּאָרט װ ע י ־ ה א י ־ װ ע י. רוסלאנד און יאפּאן האָבען ביידע שטארק געוואָלט בעזעצען און פערנעהמען קאָרעא. צום גליק פון כינא זיינען די אייראָפּעאישע מעכטען געווען שטארק אייפערזיכטיג איינע אויף די אַנדערע אין בעטרעף פון דעם האנדעל מיט כינא. ווען ניט דיזע אייפערזוכט, וואָל־טען זיי שוין לאנג זיך צוטיילט מיט דעם לאנד פון די כינעזער. דיזע איי־פערזוכט האָט גערעטעט כינא.

**אייראָפּאַ.** די וויכטיגסטע פּאסירונגען אין אייראָפּא צו ענדע פון 19טען יאָהרהונדערט זיינען: ביסמארק׳ס טויט, וועלכער איז געשעהען דעם 30טען יולי 1898; דער טויט פון דעם פּרעזידענט פון דער פראנצוי־זישער רעפּובליק, פּ אָ ר, דעם 16טען פעברואר 1899, און די ער־וועהלונג פון ל ו ב ע אויף זיין אָרט אַלס פּרעזידענט. אונטער לובע האָט זיך דעם 14טען אַפּריל 1900 געעפענט די גרויסע פּאריזער אויסשטע־לונג, וועלכע ווערט גערעכענט פיר די גרעסטע, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזעהען. א זעהר וויכטיגע בעגעבענהייט איז געווען דער דרייפוס־פּראָצעס. ד ר י י פ ו ס, א קאפּיטאן אין דער פראנצויזישער אַרמעע, א איד, איז אין יאָהר 1895 בעשולדיגט געוואָרען, דאָס ער האָט פערקויפט מיליטערישע סודות צו דייטשלאנד און פערראַטען פראנקרייך. דערפאר האָט מען איהם פעראורטיילט און פערשיקט אויף די טייפעלס־אינזעל (אין זיד־אמעריקא), ש י י ר ע ר ק ע ס ט נ ע ר, ע מ י ל ז אָ ל א און איינינע אַנדערע, האָבען אַרויסגערופען א שטארקען צווייפעל אין דער גע־רעכטיגקייט פון דעם אורטייל און האָבען שטארק אגיטירט צו גונסטען פון דרייפוס׳ן און דער פּראָצעס איז ווידער אויפגענומען געוואָרען. אין יולי 1899 האָט מען דרייפוס׳ן געבראַכט צוריק פון טייפעלס־אינזעל נאָך פראנק־רייך, מען האָט איהם ווידער געשטעלט פאר א קריגס־געריכט אין ר ע נ ־ נ ע ס (רענן) און אויך דיזעס געריכט האָט איהם פעראורטיילט, אָבער נאָר צו 10 יאָהר געפענגנים. די גאנצע וועלט אָבער האָט פּראָטעסטירט געגען דיזער פעראורטיילונג, ווייל מען איז איבעראל געווען איבערצייגט אין

דרייפוס'עס אונשולד. דאָס מיניסטעריום האָט זיך געפונען געצוואונגען איהם ענדליך צו בעגנאַדיגען און בעפרייען.

אין די לעצטע יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט זיינען פאָרגעקומען מעהרערע אנאַרכיסטישע פערשווערונגען. אין שפּאַניען איז ערמאָרדעט געוואָרען דער מיניסטער־פּרעזידענט קאַנאָוואַס דעל קאַסטיללאָ. אין זשענעוואַ איז ערמאָרדעט געוואָרען די עסטרייכישע קייזערין עליזאַבעטה פון אַן איטאַליענישען אנאַרכיסט לוקקעני. אין אַפּריל 1900 איז אין בריססעל געמאַכט געוואָרען אַן אַטענטאַנט אויף דעם פּרינץ פון וועילס, אָבער עס האָט זיך באַלד ארויסגעצייגט, דאָס דיזער אַטענטאַנט איז ניט געווען פון אַן אנרכיסטישען מאָטיוו. אַ יונגער פאַנאַטיקער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון די בורען, וואָס ענגלאַנד האָט זיי זעהר געדריקט.

אַלס פרעהליכסטע בעגעבענהייט פון ענדע 19טען יאָהרהונדערט דאַרף בעגריסט ווערען די פּרידענס־קאָנפערענץ, וועלכע האָט אויף דעם פאָרשלאַג פון רוסישען קייזער ניקאָלאַי שטאַטגעפונען אין האַאַג פון 18טען מאַי ביז 29טען יולי 1899. לײדער האָט דיזע קאָנפערענץ קיין פּרוכט ניט געבראַכט. „דער פרידען אויף דער ערד" וועט אימער נאָר געפּרעדיגט ווערען, אָבער קיין מאָל ניט געהאַלטען ווערען!



# די וויכטיגסטע פּאַסירונגען
## פון 1901 ביז 1912.

### איינלייטונג.

דער אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט האָט גלייך געצייגט, דאָס עס פאַנגען זיך אָן אין דער וועלט גרויסע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע ענדערונגען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען זעהר שנעל פערברייטען ליבעראַלע אידעען אין פּאָליטיק, געזעלשאַפטליכען לעבען און אין עקאָנאָמיע. עס האָט זיך איבעראַל פערשפּרייט דער וואונש פיר פרידען אין דער וועלט און אָפּשאַפען מלחמות צווישען פעלקער. דער סאָציאַליזם, די פאָדערונג פון גלייכע רעכטען פיר פרויען, די ענטוויקלונג פון וויסענשאַפטען און ערפינדונגען — דיזעס אַלעס האָט זיך אָנגעהויבען פערשפּרייטען זעהר שנעל אין דער וועלט אין דיזער קורצער צייט. דאָס פליהען אין דער לופט, די דראָהטלאָזע טעלעגראַפען און די ענטדעקונגען אין סאַניטאַרע וויסענשאַפטען — דאָס אַלעס איז אויפגעטאָן געוואָרען אין די ערסטע צעהן יאָהר פון דעם 20טען יאָהרהונדערט. אין פיעלע לענדער, ווי אין טערקיי, כינא, פּאָרטוגאַל, מעקסיקאָ, רוסלאַנד, זיינען פאָרגעקומען רעוואָלוציאָנען, וועלכע האָבען אָנגעמאַכט גרויסע ענדערונגען און איבערקעהרעניסען אין דיזע לענדער.

פיעל נייעס איז ענטדעקט געוואָרען אויף דעם געביט פון געאָגראַפיע אין דיזער קורצער צייט פון דעם 20טען יאָהרהונדערט, פון 1900 ביז 1912. דער צענטער פון אפריקא, די גרויסע וויסטע סאַהאַראַ איז פון די פראַנצויזישע רייזענדער אויסגעפאָרשט געוואָרען, און מיר ווייסען יעצט פיעלעס, וואָס מיר האָבען פריהער ניט געוואוסט. ענגלישע און שוועדישע פאָרשער האָבען אונז בעקאַנט געמאַכט מיט טהיבעט, וואָס איז פיר אונז געוועזען א געהיימניס די גאַנצע צייט. אַמעריקאַנישע געלעהרטע האָבען ענטדעקט פיר די ציוויליזירטע וועלט פיעלע וויכטיגע ערטער אין זיד־אַמעריקאַ, פון וועלכע מיר האָבען פריהער קיין אידעע ניט געהאַט. אין דיזער צייט זיינען

ענטדעקט געוואָרען פון די צוויי רייזענדע **פּ י ר י** און **אַ מ ו נ ד ס ע ן** די ביידע פּאָלען פון דער ערד; פּירי האָט ענדעקט דעם 6טען אַפּריל 1909 דעם נאָרד־פּאָל, און אַמונדסען האָט געפונען דעם 17טען דעצעמבער 1911 דעם זיד־פּאָל. דיזע נייע ענטדעקונגען, וועלכע האָבען געקאָסט זעהר פיעל מענשען־אָפּפער און געלט, וועלען בערייכערן דעם מענשען׳ס וויסען.

## ענגלאַנד.

**דער בורען־קריג.** איבער דער מלחמה מיט די בורען איז ענגלאַנד ניט געווען איינִיג. דער פּאַרלאַמענט איז געווען צוטיילט אויף צוויי פּאַרטייען, אַ טייל איז געווען פיר קריג מיט די בורען און אַ טייל געגען. אין סעפּ-טעמבער 1900 האָט לאָרד סאַליסבורי, דאַמאָלס דער ענגלישער פּרעמיער, צולאָזען דעם פּאַרלאַמענט אום דורך די נייע וואַהלען צו דערוויסען זיך, וואָס דאָס פּאָלק דענקט וועגען דיזען קריג, וועלכער האָט מיד געמאַכט ענגלאַנד. די נייע וואַהלען האָבען געצייגט, אַז דאָס פּאָלק וויל מען זאָל די בורען־רעפּובליק פעראייניגען מיט דער ענגלישער אימפּעריע. ענדליך אין אַפּריל 1902 האָבען ביידע צדדים נאָכגעגעבען צו ביסלאָך און עס איז געשלאָסען געוואָרען פרידען. די בורען האָבען אָנערקענט די ענגלישע אויבערהערשאַפט, אָבער ענגלאַנד האָט זיי געגעבען אויטאָנאָמיע, זיי זאָלען זיך פיהרען און רעגירען לויט זייערע אייגענע געזעצען, ענטוויקלען זיי-ער נאַציאָנאַליזם, זייער שפּראַך או. אז. וו. דער שטרייט מיט די בורען איז געווען דער איינציגער, וואָס ענגלאַנד האָט געפיהרט מיט אַ ווייסער נאַציאָן אין פערלויף פון די לעצטע פופציג יאָהר.

דעם 22טען יאַנואר 1901 איז געשטאָרבען די ענגלישע קעניגין וויק-טאָריאַ. אין איהר צייט האָט ענגלאַנד געמאַכט גרויס פאָרשריט, און אין איהר צייט איז די בעפעלקערונג פון דער ענגלישער אימפּעריע פערגרעסערט געוואָרען מעהר ווי דאָבעלט, דער רייכטום פון לאַנד איז פערגרעסערט גע-וואָרען אויף 300 פּראָצענט, און דער האַנדעל האָט זיך פערגרעסערט אויף 6 מאָל מעהר ווי ער איז געווען אין אָנפאַנג פון איהר רעגירונג. דער שטח פון די לענדער פון איהר הערשאַפט איז פערגרעסערט געוואָרען און די גרענצען זיינען געוואָרען ווייטער און ווייטער. ווען וויקטאָריאַ איז געשטאָרבען האָט געהערט צו ענגלאַנד אַ פערטעל שטח פון דער גאַנצער ערד און אַ פינפטעל פון דער גאַנצער מענשהייט איז געווען ענגלישע אונטערטאַנען. אין דער צייט פון וויקטאָריאַ׳ס רעגירונג האָט ענגלאַנד דערגרייכט אַ זעהר הויכע שטופע אין אינדוסטריע, פּאָליטיק, ליטעראַטור און וויסענשאַפט.

נאָך דעם טויט פון דער קעניגין וויקטאָריא איז ארויף אויף דעם ענגלי־שען טראָן דער פּרינץ פון וועילס אונטער'ן נאָמען ע ד ו א ר ד ד ע ר 7 ט ע ר. באלד נאָכדעם האָט לאָרד סאַליסבורי, דער דאַמאָלסדיגער פּרעמיער, רעזיגנירט פון זיין אַמט און זיין שטעלע האָט פּערטרעטען א ר ט ה ו ר ב א ל פ אָ ו ר. זעהר א וויכטיגע זאַך האָט אויפגעטאָן דער פּאַרלאַמענט אין 1903. די רעגירונג האָט אויסגעקויפט זעהר פיעל לאַנד אין אירלאַנד און האָט עס פערקויפט צו בויערן אויף אויסצאָהלונגען אין קליינע סומען. דיזער אַקט האָט זעהר גוט געווירקט אויף דעם עקאָ־נאָמישען צושטאַנד פון אירלאַנד. אונטער באַלפאָור'ן האָט ענגלאַנד רע־אָרגאַניזירט איהר אַרמעע, האָט פערגרעסערט די פלאָטע מיט די ניי־מאָדנע קריגס־שיפען, וועלכע זיינען בעוואוסט מיט דעם נאָמען „דרעדנאָהטס". אום זיך צו שיצען געגען אַן אָנפאַל פון דייטשלאַנד, פאַר וועלכער מען האָט אין ענגלאַנד די לעצטע צייט שטאַרק אָנגעהויבען זיך שרעקען.

וועגען דער טאַריף־פראַגע צווישען די ענגלישע קאָלאָניעס איז אַרויס־געקומען א שפּאַלטונג אין ענגלישען פּאַרלאַמענט, צוליב וועלכער באַלפאָור האָט רעזיגנירט און זיין שטעלע האָט פערנומען סער ה ע נ ר י ק אָ מ פּ־ב ע ל ל ב א נ נ ע ר מ א ן. מיט איהם איז די רעגירונג אריינגעפאַלען אין די הענט פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי. אין זיין צייט האָט ענגלאַנד געגעבען טראַנסוואַאַל און זיד־אפריקא און אויך אַנדערע קאָלאָניעס אין יענער געגענד דאָס רעכט צו רעגירען זיך זעלבסט. די אַלע קאָלאָניעס אין זיד־אפריקא האָבען געמאַכט א יוניאָן ווי די פעראייניגטע שטאַאטען אין נאָרד־אַמעריקא און גענעראַל ב אָ ט ה א איז געשטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פון דיזער יוניאָן. די ליבעראַלע פּאַרטיי האָט איינינע גוטע געזעצען געשאַפען פיר דאָס פאָלק, אונטער אַנדערע דאָס געזעץ, דאָס מען זאָל שפּיי־זען אָרימע שול־קינדער אויף דעם חשבון פון שטאַאט, וואָס מען האָט פריהער פון זיי אָפּגענומען. קאָמפּבעלל באַננערמאַן איז געשטאָרבען איי־דער דער טערמין פון דעם פּאַרלאַמענט האָט זיך געענדיגט.

די שטעלע פון פּרעמיער מיניסטער האָט דאַן פערנומען א ס ק ו י ט ה, ווען דער קעניג עדוואַרד האָט איבערגעגעבען צו בילדען א נייעס מיניס־טעריום. דער פּאַרלאַמענט, וואָס איז דאַמאָלס ערוועהלט געוואָרען האָט דורכגעפיהרט א געזעץ, וועלכעס האָט בעשטימט א פּענסיאָן פיר אַלטע לייט איבער 70 יאָהר. אין דער זעלבער צייט האָבען די מיטגלידער פון דעם אונטערן־הויז (האָוס אָוו קאָממאָנס) צוגעשיקט צו דעם העכערען־הויז פון

פּאַרלאַמענט (האוס אָוו לאָרדס) איינינגע נייע פּראָיעקטען פון געזעצען פיר די טובה פון פאָלק, אָבער די לאָרדען האָבען זיך ענטזאַגט זיי אָנצו-נעהמען. דאָס האָט אויפגעוועקט די אַלטע פראַגע וועגען אָפּנעהמען פון די לאָרדען דאָס רעכט צו וועטירען (ניט אָננעהמען) די געזעצען, וואָס די פערטרעטער פון פאָלק שלאָגען פאָר. צווישען די געזעצען, וואָס דאָס אונטער־הויז האָט פאָרגעלעגט, איז געוועזען דאָס געזעץ, דאָס די לאָרדען זאָ-לען צאָהלען שטייערן פון זייערע אונגעהייערע רייכע גיטער, אום צו דעקען די נעטיגע אויסגאַבען פון 14 מיליאָנען פונט סטערלינג אויף צו פערגרעסערן די פלאָטע און צו בעצאָהלען פענסיאָן צו אַלטע לייט איבער 70 יאָהר. די לאָרדען האָבען זיך ענטזאַגט אָנצונעהמען דיזע און נאָך אַזעלכע עהנליכע וויכטיגע געזעצען. דער רעזולטאַט דערפון איז געוועזען, דאָס מען האָט דעם פּאַרלאַמענט פערנאַנדערגעלאָזען. די מיניסטאָרען פון אַסקוויטה'ס קאַ-בינעט האָבען פערזיכערט די וועהלער, דאָס דער קעניג זעלבסט וועט נעה-מען גרויסען אָנטייל אין דיזער פראַגע און וועט זיך די מיה געבען דורכ-צופיהרען די געזעצען, וועלכע די לאָרדען האָבען ניט געוואָלט אָננעהמען. דער נייער פּאַרלאַמענט האָט אויך פאָרגעשלאָגען די זעלבע געזעצען און צוגעשיקט צו די לאָרדען, וועלכע האָבען זיי ווידער ענטזאַגט; אָבער דער פּאַרלאַמענט האָט זיי נאָך אַמאָל צוגעשיקט צו די לאָרדען אָהן אַ שום ענדערונג. דאַמאָלס האָבען די לאָרדען פערשטאַנען, דאָס דער איי-זערנער ווילען פון פאָלק פאָדערט עס ערנסט, און האָבען נאָכגעגעבען, ווייל זיי ווייסען, אַז דאָס ענגלישע פאָלק וועט זיך ניט לאָזען שפּייען אין געזיכט. דאַן האָבען די לאָרדען בעשלאָסען, לויט דעם פאָרשלאַג פון לאָרד ראָזבערי, איבערצומאַכען זייער קאָנסטיטוציאָן און נאָכלאָזען פון זייערע פריהערדיגע רעכטען צו וועטירען יעדעס געזעץ וואָס ווערט פּראָיעקטירט פון פאָלק (פון דעם האוס אָוו קאָממאָנס). אונטער דער צייט איז קעניג עדוואַרד געשטאָרבען (דעם 6טען מאַי 1910). עס איז געוואָרען אַ שטיל-שטאַנד אין פּאַרלאַמענט אויף איינינגע וואָכען. אונטער דעם נייעם קעניג ג ע אָ ר ג ד ע ם 5 ט ע ן (עדוואַרד'ס זוהן) האָט מען צולאָזען דעם פּאַר-לאַמענט, ווייל מען האָט איינגעזעהען, דאָס די לאָרדען און די קאָממאָנס קע-נען זיך פיר קיין פאַל ניט איינינגען. די נייע וואַהלען האָבען געצייגט, דאָס די רעגירונג, אַסקוויטה'ס מיניסטאָרען־קאַבינעט, איז געבליבען אין קראַפט, ווייל די נייע מיטגלידער אין פּאַרלאַמענט האָבען געשטימט פיר די זעלבע געזעצען, וועלכע דער פריהערדיגער פּאַרלאַמענט האָט פאָרגעשלאָגען און וועלכען די לאָרדען האָבען זיך ענטזאַגט אָנצונעהמען.

דער 2טער פּאַרלאַמענט פון געאָרג דעם 5טען האָט זיך פּערזאַמעלט דעם 31טען יאַנואַר 1911. די רעגירונג האָט ווידער צוגעשטעלט צו דעם אונטערער־הויז איהר ביל וועגען בעשרענקען די רעכטען פון די לאָרדען צו וועטירען יעדען ביל, אין דער זעלבער פאָרמע ווי פריהער, אָהן אַ שום ענדערונג. דער ביל איז אָנגענומען געוואָרען אין דעם הויז פון די קאָממאָנס אָהן ענדערונגען נאָך דעם, ווי ער איז 3 מאָל געלעזען געוואָרען אין פּאַר־לאַמענט. דעם 3טען מאָל איז ער געלעזען געוואָרען דעם 15טען מאַי און איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַ מאַיאָריטעט פון 362 שטימען געגען 241. די לאָרדען האָבען ווידער געשטריטען געגען דעם ביל; די רעגירונג האָט ניט געוואָלט זיך אונטערגעבען. ענדליך האָבען די לאָרדען געמוזט נאָכ־געבען און דער ביל, וועלכער האָט אָפּגענומען פון זיי דאָס רעכט צו וועטי־רען יעדען ביל, וואָס דאָס פאָלק שלאָגט פאָר, איז דעם 18טען אויגוסט 1911 געוואָרען אַ געזעץ.

אַלס צוזאַץ צום ביל וועגען געבען אַ פּענסיאָן צו יעדען אַלטען מאַן אָדער יעדער אַלטער פרוי איבער 70 יאָהר 1.25 דאָללאַר אַ וואָך, האָט דער קאבינעט פון אַסקוויטה'ס מיניסטעריום דורכגעפיהרט דורך דעם פּאַרלאַ־מענט נאָך אַ ביל, וועלכער איז בעקאַנט אַלס אַ „ביל פון נאַציאָנאַלער פער־זיכערונג", לויט וועלכער די רעגירונג האָט געשאַפען אַ פאָנד צו העלפען ארבייטער אין דער צייט פון זייער קראַנקהייט, און אויב זיי זיינען גאָר ניט אין שטאַנד צו אַרבייטען, צו העלפען זיי ביז זיי ווערען אַלט 70 יאָהר, ווען זיי קענען שוין נעהמען פּענסיאָן פון דעם פאָנד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פיר אַלטע לייט איבער 70 יאָהר. דיזע פּענסיאָן בעטרעפט אין ענגלאַנד 65 מיליאָנען דאָללאַר אַ יאָהר.

אין דער צייט ווען אַסקוויטה איז געוועזען פּרעמיער האָט די פראַגע וועגען געבען אירלאַנד „האָום רול" (זעלבסט־רעגירונג) זעהר פיעל בעשעפטיגט די גרעסטע מענשען פון לאַנד. די לעצטע וואַהלען האָבען געצייגט, אַז דאָס ענגלישע פאָלק האָט גאָר ניט דאַגעגען מען זאָל געבען אירלאַנד האָום־רול. דאָס האָט געגעבען מוט די אירלאַנדישע נאַציאָנאַליסטען אין ענגלישען פּאַר־לאַמענט אריינברענגען דעם 11טען אַפּריל 1911 דעם דריטען האָום רול ביל אין פּאַרלאַמענט. דיזער ביל גיט אירלאַנד דאָס רעכט צו האָבען אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, מאַכען אייגענע געזעצען ווי צו רעגירען און האַלטען אָרדנונג אין לאַנד. דיזער פּאַרלאַמענט האָט אָבער קיין רעכט ניט צו זאָגען דעות אין זאַכען, וואָס בעטרעפען די אַרמעע, די פלאָטע, ווי אויך אין אַנדערע זאַכען, וואָס בעטרעפען די ענגלישע אימפּעריע. דער ביל

זיכערט רעליגיאָנס־פרייהייט אין אירלאַנד און גיט איהר דאָס רעכט צו וועהלען צום ענגלישען פּאַרלאַמענט 42 מיטגלידער, ד. ה. איין מיטגליד אויף יעדע 100,000 פון די איינוואוינער אין אירלאַנד. האָום רול פיר אירלאַנד איז געווען בעשטימט צו ווערען א געזעץ אין דער זיצונג פון פּאַר-לאַמענט אין הערבסט פון יאָהר 1912, דאָס איז אָבער נאָך עד היום ניט געוואָרען בעשטעטיגט, ווייל דער פּראָטעסטאַנטישער טייל פון אירלאַנד האָט זיך געשטעלט געגען דעם.

זעהר א וויכטיגע בעגעבענהייט אין ענגלאַנד איז געווען דער אַלגעמיי-נער קויהלען־סטרייק, וואָס איז ערקלערט געוואָרען פון די קויהלען־גרעבער דעם 1טען מערץ 1912. די אַרבייטער אין די קויהלען־מינעס האָבען גע-פּאָדערט פון די מינע־אייגענטימער מען זאָל פערבעסערן זייער לאַגע אין אַלגעמיין, און דאָס מען זאָל שאַפען א געזעץ, וואָס זאָל בעשטימען א מי-נימום פון געהאַלט פיר זייער אַרבייט אין די קויהלען־מינעס. די מינע־אייגענטימער האָבען זיך ענטזאַגט נאָכצוגעבען די פּאָדערונגען פון די קויה-לען־אַרבייטער און דיזע זיינען אַרויס אין סטרייק. אין היינטיגער צייט זיינען קויהלען דאָס בלוט און די נשמה פון אינדוסטריע און מסחר. דאָס ענגלישע פאָלק קען ניט עקסיסטירען די קלענסטע צייט ווען עס זאָל אונ-טערבראָכען ווערען זיין קאָמוניקאַציאָן מיט אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. און דיזע קאָמוניקאַציאָן הערט גלייך אויף, ווי באַלד עס זיינען ניטאָ געגוג קויהלען. דער פּרעמיער אַסקוויטה האָט גוט פערשטאַנען די וויכטיגקייט פון דיזען סטרייק, און איידער דער סטרייק האָט אויסגעבראָ-כען האָט ער צוזאַמענגערופען א קאָנפערענץ פון די מינע־אַרבייטער און מינע־אייגענטימער מיט'ן צוועק צו געפינען א מיטעל זיי אויסגלייכען. אָבער איהם איז עס ניט געלונגען און דער סטרייק האָט אויסגעבראָכען. עס זיי-נען אָנפאַנגס (דעם 29טען פעברואַר) אַרויס אין סטרייק 100,000 פּערזאָן, אונטער זיי אויך פיעלע פרויען און קינדער, און אין פערלויף פון א וואָך איז די צאָהל פון סטרייקערס פערגרעסערט געוואָרען אויף 4 מאָהל מעהר. די פאַבריקען, וואָס ברויכען קויהלען זיינען געשלאָסען געוואָרען, דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו ליידען הונגער, די ענגלישע ים־מאַכט האָט אָנגעהויבען צו ליידען, ווייל איהרע קריג־שיפען האָבען ניט געהאַט קיין קויהלען. ענד-ליך האָבען די מינע־אייגענטימער נאָכגעגעבען און דעם 29טען מערץ איז אָנגענומען געוואָרען דאָס געזעץ פון מינימום־לוין.

קאַנאַדאַ. צו נאָרד פון די פעראייניגטע שטאַאַטען ליגען ענגלישע קאָ-לאָניעס, וועלכע זיינען פעראייניגט אונטער דעם נאָמען „דאָמיניאָן (הער-

שאַפט) פון קאַנאַדאַ". דער שטח פון דיזע קאָלאָניעס איז כמעט אַזוי גרויס ווי דער שטח פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, און זייער בעפעלקערונג איז אונגעפעהר 8,000,000. דיזע דאָמיניאָן האָט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט פון אַן אויבער־הויז און אַן אונטער־הויז נאָך דעם מוסטער פון דעם ענג־לישען פּאַרלאַמענט. די פעראייניגונג פון די קאָלאָניעס פון קאַנאַדאַ האָט שטאַטגעפונען אין 1867 אונטער דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. דיזע פּאַרטיי האָט געשטיצט די אינדוסטריע פון קאַנאַדאַ, האָט געשאַפען אַ גאַנצע נעץ פון אייזענבאַהנען און האָט געהאָלפען קאַנאַדאַ צו ווערען אַ זעלבּ־שטענדיגע מדינה.

דער וועסטליכער טייל פון קאַנאַדאַ האָט זיך אָנגעפאַנגען צו בעזעצען ערסט אין יאָהר 1886, ווען די גרויסע און וויכטיגע פּאַסיפישע אייזענבאַהן איז געענדיגט געוואָרען. דיזע אייזענבאַהן שניידט דורך גאַנץ קאַנאַדאַ פון מזרח ביז מערב. אין 1896 איז די ליבעראַלע פּאַרטיי געוואָרען די הערשענדע אין קאַנאַדאַ; דיזע פּאַרטיי האָט געזוכט מעהר צו פערבינדען קאַנאַדאַ מיט ענגלאַנד דורך אַ פרייען האַנדעל צווישען זיי. סער ווילפריד לאָורייער האָט געזוכט ענגער צו פערבינדען קאַנאַדאַ מיט די פעראייניגטע שטאַאַטען אין האַנדעל דורך ענדערן די טאַריפען, און ער איז צוליב דעם געווען אייניגע מאָל אין וואַשינגטאָן, אָבער זיין מיה האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. אין 1911 איז די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי ווידער אַריין אין קראַפט, און ראָבערט באָרדען איז געוואָרען פּרעמיער.

אין 1899 האָט מען אין קאַנאַדאַ געפונען גאָלד־מינעס אין דעם גע־ביט פון קלאָנדאַיק. דאָס האָט צוגעצויגען אַ גרויסע מאַסע גאָלד־זוכער, איבערהויפּט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. דאָס האָט אויך פיעל געהאָלפען דערצו, דאָס דער וועסטליכער טייל פון קאַנאַדאַ, וועלכער איז פריהער געווען וויסט, זאָל גיך ווערען בעפעלקערט. אין דיזער צייט איז די קולטור פון ווייץ אין קאַנאַדאַ געוואָרען שטאַרק ענטוויקעלט, און קאַ־נאַדאַ איז געוואָרען איינע פון די וועלט־שפּייזערינס. די לעצטע צייט האָט קאַנאַדאַ אָנגעפאַנגען צו שאַפען אַן אייגענע פלאָטע אום זי זאָל קענען אָנ־טייל נעהמען אין די בעוועגונגען פון דער ענגלישער אימפּעריע.

אויסטראַליען. דיזער וועלט־טייל געהערט אין גאַנצען צו ענגלאַנד. די צייט, ווען אויסטראַליען איז ענטדעקט געוואָרען איז ניט גענוי בעקאַנט. מאַנכע גלויבען, דאָס מאַגעללאַן'ס נאָכפאָלגער האָבען זי דערזעהען אין 1522. אין 1618 האָט אַ האָללענדישעס שיף אַרנהעם אויסגעפאָרשט דעם

ברעג פון דער האַלב־אינזעל אַרנהעם. אין 1770 האָט דער ענגלישער קאַ־פּיטאַן ק ו ק אין אַ רייזע אַרום די וועלט אויסגעפאָרשט דעם גאַנצען אָסטליכען ברעג פון גיפּפּ׳ס לאַנד אין וויקטאָריאַ ביז קעיפּ יאָרק. די ערסטע בעזעצונג איז געמאַכט געוואָרען אין באָטאַני בעי אין 1788 פון איבער טויזענד אַרעסטאַנטען פון ענגלאַנד. אין מאָרעטאָן בעי האָבען זיך אָנגעהויבען בעזעצען איינוואַנדערער אין 1825, און אין 1889 איז דיזער אָרט געוואָרען אַ בעזונדערע קאָלאָניע. אין 1829 האָט זיך אָנגעהויבען בילדען די סוואַן ריווער קאָלאָניע אין וועסט־אויסטראַליען. פון 1851—1889 איז דיזער פּלאַץ געווען אַ שטראָף־קאָלאָניע (צום פערשיקען פערברעכער). פּאָרט פיליפּ איז צום ערסטען מאָל קאָלאָניזירט געוואָרען אין 1835. די בריטישע קאָלאָניזאַציאָן הייבט זיך אָן פון 1836. פיעל האָט געהאָלפען צו דער געשווינדער בעפעלקערונג פון אויסטראַליען דאָס וואָל־געשעפט, און נאָך מעהר, וואָס מען האָט געפונען גאָלד־מינעס אין ניי־זיד־וועילס אין יאָהר 1851. אין 1900 איז געבילדעט געוואָרען אַ פעראייניגונג פון די 6 קאָלאָניעס, וואָס האָבען עקסיסטירט אין אויסטראַליען, נעמליך: ניי־זיד־וועילס, וויקטאָריאַ, קווינסלאַנד, זיד־אויסטראַליען, וועסט־אויסטראַליען און טאַסמאַניאַ. דיזע פעראייניגטע קאָלאָניעס האָבען געבילדעט אַ בעזונדערע מדינה מיט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט און אייגענעם מיניס־טאָרען־קאַבינעט. די קאָלאָניע ניי־זעעלאַנד איז אויך געוואָרען אין יאָהר 1907 (סעפּטעמבער) אַ בעזונדערע אומאָפּהענגיגע הערשאַפט. די הויפּט אויפגאַבען, וואָס אויסטראַליען האָט יעצט פיר זיך, זיינען: צו בעשיצען אַר־בייט, ניט צו דערלאָזען צופיעל עמיגראַנטען פון אַזיען און צו בויען אייזענ־באַהנען. לויט דעם צענזוס פון 1906 געפינען זיך יעצט אין אויסטראַליען 4,210,000 מענשען אויסער די אור־איינוואוינער פון אויסטראַליען. אין 1890 איז דאָרט געווען אַ גרויסער סטרייק, וועלכער האָט געהאַט זעהר וויכטי־גע רעזולטאַטען אין פּאָליטישער הינזיכט. די אַרבייטער־פּאַרטיי האָט געהאַט גרויסען ערפאָלג אין די וואַהלען פון 1910. זי האָט דאַמאָלס ערוועהלט 44 דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט, וועהרענד די אַלע אַנדערע פּאַרטייען צוזאַמען האָבען ערוועהלט נאָך 31 דעפּוטאַטען. די אַרבייטער־פּאַרטיי האָט יעצט דורכגעפיהרט אַ געזעץ וועגען מינימום־לוין פיר אַלע סאָרטען אַרבייט. אין יאָהר 1908 האָבען זיי דורכגעפיהרט אַ געזעץ וועגען געבען פּענסיאָן צו אַלטע לייט. אין 1910 איז ערוועהלט געוואָרען דער דיסטריקט יאַסס־קאַנבעררא, ניט וויט פון סידנעי, וואו עס זאָל זיין די הויפּטשטאָדט פון דער נייער רעגירונג. די שטאָדט וועט געבויט ווערען נאָך דער אַרכיטעקטור

פון וואַשינגטאָן, דער הויפּטשטאָדט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. דער וויל איז די רעזידענץ פון דער אויסטראַלישער רעגירונג אין מעלבורן.

**זיד־אַפריקאַ.** אין 1909 זיינען די קאָלאָניעס פון זיד־אַפריקאַ גע־וואָרען פעראייניגט און האָבען זינט דאַן אַ בעזונדערע רעגירונג מיט אַן איי־גענעם פּאַרלאַמענט. זייער קאָנסטיטוציאָן איז אין פיעלע הינזיכטען אַ קאָפּיע פון די קאָנסטיטוציאָן פון אויסטראַליען און קאַנאַדאַ. די בורען און די ענגלענדער זיינען גלייך געשטעלט געוואָרען אין אַלע הינזיכטען. די ביידע שפּראַכען האָבען קיין פאָרצוג ניט איינע געגען דער אַנדערער אין די־זע קאָלאָניעס. דיזעס פערשפּרעכט די קאָלאָניעס אַ גלענצענדע צוקונפט. דער ערסטער גאָווערנאָר אין זיד־אַפריקאַ איז געווען וויצע־גראַף הערבערט גלאַדסטאָן, דער זוהן פון דעם בעריהמטען ענגלישען פּרעמיער גלאַדסטאָן. ער איז בעשטימט געוואָרען פון דער ענגלישער רעגירונג אויף דיזע שטעלע דעם 31טען מאַי 1910. די ערסטע וואַהלען אין דיזער נייער יוניאָן זיינען פאָרגעקומען דעם 15טען סעפּטעמבער 1910. אין דיזע וואַה־לען האָט די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי בעקומען אַ מאַיאָריטעט פון 13 דעפּוטאַטען איבער אַלע אַנדערע פּאַרטייען. דעם 4טען נאָוועמבער 1910 האָט דער דיוק פון קאָננאָהט אין דעם נאָמען פון ענגלישען קעניג ערעפנעט דעם ערסטען פּאַרלאַמענט אין זיד־אַפריקאַ. דיזע דריי ממשלות; קאַנאַדאַ, אויסטראַליען און זיד־אַפריקאַ, זיינען די גרעסטע טעכטער פון דער ענגלי־שער אימפּעריע.

## די דייטשע אימפּעריע און עסטרייך־אונגאַרן.

אַ זעהר וויכטיגער פאַקט אין דער נייער געשיכטע פון דער דייטשער אימפּעריע איז די אויפגאַבע, וואָס דייטשלאַנד האָט זיך געשטעלט, צו ווע־רען אַ גרויסע ים־מאַכט. צווישען 1890 און 1900 האָט דייטשלאַנד אויס־געבויט אייניגע קריג־שיפען, און צווישען 1900 ביז 1910 איז דייטשלאַנד'ס מאַכט אָנערקענט געוואָרען אין דער וועלט. ביסמאַרק האָט פערשאַפט דייטשלאַנד העגעמאָניע, ד. ה. פיהרערשאַפט אין דער פּאָליטיק פון אייראָ־פּאַ. די נייע גרויסע פלאָטע האָט געגעבען דעם קייזער ווילהעלם דעם 2טען די מעגליכקייט צו שפּילען די הויפּט־ראָלע אין דער וועלט־פּאָליטיק. אין 1897 האָט זיך געגרינדעט אין דייטשלאַנד אַ פלאָטען־פעראיין מיט דעם צוועק צו העלפען דער דייטשער רעגירונג צו פערגרעסערן די דייטשע פלאָטע. דער קייזער ווילהעלם איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דיזען

פעראיין און אין אַ קורצער צייט איז דיזער פעראיין געוואָרען זעהר פאָפולער.

אַזוי באַלד ווי די דייטשע פלאָטע איז געוואָרען מעכטיגער האָט דער קייזער ווילהעלם דער 2טער אָנגעהויבען צו מאָהנען זיין חלק א״ז לעזען וועלט־פראַגען. פון 1895 ביז דעם אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט האָט קייזער ווילהעלם דער 2טער מיט דער הילף פון פראַנקרייך און רוסלאַנד געצוואונגען יאַפּאַן נאָכלאָזען פון די פרוכט פון דעם נצחון, וואָס יאַפּאַן האָט ערהאַלטען איבער כינאַ, ער האָט אויך געצוואונגען כינאַ זי זאָל איהם אָפּגעבען אַ טייל פון איהר טעריטאָריע, האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס אין שטילען וועלט־מעער דורך דעם, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט די קאַראָלינען־אינזלען פון שפּאַניען. דער אַיינפלוס פון דייטשלאַנד אין ווייטען און נאָהענטען אָסט איז מיט איין מאָל געוואָרען זעהר גרויס. אין 1900, ווען די ב אָ ק ס ע ר ס אין כינאַ האָבען בעלאַגערט די הויפּטשטאָדט פון כינאַ, פּעקינג, האָט אַ דייטשער פעלד־מאַרשאַל, גראַף וואַלדערזעע, קאָמאַנדירט די פעראייניגטע טרופּען פון די אייראָפּעאישע מעכטען און האָט בעפרייט פּעקינג פון די הענט פון די באָקסערס.

נאָך ביסמאַרק׳ן איז געוואָרען גענעראַל ק אַ פּ ר י ו י פּרעמיער אין דייטשלאַנד. ער איז געווען זעהר פערהאַסט ביי די יונקערס (גוטס־בעזיצער) צוליב דעם האַנדעלס־טראַקטאַט, וואָס ער האָט געשלאָסען מיט רוסלאַנד, און ער האָט דעריבער רעזיגנירט פון זיין אַמט אין 1894. זיין שטעלע האָט פערנומען פּרינץ ה אָ ה ע נ ל אָ ה ע, אַ ליבעראַלער קאַטאָליק פון באַיערן. אין 1900 האָט ער רעזיגנירט און זיין אָרט האָט פערנומען גראַף ב ע ר נ אַ ר ד פ אָ ן ב י ל אָ ו . ער איז געווען זעהר געשיקט. אין 1902 זיינען פאָרגעקומען אין פּאַרלאַמענט גרויסע ריי־סעריייען וועגען דעם נייעם טאַריף. עס האָבען געוואונען די גוטס־בעזיצער און די אָפּצאָהל אויף קאָרן און פלייש איז העכער געוואָרען. אָבער דער נייער טאַריף איז געווען זעהר ניט פּאָפּולער און האָט געהאַט פיעלע געגנער. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס אין 1893 האָבען די סאָציאַליסטען געהאַט 3,000,000 שטימען ביי די וואַהלען, און זיי האָבען ערוועהלט אין רייכס־טאַג 81 מיטגלידער, אָנשטאָט וואָס פריהער האָבען זיי געהאַט דאָרט ניט מעהר ווי 58 דעפּוטאַטען. אין פאָן בילאָוו׳ס צייט האָבען זיך געמאַכט גרויסע רייסערייען וועגען בודזשעט און ער האָט געמוזט רעזיגנירען (14טען יולי 1909), און די שטעלע האָט פערטרעטען דר. ט ה ע אָ ב אַ ל ד פ אָ ן ב ע ט ה מ אַ נ ן ה אָ ל ל ו ו ע ג .

עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, דאָס די הויפּט־אורזאַך פון פאָן בילאָוו'ס רעזיגנאַציאָן איז געווען, וואָס עס איז זעהר שווער צו רעגירען אַזאַ לאַנד ווי דייטשלאַנד, אין וועלכען עס געפינט זיך אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג אַ קייזער, וועלכער הערשט „דורך גאָטעס גנאַדען". דעם קייזער ווילהעלם דעם 2טען'ס רעדעס און טעלעגראַמעס האָבען פערשאַפט דייטשלאַנד פיעלע צרות אין לאַנד גופא, ווי אויך אין אויסלאַנד. אין 1896 האָט ער געשיקט אַ טעלעגראַמע צו פּרעזידענט קרוגער פון טראַנסוואַאַל מיט זיינע פּערזענליכע מיינונגען, וועלכע האָבען אויפגערייצט גאַנץ אייראָפּאַ געגען דייטשלאַנד, איבערהויפּט איז צורייצט געוואָרען פון דיזער טעלעגראַמע דאָס ענגלישע פאָלק. די ענגלישע פּרעס האָט צוגלידערט דיזע טעלעגראַמע און האָט געצייגט דער וועלט, וואָס קייזער ווילהעלם דער 2טער דענקט וועגען זיך און וועגען אַנדערע מעכטען. דער דייטשער רייכסטאַג איז געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט געגען אַזאַ האַנדלונג פון דעם קייזער, און האָט געפאָדערט פון פּרעמיער פאָן בילאָוו רעכנונג, פאַרוואָס ער האָט ערלויבט דעם קייזער צו שיקען אַזאַ מין טעלעגראַמע. פאָן בילאָוו האָט פערשפּראָכען דעם פּאַרלאַמענט, דאָס דער קייזער וועט מעהר ניט אַרויסטרעטען מיט זיינע פּערזענליכע מיינונגען וועגען פּאָליטישע פראַגען. פאָן בילאָוו האָט באַלד געוואָלט רעזיגנירען, אָבער דער קייזער האָט ניט געוואָלט אָננעהמען זיין רעזיגנאַציאָן. אַ יאָהר און אַ האַלב נאָך דעם האָט ווילהעלם דער 2טער ווירקליך ניט אַרויסגעזאָגט אָפען זיין פּערזענליכע מיינונג וועגען פּאָליטיק.

אין 1911 האָט דער רייכסטאַג געלעזט צוויי זעהר וויכטיגע פראַגען: ער האָט געגעבען די פּראָנצוויזען אין עלזאַס־לאָטהרינגען אויטאָנאָמיע און דאָס רעכט צו שיקען 3 דעפּוטאַטען אין דעם אַלגעמיינעם בונדעסראַט, און האָט אָנגענומען דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגען פערזיכערן אַלמנות און יתומים.

די לעצטע צייט האָט זיך די דייטשע רעגירונג שטאַרק גענומען צו גערמאַניזירען איהרע אונטערטאַנען פון אַנדערע נאַציאָנען, ווי פּאָליאַקען, דענער און עלזאַס־לאָטהרינגער. זי האָט אָבער קיין שום ערפאָלג ניט געהאַט אין דיזער הינזיכט. בעזונדערס האָבען זיך מיט גרויס עקשנות געשטעלט דאַגעגען די פּאָליאַקען. די דייטשע רעגירונג האָט געוואָלט אָפּשאַפען דאָס לערנען פון דער פּוילישער שפּראַך אין די אונטערע שולען, אָבער די פּוילישע קינדער האָבען ניט געוואָלט ענטפערן אין דייטש אויף די פראַגען, וואָס די לעהרער האָבען זיי געפרעגט, און ענדליך האָבען זיי גאָר אויפגעהערט צו געהן אין די שולען. די דייטשע רעגירונג האָט געטאָן אַלעס

מעגליכעס אום צו גערמאניזירען די פּאליאקען, זי האָט בעשטראָפט די בע־אמטע, וואָס האָבען איהר ניט געהאָלפען צו דערגרייכען איהר ציל, אָבער דאָס האָט נאָך מעהר פערשטארקט די עקשנות פון די פּאָליאקען. די רע־גירונג האָט דורכגעפיהרט אַ געזעץ מען זאָל אויסקויפען פון די פּאָליאקען זייער גרונד און בעזעצען דאָרט דייטשען (1908), אָבער די פּאָליאקען האָ־בען פיר קיין געלט ניט געוואָלט פערקויפען זייער גרונד־אייגענטום.

הגם דייטשלאַנד האָט קיין שטרייט ניט געפיהרט זינט 1871, האָט זי דאָך ניט אויפגעהערט צו פערגרעסערן און פערשטארקען איהר ארמעע און איהר פלאָטע מיט דעם תירוץ, דאָס זי מוז עס האָבען אום אויפצוהאַלטען דעם פרידען. די וואהרע אורזאך דערפון אָבער איז געווען, דאָס אין די 10 יאָהר פון 1900 ביז 1910 האָט דייטשלאַנד געשטרעבט צו דערגרייכען אָדער איבערשטייגען ענגלאַנד אין איהר מאכט אום זי זאָל קענען ער־ווערבען נייע קאָלאָניעס און זיכער און פעסט שטעלען איהרע פריהערדיגע קאָלאָניעס, ווי אויך דורך דעם צו פערגרעסערן איהר האנדעל.

אין הערבסט פון 1910 זיינען צוזאמענגעקומען אין פּאָטסדאַם דער רוסישער צאר און דער דייטשער קייזער ווילהעלם דער 2טער, און זיי האָ־בען פערהאנדעלט איינינע פּאָליטישע פראַגען און האָבען געמאכט אַ פער־טראַג צווישען זיך. לויט דעם אָפּמאַך האָט רוסלאַנד פערשפּראָכען ניט צו שטערען דייטשלאַנד פּאָרטצוזעצען בויען די אייזענבאהנען, וואָס זי האָט אָנגעהויבען בויען אין באגדאד. דייטשלאַנד פון איהר זייט האָט פערשפּראָ־כען ניט צו זוכען וועלכע עס איז קאָנצעסיאָנען אין פּערסיען אום ניט צו שאַדען די רוסישע אינטערעסען דאָרט.

אין מאַי 1911 האָט דייטשלאַנד מיט דער איינשטימונג פון די פער־אייניגטע שטאאטען בעשטימט דעם פרייז פון פּאָטאַש. דאָס איז געווען אַ זעהר שווערע פראַגע, וועלכע איז איבערהויפּט זעהר שארף געוואָרען אין יאָהר 1910.

די עסטרייך־אונגארישע מאָנארכיע איז אייגענטליך אַ נייע בעשעפנים. זי איז געבאָרען געוואָרען נאָך דעם יאָהר 1866, ד. ה. נאָך דעם, ווי עסטרייך האָט פערלאָרען דעם שטרייט מיט פּרייסען און איז ארויסגעשטויסען גע־וואָרען פון דייטשען בונד און פּרייסען איז געוואָרען די הויפּט־מדינה פון דייטשען קייזערטום. דאמאָלס האָט עסטרייך געגעבען דעם פּאָלק אַ ריכ־טיגען פּארלאמענט און אונגארן האָט בעקומען אַ וואהרע אויטאָנאָמיע. אין 1867 איז מען געקומען צו אַן אויסגלייך, ווי די צוויי בעזונדערע מלוכות זאָלען זיך פיהרען אונטער איין הערשער, און פ ר א נ ץ  י אָ ז ע ף איז

ערקלערט געוואָרען אַלס קייזער איבער עסטרייך־אונגאַרן. צו יענער צייט האָט עסטרייך פערלאָרען די פּראָווינצען, וואָס זי האָט געהאַט אין איטאַליען, און פון דאַמאַלס אָן האָט זי אָנגעהויבען צו זוכען ערווערבען נייע פּראָווינצען אויף דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל. עס איז געווען זעהר אַ שווערע אויפגאַבע פיר פראַנץ יאָזעף'ן צו רעגירען די צוויי־קעפּיגע מאָנאַרכיע עסטרייך־אונגאַרן, מיט צוויי פערשיידענע הערשענדע שפּראַכען, מיט צוויי פּאַרלאַמענטען, מיט צוויי קאָנסטיטוציאָנען. אין גאַנצען לאַנד האָט מען ניט אויפגעהערט צו דעבאַטירען וועגען דער שפּראַך, וועלכע זאָל זיין די הערשענדע, וועלכע ראַסע זאָל האָבען דעם פאָרצוג, און וועלכע רעליגיאָן זאָל אָנערקענט ווערען אַלס די רעליגיאָן פון לאַנד.

אין 1904 האָט דער עסטרייכישער פּרעמיער רעזיגנירט און זיין שטעלע האָט פערטראָטען באַראָן גאַטש פאָן פראַנקענטהורן. אונטער זיין אַדמיניסטראַציאָן איז אין 1907 אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ נייעם געזעץ, וועלכעס האָט פערגרעסערט די צאָהל פון די וועהלער. דיזע נייע אָרדנונג אין די וואַהלען האָט פערשאַפט דעם קייזער פראַנץ יאָזעף גרויס פּאָפּולאַריטעט און האָט פערשטאַרקט די ליבע פון פאָלק צו זיין טראָן.

צוואַנציג יאָהר האָט אונגאַרן געליטען פון דעספּאָטיזם פון וויען פיר די רעוואָלוציאָן, וואָס דאָס אונגאַרישע פאָלק האָט אויפגעהויבען געגען עסטרייך אין 1848. אָבער אין 1866 האָט וויען אומגעביטען איהר פּאָליטיק אין בעצוג אויף אונגאַרן, און האָט אָנערקענט, דאָס עס איז בעסער פיר עסטרייך צו אָנערקענען די פאָדערונג פון אונגאַרן צו מאַכען פון עסטרייך־אונגאַרן אַ צוויי־קעפּיגע ממשלה אונטער איין מאָנאַרך. די גאַנצע צייט ביז דעם אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט האָט דאָס פאָלק געקעמפּפט מיט דער רעגירונג, פאָדערנדיג דאָס רעכט אָנטייל צו נעהמען אין דער רעגירונג און זאָגען אַ דעה אין די הוצאות און הכנסות פון לאַנד. די מיניסטאָרען אין אונגאַרן זיינען זעהר אָפט אומגעביטען געוואָרען צוליב די צוויי ברענענדע פראַגען: וועגען דעם אויסגלייך צווישען די צוויי מדינות עסטרייך און אונגאַרן און וועגען אַלגעמיינעם שטימ־רעכט. די אונגאַרישע פּאָליטיקער האָבען אימער געפאָדערט, דאָס זייער שפּראַך, די אונגאַרישע, זאָל זיין די הערשענדע און אָפיציעלע אין גאַנץ אונגאַרן, און ניט די דייטשע שפּראַך. אין 1902 האָבען זיך געביטען דריי פּרעמיערס אין אונגאַרן. דער 3טער איז געווען גראַף סטעפאַן טיסאַ, דער זוהן פון דעם בעריהמטען שטאַאטסמאַן קאָלאָמאַן טיסאַ. ער איז אַריין אין זיין אַמט אין אָקטאָבער 1903 און איז פערבליבען אויף דער שטעלע ביז דעם 20טען יאַנואַר

1905, ווען דער פּאַרלאַמענט איז פערנאַנדערגעלאָזען געוואָרען, דאַן איז טיססאַ געווען געצוואונגען צו פערלאָזען זיין אמט. דער נייער פּאַרלאַמענט האָט געפֿאָדערט פערשיידענע רעכטען, אָבער דער קייזער פראַנץ יאָזעף האָט זיי ענטזאַגט. עס זיינען פאַרבייגעגאַנגען איניגע מאָנאַטען אין פּרוכט־לאָזע דעבאַטען און אונטערהאַנדלונגען. דאַן האָט דער קייזער זעלבסט ער־וועהלט אַלס פּרעמיער פון אונגאַרן זיין פריינד גענעראַל באַראָן פּ ע י ע ר־ וואַרי, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס די מאַיאָריטעט איז געווען גע־גען איהם. זיין קאַבינעט האָט זיך גערופען דער „ניט־קאָנסטיטוציאָנעלער קאַבינעט". ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציאָן געגען זיך אין פּאַרלאַ־מענט. דער מיניסטער פון אינערן יאָזעף קריסטאָפּפי האָט אַריינגעבראַכט אין פּאַרלאַמענט אַ ביל וועגען אַלגעמיינעם שטימרעכט. דיזער ביל איז אָנגענומען געוואָרען און איז געוואָרען אַ געזעץ נאָך דעם, ווי מען האָט איהם אַ ביסעל געענדערט. דעם 8טען אַפּריל 1906 איז דאָקטאָר וועקערלע געוואָרען פּרעמיער. איהם האָבען געשטיצט די גרעסטע נאַציאָנאַל־פיהרער, אונטער וועלכע עס האָבען זיך געפונען קאָססוטה און אַנדראַססי. דעם 18טען יאַנואַר 1906 אין באַראָן פעיערוואַרי ווידער בעשטימט געוואָרען פּרעמיער פון אונגאַרישען קאַבינעט. עס זיי־נען נאָך אַלץ אָבער פאָרגעקומען דעבאַטען און אונטערהאַנדלונגען וועגען פערשיידענע פראַגען. איבערהויפּט וועגען די קראָאַטען, וועלכע זיינען געווען אונצופרידען מיט זייערע רעכטען. די פראַגע וועגען שטים־רעכט איז נאָך אַלץ ניט געלעזט געוואָרען ווי עס געהערט צו זיין.

צו די וויכטיגע בעגעבענהייטען פון דער לעצטער צייט געהערט די פעראייניגונג פון באָסניען און הערצעגאָווינאַ מיט עסטרייך. דיזע צוויי פּראָ־ווינצען האָבען געהערט צו טערקיי, נאָר לויט דעם בערלינער טראַקטאַט פון 1878 האָבען זיי בעדאַרפט איבערגעהן אונטער דעם שוץ פון עסטרייך. טערקיי האָט אָבער לאַנג ניט מקיים געווען דעם אָפּמאַך. דער גרויסער עסט־רייכישער שטאַאטס־מאַן באַראָן אָהרענטהאַל, וועלכער ווערט גע־רעכענט פיר אַ צווייטען ביסמאַרק, האָט געוואוסט זיך צו בענוצען מיט דעם גינסטיגען מאָמענט און האָט צוגענומען דיזע צוויי פּראָווינצען פון טערקיי אָהן אַ שום בלוט־פערגיסונג און האָט זיך פעראייניגט מיט עסט־רייך־אונגאַרן (דעם 3טען אָקטאָבער 1908). באַלד נאָכדעם האָט זיך אָנ־געהויבען אַ שטאַרקע בעוועגונג אויף דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל. בול־גאַריען האָט ערקלערט איהר אונאָפּהענגיגקייט פון טערקיי; קרעטאַ האָט אויסגעדריקט איהר פערלאַנג זיך צו פעראייניגען מיט גריכענלאַנד.

# פראַנקרייך.

די לעצטע צייט האָט די געשיכטע פון פראַנקרייך בעוויזען, דאָס די רעפּובליקאַנישע רעגירונג אין דיזען לאַנד איז פעסטגעשטעלט און איז זי־כער מיט איהר זיג געגען אַלע איהרע פיינד פון אינווענינ און פון אויסווע־ניג. אין דיזער צייט האָט פראַנקרייך געוואונען צוויי פּונקטען: זי האָט געוואונען די הערשאַפט איבער מאַראָקאָ, אויף וועלכע דייטשלאַנד האָט שטאַרק פּראָטעסטירט, און האָט דורכגעפיהרט אַ געזעץ, לויט וועלכען די קירכע איז אין גאַנצען אָפּגעזונדערט געוואָרען פון דער רעגירונג.

פיעל מיה האָט געקאָסט דער פראַנצויזישער רעגירונג צו לעזען די אַר־בייטער־פראַגע. פראַנקרייך איז מעהר נאַציאָנאַליסטיש פון אַלע אַנדערע לענדער אין אייראָפּאַ. דער קאַמף צווישען אַרבייט און די פּריווילעגירטע קלאַסען ווערט דאָרט אַלע מאָל שאַרפער און שאַרפער. דאָס צו־גרויסע פערלאַנגען פון די קאָמוניסטען נאָך דעם קריג מיט דייטשלאַנד האָט פיעל געשאַדט דעם סאָציאַליזם אין פראַנקרייך. אָבער נאָך דעם, ווי די פער־טריבענע קאָמוניסטען האָבען בעקומען אין 1879 אַמנעסטיע און האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין פראַנקרייך, האָט דער סאָציאַליזם זיך שטאַרק פער־ברייטערט אין פראַנקרייך און איז געוואָרען זעהר פּאָפּולער. די פיהרער פון די סאָציאַליסטען אין פראַנקרייך, ווי ז ש אָ ר ע ס און מ י ל ל ע־ר אַ נ ד , האָבען בעוועגט די ראַדיקאַלען זיך צו פעראייניגען מיט די מי־טעלמעסיגע סאָציאַליסטען און אַרונטערלאָזען פון זייערע צו גרויסע פּאָ־דערונגען. אין די וואַהלען פון 1893 האָבען די סאָציאַליסטען ערוועהלט 50 מיטגלידער אין פּאַרלאַמענט, אין 1899 איז מיללעראַנד ערוועהלט גע־וואָרען אַלס מיניסטער. די צאָהל פון די סאָציאַליסטישע מיטגלידער אין פּאַרלאַמענט איז געוואַקסען מיט יעדער נייער וואַהל און זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט דורכצופיהרען פערשיידענע רעפאָרמעס אין דער רעפּוב־ליק, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע. די סאָציאַליסטען האָבען פיעל געהאָלפען דעם ק אָ מ ב ס = מיניסטעריום אין קאַמף געגען דער קירכע, און אין 1906 האָט ק ל ע מ ע נ ס אָ ערנאַנט אַלס מיניסטער פון אַרבייט דעם סאָ־ציאַליסט ו י י ו י אַ נ י .

אין 1896 איז געגרינדעט געוואָרען אַן אַלגעמיינער פערבאַנד פיר דעם שוץ פון אַרבייט. דאָס האָט געשאַפען אַ נייע עפּאָכע אין דער אַרבייטער־פראַגע. אַ גענעראַל־סטרייק איז אָנערקענט געוואָרען אַלס אַ געזעצליכער מיטעל צו בעשיצען די אינטערעסען פון אַרבייט. עס איז אָנערקענט געוואָ־

רען די טעאָריע פון ס י נ ד י ק א ל י ז ם , ד. ה., דאָס די אַרבייטער זאָלען אַרבייטען ניט פיר איינצעלנע קאַפּיטאַליסטען, נאָר פיר די געמיינדע. אין יענער צייט איז ב ר י א נ ד , אַ געוועזענער סאָציאַליסט, געוואָרען פּרע־מיער. סטרייקס האָבען ניט אויפגעהערט, און דיזעס האָט זעהר פיעל געשאַדט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. אין זומער פון 1910 איז ערקלערט גע-וואָרען פון אַלע באַהן־אַרבייטער אַן אַלגעמיינער סטרייק. דער פּרעמיער בריאַנד, דער געוועזענער סאָציאַליסט, האָט געפונען אַ מיטעל צו דער-שטיקען דעם סטרייק, וועלכער האָט געקענט רואינירען דאָס לאַנד, דורך דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעפאָדערט די סטרייקערס אַלס רעזערוויסטען צום מיליטער־דינסט, און האָט זיי אַלס סאָלדאַטען געצוואונגען צו טאָן זייער אַרבייט אויף די אייזענבאַהן־ליניען. מיללעראַנד און וויוויאַני זיי-נען ניט איינשטימיג געווען מיט'ן פּרעמיער בריאַנד אין דיזען מיטעל און זיי האָבען רעזיגנירט. די סאָציאַליסטען אין פראַנקרייך האָבען געשטיצט די פּראָיעקטען פון דער רעגירונג איינצופיהרען אַ פּענסיאָן פיר אַלטע לייט, צו שאַפען אַ שטייער פון איינקונפטען, און דאָס די אייזענבאַהנען זאָלען נאַציאָנאַליזירט ווערען, ד. ה. איבערגעהן פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטען צום פאָלק.

די יעצטיגע, די דריטע פראַנצויזישע רעפּובליק, עקסיסטירט שוין 40 יאָהר. דאָס הייסט, דאָס זי עקסיסטירט לענגער פון אַלע אַנדערע רע גירונגס־פאָרמעס אין פראַנקרייך זינט דער גרויסער רעוואָלוציאָן פון יאָהר 1789. הגם די יעצטיגע רעפּובליק האָט אויך אָפטמאָל געליטען פון קאָרופּ-ציאָן אין די הויכע פּענסטער, איז זי דאָך פיעל ריינער און בעסער פון דער אימפּעריע און דער מאָנאַרכיע אין זייערע בעסטע צייטען, און אונ-טער דער רעגירונג פון דיזער רעפּובליק איז דער געוויסען פון פאָלק פיעל ריינער ווי אין די פריהערדיגע צייטען.

די ראָיאַליסטישע פּאַרטיי ווערט אַלע מאָל שוואַכער און שוואַכער אין פראַנקרייך. זי האָט כמעט קיין בעדייטונג ניט יעצט. די הויפּט־פראַגען, מיט וועלכע די רעפּובליק איז יעצט בעשעפטיגט, און וואָס שטעהען יעצט אויף דער רייהע צו ווערען געלעזט, זיינען: צו מאַכען די אייזענבאַהנען פיר אַ פאָלקס־אייגענטום; צו רעפאָרמירען די געזעצען פון שטימרעכט און וואַהלען; צו אויסאַרבייטען נייע פאָרמעס פון אָפּ־גאַבען און שטייערן, וואָס זאָלען האַרמאָנירען און צופרידען שטעלען די אונ-געהייערע בודזשעטען פון דער נייעסטער צייט. מען בעדויערט פיעל אין פראַנקרייך, וואָס די לעצטע צייט איז אין לאַנד די צאָהל פון געבורטען

ווייניגער ווי די צאָהל פון טויט-פעלען, אָבער נעהמענדיג אין בעטראַכט די גוטע אַרבייט פון איהר רעגירונג, דעם גלענצענדען צושטאַנד פון איהר אינדוסטריע און האַנדעל און די הויכע אינטעליגענץ פון דעם פאָלק, קען די פראַנצויזישע רעפובליק, ווי זי שטעהט אין דעם יאָהר 1912, גערע-כענט ווערען אַלס איינע פון די זיכערסטע, שטאַרקסטע רעגירונגען אין דער וועלט.

## די לאַגע אין שפּאַניען.

נאָך דער מלחמה מיט די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ אין 1895 איז שפּאַניען געבליבען כמעט אָהן אַלע איהרע קאָלאָניעס, וואָס זי האָט ערוואָרבען אין איהרע גוטע יאָהרען. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס איז פיר זי אַן אונגליק. אָבער אין גרונד גענומען האָט עס זי בעפרייט פון אַ שטענדיגען קוואַל פון צרות און שוואַכקייט. דאָס, וואָס זי האָט זיך בעפרייט פון די פיליפּפּינען, קובאַ און פּאָרטאָ ריקאָ האָט איהר פערשאַפט די מעגליכקייט אָנצואווענדען אַלע איהרע קרעפטען און אויפמערקזאַמקייט אויף איהר אייגענעם לאַנד. די אַלטע שפּאַלטונג אין לאַנד צווישען די איינוואוינער פון דעם נאָרדליכען טייל, וועלכע בעשעפטיגען זיך איבערהויפּט מיט אינדוסטריע און האַנדעל, און די זידליכע איינוואוי-נער, וואָס בעשעפטיגען זיך מעהר מיט אַגריקולטור, איז געוואָרען פיעל גרעסער און שטאַרקער צוליב זייערע פערשיידענע אינטערעסען אין די לעצ-טע יאָהרען. אין 1901 איז דאָס קאָנסערוואַטיווע מיניסטעריום פון ס י ל - ו ו ע ל אַ געפאַלען און איהר פּלאַץ האָט פערנומען דאָס ליבעראַלע מיניס-טעריום פון ס אַ ג אַ ס ט אַ , וועלכעס איז געבליבען אין מאַכט מעהר פון אַ יאָהר. צוויי וויכטיגע פראַגען האָבען בעשעפטיגט דיזען גרויסען שטאַאַטסמאַן, וועלכע האָבען בעאונרוהיגט שפּאַניען פיר אַ האַלבען יאָהר-הונדערט: ערסטענס די פערברייטונג פון סאָציאַליזם, וועלכע האָט פיעל געשאַדט דער אינדוסטריע און דעם האַנדעל, צווייטענס די פערשפּרייטונג פון נייע רעליגיעזע אָרדענס אין לאַנד.

שפּאַניען, וועלכע איז אַמאָל געווען אויסשליסליך אַן אַגריקולטור-לאַנד, האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַם צו ענטוויקלען ביי זיך אינדוסטריע, אי-בערהויפּט מינען-אינדוסטריע, און פאַבריקאַציאָן. די פאַבריקען און גע-שעפטס-הייזער אין קאַטאַלאָניען, איבערהויפּט אין באַרצעלאָנאַ, און די מי-נעס פון קויהלען, אייזען, גאָלד און זילבער אין דעם נאָרדליכען טייל פון שפּאַ-

ניען, האָבען געפיהרט צו פּאָליטישען פּראָגרעס און צו דעם פּאָרטשריט פון אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען.

דעם 1טען מאַי 1907 איז געקרוינט געוואָרען אין שפּאַניען אַלס קעניג אַ ל פ אָ נ ס ד ע ר 1 3 ט ע ר. די קרוינונג איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט אַלע אַלטע צערעמאָניעס פון שפּאַנישען הויף. אָנפאַנגס איז דיזער קעניג געווען אונטער דעם אַיינפלוס פון דער רעאַקציאָן. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען און זיין נאַטירליכער געזונטער פערשטאַנד און זיין שטאַרקער וואונש צו ווערען פּאָפּולער אַלס אַ קעניג פון דער נייערער צייט, האָט איהם גענייגט צו זיין ליבעראַל. דעם 31טען מאַי 1905 האָט ער געהייראַטעט אַן ענגלישע פּרינצעסין ע נ אַ ו ו י ק ט אָ ר י אַ פאָן באַטטענבערג, און דיזע הייראַט האָט געמאַכט אויף איהם אַ בעזונדערען איינדרוק. די יונגע קעניגין האָט אָנגענומען דעם קאַטאָלישען גלויבען און דער פּאַפּסט האָט זי באַלד אויסגעצייכענט מיט דער אונגעוועהנליכער עהרע, וועלכע איז בעקאַנט אין דער קאַטאָלישער קירכע מיט דעם נאָמען „גאָלדענע ראָזע“. דאָך האָט דיזע הייראַט געווירקט אויף איהם פּראָטעסטאַנטיש, און ער האָט זיך געזוכט צו בעפרייען פון דעם אַיינפלוס פון זיינע האָפּלייט, וועלכע זיינען געווען רעאַקציאָנערען און קלעריקאַלען. ער איז באַלד געוואָרען זעהר פּאָפּולער און האָט אָנגעהויבען צו דענקען אוןווירקען זעלבשטענדיג, אָהן אַ שום אַיינפלוס פון זיינע האָפּלייט. אין די ערסטע 10 יאָהר פון זיין רעגירונג האָט ער צוגעזעהען אָפטע ענדערונגען פון דעם מיניסטאָרען־קאַבינעט. נאָך דעם, ווי סאַגאַסטאַ, דער פיהרער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, איז געפאַלען אין 1898, איז די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי געבליבען אַ לאַנגע צייט אין מאַכט, געפיהרט פון סילוועלאַ און מאַורא. נאָך דעם טויט פון סאַגאַסטאַ איז די ליבעראַלע פּאַרטיי געבליבען אָהן אַ שום פיהרער, וואָס זאָל קענען פערנעהמען זיין פּלאַץ. אָבער אין 1909 האָבען צוויי עראייגניסען, וועלכע האָבען זיך געטראָפען אין איין צייט, געמאַכט אַן ענדע צו דער לאַנגער רעגירונג פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי.

נאָך דעם, ווי שפּאַניען האָט פערלאָרען איהרע ווייטע קאָלאָניעס—די פיליפּפּינען, קובאַ, פּאָרטאָ ריקאָ — האָט זי ערהאַלטען אַ שטיק ברעג־ליניע אין מאַראָקאָ. אָבער ווייטער פון דער ברעג־ליניע איז איהר מאַכט געווען זעהר שוואַך. ווען מען האָט ענ־עקט נאָהענט פון מעלילאַ מינעס פון אייזען און בליי און עס איז געמאַכט געוואָרען אַן אייזענבאַהן צו די מינעס, האָבען די מאַראָקאַנישע שבטים רעוואָלטירט און האָבען ערמאָרדעט די אַרבייטער פון די מינעס. פון דיזען אויפשטאַנד האָט זיך ענטוויקעלט אַ

רעגעלמעסיגע מלחמה, וועלכע האָט געפאָדערט אַן ארמעע פון 40,000 מאַן. די אַרמעע האָט געליטען, אויסער די געוועהנליכע פערלוסטען אין שלאַכ-טען, פון די אַפריקאַנער היצען און פון פיבער. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז געוועזען שטאַרק ערביטערט געגען דער גאַנצער מלחמה, וועלכע עס האָט בע-טראַכט אַלס אַ מלחמה נאָר אום צו פערשאַפען רייכטום פיר קאַפּיטאַליסטישע ספּעקולאַנטען, און עס האָבען זיך אָפּגעשפּילט זעהר ריהרענדע סצענעס יעדען מאָל, ווען מען פלעגט שיקען נייע רעקרוטען צום שלאַכט-פעלד אין מאַראָקאָ. דאַמאָלס האָט פּלוצלינג אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אין באַר-צעלאָנאַ. דיזע שטאָדט, וועלכע רעכענט זיך פיר די הויפּט-שטאָדט פון דעם שפּאַנישען האַנדעל, איז געוועזען דער צענטער פון די געגנער פון די קלעריקאַלען. עס האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד, ווען מען האָט גע-וואָלט אָפּשיקען אַ טראַנספּאָרט פון נייע רעקרוטען צום שלאַכט-פעלד, און באַרצעלאָנאַ איז געוועזען אייניגע טעג אָפּגעשניטען פון דער איבריגער וועלט. די מיאַטעזשניקעס האָבען צושטערט אַ היבשע צאָהל מאָנאַסטירען און קירכען. דער אויפשטאַנד איז ענדליך דערשטיקט געוואָרען. אַלס איינעם פון די פעראַנטוואָרטליכע פון דיזען אויפשטאַנד האָט מען בעשולדיגט דעם פּראָפעסאָר פ ר אַ נ צ י ס ק אָ פ ע ר ר ע ר, אַ פרייהדענקער און אַ גרינדער פון ראַדיקאַלע שולען פיר דאָס פאָלק. מען האָט איהם בעשולדיגט אין פעררראַט און הינגעריכטעט (13טען אָקטאָבער 1909). די הינריכטונג פון פראַנציסקאָ פעררער איז בעטראַכט געוואָרען אין שפּאַניען, ווי אויך אין דער איבריגער וועלט, אַלס אַן אינטריגע פון דער קירכע. די גאַנצע וועלט איז געוועזען שטאַרק אויפגעבראַכט געגען די גייסטליכע און שפּאַניען האָט דורך דיזע הינריכטונג פיעל פערלאָרען אין די אויגען פון דער וועלט. אין די זיצונגען פון פּאַרלאַמענט איז די רעגירונג שטאַרק בעליידיגט און בע-פאַלען געוואָרען. מאַוראַ האָט געמוזט רעזיגנירען און דער אַלטער ליבעראַל מ אָ ר ע ט האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעס ליבעראַלעס מיניסטעריום. מען האָט באַלד צוריקגעגעבען צו די בעוואוינער פון קאַטאַלאָניען זייערע ציוויל-רעכטען, וועלכע מען האָט פון זיי צוגענומען צוליב דעם אויפשטאַנד, וואָס האָט דאָרט אויסגעבראָכען וועגען דער מלחמה אין מאַראָקאָ. און דאָס מיניסטעריום האָט געמאַכט אַן ענדע צו דער גאַנצער מלחמה. דער סולטאַן פון מאַראָקאָ מ ו ל אַ י ה אַ פ י ד, האָט געשלאָסען פרידען מיט שפּאַניען; ער האָט בעצאָהלט אַ געוויסע סומע קריגס-הוצאות צו שפּאַניען און האָט איהר געגעבען דאָס רעכט צו בעזיצען דעם געביט, וואָס זי האָט

איינגענומען, אויף אַ צייט פון 75 יאָהר. מאָרעט האָט אָבער באַלד רעזיג־
נירט, ווייל ער האָט ניט געהאַט די פולע אונטערשטיצונג פון זיין פּאַרטיי.
זיין שטעלע האָט פערנומען אין 1910 ק אַ נ אַ ל ע ח אַ ס , וועלכער
איז נאָך דעם טויט פון סאַגאַסטאַ געוואָרען אַ פיהרער פון אַ גרופּע ראַדי־
קאַלען. ער איז אַרויס מיט מעהר דרייסט געגען די קלעריקאַלען אַלס די
ליבעראַלען, וועלכע זיינען דעריבער ניט געווען איינשטימיג מיט איהם.

## די לאַגע אין איטאַליען.

די ערסטע צייט פון דער רעגירונג פון ו ו י ק ט אָ ר ע מ אַ נ ו ע ל
ד ע ם 3 ט ע ן איז דער הימעל פון דער איטאַליענישער פּאָליטיק גע־
ווען בעצויגען מיט פינסטערע וואָלקענס. דעם קעניג׳ס פאָטער, ה ו מ ־
ב ע ר ט , איז ערמאָרדעט געוואָרען. דאָס איטאַליענישע פאָלק איז
געווען אָנגעטאָן אין טרויער צוליב דער שרעקליכער מפּלה, וואָס די אי־
טאַליענישע אַרמעע האָט געליטען פון דער אַבעססיניער אין אַ ד אָ ו ו אַ
(1896). דיזע מפּלה איז אָבער אין גרונד געווען אַ גרויסעם גליק פיר די
איטאַליענער ; ווייל בעפרייענדיג זיך פון דער מלחמה, האָבען זיי געקענט
געברויכען זייער ענערגיע צו ברייגען זייערע געשעפטען אין לאַנד גופא אין
אָרדנונג. דאָס פאָלק האָט שטאַרק געליטען אונטער דער לאַסט פון שווערע
שטייערן, וואָס די רעגירונג האָט געפאָדערט אום צו אָנהאַלטען אַ גרויסע
אַרמעע. דאָס פאָלק איז געווען שטאַרק אונצופרידען. אין אַלע גרויסע
שטעדט זיינען פאָרגעקומען אויפשטאַנדען, בעזונדערס אין מילאַן. דאָ איז
עס געקומען כמעט צו אַ בירגער־קריג. דער פּרעמיער פּ ע ל ל ו האָט
אַריינגעבראַכט אין פּאַרלאַמענט אַ ביל צו פערוועהרען דעם פאָלק פער־
זאַמלונגען, אָבער דער פּאַרלאַמענט האָט דעם ביל פערוואָרפען. דער
פּרעמיער האָט דערפאַר פערנאַנדערגעלאָזען דאָס הויז. אָבער די נייע
וואַהלען האָבען בעוויזען, אַז דאָס פאָלק איז אונצופרידען מיט דער רע־
גירונג, און דער פּרעמיער האָט רעזיגנירט. מיט איניגע טעג שפּעטער
איז דער קעניג הומבערט ערמאָרדעט געוואָרען פון דער האַנט פון אַן אַנאַר־
כיסט מיט׳ן נאָמען ב ר ע ש ש י (29טען יולי 1900), און זיין זוהן
וויקטאָר עמאַנועל דער 3טער איז אַרויף אויף׳ן טראָן.

דער קעניג ו ו י ק ט אָ ר ע מ אַ נ ו ע ל ד ע ר 3 ט ע ר איז
אַ מאַן מיט אַ גרויסען כאַראַקטער און העכסט געבילדעט. ער האָט פיעל

און ערנסט געשטודירט די סאָציאַלע פראַגען און איז אַ הייסער פּאַטריאָט. זיין רעגירונג האָט געמאַכט אַ נייע ערא פיר דאָס איטאַליענישע פאָלק. אין 1896 האָט ער געהייראַט די פרינצעסין ה ע ל ע נ אַ , די טאָכטער פון ניקאָלאַס, דעם פרינץ פון מאָנטענעגראָ. די קעניגין איז אויך אַ הייסע איטאַליענישע פּאַטריאָטקע, ווי איהר מאַן.

באַלד ווי וויקטאָר עמאַנועל איז אַרויף אויף'ן טראָן האָט ער איינגעלאַדען דעם אַלטען פיהרער פון די ראַדיקאַלען צ אַ נ אַ ר ד ע ל ל י און האָט איהם בעאויפטראַגט צוזאַמענצושטעלען אַ מיניסטעריום. ער האָט פריהער פון אַלעס געמאַכט אַן ענדע צום טאַריף־קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען איטאַליען און פראַנקרייך, און די אינדוסטריע און דער האַנדעל האָבען זיך געבעסערט. דאָס לאַנד האָט צוריק געוואונען דעם צוטרויען און דער קרעדיט איז פיעל בעסער געוואָרען. די אָפּגאַבען זיינען קלענער געוואָרען און די מיטלען צו בילדונג האָבען זיך פערמעהרט און פערגרעסערט. אַ שווערע פראַגע איז געוואָרען אין לאַנד ווי אָפּצוהאַלטען די עמיגראַציאָן פון איטאַליען נאָך די פעראייניגטע שטאַאַטען און אַרגענטינאַ, וועלכע האָבען געפאָדערט מען זאָל זיי לעזען צופרידענשטעלענד. עס איז אין איטאַליען געוואָרען אַן עפּידעמיע פון סטרייקס. דער פּאַרלאַמענט האָט געוואָלט שאַפען געזעצען צו פערהיטען פון סטרייקס, אָבער די מיטלען זיינען געוועזען זעהר ניט פּאָפּולער ביים פאָלק, און דער פּאַרלאַמענט איז פערנאַנדערגעלאָזען געוואָרען. אין דיזער צייט איז דער פּרעמיער צאַנאַרדעללי אַרונטער פון זיין אַמט, און זיין שטעלע האָט פערנומען ד זשיאָליטטי. אונטער זיין מיניסטעריום האָט די איטאַליענישע רעגירונג אָפּגעקויפט די אַלע אייזענבאַהנען און לאַנד פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטען אין 1905, און די רעגירונג האָט אָפּגעשאַפט פיעלע שלעכטע זאַכען, פון וועלכע דאָס פאָלק האָט געליטען אין דער צייט, וואָס די אייזענבאַהנען זיינען געוועזען דאָס אייגענטום פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטען. אין דער צייט פון דיזען מיניסטעריום האָט איטאַליען גראָדע געליטען גרויסע נאַטור־קאַטאַסטראָפען. דער וואולקאַן (פייער־שפּייענדער באַרג) וועזוביוס האָט אויסגעבראָכען מיט אַ גרויסען שטראָם פון לאַוואַ (1906) און אין מעסינאַ איז געווען אַ שרעקליכע ערד־ציטערנים (1908). פיעלע זיינען אומגעקומען און זעהר פיעל אייגענטום איז פערניכטעט געוואָרען. אין דיזע נאַטירליכע אונגליקען האָט דאָס פאָלק בעוויזען, ווי פעהיג עס איז שנעל צוריקצוקומען צו זיין שטאַנד נאָך אַ גרויסען פערלוסט.

דער קאַמף צווישען דער קירכע און דער וועלטליכער מאַכט אין אי־טאַליען ווערט שוואַכער און שוואַכער. דער פּאַפּסט פּ י א ו ס ד ע ר 10 ט ע ר, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען נאָך לעאָ דעם 13טען, איז געוועזען זעהר פריינדליך צום קעניג וויקטאָר עמאַנועל דעם 3טען, און יעצט פערנעהמט איטאַליען דעם פּלאַץ פון פראַנקרייך צו בעשיצען די קאַטאָליקען אין די מזרח־לענדער. לויט דער טעאָריע פון דער קירכע טאָר קיין גלויבי־גער קאַטאָליק ניט נעהמען קיין שום אָנטייל אין פּאָליטיק פון איטאַליען, אָבער די קירכע ערלויבט די קאַטאָליקען צו בעקעמפען דעם סאָציאַליזם און די געגנער פון די גייסטליכע.

זעהר פיעלע אויפגאַבען, וואָס האָבען צו טאָן מיט דעם לעבען פון די פאָלקס־מאַסען, זיינען געשטאַנען אויף דער רייהע געלעזט צו ווערען. זעהר פיעל האָבען די סאָציאַליסטען אויפגעטאָן אום צו געוועהנען דעם דאָרפמאַן אָפּצושפּאָרען פון זיינע הכנסות און זיך פערשאַפען אַ שטיקעל קאַפּיטאַל פיר אַ שלעכטע צייט. צו דיזען צוועק האָט מען איינגעריכטעט אין די דער־פער שפּאָר־בענק, קאָאָפּעראַטיווע קלייטען או. ד. גל.

זעהר פיעלע גוטע רעפאָרמעס זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער צייט פון דעם קאָנסערוואַטיווען מיניסטעריום פון 1906 מיט'ן באַראָן ס א נ נ י נ אָ אַלס פּרעמיער. ער האָט פּערקלענערט די שטייער פון גרונד־איי־גענטום, ער האָט פיעל געהאָלפען צו פערברייטערן די אינדוסטריע, צו בויען נייע לעהר־אַנשטאַלטען, און האָט פערבעסערט דעם טראַנספּאָרט־סיסטעם. די רעגירונג האָט גענומען אונטער איהר קאָנטראָל די קאָמפּאַניעס פון לעבענס־פערזיכערונג (1911).

איטאַליען שטרעבט שוין לאַנג צו שפּילען צווישען די אייראָפּעאישע מעכטען אַ וויכטיגע ראָלע. דאָס איז געוועזען איינע פון די הויפּט אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט צו אַ שטרייט צווישען איטאַליען און טערקיי וועגען ט ר י פּ אָ ל י שוין אויף'ן בערלינער קאָנגרעס אין 1878 איז טריפּאָלי בע־שטימט געוואָרען פיר איטאַליען, וועלכע איז די הויפּט־מאַכט אין מיטלענ־דישען מעער. טריפּאָלי איז זעהר נאָהענט צו איטאַליען און טויזענדער איטאַליענער האָבען זיך דאָרט שוין לאַנג בעזעצט און געפיהרט געשעפטען. אָבער זיי זיינען אימער פערפאָלגט און געשטערט געוואָרען פון די טערקען. אויסער דעם איז טריפּאָלי פון די גאַנץ אַלטע צייטען געווען בעזעצט מיט רוימער, די אורעלטערן פון די איטאַליענער. מיט איין וואָרט, איטאַליען האָט גערעכענט, דאָס טריפּאָלי געהערט צו איהר אויף דעם גרונד פון פּאָ־ליטישע, געאָגראַפישע און היסטאָרישע רעכטען.

דזשיאָליטטי, וועלכער רעכענט זיך אַלס דער גרעסטער איטאַליענישער פּאָליטיקער נאָך קריספּי, האָט שוין לאַנג גערעכענט, דאָס איטאַליען׳ס פּליכט איז אָפּצונעהמען טריפּאָלי פון טערקיי און זי פעראייניגען מיט אי-טאַליען. 30 יאָהר, זינט דעם בערלינער טראַקטאַט אין 1878, האָט אי-טאַליען געהאַט אַן אויג אויף דעם פּאָליטישען צושטאַנד פון דער אָטאָמאַ-נישער אימפּעריע, און האָט בעמערקט ווי זי ווערט אימער שוואַכער און שוואַכער. ווען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל האָט אין 1908 אויסגעבראָכען די רעוואָלוציאָן, האָט איטאַליען עס געפונען פיר אַ גינסטיגען מאָמענט דורכ-צופיהרען איהר פּלאַן וועגען טריפּאָלי, און זי האָט בעשלאָסען עס ניט אָפּ-צולעגען.

און באמת איז דער מאָמענט געוועזען זעהר אַ גינסטיגער. פראַנקרייך האָט דאַמאָלס אָפּגענומען מאַראָקאָ, אַ גרויסער טייל פון דער טערקישער אַרמעע איז געווען בעשעפטיגט צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן אין יעמען (אַראַביען). דעם 28טען סעפּטעמבער 1911 האָט דער איטאַליענישער מי-ניסטער פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען, מאַרקיז די סאַן דזשו-ליאַנאָ, אַריינגעשיקט אַן אולטימאַטום צו דער טערקישער רעגירונג, און האָט אויסגערעכענט אַ לאַנגען צעטעל פון פּרעטענזיעס, וואָס איטאַליען האָט צו טערקיי פיר די עקאָנאָמישע און קאָמערציעלע שאַדענס, וואָס זי האָט פערשאַפט צו די איטאַליענער, וועלכע געפינען זיך אין טריפּאָלי, ווי אויך אין אַנדערע טיילען פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, און אום צו בעשיצען אויף ווייטער איהרע אינטערעסען און איהר עהרע האָט אי-טאַליען בעשלאָסען צו פערנעהמען מיט איהר מיליטערישער מאַכט טריפּאָלי און צירענאַאיקאַ. אין דעם 29טען סעפּטעמבער 1911 האָט איטאַליען גע-גען טערקיי ערקלערט קריג. דעם 30טען סעפּטעמבער איז שוין די איטאַליע-נישע פלאָטע געשטאַנען אין האַפען פון טריפּאָלי, און אויך אַנדערע שיפען זיינען געשיקט געוואָרען געגען טערקישע קריג-שיפען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין מיטלענדישען מעער. אין צייט פון 48 שטונדען איז דער גאַנ-צער האַפען פון טריפּאָלי געווען בלאָקירט. באַלד נאָכדעם האָט די איטאַ-ליענישע פלאָטע אָנגעהויבען באָמבאַרדירען טריפּאָלי, האָט פערבאַפט אייני-גע טערקישע שיפען און האָט אַרויסגעזעצט אויף דער אַפריקאַנישער זייט פערציג טויזענד מאַן פון איהרע טרופען. אָבער די אַראַבער האָבען געקעמפט ווי העלדען, און איטאַליען האָט זיך באַלד איבערצייגט, דאָס די איינגעהמונג פון טריפּאָלי איז אַ זעהר שווערע אויפגאַבע, וועלכע האָט זיך ווירקליך אין 1912 ניט געענדיגט.

# פּאָרטוגאַל.

אין אָנפאַנג פון דעם 20טען יאָהרהונדערט איז אויף דעם פּאָרטוגע-זישען טראָן געזעסען ק א ר ל אָ ס ד ע ר 1 ט ע ר. ער איז געווען אַ פרידליכער מענש מיט אַלע מעלות און חסרונות פון די בראַגאַנצאַס (הערשענדע דינאַסטיע פון פּאָרטוגאַל). דאָס לאַנד איז געווען אין אַ שלעכטען צושטאַנד. די מענשען, וואָס זיינען געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון פאָלק, האָבען פערלאָרען יעדען געפיהל פון עהרע. די בעאַמטע זיינען געווען פערדאָרבען ביז דעם מאַרך פון די ביינער. יעדער, וואָס איז געווען אין וועלכען עס איז אַמט, האָט געהאַט די מעגליכקייט צו בערויבען דאָס לאַנד אונגעשטערט. די קעניגליכע פאַמיליע און די בעאַמטע האָבען פערשווענדעט געלט אָהן אַ שום רעכנונג. שטייערן, מיט וועלכע מען האָט בעלאַסטעט דאָס פאָלק, זיינען געוואַקסען מעהר און מעהר, און דאָך איז דער דעפיציט געוואָרען וואָס אַ יאָהר גרעסער און דאָס פאָלק איז געזונקען אין אָרימקייט. פון די אַלע איינקונפטען פון דער רעגירונג האָט מען ניט געקענט אָפּשפּאָרען זאָגאַר דאָס פּראָצענט פיר די חובות, וואָס דאָס לאַנד האָט געמאַכט אין אויסלאַנד. געשעפט האָט כמעט אין גאַנצען אויפגעהערט, בילדונג איז געווען פערנאַכלעסיגט. די קאַטאַסטראָפע האָט זיך מיט ריעזען=שריט געאיילט פיר דאָס לאַנד.

אין 1901 האָט מען זיך גענומען אַ ביסעל אויסבעסערן די לאַגע. מען האָט געמאַכט נייע געזעצען וועגען וואהלען, מען האָט געגעבען שטימרעכט נאָר צו ערוואַקסענע מענער, וואָס האָבען ערהאַלטען אַ געוויסען קורס בילדונג, און וועלכע האָבען געצאָהלט אַ געוויסע שטייער. אָבער דער קעניג האָט געהאַט די מאַכט צו הינדערן דורכצופיהרען דיזע געזעצען און געבען זיינע אייגענע בעפעהלען. די וואהלען זיינען אויסגעקומען אימער ווי די רעגירונג האָט געוואָלט. אין 1906 האָט דער קעניג איינגעלאַדען י אָ ה א ן פ ר א נ ק אָ צוזאַמענצושטעלען אַ נייעם מיניסטעריום. פראַנקאָ איז געווען אַ מאַן מיט אַ פיינעם כאַראַקטער אלס פּריוואַט=מענש און מיט אַ ריינעם נאָמען אין זיין עפענטליכער קאַריערע. דערצו איז ער געווען אַ מענש מיט גרויסע מיטלען. ער האָט די ערסטע זאַך געזעהען צו מאַכען עקאָנאָמיע אין די אויסגאַבען פון שטאַאט און האָט אָפּגעשאַפט די שטעלען פון בעאַמטע, וואָס טוען גאָרניט און נעהמען געהאַלט. עס האָט אָנגעהויבען ווירקליך בעסער ווערען. ער האָט אָבער ניט געקענט העלפען צום קעניג'ס פערשווענדערישען לעבען, ווי אויך צו די פאָדערונגען פון די

פערדאָרבענע גרויסע בעאַמטע. מען האָט באַלד פערגרעסערט די הוצאות אויף די אַרמעע און די קעניגליכע פאַמיליע. מען האָט אָנגעהויבען אַרויס-געבען אונגעהייער גרויסע סומעס פון דער נאַציאָנאַל-קאַסע פיר דעם קע-ניג קאַרלאָס, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבען צו אַ לעבען פון פערגניגענס. ער איז שוין פון פריהער שולדיג געווען דעם שטאַאט 750,000 דאָללאַר, וואָס ער האָט געבאָרגט.

ווען פראַנקאָ האָט אָפּגעדינט אין זיין אַמט זעקס חדשים איז דאָס גאַנצע לאַנד צוזאַמען מיט'ן קעניג געווען געגען איהם. קאַרלאָס האָט גע-הייסען זיין פּרעמיער פראַנקאָ ווערען אַ דיקטאַטאָר, אום אָפּצושוואַכען די אָפּאָזיציאָן, וועלכע איז געוואָרען צו שטאַרק. פראַנקאָ האָט געפאָלגט און אין 1907 האָט ער צולאָזען די קאָרטעס (פּאַרלאַמענט) און האָט געלאָזט וויסען דעם פאָלק, דאָס ער וועט רעגירען אָהן אַ פּאַרלאַמענט. די פּרעס-פרייהייט האָט ער אָפּגעשאַפט, פערזאַמלונגען האָט ער פערוועהרט, און די געגנער פון דער רעגירונג האָט ער אין געפענגניס געוואָרפען אָדער ער האָט זיי פון לאַנד פערטריבען. עס איז פערשוואונדען געוואָרען פון פּאָר-טוגאַל יעדע פרייהייט, פּאָליטישע און בירגערליכע.

אין יאַנואַר 1908 האָט די קעניגליכע פאַמיליע פערלאָזען ליסאַבאָן (די קעניגליכע רעזידענץ) אום צו פערברייגען אַ קורצע צייט אין איינעם פון די פּאַלאַסטען אויף דעם לאַנד מיניסטער פראַנקאָ האָט געלאָזט וויסען, דאָס ער האָט ענטדעקט אַ בונט געגען דער רעגירונג. דעם 31טען יאַנואַר האָט ער געגעבען אַ בעפעהל צו אַרעסטירען אָדער אַרויסטרייבען פון לאַנד יעדען, אויף וועמען עס וועט זיין דער קלענסטער חשד, אַז ער איז געגען דער רעגירונג, און מען וועט דערביי ניט געברויכען קיין געזעצליכע פאָרמאַ-ליטעטען. אַ טאָג נאָכדעם (דעם 1טען פעברואַר), ווען די קעניגליכע פאַ-מיליע האָט זיך צוריקגעקעהרט אין ליסאַבאָן איז אַ באַנדע בעוואַפענטע מענער זיי בעפאַלען, האָט ערמאָרדעט דעם קעניג און זיין עלטערען זוהן, דעם קרוין-פּרינץ, און האָט פערוואונדעט זיין צווייטען זוהן. די קעניגין אַמעליאַ איז קוים מיט'ן לעבען ענטלאָפען. פראַנקאָ איז באַלד ענטלאָפען נאָך שפּאַניען, זיינע בעפעהלען זיינען באַלד אַלע בטל געוואָרען, און מען האָט באַלד צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם מיניסטעריום. דער פּרינץ מ אַ-נ ו ע ל איז אַרויף אויף'ן טראָן.

איינינגע פון די בעסערע עלעמענטען פון דער בעפעלקערונג זיינען גע-ווען אויף דער זייט פון דעם נייעם קעניג. ער האָט געהאַט גוטע געזינונגען, אָבער ער איז געווען שוואַך אין כאַראַקטער, פויל, און האָט ליב געהאַט

פערגניגען, ווי אַן עכטער בראַגאַנצאַ. די רעפּובליקאַנישע פּאַרטייי און אַלע פיינד פון דער מאָנאַרכיע האָבען אין דער שטיל געמאַכט פּלענער, ווי פּטור צו ווערען פון דער מאָנאַרכיע און גרינדען אַ רעפּובליק. זייער אַרבייט איז געגאַנגען פאָרווערטס. דעם 5טען אָקטאָבער 1910 איז די מאָנאַרכיע געשטירצט געוואָרען אָהן אַ שום בלוטפערגיסונג, און דאָס פאָלק האָט ערקלערט אַ רעפּובליק. דער קעניגליכער פּאַלאַץ איז באָמבאַרדירט געוואָרען. דער קעניג מאַנועל איז ענטלאָפען פון זיין הויפּט־שטאָדט, דאָס פאָלק האָט בעשטימט אַ פּראָוויזאָרישע (צייטווייליגע) רעגירונג. דאָס גאַנצע לאַנד מיט די קאָלאָניעס האָט איינגעשטימט צו דער נייער אָרדנונג. די בראַגאַנצאַס זיינען אַוועק און קיינער האָט זיי ניט בעדויערט און ניט גע-בענקט נאָך זיי.

דער פּראָוויזאָרישער (דערווייליגער) פּרעזידענט פון דער פּאָרטוגע-זישער רעפּובליק איז געווען פּראָפעסאָר ט ה ע אָ פ י ל אָ ב ר אַ ג אַ , אַ געלעהרטער און אַ פּאָעט מיט אַ גרויסען נאָמען, אויך די אַנדערע מיט-גלידער פון דער נייער רעפּובליקאַנישער רעגירונג זיינען געווען געבילדעטע מענשען מיט אַ ריינעם געוויסען און פון גוטען כאַראַקטער, אָבער זיי האָט געפעהלט פּאָליטישע ערפאַהרונג, און זיי האָבען ניט געהאַט דעם מוט איינצופיהרען אַן עכטע דעמאָקראַטיע (פאָלקס־רעגירונג). די קירכען און די מאָנאַכען־אָרדענס זיינען געווען פערערבענט ביים פאָלק אַלס הייסע אַנ-העננער פון אַ מאָנאַרכיע, און דעריבער האָט דאָס פאָלק געוואָלט פּטור ווערען פון זיי. די נייע רעגירונג האָט דעריבער צו אַלעם ערסטען אַרויס-געטריבען די יעזואיטישע אָרדענס פון לאַנד.

אין סעפּטעמבער 1911 איז די פּאָרטוגעזישע רעפּובליק אָנערקענט געוואָרען פון אַלע אַנדערע רעגירונגען. אין אויגוסט (25טען) איז די קאָנ-סטיטוציאָן פון דער נייער רעפּובליק אַריין אין קראַפט. דער ערסטער פּרע-זידענט פון דער נייער פּאָרטוגעזישער רעפּובליק, ד ר . מ אַ נ ו ע ל אַ ר ר י ג אַ , איז ערוועהלט געוואָרען אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג דעם 24טען אויגוסט. די אַרבייטער־קלאַס האָט זיך באַלד אַרומגעזעהען, דאָס פון דיזער איבערקעהרענים איז איהר לאַגע ניט פערבעסערט געוואָרען אויף אַ האָאָר, און עס זיינען ענטשטאַנען אונרוהען און סטרייקס. מיט דיזע אונרוהען האָבען זיך בענוצט די אָנהענגער פון אַ מאָנאַרכיע און האָ-בען פיעל געשאַדט דער יונגער רעפּובליק. אָבער זי האָט זיך פעסט גע-האַלטען, און עס זעהט זיך יעצט ניט די מעגליכקייט זי אָפּצושאַפען.

## רוסלאַנד.

דאָס רוסישע פאָלק האָט געהאָפט, דאָס דער קייזער אלכסנדר דער 3טער, וועלכער איז אַרויף אויף׳ן טראָן דעם 1טען מערץ (14טען) 1881 נאָך דעם, ווי זיין פאָטער אלכסנדר דער 2טער איז ערמאָר-דעט געוואָרען, וועט פערבעסערען זיין לאַגע און וועט וועלען געווינען דעם צוטרויען און די טרייהייט פון זיינע אונטערטאַנען. דאָס פאָלק האָט גע-האָפט, דאָס ער וועט איהם געבען מעהר פּאָליטישע און בירגערליכע פריי-הייט און וועט איהם ענדליך לאָזען אַנטייל נעהמען אין דער רעגירונג פון לאַנד דורך אַ פּאַרלאַמענט פון פאָלקס־ערוועהלטע, ווי עס איז שוין גע-ווען פון לאַנג איינגעפיהרט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער. אָבער ליידער איז דאָס פאָלק געקומען נאָך אין אַן ערגערע לאַגע ווי פריהער. עס האָט אַריינגעטרעטען אַ שרעקליכע רעאַקציאָן און דאָס פאָלק איז געוואָרען מעהר געדריקט און פערפאָלגט ווי פריהער.

ווען זיין זוהן ניקאָלאַי דער 2טער איז אַרויף אויף׳ן טראָן אין 1894 איז דאָס רוסישע פאָלק ווידער פול געוואָרען מיט האָפנונג. באַלד נאָך דער קרוינונג האָבען די רוסישע זעמסטוואָס געבעטען דעם קייזער ער זאָל ערלויבען דעם פאָלק ערוועהלען אַ פּאַרלאַמענט, וועלכער זאָל אַנ-טייל נעהמען אין דער געזעצגעבונג פון לאַנד. דער ענטפער אויף דיזען פערלאַנג איז געווען אַ זעהר ביטערער. דער צאַר האָט זיי געלאָזט וויסען, דאָס ער וויל ניט און וועט ניט אַרונטערלאָזען פון זיינע רעכטען אַלס אַבסאָ-לוטער הערשער אויף אַ האָאָר. דער צאַר האָט אָנגערופען זייער פערלאַנג „נאַרישער חלום". ער איז געווען אַ תלמיד פון דעם פינסטערען פּאָ-ביעדאָנאָסצעוו, ווי זיין פאָטער אלכסנדר דער 3טער. דיזער ער-ביטערטער רעאַקציאָנער, וועלכער איז געווען דער פּראָקוראָר פון הייליגען סינאָד, האָט בעאיינפלוסט די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם 2טען, ווי ער האָט בעאיינפלוסט די רעגירונג פון אלכסנדר דעם 3טען. די וועלט האָט מיט שרעק פּאָרויסגעזעהען וואָס פיר שלעכטע צייטען עס ערוואַרטען רוס-לאַנד.

אין דער צייט, וואָס ניקאָלאַי דער 2טער איז אַרויף אויף׳ן טראָן, איז סערגעי וויטטע געווען פינאַנץ־מיניסטער. ער איז געווען אַ גוטער געשעפטס־מאַן און האָט זיך געמאַכט אַלס זיין אויפגאַבע צו פער-בעסערען די רוסישע פינאַנצען. עס איז איהם ווירקליך געלונגען צו מאַ-כען אייניגע גוטע רעפאָרמעס אין דעם רוסישען פינאַנץ־סיסטעם. אין יאָהר

1902 האָט זיך וויטטע ארומגעזעהען, דאָס רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך אימער גערעכענט פיר די ברויט־געבערין פון אייראָפּא, הייבט אָן ארונטערגעהן אַלס אַ לאַנד פון אַגריקולטור. אום צו פערהיטען דיזען ריקגאַנג, האָט וויטטע בעשטימט קאָמיסיאָנען פון פערשיידענע גוטס־בעזיצער צו פערהאַנדלען וועגען דעם און אויסגעפינען מיטלען ווי צו פערהינדערן אַ קריזיס. אָבער די קאָמיסיאָנען זיינען אַרויס פון זייער אָרדנונג און האָבען געפאָדערט פרייע פּרעס, פרייע רעדע און פרייע פערזאַמלונגען, און האָבען אויך פערלאַנגט, דאָס די רעגירונג זאָל געבען דעם פאָלק דאָס רעכט אָנטייל צו נעהמען אין דער געזעצגעבונג דורך זיינע ערוועהלטע. אָבער פּאָבּיעדאָנאָסצעוו האָט זיי פערפאָלגט און בעליידיגט פיר דיזע פאָדערונגען. און אין 1903 איז וויטטע אַרונטער פון דער שטעלע אַלס פינאַנץ־מיניסטער, נאָך דעם, ווי ער האָט 11 יאָהר גערינט דעם לאַנד מיט גרויס פליים און אויסצייכנונג.

סאָציאַליזם און סטרייקס צווישען די פאַבריק־אַרבייטער האָבען זיך זעהר געשווינד פערברייטעט, די סטודענטען אין די רוסישע אוניווערזיטעטען זיינען געוואָרען זעהר אונרוהיג, און די פּרעס איז געוואָרען אונגעוועהנליך דרייסט. נאָך וויטטע'ס פאַל איז פאָן פלעהווע געוואָרען דער מיניסטער פון אינערען און פאַקטיש אויך דיקטאַטאָר. דאָס איז געווען אַ ברוטאַלער רעאַקציאָנער. מיט דער הסכמה פון דער רעגירונג האָבען זיך אָנגעהויבען שרעקליכע פּאָגראָמען אויף אידען, ווי אין קישינעוו און אַנדערע שטעדט (1903). דיזע רציחות האָבען אויפגערודערט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט.

די מפּלה, וואָס רוסלאַנד האָט געהאַט מיט יאַפּאַן האָט אומגעוואָרפען דאָס גאַנצע סיסטעם פון פלעהווע'ן. עס זיינען ענטדעקט געוואָרען שרעקליכע פערדאָרבענהייט, גנבות און אונפעהיגקייט אין דער אַרמעע. דיזע ענטדעקונגען האָבען שרעקליך אויפגעבראַכט זאָגאַר די הויכע קלאַסען אין רוסלאַנד. פלעהווע האָט זיך ערלויבט צו טאַדלען און זידלען זאָגאַר די רוסישע זעמסטוואָס. דיזער בעסטיאַלער רעאַקציאָנער האָט געקריגען זיין בעלוינונג. דעם 28טען יולי 1907 איז ער ערמאָרדעט געוואָרען פון אַ רעוואָלוציאָנער דורך אַ באָמבע. זיין ערמאָרדונג איז בעגריסט געוואָרען מיט אַלגעמיינער פרייד, מען האָט דאָס גערעכענט פיר אַ חסד פון גאָט.

ענדליך, נאָך אַ לאַנגער בעראַטונג, האָט דער צאַר גערופען קניאַז סוויאַטאָפּאָלק מירסקי, איינעם פון די בעסטע מענשען אין דער רוסישער אימפּעריע, ער זאָל פערנעהמען פלעהווע'ס שטעלע. דאָס

ערסטע, וואָס דער נייער מיניסטער האָט געטאָן, איז געווען צו געווינען דעם צוטרויען פון פאָלק. ער האָט צוזאַמענגערופען פאָרשטעהער פון די זעמסטוואָס און האָט געפרעגט זייער מיינונג, ווי און מיט וואָס מען קען בערוהיגען דאָס לאַנד. זיי האָבען פאָרגעשלאָגען צו מאַכען פערשיידענע רעפאָרמעס אין דער רעגירונג, איבערהויפּט פערזיכערן די פּערזענליכע פרייהייט פון יעדען מענשען, געבען פרייע פּרעס, פרייע רעדע, דאָס רעכט צו מאַכען פערזאַמלונגען און צו בילדען פעראיינען, און מעהר פון אַלעם האָבען זיי געפאָדערט, דאָס פאָלק זאָל צוגעלאָזען ווערען אַנטייל צו נעהמען אין דער רעגירונג און קאָנטראָלירען די פינאַנצען פון לאַנד און די געזעצ-געבונג. דערויף האָט מען זיי געענטפערט, דאָס אַזעלכע פאָדערונגען שטי-מען ניט מיט די הויפּט-געזעצען פון לאַנד, און מען האָט איינגעפיהרט אַ שטאַרקע צענזור.

אין אָנפאַנג פון 1905 האָט זיך געטראָפען אין פּעטערסבורג (פּעטראָ-גראַד) אַ זעהר וויכטיגע עראייגניס. ווערענד דער קייזער ניקאָלאַי דער 2טער איז געשטאַנען ביי דער אַרמעע און מען האָט איהם סאַלוטירט מיט שיסעריי איז אַ קויל דורכגעפלויגען נעבען דעם קייזער. ער האָט באַלד פער-לאָזען פּעטערסבורג. דריי טעג שפּעטער האָט דער גייסטליכער ג א פּ אָ ן געפיהרט אַן אונגעהייער גרויסע דעפּוטאַציאָן פון סטרייקענדע ארביי-טער מיט זייערע פאַמיליעס צום קייזערליכען פּאַלאַץ. די רעגירונג האָט גע-אָרדענט מען זאָל שיסען אויף די אונבעוואָפענטע ארבייטער, און אַ זעהר גרויסע צאָהל פון זיי זיינען ערמאָרדעט געוואָרען. מירסקי איז דאַן אַראָפּ פון זיין שטעלע אַלס פּרעמיער, און זיין שטעלע האָט פערנומען ט ר ע-פּ אָ ו ו, וועלכער האָט בעקומען די מאַכט פון אַ דיקטאַטאָר. אין גאַנצען לאַנד האָבען זיך געגאָסען טייכען בלוט פון פאָלק, וועלכעס די אַרמעע האָט פערפאָלגט אָהן רחמנות. עס האָבען זיך אָנגעהויבען שרעקליכע אונרוהען. די בויערן האָבען געראַבעוועט און געברענט די הייזער פון די גוטס-בעזיצער, פיעלע פּאָליציי-בעאַמטע זיינען געפאַלען אין שטרייט מיט'ן פאָלק איבער'ן גאַנצען לאַנד. דער גרויס-פירסט ס ע ר ג ע י, דעם צאַר'ס אָנקעל, איז ערמאָרדעט געוואָרען אין מאָסקווא, וואו ער איז געווען גענעראַל-גובערנאַטאָר.

די קליגערע פּערזאָנען אין קייזערליכען הויף האָבען גוט פערשטאַנען די לאַגע און האָבען געפאָדערט מען זאָל דעם פערלאַנג פון פאָלק נאָכגעבען. און אין מאָנאַט מערץ האָט דער קייזער ערקלערט, דאָס ער איז צופרידען צו געבען דעם פאָלק דאָס רעכט פון פערטרעטונג און עס איז געלעגט געוואָ-רען דער פונדאַמענט פון אַ פּאַרלאַמענט. איינע פון די ערסטע רעפאָרמעס

איז געווען די אָפּשאַפונג פון צענזוריע. א גרויסער קאָנגרעס פון זעמסטוואָס האָט זיך פערזאַמעלט אין מאָסקווא און האָט געפאָדערט מען זאָל גלייך צו-זאַמענרופען א פאָלקס-פערזאַמלונג. דעם 6טען אויגוסט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען א בעפעהל וועגען ערוועהלען א ד ו מ א צו בעראַטען זיך מיט איהר וועגען פאָלקס-אינטערעסען. אין אָקטאָבער האָט דער קייזער אַרונטער-געזעצט פּאָביעדאָנאָסצעוו'ן און טרעפּאָוו'ן פון זייערע שטעלעס, און וויטטע איז צוריקגערופען געוואָרען צום מיניסטער-אַמט אַלס פּרעמיער. באַלד האָט דער קייזער אַרויסגעלאָזען א מאַניפעסט, אין וועלכען ער האָט געגעבען דעם פאָלק פולע פרייהייט פון געוויסען (גלויבען), רעדען, שרייבען, זיך פערזאַמלען און מאַכען פעראיינען. דער מאַניפעסט האָט געגעבען דעם פאָלק אין אַלגעמיין גרויסע פרייהייטען, ווי דאָס רעכט אָפּצושאַפען געזעצען און צו קאָנטראָלירען די בעאַמטע, וועלכע זאָלען זיין פעראַנטוואָרטליך צו איהם (צום פאָלק). דער מאַניפעסט האָט צופרידענגעשטעלט די קאָנסער-וואַטיווע רעפאָרמער, פון וועלכע ש י פּ אָ ו איז געווען דער פיהרער און דער הויפּט פון דער מאָסקווער זעמסטוואָ. דיזע זיינען נאָכדעם בעקאַנט גע-ווען אונטער דעם נאָמען „די אָקטיאַבריסטען" (אָקטאָבריסטען).

ווען וויטטע איז געוואָרען פּרעמיער האָט ער איינגעלאַדען שיפּאָוו'ן אין מיניסטעריום. דיזער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג מיט דעם בעדינג, דאָס אויך די קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטען, וועלכע זיינען בעוואוסט אַלס „קאַדעטען", און וועלכע האָבען געהאַט אַלס זייער פיהרער פּראָפעסאָר מ י ל י ו ק אָ ו , זאָלען ניט אויסגעשלאָסען ווערען. וויטטע איז געווען צופרידען נאָכצוגעבען דיזען פערלאַנג, אָבער די פאָדערונגען פון די קאַדע-טען זיינען געווען געגען די בעזונדערע רעכטען פון דעם צאַר.

דערוויילע האָט אויסגעבראָכען א נייער שטורם אין גאַנצען לאַנד. עס האָבען זיך אָנגעהויבען אויפשטאַנדען אין דער אַרמעע און אין דער פלאָטע, אויך אין מאָסקווא האָט זיך געמאַכט א מיאַטעזש, אָבער דיזען האָט מען מיט גרויס אַכזריות דערשטיקט. די רעאַקציאָן האָט ווידער בעהערשט די רעגירונג. דער מיניסטער פון אינערען, ד ו ר נ אָ ו ו אָ , האָט געברויכט ברוטאַלע מיטלען צו אונטערדריקען יעדען פרייען געדאַנק און פערלאַנג. מען האָט געדרוקט צירקולאַרען פון דעם פאַנאַטישען „פעראיין פון די עכטע רוסען", וועלכע האָבען געהעצט דאָס פאָלק צו מאַכען אויפשטאַנדען געגען רעוואָלוציאָנערען, און מעהר פון אַלעם פּאָגראָמען אויף אידען. דאַן האָט וויטטע אַרויסגעגעבען א בעפעהל וועגען אַלגעמיינעס שטימרעכט. אין

פריהלינג פון 1906 זיינען פאַרגעקומען די וואהלען, און די רעפאָרמער האָ-
בען בעקומען די מעהרהייט אין דער דומאַ.

די גרעססטע פּאַרטייע אין דער דומאַ זיינען געווען די „קאַדעטען". די
צווייטע פּאַרטייע אין צאָהל נאָך די „קאַדעטען" זיינען געווען די „טרודאָוויקי"
אָדער ארבייטער־פּאַרטייע, וועלכע האָט רעפּרעזענטירט די בויערן. די
קלענסטע פּאַרטייע זיינען געווען די אָקטיאַבריסטען. פון די רעוואָלוציאָנערען
איז קיין איינער ניט געווען אין דער דומאַ. וויטטע'ס לאַגע איז געוואָרען
זעהר שוואך און זיין פּלאַץ האָט פערנומען ג אָ ר ע מ י ק י ן. אָבער
באמת איז געווען דער הויפּט־פיהרער אין מיניסטעריום ס ט אָ ל י פּ י ן.
דיזער איז באַלד געוואָרען די הערשענדע פּערזאָן אין דער רוסישער פּאָליטיק.

ניקאָלאַי האָט דאַמאָלס געהאַלטען זיין טראָן־רעדע, וועלכע איז דער
דומאַ ניט געווען געפעלען. די דומאַ האָט דאַמאָלס קריטיקירט און געטאַ-
דעלט דאָס מיניסטעריום, האָט געשיקט אַ קאָמיסיאָן, וואָס זאָל איהר
בעריכטען וועגען דעם לעצטען פּאָגראָם, און האָט געפאָדערט פון דער רע-
גירונג רעכנונג, וואָרום זי האָט מוחל געווען די פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס זיי-
נען בעפאַלען די אידען. צוזאַמען מיט דעם האָט די דומאַ אריינגעבראַכט
אַ בילל, דאָס מען זאָל אָפּנעהמען די ערד פון די גוטס־בעזיצער און מען
זאָל זי צוטיילען צווישען די בויערן. דער צאַר האָט וויעדער איינגעלאַדען
דעם פיהרער פון די אָקטיאַבריסטען, שיפּאָוו'ן, און האָט איהם געבעטען צו-
זאַמענשטעלען אַ נייעם מיניסטעריום. שיפּאָוו איז וויעדער בעשטאַנען
דערויף, דאָס די קאַדעטען זאָלען אויך זיין פערטראַטען אין דעם נייעם
מיניסטעריום, אָבער די קאַדעטען האָבען זיך ענטזאַגט צו נעהמען אָנטייל
אין אַזאַ סאָרט מיניסטעריום. דער צאַר האָט פערנאַנדערגעלאָזען די דומאַ
און האָט בעשטימט סטאָליפּין'ען אַלס פּרעמיער. די קאַדעטען און די טרו-
דאָוויקי (ארבייטער־פּאַרטייע) זיינען ענטלאָפען נאָך פינלאַנד און האָבען
פון וויבאָרג געשיקט אַ מאַניפעסט נאָך רוסלאַנד, אויפפאָדערנדיג דאָס פּאָלק
ניט צו צאָהלען קיין שטייערן און ניט צו געבען קיין רעקרוטען ביז די דומאַ
וועט איבער־אַ־נייס צוזאַמענגערופען ווערען.

עס האָט זיך באַלד בעוויזען וואָס פיר אַ גרויסען פעהלער די דומאַ
האָט געמאַכט מיט דעם וויבאָרגער מאַניפעסט. סטאָליפּין האָט זיך מיט
גרויס ענערגיע גענומען צו פערשטאַרקען די לאַגע פון דער רעגירונג. ער
האָט איבעראַל איינגעפיהרט קריגס־געריכטען, וואו מען האָט גע'משפט
די טערראָריסטען און אויך אַזעלכע, וועלכע זיינען נאָר געווען אונטער
אַ פערדאַכט. מאָרד און רויב זיינען געווען זעהר געוועהנליכע, אַלטעג-

ליכע פּאַסירונגען. צעהנדליגע טויזענדער זיינען פערשיקט געוואָרען גאָר אָהן אַ שום פּראָצעס, אַלע געפענגניסען זיינען געווען געפּאַקט מיט פּאָלי-טישע פערברעכער. אין גאַנצען לאַנד האָט געהערשט אַ בייזער שרעק. אָבער ניט אַכטענדיג דערויף האָבען די וואַהלען פיר די צווייטע דומא געגעבען די זעלבע רעזולטאַטען ווי פיר די ערסטע. אויך אין דער צווייטער דומא זיי-נען די קאַדעטען געווען די מעהרהייט און האָבען בעהערשט די דומא. די סאָציאַליסטען זיינען געווען בעשולדיגט אין אַ בונט און סטאָליפּין האָט געפאָדערט די דומא זאָל זיי אַרויסגעבען. די דומא אָבער האָט איבערגע-געבען צו אַ קאָמיסיאָן אויפצופאָרשען ווי ווייט די סאָציאַליסטען זיינען ווירקליך שולדיג אין דעם פערברעכען, אין וועלכען מען בעשולדיגט זיי. די רעגירונג האָט ניט געוואָלט וואַרטען אויף דעם רעפּאָרט פון דער קאָמי-סיאָן און האָט אויך די צווייטע דומא צוטריבען.

אין גאַנצען לאַנד האָט געהערשט רעאַקציאָן. די סאָציאַליסטען און ראַדיקאַלען האָט מען פּראָצעסירט הינטער פערשלאָסענע טירען, ד. ה. ניט עפענטליך פּאַר אַ דזשורי, און מען האָט זיי פערשיקט אין סיביר. די דע-פּוטאַטען, וועלכע האָבען זיך אונטערגעשריבען אויף'ן וויבאָרגער מאַני-פעסט, זיינען געוואָרען פעראורטיילט צו געפענגניס. פיעלע זיינען בע-שטראָפט געוואָרען פיר פּאָליטישע עברות, וועלכע זיי האָבען בעגאַנגען מיט צוויי יאָהר צוריק, און פיעלע פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע זיינען געווען שולדיג אין גרויסע מערדערייען און רויבערייען, זיינען בעגנאַדיגט געוואָרען פון צאַר. עס איז געווען אַן אַלטעגליכע זאַך צו ערמאָרדען בעאַמטע. נאָך דעם, ווי די צווייטע דומא איז פערנאַנדערגעלאָזען געוואָרען, האָט די רעגירונג גע-אָרדענט צו וועהלען אַ נייע, אַ דריטע דומא, אָבער מיט פיעלע בעגרענצונ-גען און שוועריגקייטען פיר די וועהלער. די וואַהלען זיינען פּאָרגעקומען אין הערבסט. דיזען מאָל זיינען ערוועהלט געוואָרען צו דער דומא מעהר-סטענס גוטס-בעזיצער, ווייל דיזע קלאַס איז געווען בעסער פיר סטאָליפּין'ס צוועקען. די אָקטיאַבריסטען זיינען יעצט געווען די מעהרהייט. דער פיהרער פון דיזער פּאַרטיי ג ו ט ש ק אָ ו ו, האָט געהערשט אין דער דריטער דומאַ, ווי מיוליוקאָוו האָט געהערשט אין די פריהערדיגע דומאַס. סטאָ-ליפּין האָט טריאומפירט, ער האָט געשאַפען אַ דומא נאָך זיין וואונש נאָך.

סטאָליפּין האָט אַלע קרעפטען אָנגעווענדט דורכצופיהרען געזעצען, דאָס די בויערן זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו ווערען אייגענטימער פון דעם לאַנד, וואָס זיי בעאַרבייטען. אין 1906 האָט ער אַרויסגעגעבען בעפעה-לען, וועלכע זיינען מיט אַ יאָהר שפּעטער געוואָרען אַ געזעץ, דאָס די

בויערן האָבען דאָס רעכט צו פאָדערן מען זאָל זיי אָנערקענען פיר די אייגענטימער פון דער ערד, וואָס זיי בעאַרבייטען, און דיזע לאַנד־אייגענטומס זאָלען ניט געהערען צו דער גאַנצער געמיינדע פון דאָרף, נאָר זיי זאָלען ווערען פּריוואַט־אייגענטומס. דיזעס געזעץ האָט מיט איין קלאַפּ געטויטעט די אוראַלטע רוסישע דאָרפישע געמיינדע, דעם „מיר". דעם 14טען סעפּטעמבער 1911 איז סטאָליפּין ערמאָרדעט געוואָרען. דער צאַר האָט בעשטימט אָלס סטאָליפּין'ס נאָכפאָלגער דעם פינאַנץ־מיניסטער וולאַדימיר קאָקאָווצעוו. דער פּרעמיער קאָקאָווצעוו איז אויך געבליבען פינאַנץ־מיניסטער. אונטער זיין מיניסטעריום זיינען קיין בעדייטענדע ענדערונגען ניט פאָרגעקומען.

פינלאַנד. דיזעס לאַנד, וועלכעס איז פערבונדען מיט רוסלאַנד אַלס גרויס־פירסטענטום, ליגט ביים באָטטנישען ים־בוזים, צווישען נאָרוועגען, שוועדען און די רוסישע גובערניעס פּעטראָגראַד, אָלאָניעץ און ארכאַנגעל. איהר שטח איז 125,784 קוואַדראַט מיילען און איהר בעפעלקערונג איז אין 1910 געווען 3,030,400. די מעהרסטע פון די איינוואוינער זיינען פיננען, א פאָלק פון דער אוראַל־אַלטאַיאישער ראַסע. דער איבריגער טייל פון דער בעפעלקערונג בעשטעהט פון שוועדען, לאַפּען, רוסען און דייטשען. די הערשענדע רעליגיאָן איז די לוטהעראַניש־פּראָטעסטאַנטישע. ביז 1809 האָט פינלאַנד געהערט צו שוועדען און זינט דאַן איז זי איבערגעגאַנגען אונטער רוסישער הערשאַפט. אַלכסנדר דער 1טער האָט געגעבען די פינלענדער קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטען. ניקאָלאַי דער 1טער האָט אויך בעשטעטיגט פיר זיי דיזע רעכטען. די קאָנדיציאָנען פון מיליטער־דינסט פיר די פינלענדער זיינען געווען לייכט און זייער אַרמעע איז געבליבען ביי זיי אין לאַנד. דער קאָנטראַסט צווישען רוסלאַנד און פינלאַנד איז געווען א זעהר גרויסער. רוסלאַנד איז געווען פערזונקען אין אונוויסענהייט און באַרבאַריש, וועהרענד פינלאַנד איז געווען א לאַנד פון פרייהייט, קולטור און רייכטום. צו ענדע פון אַלכסנדר דעם 3טען'ס רעגירונג האָט רוסלאַנד אָנגעהויבען צונעהמען די פּריווילעגיעס און פרייהייטען פון דעם פינלענדישען פאָלק. אין 1898 האָט רוסלאַנד געשיקט נאָך פינלאַנד אַלס גענעראַל־גובערנאַטאָר באָבריקאָוו'ן. פון דאַמאָלס אָן האָט זיך אָנגעהויבען א סיסטעמאַטישער אנגריף אויף די רעכטען פון די פינלענדער. אין 1899 האָט רוסלאַנד געפאָדערט, דאָס פינלאַנד זאָל ווערען א מיליטערישער דיסטריקט פון רוסלאַנד פינלאַנד האָט זיך ענטזאָגט צוזאַמענשטעלען איהר אַרמעע מיט דער רוסישער. אָבער דער קריגס־מיניסטער קוראָפּאַטקין האָט

דורכגעפיהרט די פאָדערונג פון דער רעגירונג געגען איהר ווילען. אין דעם זעלבען יאָהר איז דורכגעפיהרט געוואָרען די פאָדערונג פון דער רוסישער רעגירונג, דאָס דער פינלענדישער פארלאמענט האָט גאָר ניט צו טאָן מיט בילים, וואָס זיינען ניט ספּעציעל פיר די אינטערעסען פון פינלאַנד אליין. דעריבער איז דאָס פּאָסט־סיסטעם פון פינלאַנד צוזאמענגעשמאָלצען געוואָרען מיט דעם רוסישען פּאָסט־סיסטעם. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין פינלאַנד אַ שטרענגע צענזור און עס זיינען בעשטימט געוואָרען רוסישע פּאָליציי־בעאמטע. דאָס פינלענדישע פאָלק איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די רוסישע רעגירונג פיר איהרע גוואַלדטאַטען, און אַלס רעזולטאַט איז אין 1904 ערמאָרדעט געוואָרען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר באָבריקאָוו. אין 1905 האָט אויסגעבראָכען אין פינלאַנד אַ נאַציאָנאַל־סטרייק און דער צאַר האָט פערשפּראָכען צוריקגעבען פינלאַנד די פרייהייט, וואָס זי האָט פריהער געהאַט און צו געבען איהר אַלגעמיינעם שטימרעכט. דער נייער פּארלאַמענט (דיעט) איז צוזאַמענגעקומען אין 1907, אָבער ער איז פער־נאַנדערגעלאָזען געוואָרען אין 1908. סטאָליפּין האָט אַרויסגעלאָזען אַן או־קאַז, דאָס אַלע פינלענדישע פראַגען זאָלען געלעזט ווערען דורך דאָס רו־סישע מיניסטעריום, און דער פינלענדישער סעקרעטער זאָל מעהר ניט האָ־בען קיין רעכט זיך צו ווענדען מיט פינלענדישע אינטערעסען גלייך צום צאַר. צאַר ניקאָלאַי׳ס פערשפּרעכען איז אַלזאָ געבראָכען געוואָרען אויף אַ שענד־ליכען אופן.

**פוילען.** נאָך דעם פּוילישען מיאַטעזש פון 1863 האָט רוסלאַנד בע־שלאָסען צו רוסיפיצירען די פּאָליאַקען. דאָס גאַנצע לאַנד איז אָהן רחמנות געדריקט געוואָרען. מיט דער ענטוויקלונג פון אינדוסטריע אין פוילען אין די לעצטע 20 יאָהר פון 19טען יאָהרהונדערט האָבען אויך די סאָציאַליסטישע אידעען זיך שטאַרק פערברייטערט דאָרט, און מען האָט אין פוילען ווידער שטאַרק גערעדט וועגען אַ בעוואַפענטען אויפשטאַנד. פון 1901 אָבער האָ־בען די פיהרער פון די פערשיידענע פּארטייען זיך פעראייניגט אין דעם פער־לאַנג פון דער רוסישער רעגירונג זי זאָל זיי געבען אַזאַ מין אויטאָנאָמיע ווי די פּאָליאַקען האָבען אין עסטרייך (גאַליציען). הגם אַלע, וואָס זיינען פיר רעפאָרמע אין רוסלאַנד, האָבען דעם צאַר געראַטען ער זאָל זיי נאָכ־געבען און האָבען קלאָר בעוויזען ווי וויכטיג עס איז פיר רוסלאַנד, דאָס פוילען זאָל זיך בערוהיגען, איז דאָך די פוילישע פראַגע נאָך אַלץ געבליבען הענגען. דער פּראָצעס פון רוסיפיצירען האָט אין די באַלטישע פּראָווינצען אָנגעמאַכט פיעלע צרות. אין 1885 איז די רוסישע שפּראַך אין די פּוילישע

פּראָווינצען געוואָרען די אָפיציעלע שפּראַך. די נעמען פון פערשיידענע ער-
טער זיינען אומגעביטען געוואָרען, די שטעדטישע זעלבסט-רעגירונג איז
אָפּגעשיקט געוואָרען און אַ שטרענגע צענזור איז איינגעפיהרט געוואָרען.

## סקאַנדינאַוויען, האָללאַנד, בעלגיען, שווייץ.

סקאַנדינאַוויען. די סקאַנדינאַווישע האַלב-אינזעל ענטהאַלט אין זיך צוויי מדינות. שוועדען און נאָרוועגען. ווייל דיזע מדינות האָבען פיעל עהנליכקייט האָבען זיי אין יאָהר 1814 זיך פעראייניגט אין איין מדינה, אונטער איין קעניג אָסקאַר דעם 2טען, וועלכער איז געוועזען זעהר בעליבט. אָבער די שוועדען און די נאָרוועגער זיינען אין פיעלע הינזיכטען זעהר פערשיידען. די נאָרוועגער זיינען אימער געוועזען אַ דעמאָקראַטישעס פאָלק, האָבען זיך בעשעפטיגט מעהרסטענס מיט שיפפאַהרט, שפּעטער אויך מיט אַגריקולטור; די שוועדען אָבער זיינען אַן אַריסטאָקראַטישעס פאָלק אין זייער סאָציאַלען לעבען און זיינען מעהר איבערגעגעבען צו אינדוסטריע.

די פעראייניגונג פון שוועדען און נאָרוועגען האָט אָבער אַפילו קיין איין יאָהרהונדערט ניט אויסגעהאַלטען. די נאָרוועגער האָבען זיך געפונען בעליידיגט וואָס זיי זיינען בעזייטיגט פון אַנטייל נעהמען אין אויסלענדישער פּאָליטיק. די נאָרוועגער האָבען פערלאַנגט זיי זאָלען אויך האָבען אייגענע אַמבאַסאַדאָרען און קאָנסולען אין אַנדערע לענדער. אָבער די שוועדען האָ-בען זיי ניט נאָכגעגעבען זייער וואונש. אין יאָהר 1902 זיינען די בעציהונגען צווישען דיזע צוויי מדינות געוואָרען זעהר שפּאַנענד און שאַרף און די רעגירונג האָט בעשלאָסען צו בעשטימען אַ קאָמיסיאָן פון פערטרעטער פוןביידע צדדים, וועלכע זאָל בעטראַכטען וואָס צו טאָן. דער רעזולטאַט פון איהרע בעטראַכטונגען איז ביידע צדדים ניט געפעלען געוואָרען. דאָס נאָר-וועגישע מיניסטעריום האָט רעזיגנירט (7טען יוני 1905). אין דעם זעלבען טאָג האָט דער נאָרוועגישער פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן, דאָס די פעראייניגונג זאָל אויפהערען. שוועדען איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף נאָרוועגען. אייניגע האָבען פאָרגעשלאָגען מען זאָל ערקלערען קריג גע-גען נאָרוועגען און צווינגען זי צוריקקומען צו פעראייניגונג. דער קעניג אָסקאַר האָט צוזאַמענגערופען אַ ספּעציעלע זיצונג פון שוועדישען רייכס-טאַג אויף דעם 20טען יוני (1905). דער פּרעמיער ראַמסטעד האָט רעזיגנירט. דר. לונדעבערג האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם קאַ-בינעט, און האָט געבעטען דאָס נאָרוועגישע סטאָרטהינג (פּאַרלאַמענט)

צו פעראַנשטאַלטען אַ פאָלקס־פעראַזאַמלונג, וועלכע זאָל שטימען וועגען דער פראַגע, אויב נאָרוועגען זאָל ארויס פון בונד אָדער פערבלייבען. דער נאָר־וועגישער פּאַרלאַמענט האָט אַזוי געטאָן. דעם 13טען אויגוסט 1905 האָט דאָס פאָלק אָפּגעגעבען זיין מיינונג וועגען דיזער פראַגע, און דער רעזולטאַט פון די שטימען איז געווען 368,211 פיר צושיידען זיך און 184 דאַגעגען. דעם 31טען אויגוסט זיינען צוזאַמענגעקומען די דעלעגאַטען פוןביידע נאַציאָ־נען אין קאַרלסטאַד (שוועדען) וועגען די בעדינגונגען פון צושיידען זיך. דעם 23טען סעפּטעמבער זיינען געענדיגט געוואָרען די פערהאַנדלונגען און מען איז געקומען צו אַ בעשלוס וועגען די גרענצען צווישען די ביידע מדינות און וועגען די ערטער, וואו עס זאָלען געבויט ווערען פעסטונגען און וועלכע מוזען בלייבען נייטראַל, אונבעוואָפענט. דער שוועדישער ריקסדאַג (רייכס־טאַג) האָט אָנגענומען די בעשלוסען פון דער קאָמיסיאָן אין קאַרלסטאַד, האָט איינגעשטימט אויף די צושיידונג פון ביידע לענדער, און האָט אָנערקענט נאָרוועגען אַלס אַן אונאָפּהענגיגעס לאַנד (16טען אָקטאָבער). דאָס נאָרוועגי־שע סטאָרטהינג (פּאַרלאַמענט) האָט נאָך פריהער (דעם 9טען אָקטאָבער) אָנ־אָנגענומען דיזען אָפּמאַך. דעם 27טען אָקטאָבער האָט דער קעניג אָסקאַר דער 2טער זיך אָפיציעל ענטזאַגט פון דער נאָרוועגישער קרוין. דעם 25טען נאָוועמבער האָט דאָס נאָרוועגישע פאָלק ערוועהלט דעם פּרינץ קאַרל פון דענעמאַרק אַלס זייער קעניג אונטער דעם נאָמען האַאַקאָן דער 2טער. דעם 25טען נאָוועמבער איז ער, מיט זיין פרוי, די קעניגין מאָוד, די איינגסטע טאָכטער פון עדוואַרד דעם 7טען פון ענגלאַנד, אָנגעקומען אין כריסטיאַניאַ, די הויפּטשטאָדט פון נאָרוועגען.

נאָך דעם, ווי שוועדען און נאָרוועגען האָבען זיך אָפּגעטיילט אין בעזונדערע לענדער, איז יעדעס לאַנד געגאַנגען זיין אייגענעם וועג. אין שוועדען האָט דער לונדעבערג־קאַבינעט רעזיגנירט און קאַרל סטאַאַף איז געוואָרען פּרעמיער. דיזעס מיניסטעריום האָט זיך מעהרסטענס בעשעפטיגט מיט דער פראַגע פון פערמעהרען די רעכטען און פּריווילעגיעס פון פאָלק. ער האָט אריינגעבראַכט אַ ביל אין פּאַרלאַמענט וועגען געבען אַלגעמיינעס שטימרעכט פיר מענער, אָבער דער פּאַרלאַמענט האָט דעם ביל פערוואָרפען. דאַן האָט סטאַאַף רעזיגנירט און אַ נייעס מיניסטעריום, אַ קאָנסערוואַטיוועס אונטער דר. לינדמאַן, איז ערוועהלט געוואָ־רען (14טען מאַי 1907). דעם 2טען דעצעמבער 1907 איז קעניג אָסקאַר געשטאָרבען און אויף'ן טראָן פון שוועדען איז ארויף זיין זוהן גוסטאַוו דער 5טער.

די וואַהלען אין שוועדען פון 27טען סעפּטעמבער 1911 זיינען געווען אונגעוועהנליכע און האָבען געבראַכט מיט זיך וויכטיגע פּאָליטישע רעפאָר-מעס. די אַלטע צווייטע קאַמער פון שוועדישען ריקסדאַג (רייכסטאַג) איז געווען פון אַ קאָנסערוואַטיווער מעהרהייט. אַ נייעס געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען, וועלכעס האָט געגעבען שטימרעכט צו אַלע מענער איבער 24 יאָהר. דיזעס געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען פון דער אונטער-קאַמער, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען דעם 27טען סעפּטעמבער. די קאָנסערוואַטיווע האָבען געברויכט אַלערליי כיטראָסטען אָפּצושוואַכען דיזעס געזעץ, אי-בערהויפּט האָבען זיי געזוכט צו קריגען אַ מאַיאָריטעט צווישען די אַרביי-טער. דער סוף אָבער איז געווען, דאָס די ליבעראַלען און די סאָציאַליסטען האָבען געוואונען די מאַיאָריטעט, און די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי איז גע-בליבען די מינאָריטעט. די צוויי ראַדיקאַלע גרופּעס האָבען פערשטאַנען אויסצונוצען די גוטע געלעגענהייט. זיי האָבען געהאָלפען איינע דער אַנ-דערער און זיי איז געלונגען דורכפיהרען זייער פּערלאַנג, דאָס דער קאָנ-סערוואַטיווער פּרעמיער אַ ר ו ו י ד האָט געמוזט רעזיגנירען (דעם 30טען סעפּטעמבער 1911). דאַן האָבען זיי אויסגעאַרבייט אַ פּראָגראַם, וואָס זאָל זיין גוט פיר זיי ביידען. די שוועדישע מאַסען ווערען זעהר שנעל ראַ-דיקאַל, און אין פערשיידענע ערטער רעדט מען שטאַרק, דאָס די מאָנאַרכיע וועט ניט מעהר לאַנג עקסיסטירען. נאָך אַרוויד'ן איז געוואָרען אַ נייעס מיניסטעריום, אָן דער שפּיץ פון וועלכען עס שטעהט הערר סטאַאַף, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען אַלס פּרעמיער דעם 27טען אָקטאָבער 1911.

אין דער זעלבער צייט איז נאָרוועגען געגאַנגען אין איהר אייגענעם וועג, זי האָט געהאַט איהרע אייגענע גליקען און איהרע אייגענע צרות. אין יאָהר 1907 האָט נאָרוועגען די ערסטע פון אַלע אייראָפּעאישע רעגירונגען געגע-בען פרויען גלייכעס שטימרעכט.

דענעמאַרק. דער גרויסער סטרייק פון די דענישע בעלי-מלאכות אין 1899 האָט פעראורזאַכט מען זאָל אין גאַנצען אומענדערן דעם מיניס-טאָרען-קאַבינעט. ל ו ד וו י ג ע ר נ ע ס ט ב ר א מ ס ע ן, אַ בע-ריהמטער ספּעציאַליסט אין אינדוסטריעלע אָנגעלעגענהייטען, איז געוואָ-רען מיניסטער פון אינערליכע געשעפטען פון דער רעגירונג, ווען איהם איז געלונגען צו מאַכען אַן ענדע צום סטרייק. די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי איז צופאַלען אויף שטיקער צוליב דער פראַגע פון שטייערן. דער קעניג כריסטיאַן איז געווען איינפערשטאַנען מען זאָל צוזאַמענשטעלען אַ קאַבינעט פון די „לינקע" אונטער פּראָפעסאָר ד ו י נ ט צ ע ר אין 1901. מען האָט געמאַכט

אַ היבש ביסעל רעפאָרמעס. אין יאַנואַר 1906 איז דער קעניג כריסטיאַן געשטאָרבען. נאָך איהם איז אַרויף אויף'ן טראָן זיין זוהן פ ר ע ד ע ר י ק ד ע ר 8 ט ע ר. די וואַהלען פון 1906 זיינען געווען זעהר גינסטיג פיר די רעגירונג, נאָר דער אַ ל ב ע ר ט י ־ ס ק אַ נ ד אַ ל האָט אומגעוואָרפען דאָס מיניסטעריום (יולי 1908). אַלבערטי איז געווען מיניסטער פון יוס־טיץ. מען האָט איהם בעשולדיגט, דאָס ער גיט שטעלען איבערהויפּט זיי־נע קרובים, און אויך דאָס די פינאַנצען זיינען ניט אין גוטער אָרדנונג, און ער איז געפונען געוואָרען שולדיג. דער קעניג פרעדעריק איז געשטאָרבען 14טען מאַי 1912, און דעם טראָן האָט בעשטיגען זיין זוהן כ ר י ס ט י אַ ן ד ע ר 10 ט ע ר.

האָללאַנד. אין די ערסטע יאָהרען פון 20טען יאָהרהונדערט האָט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט געקוקט אויף ה אָ ל ל אַ נ ד אַלס די היים פון דעם טריבונאַל צו מאַכען פשרות צווישען די לענדער, וואָס האָבען צווי־שען זיך סכסוכים. דיזער טריבונאַל איז געגרינדעט געוואָרען אויף דעם פּאָרשלאַג פון רוסישען קייזער ניקאָלאַי אין 1894, ווען עס איז צוזאַמענ־געקומען די ערסטע קאָנפערענץ אין דער האָללענדישער הויפּשטאָדט האַאַג.

אין אָנפאַנג פון דיזען יאָהרהונדערט זיינען די האָללענדער געווען בע־שעפטיגט מיט מאַכען נייע געזעצען וועגען פערגרעסערן די רעכטען און פּרי־ווילעגיעס פון פאָלק. אין 1908 איז ו ו י ל ה ע ל מ י נ אַ, די טאָכטער פון ווילהעלם דעם 3טען, וועלכע איז דאַמאָלס אַלט געוואָרען 18 יאָהר, אַרויף אויף'ן טראָן. אין 1901 האָט ווילהעלמינאַ געהייראַטעט דעם פּרינץ ה י י נ ר י ך פון מעקלענבורג־שווערין.

אין דער צייט, ווען די בורען האָבען געקעמפט מיט ענגלאַנד פיר זייער אונאָפּהענגיגקייט, איז דער פּרעזידענט קרוגער פון דער טראַנסוואַאַלער בורען־רעפּובליק ענטלאָפען נאָך האָללאַנד. די האָללענדער האָבען זעהר סימפּאַ־טיזירט מיט די בורען, וועלכע זיינען אויך האָללענדער, און צוליב דיזער סימפּאַטיע איז די ענגלישע רעגירונג געוואָרען זעהר אויפגעבראַכט אויף די האָללענדער. אין 1903 האָט אויסגעבראָכען אין האָללאַנד אַ זעהר ערנסטער סטרייק פון אייזענבאַהן־ארבייטער, וועלכער האָט געמוזט דערשטיקט ווע־רען מיט אַ מיליטערישער מאַכט. נאָכדעם האָט דער פּאַרלאַמענט געפּאַסט אַ געזעץ, דאָס אַ סטרייק פון אייזענבאַהן־ארבייטער איז אונגעזעצליך. אין די וואַהלען פון 1905 האָט די ליבעראַלע פּאַרטיי בעקומען אַ קליינע מאַיאָריטעט אין פּאַרלאַמענט. עס איז געוואָרען אַן ערנסטע פראַגע וועגען דעם, ווער עס זאָל רעגירען דאָס לאַנד נאָך ווילהעלמינאַ'ן, ווייל זי האָט

קיין קינדער ניט געהאַט. אין 1909 האָט זי געבאָרען א טאָכטער, וועלכע זי האָט א נאָמען געגעבען יוליאַנאַ. דאָס פאָלק האָט מיט גרויס פרייד בעגעגענט די בשורה פון דער ערשיינונג פון דער קליינער פּרינצעסין. דעם 12טען פעברואר 1908 איז ערוועהלט געוואָרען א נייעם מיניסטעריום אונ-טער דר. ט ה. ה ע ע מ ס ק ע ר ק. אין די לעצטע עטליכע יאָהר איז דער פּאַרלאַמענט געווען בעשעפטיגט מיט די פראַגען וועגען בעפעסטיגען די ברעגען, וועגען די קאָלאָניעס, און וועגען א נייעם טאַריף.

בעלגיען. נאָך לודוויג דעם 2טען איז ארויף אויף'ן טראָן א ל - ב ע ר ט ד ע ר 1 ט ע ר. פון 1865 ביז 1909 איז די געשיכטע פון בעלגיען, די אינערע ווי די אויסווערטיגע, ניט מעהר ווי די ביאָגראַפיע פון איהר קעניג ל ע אָ פּ אָ ל ד ד ע ם 2 ט ע ן. דיזע ביאָגראַפיע פערשאַפט ניט קיין עהרע דעם בעלגישען פאָלק. בעלגיען'ס היסטאָרישע בעדייטונג אַלס קריגס-פעלד פון איירא̇פּא, האָט איהר צוגעגעבען א פּאָלי-טישען ווערט ניט נאָך דער גרויס פון איהר שטח. די געאָגראַפישע לאַגע פון בעלגיען אין דעם צענטער פון א גרופּע וועלט-מעכטען און איהר וויכטיג-קייט אין עקאָנאָמישער הינזיכט האָבען געררייצט דעם אַפּעטיט פון אַלע איה-רע שכנים, און דעריבער האָבען דיזע בעשלאָסען, דאָס קיינער זאָל זי ניט האָבען, און אין 1831 איז געזיכערט געוואָרען בעלגיען'ס נייטראַליטעט.

לעאָפּאָלד דער 2טער, וועלכער איז ארויף אויף דעם טראָן פון זיין פאָ-טער אין 1865, איז געווען א זעלטענער מוסטער פון א קאָנסטיטוציאָנעלען מאָנאַרך. ער האָט אַזוי קלוג געפיהרט די רעגירונג פון זיין לאַנד, דאָס בעל-גיען איז געוואָרען אין זיין צייט זעהר גליקליך אין עקאָנאָמישער הינזיכט און איז געוואָרען זעהר וויכטיג אין דער וועלט. איבערהויפּט וויכטיג זיינען געווען זיינע געשעפטס-מעטהאָדען. באַלד אין אָנפאַנג פון זיין רעגירונג האָט ער זיך גענומען פיר א מוסטער די ענגלישע טאַקטיק אין בעצוג אויף אויסלאַנד, און האָט אויך געבראַכט די זעלבע אידעען צו גרינדען נייע קאָלאָניעס און צו פערברייטערן דעם האַנדעל. ער האָט געשטרעבט צו שאַ-פען א שטאַרקע קריגס-פלאָטע און א געשעפטס-פלאָטע, און האָט פּערזענ-ליך אָנגעווענדט פיעל מיה צו פערשפּרייטען איבער דער וועלט פּראָבען פון בעלגיען'ס אינדוסטריע. ער האָט אויפגעמונטערט בעלגישע קאַפּיטאַליס-טען און אינזשעניערען צו בויען אייזענבאַהנען אין כינאַ, בריקען אין עגיפּ-טען און וואַסער-לייטונגען אין אויסטראַליען. דער האַנדעל פון אַנטווערפּען האָט זיך פערברייטערט אין דער גאַנצער וועלט. לעאָפּאָלד האָט פערבע-סערט און פערגרעסערט דאָס אייזענבאַהן-סיסטעם אין בעלגיען. ער האָט

געמאַכט פיעלע פערבעסערונגען אין די שטאָדט־פערוואַלטונגען, ער האָט פיעל פערשענערָט די רעזידענץ בריססעל און האָט פיעל פערבעסערט די פאָסטען פון אָסטענד און אַנטווערפּען. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געמישט אין אַנגעלעגענהייטען פון פרעמדע פעלקער, הגם ער איז געווען אַ גרויסע אויטאָריטעט אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אין זיין יוגענד האָט ער פיעל בערייזט די וועלט און האָט פיעל קענטניס זיך ערוואָרבען, איבערהויפּט אין וועלט־פּאָליטיק. זיינע אורטיילען וועגען פּאָליטיק זיינען געווען אַזוי קלאָר און אַזוי קלוג, דאָס זיינע בריף, וואָס ער פלעגט שרייבען יעדע וואָך צו דער ענגלישער קעניגין וויקטאָריאַ, האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די אויסלענדישע פּאָליטיק פון ענגלאַנד.

אין דער צייט פון לעאָפּאָלד'ס רעגירונג איז בעלגיען געווען זעהר גליקליך אין איהרע האַנדעלס־אונטערנעהמונגען. און זי האָט קיין שום סכסוכים ניט געהאַט מיט אַנדערע מעכטען, אויסער וועגען דער פראַגע פון קאָנגאָ, וועלכע מיר וועלען אויספיהרליכער בעהאַנדלען אין אַן אַנדערען פּלאַץ. אין 1893 איז געגעבען געוואָרען אַלגעמיינעס שטימרעכט צו אַלע מענער אין עלטער פון איבער 25 יאָהר. אַ זעהר וויכטיגער פאַקט איז געווען דער קאַמף צווישען דער ליבעראַלער פּאַרטיי און די קלעריקאַלען. אין אַלגעמיין איז בעלגיען אין דער לעצטער צייט געווען זעהר גליקליך, און דורך איהר אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע האָט זי געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייטען.

די בעלגישע וואַהלען פון מאַי 1900 האָבען פערשאַפט די קאַטאָליקען אַ מעהרהייט. די וויכטיגע געזעצען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין דיזער צייט זיינען געווען איבערהויפּט צו רעגולירען די פאַבריקען און צו שיצען די אַרבייט פון פרויען און קינדער. די רעגירונג האָט אויך פיעל געטאָן צו פערבעסערן און פערמעהרען די שולען פיר קינדער און ערוואַקסענע. אין 1905 האָט בעלגיען געפייערט דעם 75טען יאָהר פון איהר אונאָפּהענגיגקייט. אין אַפּריל 1907 איז דאָס מיניסטעריום פון ס מ ע ט ד ע נ י י ־ ער, וועלכעס האָט עקסיסטירט זינט 1900, ענדליך געפאַלען. עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אַ נייעס מיניסטעריום אונטער דעם פּרעמיער ד ע ־ ט ר ו ז . דיזער פּרעמיער איז געבליבען אין זיין אַמט ניט מעהר ווי ביז 31טען דעצעמבער, און דאַן האָט זיין שטעלע פערנומען ש אַ ל ל אַ ע ר ט . דער גראַף פון פלאַנדערס, דעם קעניג'ס ברודער, איז געשטאָרבען אין נאָוועמבער 1905, און לויט די בעלגישע געזעצען האָט זיין זוהן אַלבערט בעקומען דאָס רעכט צו זיין דער טראָן־פאָלגער. דער קעניג לעאָפּאָלד איז

געשטאָרבען דעם 17טען דעצעמבער 1909, און אויף'ן בעלגישען טראָן איז אַרויף זיין פּלעמעניק אַלבערט, וועלכער רעגירט יעצט אונטער דעם נאָמען אַלבערט דער 1טער.

אַלבערט דער 1טער איז אַ מאַן, וואָס ליבט צו שטודירען, איז זעהר פּאָפּולער און פּראָגרעסיוו. זיין פרוי, די קעניגין, איז געווען עליזאַבעטה, די פרינצעסין פון באַיערן. די וויכטיגסטע פראַגען, וואָס האָבען אין זיין צייט געפאָדערט געלעזט צו ווערען, זיינען געווען די שפּראַך-פראַגע: וועלכע זאָל זיין די הערשענדע אין די שולען, און די פערגרעסערונג פון די פּריווילעגיעס פון פאָלק. אין 1910 איז בעשטימט געוואָרען אַ קאָמיסיאָן פון פּאַרלאַמענט מיט'ן צוועק צו רעפאָרמירען די געזעצען פון וואַהלען פיר שטעדטישע און פּראָווינציאַלע בעאַמטע אויף דעם באַזיס פון אייגענטום, ווי די פּאַרלאַמענטאַרישע וואַהלען ווערען געמאַכט, ד. ה. דאָס די פערטרעטער זאָלען ערוועהלט ווערען אין אַ ריכטיגער פּראָפּאָרציאָן. דאָס קלעריקאַלע מיניסטעריום, וואָס איז דאַמאָלס געווען אין קראַפט, האָט בעקומען געגען זיך אַ שטאַרקע אָפּאָזיציאָן פון די ליבעראַלען און סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט און האָבען געפאָדערט מען זאָל מאַכען רעפאָרמעס אין די וואַהלען, און דאָס מען זאָל אָפּשאַפען דאָס געזעץ צו געבען שטיצע פון דער רעגירונג צו די רעליגיעזע שולען. אַ שטאַרקע הינדערניס איז באַלד געוואָרען אין דער לעזונג פון דער פראַגע פון בודזשעט (הכנסה און הוצאה פון דער רעגירונג). אין מאַי 1912 האָט דער פּרעמיער שאַללאַערט רעזיגנירט און באַראָן דע בראָקעוויללע האָט בעקומען דעם אויפטראַג צו בילדען אַ נייעס מיניסטעריום. דאָס פאָלק איז געווען שטאַרק אונצופרידען מיט דער אַרט און וויזע, ווי די רעגירונג פיהרט די בילדונגס-שולען, און האָט אויסגעדריקט זיין אונצופרידענהייט דורך גרויסע דעמאָנסטראַציאָנען. דאָך אין די וואַהלען פון 2טען יוני 1912 האָבען די קלעריקאַלען ווידער געהאַט אַ גרויסע מאַיאָריטעט. דעם 1טען יאַנואַר 1912 איז דורכגעגאַנגען דורך'ן פּאַרלאַמענט אַ געזעץ צו בעשטימען אַ פּענסיאָן פיר קויהלען-גרעבער.

די שווייץ. אונגעפעהר אַ פערטעל יאָהרהונדערט איז די שווייצאַרישע רעפּובליק געווען אַ מין פּאָליטישע לאַבאָראַטאָריע, אין וועלכע נייע ראַדיקאַלע רעגירונגס-פראַגען זיינען אויסגעאַרבייטעט געוואָרען צום בעסטען פון דער גאַנצער וועלט. יאָהרענלאַנג האָט די איניציאַטיווע צו לעזען אַזעלכע פראַגען געהערט צו דער שווייץ. עס זיינען געמאַכט געוואָרען ערלייכטערונגען אין האַנדעל (1908), עס איז אָנגענומען געוואָרען אַ נייעס געזעצבוך

וועגען ציוויל־רעכטען פון פאָלק. די אייזענבאַהן־פראַגע איז געווען אַ שווע־רע אויפגאַבע צו לעזען אין די לעצטע עטליכע יאָהר. די אַלע 5 גרויסע אייזענבאַהן־ליניעס זיינען איבערגעגאַנגען צו דער רעגירונג אַלס אייגענטום פון פאָלק. אַ וויכטיגע בעגעבענהייט איז געווען די עפנונג פון דעם סימפּלאָן־טונעל אין 1906. דער צענזוס (פאָלקס־צעהלונג) פון 1910 האָט געצייגט, דאָס די בעפעלקערונג פון דער שווייץ איז 3,765,123, ד. ה. מיט 400,000 מעהר ווי אין 1900. אין די וואַהלען פון אָקטאָבער 1911 האָט די פּאַרטיי פון די ראַדיקאַלען געוואונען אַ מאַיאָריטעט און זיי זיינען געוואָרען די רע־גירער אין לאַנד. דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק פון 1912 איז ד ר. לואיס פאַררער פון ציריך.

## טערקיי און די באַלקאַנען.

אין אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט איז טערקיי נאָך געווען אַן אַב־סאָלוטע מאָנאַרכיע, אין וועלכער עס האָט געהערשט דער דעספּאָט אַ ב ־ ד ו ל ־ ה אַ מ י ד. די פעלקער, וואָס וואוינען אויף דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל, זיינען אויך דאַן, ווי אימער, געווען פערטיג צו קריג. דער בערלינער טראַקטאַט האָט פיעל פערקלענערט די אָטאָמאַנישע אימפּעריע, אָבער ער האָט נאָך איבערגעלאָזען אַ סך פּונקטען, וועלכע זיינען אימער אין שטאַנד אַרויסצורופען אונרוהען און סכסוכים. בולגאַריען האָט פעראיי־ניגט איהרע פערשיידענע פּראָווינצען אין איין לאַנד, האָט געפיהרט אַ קריג מיט סערביען און האָט איהר בעזיגט, אָבער צוליב רוסישע אינטריי־געס האָט זי פערלאָרען איהר קעניג. דער בעסטער און וויכטיגסטער מאַן פון אַלע באַלקאַנישע לענדער, סטאַמבולאָוו, איז ערמאָרדעט געוואָרען אין יאָהר 1895. אין 1896 האָט רוסלאַנד אָנערקענט אַלס קע־ניג פון בולגאַריען פּ ר י נ ץ פ ע ר ד י נ אַ נ ד. סערביען האָט דער־וויל דורכגעמאַכט פערשיידענע ענדערונגען אין איהר רעגירונג. איהר קעניג אלכסנדר האָט זיך גע'גט מיט זיין פרוי נאַטאַליא און האָט געהיי־ראַטעט אַ צווייטע פרוי ד ר אַ ג אַ מ אַ ש י ן (1900), וועלכע איז געווען זעהר שען, אָבער פון נידריגען שטאַנד און אויסגעלאַסען. זי האָט זיך געמישט אין פּאָליטיק און איז געווען שטאַרק דאַגעגען, דאָס מען זאָל געבען דער קאָנסטיטוציאָן אַ דעמאָקראַטישען כאַראַקטער. און אין 1903 זיינען ביידע, דער קעניג און זיין פרוי דראַגא, ערמאָרדעט געוואָרען אין זייער פּאַלאַץ. פּ ע ט ע ר ק אַ ר אַ ג ע אָ ר ג ע ו ו י ט ש, וועלכער האָט געהאַט פּרעטענזיעס אויף דעם סערבישען טראָן, איז געוואָרען קעניג

נאָך דעם טויט פון אַלכסנדר'ן. מען האָט איהם שטאַרק חושד געווען, דאָס ער האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם מאָרד פון דעם קעניג אַלכסנדר, אַזוי דאָס פיעלע פון די אייראָפּעאישע מעכטען האָבען איהם באַיקאָטירט ביז דעם יאָהר 1906.

די לאַגע פון טערקיי איז געווען זעהר שלעכט. די קריסטליכע אונ-טערטאַנען פון סולטאַן אין קליין־אַזיען און מאַצעדאָניען האָבען פיעל געלי-טען. די קורדען האָבען אַנגעמאַכט שחיטות צווישען די אַרמעניער און טערקען. גריכען, בולגאַרען און סלאַווען האָבען געמאָרדעט איינער דעם אַנדערען און די טערקישע רעגירונג איז ניט אין שטאַנד געווען צו שאַפען אָרדנונג אין לאַנד.

אין קרעטאַ האָט זיך געקאָכט. די אייראָפּעאישע מעכטען האָבען בעשטימט דעם גריכישען פּרינץ געאָרג אַלס קאָמיסאַר אין קרעטאַ. עס איז פערפאַסט געוואָרען אַ קאָנסטיטוציאָן און די איינוואוינער פון דער אינ-זעל קרעטאַ האָבען דריי יאָהר גענאָסען רוה, אָבער אין 1904 האָבען די קריסטען אָנגעהויבען רייסען זיך צווישען זיך און ווענישעלאָס, דער פיהרער פון דער אָפּאָזיציאָן, האָט זיך בעפעסטיגט אין די בערג און האָט פּראָקלאַמירט אַ פעראייניגונג מיט גריכענלאַנד. אָבער מען האָט איהם געצוואונגען זיך אונטערגעבען. אין 1906 האָט פּרינץ געאָרג רעזיגנירט פון זיין שטעלע, און דאָס אַמט האָט איבערגענומען צאַימיס, אַ זעהר געניטער גריכישער פּאָליטיקער.

נאָך דעם, ווי דער סולטאַן האָט פערלאָרען קרעטאַ, האָט ער אָנגע-הויבען האָבען פרישע צרות אין מאַצעדאָניען. דיזע טעריטאָריע האָט ניט אָנגעהויבען צו גענימען די רעפאָרמעס, וואָס דער בערלינער טראַקטאַט האָט פיר זי בעשטימט. די קריסטען פון מאַצעדאָניען, וועלכע זיינען שלעכט בע-האַנדעלט געוואָרען, האָבען געזוכט סימפּאַטיע ביי די נאָהענטע לענדער און פערלאַנגט פון זיי הילף. אויף זייערע קלאַגען האָבען זיך באַלד אָפּגערופען גריכענלאַנד, בולגאַריען און סערביען און האָבען אָנגעהויבען צו אַגיטירען געגען טערקיי. דער קריג מיט די טערקען איז געוואָרען אימער שטאַרקער צוליב דער פערשיידענהייט אין רעליגיאָן פון די פיינדליכע פּאַרטייען.

אין 1899 האָט דער מאַצעדאָנישער קאָמיטעט זיך געווענדעט צו די מעכטען מיט אַ ביטע זיי זאָלען העלפען מאַצעדאָניען צו בעקומען אויטאָ-נאָמיע אונטער דער הערשאַפט פון אַ בולגאַרישען גענעראַל־גובערנאַטאָר. אין 1903 האָט עסטרייך מיט רוסלאַנד אויסגעאַרבייטעט אַ פּלאַן צו רע-פאָרמירען מאַצעדאָניען אונטער דער הערשאַפט פון אַ גענעראַל־אינספּעק-

טאָר, און צו בילדען א זשאַנדאַרמעריע אונטער אויסלענדישע בעאַמטע. דער סולטאַן האָט מסכים געווען צום פּלאַן, אָבער די אונאָרדנונג האָט ניט אויפגעהערט און איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. די עסטרייכישע רעגירונג און די רוסישע האָבען איבער־אַ־נייעם אויסגעבעסערט די פּראָגראַם פיר מאַצעדאָניען. זיי האָבען צוגעגעבען צום גענעראַל־אינספּעקטאָר צוויי ציוויל־אַגענטען, די זשאַנדאַרמען זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער אַן איטאַליענישען גענעראַל און דער גרעסטער טייל פון לאַנד איז געוואָרען איינגעטיילט אין סעקציאָנען, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער די אויפזיכט פון בעאַמטע פון אַלע גרויסע אייראָפּעאישע מעכטען, אויסער דייטשלאַנד.

אָבער די גאַנצע מאַשינעריע, וועלכע האָט אויסגעוויזען צו זיין גוט און פּאָרזיכטיג אויסגעאַרבייטעט, איז געווען נוצלאָז, ווייל די אַלע בעאַמטע האָבען ניט געהאַט קיין מאַכט אויף דורכפיהרען זייערע בעפעהלען. אין 1905 איז דער סולטאַן געווען געצוואונגען צו ערלויבען איינצואָרדנען א קאָמיסיאָן איבער די פינאַנסען פון מאַצעדאָניען. אָבער די רויבער־באַנדעס האָבען ניט אויפגעהערט צו טאָן זייער פערניכטענדע אַרבייט.

די פּאַרטיי פון די יונגע טערקען איז שוין לאַנג פערטיג געווען אָפּצושאַפען די אַלטע אָרדנונג פון דער טערקישער רעגירונג. דער צענטער פון איהר אָרגאַניזאַציאָן איז געווען אין פּאַריז, און איהר אַבזיכט איז בעוואוסט געווען אין גאַנץ אייראָפּאַ. אָבער איהר מאַכט האָט אין טערקיי קיין ראָלע ניט געשפּילט, און איז ניט געוואָרען ערנסט בעטראַכט, אויסער אין סולטאַן'ס פּאַלאַץ. מען האָט זיי בעטראַכט אַלס א פּאַרטיי פון סטודענטען ענטהוזיאַסטען, וועלכע זיינען אין שטאַנד צו מאַכען א גרויסען גערודער, אָבער זיינען ניט געפעהרליך. אָבער די הויכע פּאָרטע, דעם סולטאַן'ס הויף, האָט פערשטאַנען זייער מאַכט, און האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדט צו פערניכטען דיזע פּאַרטיי. אין אָנפאַנג פון 1908 האָט זיך געמאַכט א גוטע געלעגענהייט פיר די יונגע טערקען אָנצוהויבען צו אַרבייטען. די טערקישע טרופּען, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַראַביען, האָבען זייער לוין לאַנג ניט ערהאַלטען און האָבען זיך געבונטעוועט. די אַלבאַניער זיינען שטאַרק אונרוהיג געוואָרען צוליב די שווערע אָפּצאָהלונגען, מיט וועלכע מען האָט זיי בעלאַסטעט, און אויך די שפּראַך־פראַגע האָט זיי שטאַרק אויפגערעגט. דאָרט זיינען געשטאַנען די הויפּט־טרופּען פון דער טערקישער אַרמעע. דערצו זיינען די מוסולמאַנער געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די אייראָ-

פּעאישע מעכטען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען זיך צו מישען און זאָגען צו גרויסע דעות אין קרעטא און מאַצעדאָניען.

אין אָנהייב פון 1908 האָבען די יונגע טערקען אריבערגעטראָגען זייער הויפּט־קווארטיר פון פּאַריז נאָך סאַלאָניקי. דאָרט האָבען זיי געגרינדעט א צענטער אונטער'ן נאָמען: „דאָס קאָמיטע פון פעראייניגונג און פּראָגרעס", מיט'ן צוועק צו אָרגאַניזירען די רעוואָלוציאָן. צווישען די אָרגאַניזירער זיינען געוועזען אייניגע זעהר וויכטיגע מיליטערישע אָפיצערען, ווי ע נ ו ו ע ר ־ ב ע י און נ י א ז י ־ ב ע י. דעם 22טען יולי האָט ניאַזי־בעי אויפגעהויבען מיט זיינע טרופּען די פאָהן פון רעוואָלוציאָן אין רעזני, א קליין שטעדטעל ניט ווייט פון מאָנאַסטיר. מיט א טאָג שפּעטער האָט דאָס „קאָמיטע פון פעראייניגונג און פּראָגרעס" מיט ענווער־בעי אַלס זיין פּרעזידענט, פּראָקלאַמירט אין סאַלאָניקי די נייע קאָנסטיטוציאָן. דערהיי האָט מען בעקאַנט געמאַכט, דאָס אויב דער סולטאַן וועט ניט איינשטימען מיט דיזער פּראָקלאַמאַציאָן, וועלען דריי ארמעע־קאָרפּוסען מאַרשירען גלייך נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל. דעם 24טען יולי האָט דער סולטאַן אבדול חאמיד נאָכגעגעבען די פאָדערונגען פון די יונגע טערקען און האָט ארויסגעגעבען אַן איראַדע (בעפעהל), דאָס די קאָנסטיטוציאָן פון 1876 זאָל אריין אין קראַפט, און האָט געגעבען א בעפעהל צו אָרדנען וואַהלען פיר א פּאַרלאַמענט. עס זיינען באַלד אויך אָנגענומען געוואָרען אַנדערע רעפאָרמעס, ווי אָפּצושאַפען די צענזור און געהיים־פּאָליציי. אייניגע בעאַמטע, וואָס זיינען געוועזען געגען רעפאָרמעס, זיינען ערמאָרדעט געוואָרען. אויסער דעם איז די רעוואָלוציאָן דורכגעפיהרט געוואָרען כמעט אָהן בלוט־פערגיסונג. א געוויסע צייט האָבען אַלע פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען אין טערקיי: טערקען, גריכען, אַלבאַניער, ארמעניער, סערבען, בולגאַרען און אידען געאַרבייט צוזאַמען אין האַרמאָניע און האָבען געהאָלפען די יונגע טערקען דורכפיהרען זייער פּלאַן. דעם 6טען אויגוסט 1908 איז ק י א מ י ל פּ א ש א , א פּראָגרעסיווער ליבעראַל, ערוועהלט געוואָרען אַלס גרויס־וויזיער, און א נייער קאַבינעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען.

דער ערפאָלג פון די יונגע טערקען האָט בעשאַפען א נייע לאַגע פיר די שטאַאַטסמענער פון עסטרייך־אונגאַרן און בולגאַריען. דעם 7טען אָקטאָבער האָט וויען ארויסגעלאָזען אַפּראָקלאַמאַציאָן, דאָס זי האָט אָפיציעל און פאָרמאַלע פעראייניגט באָסניען און הערצעגאָווינא מיט עסטרייך־אונגאַרן, דאָס איז שוין לאַנג פאָרבערייט געוואָרען פון די אייראָפּעאישע גרויס־

מעכטען אין 1878 דורך'ן בערלינער טראקטאט. מיט צוויי טעג פריהער איז די אונאפהענגיגקייט פון בולגאריען פערעפענטליכט געווארען. די אטא-מאנישע רעגירונג האט פראטעסטירט וועגען דעם צו די אייראפעאישע גרויס-מעכטען, אבער עס האט איהר גאר ניט געהאלפען. טערקיי האט דערפאר באיקאטירט די עסטרייכישע וואארע, פון וועלכען באיקאט די עסטרייכי-שע קויפלייט האבען פיעל געליטען. דאס האט געצוואונגען עסטרייך צו געבען טערקיי א געוויסע סומע געלט אלס בעלוינונג פיר באסניען און הער-צעגאווינא. דער באיקאט איז ארונטערגענומען געווארען און דעם 6טען אפריל 1909 האט די טערקישע רעגירונג אפיציעל אנערקענט דעם איבער-גאנג פון דיזע צוויי פראווינצען אונטער דעם שוץ פון עסטרייך. דעם 19טען אפריל האט טערקיי אויך אנערקענט די אונאפהענגיגקייט פון בולגאריען.

עס האט ניט לאנג גענומען און עס זיינען געווארען רייסערייען אין דער נייער רעגירונג אין קאנסטאנטינאפעל. אין אלבאניען, מאצעדאניען, און קליין-אזיען האבען די פעלקער זיך געבונטעוועט און אין אראביען האט אויסגעבראכען א גרויסע רעוואלוציאן. אין קאנסטאנטינאפעל זעלבסט איז דער גרייז-גרויער גרויס-וויזיר קיאמיל פאשא ארויסגעטרעטען געגען די יונגע טערקען. דעם 14טען פעברואר 1909 איז ער געצוואונגען געווען צו רעזיגנירען, און זיין פלאץ האט פערנומען הילמי פאשא, דער געוועזענער הויך-קאמיסאר אין מאצעדאניען. עס איז אויפגעשטאנען א נייע פאליטישע גרופע אונטער דעם נאמען „דער פעראיין פון די ליבעראלען". און דיזע גרופע איז געווען געגען דער פאליטיק פון דעם קאמיטע פון די יונגע טערקען. דאס מיליטער האט זיך צובונטעוועט און האט פערכאפט דאס פארלאמענטס-הויז. דעם 14טען אפריל האט דער גרויס-וויזיער רע-זיגנירט און זיין ארט האט פערנומען טעוופיק פאשא. די פיהרער פון רעפארמע זיינען געקומען צום שלום, דאס די נייע רעגירונג וועט ניט זיין פעסטגעשטעלט און זיבער כל זמן דער סולטאן וועט שטיצען די רעאקציאנערען. אום צו מאכען אן ענדע צו דיזער לאגע האט מען גע-שיקט אן ארמעע פון 20,000 מאן נאך קאנסטאנטינאפעל, אונטער דער פיהרונג פון מאהמוד שעפקעט פאשא. דעם 22טען אפריל 1909 האט דער פארלאמענט ארויסגעלאזען א פראקלאמאציאן, אין וועלכער ער האט גוטגעהייסען די פאליטיק פון דעם קאמיטע פון די יונגע טערקען. מאהמוד שעפקעט האט בעלאגערט קאנסטאנטינאפעל. אייניגע פון די גארניזאנען זיינען געבליבען טריי דעם סולטאן, אבער נאך א שטרייט

פון 5 שטונדען איז קאָנסטאַנטינאָפּעל געווען אין די הענט פון די בעלאַ-גערער (25טען אפּריל).

דער פּאַרלאַמענט האָט צוויי טעג נאָך דעם געהאַלטען געהיימע זיצונגען און האָט ענדליך איינשטימיג בעשלאָסען אַרונטערזעצען דעם סולטאַן אַבדול חאַמיד דעם 2טען. אַלס זיין נאָכפאָלגער איז ערוועהלט געוואָרען זיין אינ-גערער ברודער מ א ה מ ע ד ר ע ש י ד ע פ ע נ ד י מיט דעם טיטעל מ א ה אָ מ ע ד ד ע ר 5 ט ע ר. דעם 28טען אפּריל איז אַבדול חאַמיד אוועקגעשיקט געוואָרען נאָך סאַלאָניקי, און דעם 10טען מאַי איז דער נייער סולטאַן געקרוינט געוואָרען. הילמי פּאַשאַ איז ווידער געוואָרען גרויס-וויזיער, אָבער ער האָט רעזיגנירט (דעם 28טען דעצעמבער 1909). זיין שטעלע האָט פּערנומען ה א ק ק י ב ע י. דעם 5טען אויגוסט 1909 איז די נייע קאָנסטיטוציאָן פּערעפענטליכט געוואָרען. דאַן זיינען די זי-צונגען פון פּאַרלאַמענט אָפּגעלעגט געוואָרען אויף 3 מאָנאַטען. ביים אָנ-הייב פון דעם קריג מיט איטאַליען האָט דער וויזיער רעזיגנירט (אָקטאָבער 1911), מען האָט זיך אָבער ביי איהם איינגעבעטען ער זאָל פּערבלייבען ביז דעם 30טען דעצעמבער. דאַמאָלס איז ס א א י ד פּ א ש א גע-וואָרען גרויס-וויזיער. דעם 3טען יאַנואַר 1912 איז דער נייער קאַבינעט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אונטער דעם נייעם וויזיער, און דעם 15טען יאַנואַר איז דער ערסטער פּאַרלאַמענט אויפגעלעזט געוואָרען. אין די וואַה-לען, וואָס זיינען פּאָרגעקומען אין אפּריל, האָבען די יונגע טערקען מיט זייער פּאָליטיק בעקומען פיעל קראַפט.

גריכענלאַנד, רומעניען און מאָנטענעגראָ. ווען די איינוואוינער פון דער אינזעל קרעטאַ האָבען דערזעהען, דאָס עסטרייך און בולגאַריען האָבען אויסגעפיהרט געגען טערקיי מיט זייער אייגענעם ווילען און די איי-ראָפּעאישע מעכטען האָבען זיי ניט געשטערט, האָבען זיי אויך קיינעם ניט געפרעגט און האָבען פּראָקלאַמירט די פעראייניגונג מיט גריכענלאַנד. אָבער דער גריכישער קעניג געאָרג האָט ענטזאָגט אָנצונעהמען זיי. די טערקען זיינען דערמיט נאָך ניט צופרידען געווען און האָבען ערקלערט אַ באָיקאָט אויף גריכישע סחורות. דאָס האָט געפיהרט צו אַ גרויסער שנאה און עס האָט געהאַלטען ביי אַ מלחמה צווישען טערקיי און גריכענלאַנד. די לעצטע האָט באַלד איינגעזעהן, אַז דאָ איז אַ געפאַהר און האָט אָנגעהויבען אַ בעוועגונג צו רעאָרגאַניזירען דעם שטאַאַט, איבערהויפּט די אַרמעע. איניגע מאָנאַטען צייט איז די קעניגליכע דינאַסטיע פון גריכענלאַנד געווען אין גרויס געפאַהר. אין אַטהען (הויפּטשטאָדט פון גריכענלאַנד) האָט גע-

הערשט די מיליטערישע ליגע (פערבאנד). ענדליך איז דיזע ליגע אויפגע-לעזט געוואָרען אויף א נאציאָנאל-פערזאמלונג צו ענדע פון 1910. מיט דער ערנענונג פון ווענ יצעלאָס אלס פרעמיער פון גריכישען מיניס-טעריום האָט גריכענלאַנד בעקומען א שטאַרקען שטאַאטסמאַן.

רומעניען האָט געמאכט גרויסען פאָרטשריט אונטער דער רעגירונג פון קעניג קאַרל פון די האָהענצאָללערן. א קורצע צייט האָט קאַרל געהאט אונאנגענעהמיגקייט פון די גוטס-בעזיצער.

מאָנטענעגראָ האָט געפיהרט א גאַנץ רוהיגעס און גליקליכעס לעבען אין פערלויף פון א גאַנצען דור אונטער דער פאַטריאַרכאַלישער הערשאפט פון פירסט ניקאָלאַי, וועלכער האָט אין 1905 געגעבען דעם פאָלק א קאָנסטיטוציאָן מיט א פאַרלאַמענט. אין 1910 האָט ער געפייערט דאָס יובילעאום פון זיין רעגירונג, און דאַמאָלס האָט איהם דאָס פאָלק גע-געבען דעם טיטעל קעניג.

## פערסיען און אינדיען.

אין דעם ערסטען יאָהר פון 20טען יאָהרהונדערט, איז די צוטיילונג פון אזיען צו געגאַנגען מיט א שרעקליכער שנעלקייט. דאָס קען מען זעהן, ווען מען פערגלייכט די לאַנדקאַרטע פון דיזען עלטעסטען וועלט-טייל, ווי ער איז געוועזען פערטיילט מיט 20 יאָהר צוריק, מיט דער קאַרטע פון דיזען וועלט-טייל, ווי ער איז פערטיילט אין 1912. דאַמאָלס, מיט 20 יאָהר צו-ריק, האָבען זיך אין אזיען נאָך געפונען מעהרערע אונאָפהענגיגע אָדער האַלב-אונאָפהענגיגע מלוכות אָדער נאציאָנען, יעצט זיינען נאָר דריי נא-ציאָנען אונאָפהענגיג: יאפאַן, כינא און סיאַם. אין גרונד גענומען איז סיאַם אויך ניט פאָלשטענדיג אונאָפהענגיג, זי געפינט זיך אונטער דער אויבערהערשאַפט פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, און אויך כינא האָבען שוין די אייראָפּעער אָנגעהויבען צו טיילען.

די לאַנדקאַרטען פון אזיען, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרען אין 1912, צייגען, דאָס אין היינטיגער צייט איז אזיען צוטיילט אויף 7 טיילען: 1) לאַנד, וואָס געהערט צו רוסלאַנד, אָדער וואו רוסלאַנד'ס איינפלוס איז גרויס; 2) לענדער, וואָס שטעהען אונטער דער הערשאַפט אָדער דעם איינפלוס פון ענגלאַנד; 3) לענדער, וואָס געהערען צו יאפאַן; 4) כינא; 5) קאָלאָניעס, וואָס געהערען צו פראַנקרייך; 6) דריי האַלב-אונאָפהענגי-גע לענדער, און 7) קליינע פראָווינצען, וואָס געהערען צו דייטשלאַנד און פאָרטוגאַל.

רוסלאַנד שטרעבט שוין זעהר לאַנג צו פערשאַפען זיך אַ וואַרימען פּאָרט. אין דעם בעשטעהט די פּאָליטיק, וואָס רוסלאַנד וויל בעהערשען אייראָפּעאישע טערקיי: זי וויל האָבען אַ צוטריט צום מיטלענדישען מעער; אין דעם איז אויך דער זין, וואָס רוסלאַנד האָט געשטרעבט צו פערכאַפּען מאַנדזשוריאַ און וויל האָבען אַ פוס אין מאָנגאָליאַ; און דאָס איז די אורזאַך, וואָרום רוסלאַנד האָט געזוכט צו מאַכען די כינעזישע טורקעסטאַן אונאָפּהענגיג: זי האָט געוואָלט דאָרט אַ פוס אריינשטעלען. רוסלאַנד האָט נאָכגעגעבען איינינע פאָדערונגען פון ענגלאַנד וואָס אָנבעטרעפט אייניגע אזיאַטישע פּראָווינצען, אום ענגלאַנד זאָל איהר ערלויבען פערכאַפּען נאָרד־פּערסיען, כדי זי זאָל האָבען מעהר צוטריט צו טערקיי פון דער אזיאַטישער זייט. דייטשלאַנד מיט איהר אייזענבאַהן פון באַגדאַד האָט דעם צוועק צו קאָנטראָלירען אַנאַטאָליען; ענגלאַנד בעהערשט יעצט אויסער אינדיען, אויך בורמאַה, בעלוטשיסטאַן, אססאַם, ווי אויך פיעלע פּראָווינצען אויף דער מאַלאַיאישער האַלב־אינזעל. דער איינפלוס פון ענגלאַנד אין אזיען איז זעהר גרויס זאָגאַר אין לענדער, וואָס שטעהען ניט דירעקט אונטער איהר שוץ און הערשאַפט, ווי פּערסיען, אַראַביען און טיבעט, אויף דער אינזעל האָנג־קאָנג און אין כינעזישען מעער.

יאַפּאַן בעהערשט יעצט אויסער יאַפּאַן אויך קאָרעאַ און די אינזעל פאָרמאָזאַ, וועלכע זי האָט אָפּגענומען פון כינאַ ענדע פון 1895. איהר זיג איבער רוסלאַנד האָט איהר פערשאַפט די הערשאַפט איבער זיד־מאַנדזשוריאַ און די זידליכע העלפט פון דער אינזעל סאַכאַלין. אַ געוויסער ענגלישער עקספּערט אין קאָלאָניאַל־פּאָליטיק האָט געזאָגט אַ מיינונג, דאָס אויב די אייראָפּעאישע מעכטען וועלען צווישען זיך ניט שטרייטען, וועלען זיי צו ענדע פון 20טען יאָהרהונדערט בעהערשען דעם גאַנצען אזיאַטישען וועלט־טייל.

די שטרעבונג פון רוסלאַנד און ענגלאַנד צו פערכאַפּען מעהר און מעהר לענדער אין אזיען האָט בעשאַפען אַ זעהר וויכטיגען פּאָליטישען צושטאַנד אין יענעם וועלט־טייל. מען קען זאָגען, דאָס די גאַנצע אזיאַטישע פּאָליטיק איז אָפּהענגיג פון דיזע צוויי מעכטען — ענגלאַנד און רוסלאַנד. די פרייהייט פון פּערסיען איז געאָפּפערט געוואָרען צו דיזער פּאָליטיק. דער שיקזאַל פון כינאַ איז איבערהויפּט פערבונדען מיט דער פּאָליטיק פון דיזע מעכטען, נאָר אין אַ קלייגעם גראַד איז עס אָפּהענגיג אויך פון יאַפּאַן. אָבער אויך יאַפּאַן איז אין אַ געוויסען גראַד אָפּהענגיג אין איהר פּאָליטיק

פון ענגלאַנד און רוסלאַנד. די צוקונפט פון טערקיי איז אויך פיעל אָפּהענגיג פון דער פערשפרייטונג פון ענגלאַנד און רוסלאַנד אין אזיען.

פערסיען האָט געהאַט דאָס אונגליק צו ליגען אויף דעם וועג, אויף וועלכען רוסלאַנד מוז געהן, ווען זי שטרעבט צו געהען נאָך זיד־אַזיען, און ענגלאַנד מוז געהן, ווען זי ציהט זיך צו נאָרד־אַזיען. רוסלאַנד אין איהר שטרעבונג צו קומען נאָהענט צו אינדיען, וואו ענגלאַנד הערשט שוין און קיינער שטערט איהר ניט, האָט געפונען, אַז דאָס איינציגע לאַנד, וואָס שטעהט איהר אין מיטען, איז נאָר פערסיען. און דעריבער האָט זיך רוסלאַנד גענומען דערשטיקען פערסיען. דערמיט האָט זי זיך אויך געוואָלט פיעל־וועניג צופרידען שטעלען פיר די נידערלאַגע, וואָס זי האָט געהאַט אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן.

פערסיען. די געשיכטע פון פערסיען אין די לעצטע 25 יאָהר איז אַ געשיכטע פון לאַנגזאַמען זינקען און פאַלען. ביז 1907 איז די פאָרמע פון רעגירונג אין דיזען לאַנד געווען אַ דעספּאָטישע. דער שאַך, אָדער „דער קעניג איבער אַלע קעניגען“ (מלך מלכי המלכים), איז געווען בעטראַכט פון פאָלק אַלס פערטרעטער פון דעם פּראָפעט (מאַחמעד). ענדע פון 1905 האָבען איינינגע מענשען, וואָס האָבען בעקומען זייער בילדונג אין מערב־אייראָפּאַ, און זיינען געווען בעקאַנט מיט די פאָרמעס פון רעגירונג פון די ציוויליזירטע לענדער, אויפגעהעצט דאָס פאָלק צו מאַכען דעמאָנסטראַציאָנען און פאָדערן אַ פאַרלאַמענט. די רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבען און עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ פאַרלאַמענט, אָדער ווי די פערסיער רופען עס אַ „מאַדזשליאָס“. דעם 30טען דעצעמבער 1906 האָט דער שאַך פּראָקלאַמירט די אָרדנונג, די מאַכט און די פליכטען פון דעם פאַרלאַמענט. לויט דיזע רעגלען האָט אין פערסיען אויך בעדאַרפט זיין אַ סענאַט. דעם 8טען יאַנואַר 1907 איז דער שאַך מ אַ ז אַ פ פ אַ ר ־ ע ד ־ ד י ן געשטאָרבען. דעם טראָן האָט באַלד בעשטיגען זיין זוהן מ אַ ח מ ע ד ע ל י מ י ר ז אַ. דעם 8טען אָקטאָבער 1907 האָט מאַחמעד עלי אונטערגעשריבען די קאָנסטיטוציאָן און דעם 12טען נאָוועמבער האָט דער פאַרלאַמענט (מאַדזשליאָס) אָנגענומען די פאָרמאַלנע שבועה.

אָבער דער נייער שאַך האָט באַלד אָנגעהויבען צו ציינגען, אַז ער איז גענייגט צו רעאַקציאָן, און האָט אָנגעהויבען ביסלאַכוויז אָפּשאַפען די קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרמע פון רעגירונג. דעם 23טען יוני 1908 האָט ער געשיקט מיליטערישע טרופּען נאָך דער רעזידענץ טעהעראַן, וועלכע האָבען צוראַבירט און צושטערט די געביידע פון פאַרלאַמענט. דערמיט האָבען

זיי ערפילט דעם וואונש פון דעם שאַך, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אָפּצושאַפען דעם פּאַרלאַמענט. דאָס פּאָלק איז געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף׳ן שאַך און האָט אָנגעהויבען רעוואָלטירען. אַ גאַנץ יאָהר האָבען געדויערט די אונרוהען. די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע איז געגאַנגען נאָך טעהעראַן און האָט געצוואונגען דעם שאַך צוריק אַריינברייננגען אין קראַפט די קאָנסטיטוציאָן פון 1907. דעם 19טען יולי איז דער שאַך ענטלאָפען צום רוסישען קאָנסולאַט און האָט זיך ענטזאַגט פון טראָן. עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ דערוויילינע רעגירונג. דער עלטסטער זוהן פון שאַך, אַ ח מ ע ד, 11 יאָהר אַלט, איז ערקלערט געוואָרען טראָן־פאָלגער אונטער דער רעגענטשאַפט פון זיין אָנקעל אַ ז ו ד ע ל מ ו ל ק (1909).

עס איז באַלד צוריקגערופען געוואָרען דער פּאַרלאַמענט. אין אויגוסט 1909 זיינען געווען די וואַהלען און דעם 15טען נאָוועמבער איז שוין דער נייער פּאַרלאַמענט געעפענט געוואָרען פון שאַך. דעם 22טען סעפּטעמבער 1910 איז דער רעגענט אַזוד על מולק געשטאָרבען, און דער פּאַרלאַמענט האָט ערוועהלט אַן אַנדערען רעגענט. אין אָנהויב פון 1909 האָט אויסגעוויזען, אַז דאָס פּערסישע פּאָלק האָט ענדליך, נאָך אַ לאַנגער רייהע פון אונאַנגענעהמליכקייט, אויסגעאַרבייט אַ גוטעס וואַהל־סיסטעם פיר אַ פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג.

דאַן איז אַרויפגעשוואומען די פינאַנץ־פראַגע און האָט געפאָדערט אַ שנעלע לעזונג. דער פּאַרלאַמענט האָט זיך געווענדעט צו דער רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, זי זאָל רעקאָמענדירען פּערסיען אַ גוטען און געניטען פינאַנציסט מיט 4 אַסיסטענטען, וועלכע זאָלען העלפען איינפיהרען אַ נייעס סיסטעם אין די פינאַנצען פון לאַנד. עס איז ערוועהלט געוואָרען אַ קאָמיסיאָן צו דיזען צוועק, און אָן דער שפּיץ פון דיזער קאָמיסיאָן איז געשטעלט געוואָרען אַן אַמעריקאַנער מ אָ ר ג אַ ן ש ו ס ט ע ר, וועלכער האָט געהאַט פיעל געניטשאַפט אין פינאַנץ, ווי ער האָט עס בעוויזען מיט זיין אַרבייט אין דיזען פאַך אין קובאַ און אין די פיליפּפּינען־אינזלען. דער פּערסישער פּאַרלאַמענט האָט איהם געגעבען דאָס אַמט פון גענעראַל־שאַצמייסטער און האָט איהם געגעבען פולמאַכט איבער אַלע דעפּאַרטמענטען פון פינאַנץ אין לאַנד.

שוסטער האָט צוגעטרעטען צו דער אַרבייט מיט גרויס ענערגיע. דאָס איז אָבער ניט געפעלען געוואָרען רוסלאַנד, וועלכע האָט אינטריגירט אין פּערסיען מיט פערשיידענע מיטלען בכדי זי זאָל דאָס לאַנד בעהערשען. צו דיזען צוועק האָט זי געפאָדערט פון פּערסישען פּאַרלאַמענט מען זאָל ענט-

זאגען שוסטער'ן (19טען נאָוועמבער 1911). דער פּאַרלאַמענט האָט זיך ענטזאגט צו טאָן דעם וואונש פון רוסלאַנד, הגם דער שוואכער קאַבינעט (מיניסטעריום) איז געווען געניינט נאָכצוגעבען רוסלאַנד'ס פּערלאַנג. רוס־לאַנד האָט דערוויי! פּערזאַמעלט אַן אַרמעע ניט ווייט פון טעהעראַן, און דעם 21טען דעצעמבער האָט זי געשיקט אַן אולטימאַטום (אַ לעצטע התראה) צום פּערסישען פּאַרלאַמענט צו ענטזאגען שוסטער'ן. די רעגירונג האָט גע־מוזט נאָכגעבען. און דעם 25טען דעצעמבער איז שוסטער ענטזאגט געוואָ־רען פון זיין שטעלע.

אָבער רוסלאַנד האָט שוין איהרע טרופּען ניט צוריקגערופען פון פּער־סיען, אויך ווען איהר וואונש איז ערפילט געוואָרען. און דער הויפּט־קאָ־מאַנדיר פון דעם רוסישען מיליטער אין פּערסיען האָט אָנגעהויבען די פּער־סיער שטאַרק צו דריקען און שטיקען.

ענגלאַנד האָט שוין דאַמאָלס בעהערשט אַלע לענדער, וואָס זיינען גע־לעגען צווישען אינדיען און פּערסיען. יעצט איז געקומען די רייהע אויף פּער־סיען. דעם 31טען אויגוסט 1907 איז אָפּגעשלאָסען געוואָרען אַ טראַק־טאַט צווישען ענגלאַנד און רוסלאַנד, לויט וועלכען עס איז אָפּגעמאַכט גע־וואָרען, דאָס איין טייל, דער נאָרדליכער, זאָל זיך געפינען אונטער דעם איינפלוס פון רוסלאַנד, דער זידליכער טייל אונטער ענגלאַנד, און דער מיטעלסטער טייל זאָל בלייבען נייטראַל. דאָס איז געמאַכט געוואָרען מיט'ן צוועק, דאָס דיביידע גרויסמעכטען, רוסלאַנד און ענגלאַנד, זאָלען ניט קומען צו נאָהענט איינע צו דער אַנדערער, און זאָלען ניט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס. דיזער אָפּמאַך איז געמאַכט געוואָרען בסוד און מען האָט איהם קיינמאָל ניט פּערעפענטליכט. פאַר דער וועלט האָט עס געהייסען, דאָס דיזעביידע מעכטען האָבען זיך פּערפּליכטעט ניט אָנצוגרייפען פּערסיען, נאָר צו בעשיצען זיי פון יעדען אָנפאַל, אום פּערסיען זאָל בלייבען אונאָפּ־העננגיג פיר אימער. ביידע גרויסמעכטען האָבען דאַמאָלס אויסגעאַרבייטעט אַ זיכערהייט פיר די הלואה, וואָס זיי האָבען געגעבען צו פּערסיען אין 1900. אָבער פּערסיען זעלבסט האָט מען ניט געפרעגט, אויב זי איז צופרידען מיט'ן אָפּמאַך און מיט די בעדינגונגען. דאָס איז אַ נייער סאָרט פון אונאָפּהעננגיג־קייט, ערפונדען פון שטאַרקע געגען שוואַכע.

**אינדיען.** אין די לעצטע 25 יאָהר פון 19טען יאָהרהונדערט איז דער צושטאַנד פון אינדיען אונטער דער הערשאַפט פון ענגלאַנד געווען זעהר גלענצענד אין אַלע הינזיכטען: אין גייסטיגער, סאָציאַלער, מאָראַלישער, רעליגיעזער, פּאָליטישער און אינדוסטריאַלער. ענגלאַנד האָט אַריינגע־

בראַכט אין אינדיען פרידען, האָט געשאַפען וועגען און אייזענבאַהנען, האָט איינגעפיהרט רעגירונגס־סיסטעמען, האָט איינגעאָרדענט טעלעגראַפען, טע־לעפאָנען, פּאָסט־אַמטען, האָט ארויסגעגעבען א געזעץ־בוך, האָט איינגע־אָרדענט א ריכטיגע פּאָליציי און מיליטער־סיסטעם אום צו פערזיכערן רוה אין לאַנד, און אין דער זעלבער צייט האָט זי געגעבען א פרייע האַנט צו די בעאַמטע אָפּצוהיטען די אַלטע געזעצען און מנהגים פון די אוראיינוואוי־נער פון לאַנד. ענגלאַנד האָט אויך צוגעלאָזען צו פערשיידענע עמטער די אוראַיינוואוינער פון אינדיען.

פון די אַלע וויצע־קעניגען, וואָס האָבען געהערשט אין אינדיען אין נאָ־מען פון ענגלאַנד, איז ל אָ ר ד ק ו ר ז אָ ן געווען דער בעסטער (1899). ער איז געווען א גערעכטיגער רעגירער, וואָס האָט פערשטאַנען זיין פליכט צום לאַנד און די איינוואוינער, איבער וועלכע ער האָט געהערשט, און האָט געטאָן דאָס בעסטע פיר זיי. זיין ערסטע אויפגאַבע איז געווען צו פעסטשטעלען די גרענצען פון לאַנד. אין 1901 האָט ער פעסטגעשטעלט די גרענצען פון אינדיען, וועלכע ער האָט אָפּגעטיילט פון פּונדזשאַב. דאָס איז געווען א שווערע אויפגאַבע, ווייל פיעלע פון די בענאַכבאַרטע הערשער האָבען זיך אריינגעריסען אין אינדיען און האָבען פערכאַפּט איניגע פּראָ־ווינצען.

אין יאָהר 1900 האָט אינדיען שטאַרק געליטען פון א הונגער. דיזער הונגער איז געווען פיר דאָס לאַנד פיעל שרעקליכער און איינדרוקספאָלער, ווי דער הונגער פון יאָהר 1897. אָבער ווי דיזער אונגליק איז פאָריבער־געגאַנגען האָבען זיך די פינאַנצען זעהר שנעל געבעסערט. יעדער דע־פּאַרטמענט פון דער רעגירונג איז געוואָרען גענוי רעווידירט דורך פערשיי־דענע קאָמיסיאָנען און אויסגעבעסערט. לויט דעם פערלאַנג פון לנרד קי־טשענער איז געמאַכט געוואָרען א רעפאָרמע אין דער ארמעע, און די סאָלדאַ־טען האָבען בעקומען מעהר און בעסערע געוועהר. די רעגירונג האָט געגרינ־דעט זעהר פיעלע אָנפאַנגס־שולען פיר קינדער.

הגם קורזאָן האָט שטרענג בעשטראָפט די אייראָפּעער, וואָס האָבען שלעכט בעהאַנדעלט די אינדיער, זיינען דאָך די געבילדעטע אינדיער ניט צופרידען געווען מיט זיין אדמיניסטראַציאָן. ער האָט באָיקאָטירט דעם נאַ־ציאָנאַל־קאָנגרעס, ער האָט פערקלענערט די צאָהל פון דעפּוטאַטען אין דער שטאָדט־רעגירונג אין קאַלקוטטאַ. אין 1904 איז ער געקומען צוריק פון ענגלאַנד און האָט געמאַכט א געפעהרליכען שריט, וועלכער האָט גלייך ארויסגערופען א קריזיס. בענגאַל האָט דאַמאָלס אָפּגעריסען די נאָרד־וועסט

פּראָווינצען און דאָס לאַנד אססאַם, און 80 מיליאָנען מענשען האָבען אויס־געדריקט דעם וואונש זיך אָפּצוטיילען פון ענגלאַנד. מען האָט איהם געראַטען ער זאָל זיך פעראייניגען מיט די איינגעבאָרענע פיהרער אין לאַנד און זיך בעראַטען מיט זיי, וואָס צו טאָן. ער האָט אָבער דיזען פּלאַן ניט אָנגענו־מען, און האָט אַזוי דורכגעלאָזען אַ גוטע געלעגענהייט צו אויסמיידען אַ גרויסע געפאַהר. אין 1905 האָט לאָרד קורזאָן רעזיגנירט, ווייל ער האָט ניט איינגעשטימט צו לאָרד קיטשענער׳ס פּלאַן וועגען רעפאָרמירען די אַרמעע.

דער נאָכפאָלגער פון לאָרד קורזאָן איז געוועזען ל אָ ר ד מ י נ ט אָ. דיזער איז געוועזען פיעל אונטער לאָרד קורזאָן אין קענטנים און אין ערפאַה־רונג. אָבער ער האָט געהאַט גרויס סימפּאַטיע צו די אידעאַלען פון די גע־בילדעטע אינדיער. אין 1909 האָט ענגלאַנד געפונען פיר נעטיג צו מאַכען געוויסע ענדערונגען אין דער רעגירונג אין אינדיען. זי האָט בעשטימט אַן אינדיער אַלס מיטגליד אין וויצע־קעניג׳ס קאַבינעט און 2 אינדיער אַלס מיטגלידער אין דעם ראַט פון שטאַאַט־סעקרעטאַר. מען האָט אין אַלגעמיין די אינדיער געגעבען מעהר פרייהייט. דיזע רעפאָרמעס זיינען מיט פרייד אויפגענומען געוואָרען אין ענגלאַנד, ווי אויך אין אינדיען, מען האָט עס איבעראַל בעטראַכט אַלס אַ קלוגען שריט. דאָס פאָלק איז געוועזען פול מיט האָפנונג, דאָס עס קומען אמת רוהיגע צייטען פיר דאָס לאַנד. אין 1910 האָט לאָרד מינטאָ רעזיגנירט; ער האָט אָבער זיך געפיהלט גליקליך, וואָס איהם איז געלונגען דורכצופיהרען דעם פּלאַן, דאָס אין דער רעגירונג פון אינדיען זאָלען צוגעלאָזען ווערען די אינדיער צו אַרבייטען צוזאַמען מיט די ענגלישע בעאַמטע. אין 1911 איז ל אָ ר ד ה אַ ר ד י נ ג געוואָרען וויצע־קעניג אין אינדיען.

## כינאַ און יאַפּאַן.

**די אַזיאַטישע מאָנראָע־דאָקטרין.** די וויכטיגקייט, וואָס אין די אַלטע צייטען האָט געהאַט פיר די מענשהייט דער מיטעלענדישער ים, און פון דעם 15טען יאָהרהונדערט, זינט קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ, דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, שיינט יעצט אַריבערצוגעהן צום שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק). צוויי וויכטיגע פאַקטען האָבען דעם שטילען אָקעאַן פערשאַפט די ראָלע, וואָס ער שפּילט היינט. די אויפוואַכונג פון דעם ווייטען מזרח און דאָס ערשיינען פון די פעראייניגטע שטאַאַטען אַלס אַ וועלט־מאַכט.

וויכטיגער פון אַלעם איז דער פאַקט, וואָס זינט אַ האַלבען יאָהרהונדערט האָבען זיך יאַפּאַן און כינאַ אויפגעכאַפּט פון דעם טיפען שלאָף, אין וועלכען זיי זיינען געווען פערזונקען פון די אַלטע ציימען. דער איינפלוס, וואָס דאָס האָט געהאַט אויף די וועלט־פּאָליטיק, איז אונגעהייער גרויס. אָבער עס איז נאָך ניט דער סוף. אין געגענטייל, עס איז גיכער צו גלויבען, אַז דאָס איז דערווייל אַן אָנפאַנג, עס וועט געוויס קומען נאָך פיעל וויכטיגערעס און מערקווירדיגערעס.

יאַפּאַן איז געווען אַן אָפּגעזונדערטע נאַציאָן און האָט מיט דער וועלט קיין פערבינדונג ניט געהאַט. אין 1854 האָבען די קריג־שיפען פון דעם אַמע־ריקאַנער פּערי געצוואונגען יאַפּאַן צו עפנען איהרע טויערן פאַר דער וועלט. יאַפּאַן האָט דורך די בעריהרונג מיט דער אויסערער וועלט אין אַ קורצער צייט נאָך דעם זעהר פיעל פּראָגרעסירט. דאָס האָט זי בעוויזען אין דער מלחמה, וואָס זי האָט געפיהרט מיט כינאַ אין 1894. ענגלאַנד האָט זי באַלד אָנערקענט אַלס אַ ציוויליזירטעס לאַנד. עס האָט ניט לאַנג גע־נומען און די איבריגע אייראָפּעאישע מעכטען האָבען אָנערקענט יאַפּאַן'ס ציוויליזאַציאָן.

און יאַפּאַן איז באַלד געוואָרען אַ מאָדערנע רעגירונג מיט אַ מאָדערנער קאָנסטיטוציאָן. דער ערסטער פּאַרלאַמענט איז אין יאַפּאַן געעפענט געוואָרען אין 1890. דער קייזער מוטסוהיטאָ איז געזעסען אויף'ן טראָן זינט 1867. ער האָט שוין פריהער אונטערוואָרפען דאָס פעאָדאַל־סיסטעם און האָט דערמיט געמאַכט אַ וועג צו אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונגס־פאָרמע. נאָך דעם אָפּמאַך, וואָס יאַפּאַן האָט געשלאָסען מיט כינאַ אין 1895, האָבען רוסלאַנד, דייטשלאַנד און פראַנקרייך זיך דערשראָקען פאַר דער פּלוצ־לינגער מאַכט פון יאַפּאַן און האָבען זי געצוואונגען זי זאָל זיך ענטזאַגען פון דער האַלב־אינזעל ליאַאָ־טונג, וועלכע כינאַ האָט איהר איבערגעגעבען לויט דעם אָפּמאַך, אָבער זי האָט געפאָדערט פון כינאַ אַן אנדער בעלוינונג פיר דיזע האַלב־אינזעל.

די אייראָפּעאישע פעלקער האָבען זיך ענדליך אָנגעהויבען טשעפּען צו כינאַ. רוסלאַנד האָט שוין לאַנג אָנגעהויבען קריכען אַהין. זי האָט שוין פון פריהער זיך אָנגעאייגענט די גאַנצע געגענד פון דעם טייך אַמור און האָט זיך גענומען צו בויען די גרויסע סיביר־אייזענבאַהן. דערפאַר, וואָס רוס־לאַנד האָט געהאָלפען כינאַ צו בעקומען צוריק פון יאַפּאַן די האַלב־אינזעל ליאַאָ־טונג, האָט איהר כינאַ געגעבען דאָס רעכט צו בויען אין מאַנדזשוריאַ אַן אָפּטיילונגס־ליניע פון איהר סיבירער אייזענבאַהן. דייטשלאַנד האָט זיך

געטשעפּעט צו כינאַ מיט פּרעטענזיעס, וואָס איינינע דייטשע מיסיאָנערען זיינען דאָרט פון פאָלק ערמאָרדעט געוואָרען, און האָט דערפאַר בעקומען דעם פּאָרט ק י אַ אָ ־ ט ש אַ ו אויף אַ קאָנטראַקט פיר 99 יאָהר. אַ ביסעל שפּעטער (מערץ 1898) האָט רוסלאַנד בעקומען אַ קאָנטראַקט פון כינאַ אויף דעם האַפען פון דעם אייז־פרייען פּ אָ ר ט אַ ר ט ה ו ר, וואָס רוסלאַנד האָט שוין אַזוי לאַנג געשטרעבט נאָך דעם. לויט דיזען קאָנטראַקט האָט כינאַ פערדונגען צו רוסלאַנד פּאָרט טהור אויף אַ זעהר לאַנגע צייט. אויך ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען בעקומען קאָנצעסיאָנען אין כינאַ. נאָר אי־טאַליען האָט גאָר ניט בעקומען.

הגם כינאַ האָט איבערהויפּט געליטען פון די וועסט־אייראָפּעאישע מעכ־טען, איז דאָך יאַפּאַן מעהר אויפגעבראַכט געוואָרען אויף די רויבערישע פערלאַנגען פון רוסלאַנד, און האָט בעשלאָסען פון איהר צו נעהמען ראַכע. דאָס פערכאַפּען פּאָרט אַרטהור איז געוועזן די הויפּט־אורזאַך, וואָס האָט גע־פיהרט צו דעם קריג צווישען יאַפּאַן און רוסלאַנד מיט זעקס יאָהר שפּעטער.

דער רוסישער וויצע־קעניג אין ווייטען מזרח, אַ ד מ י ר אַ ל אַ ל ע ק ס ע י ע ו ו, האָט געפאָדערט פון דער כינעזישער רעגירונג אין פּעקינג, זי זאָל אויף דאָס ניי איבערגעבען אויף אַ צייט די רעגירונג פון מאַנדזשוריאַ אונטער דעם שוץ פון רוסלאַנד. יאַפּאַן האָט פּראָטעסטירט געגען דעם. אָבער כינאַ האָט קיין געוויכט ניט געלעגט אויף דיזען פּראָטעסט. עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ טראַקטאַט צווישען כינאַ און רוסלאַנד, לויט וועלכען, רוסלאַנד האָט זיך פערפּליכטעט לאַנגזאַם אַרויסצוגעהן פון מאַנ־דזשוריאַ, און כינאַ האָט זיך פערפּליכטעט צו בעשיצען די אינטערעסען פון רוסלאַנד אין דיזער פּראָווינץ.

אין הערבסט 1902 האָט דאָס רוסישע מיליטער זיך אַרויסגעצויגען פון אַ טייל פון מאַנדזשוריאַ. מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט רוסלאַנד אָנגעהויבען צו פערלאַנגען דאָרטען נייע קאָנצעסיאָנען, אָנשטאָט דעם, וואָס זי האָט זיך פערפּליכטעט בּיסלאַכוויז אין גאַנצען פערלאָזען דיזע פּראָווינץ. כי־נאַ, געשטיצט אויף דער סימפּאַטיע צו איהר און דער אַנטיפּאַטיע צו רוס־לאַנד פון דער זייט פון יאַפּאַן, ענגלאַנד, און אַמעריקאַ, האָט ענטזאַגט רוס־לאַנד איהרע פּאָדערונגען. דאַמאָלס האָט זיך רוסלאַנד גענומען צו קאָרעאַ. אַ גרויסער טייל פון רוסישע הענדלער און זאָגאַר אייניגע פון קייזערליכען הויף אין פּעטערבורג האָבען שטאַרק געוואָלט בעקומען אַ קאָנצעסיאָן צו גרינ־דען אַ געשעפט פון געשניטענע האָלץ (ברעטער) ביי די ברעגען פון דעם טייך יאַלו אין נאָרד־קאָרעאַ. רוסלאַנד מיט איהרע אינטריגעס האָט פער־

שפּרייט אַ שטאַרקע נעץ אין קאָרעאַ. יאַפּאַן האָט געפאָדערט רוסלאַנד זאָל אין גאַנצען פערלאָזען מאַנדזשוריאַ לויט דעם אָפּמאַך. יאַפּאַן האָט פאָרגע-לעגט רוסלאַנד אַ טראַקטאַט, וואָס זאָל גאַראַנטירען איהרע אינטערעסען אין מאַנדזשוריאַ, און האָט אָפען ערקלערט רוסלאַנד די ריכטיגע לאַגע, וואָס זי, יאַפּאַן, פערנעהמט אין קאָרעאַ. דער צאַר האָט ניט געוואָלט צוגעבען, דאָס יאַפּאַן האָט אייניגע אינטערעסען אין קאָרעאַ און האָט זיך ענטזאַגט צו שליסען דעם טראַקטאַט, וואָס יאַפּאַן האָט פאָרגעשלאָגען, און דאָס רוסישע מיליטער האָבען אָנגעהויבען צו קומען אין מאַסען אין מאַנדזשוריאַ. אין פעברואַר 1904 האָט יאַפּאַן גע־שיקט צו רוסלאַנד אַן אולטימאַטום. דאָס האָט בעשטימט דעם שיקזאַל פון רוסלאַנד.

דערווייל זיינען זעהר גיך פאָרגעקומען פערשיידענע בעגעבענהייטען. די צייט פון אולטימאַטום איז אריבער. דעם 8טען פעברואַר 1908 האָט יאַ-פּאַן געשיקט איהרע קריגס־שיפען צו פּאָרט אַרטהור, ניט וואַרטענדיג ביז אַ מלחמה וועט ערקלערט ווערען. די יאַפּאַנעזישע טאָרפּעדאָס האָבען באַלד צושטערט פיער רוסישע קריגס־שיפען. די יאַפּאַנעזישע פלאָטע האָט דאַן פערבלאָקאַדירט דעם האַפען פון פּאָרט אַרטהור און די רוסישע שיפען זיי-נען דאָרט ווי פער'חתמ'עט געוואָרען. ביי דעם האַפען פון טשעמולפּאָ זיי-נען נאָך אייניגע רוסישע קריגס־שיפען געשעדיגט געוואָרען און אַנדערע זיינען אין גאַנצען געזונקען געוואָרען. פון דאַמאָלס אָן האָבען די יאַ-פּאַנעזער בעהערשט דעם ים. קאָרעאַ איז געוואָרען פול מיט יאַפּאַנעזישע טרופּען און די רוסען זיינען פון דאָרט פערטריבען געוואָרען. דעם 28טען מאַי 1904 איז פּאָרט אַרטהור אָפּגעשניטען געוואָרען פון דער יבשה־זייט. 7 מאָנאַטען איז די פעסטונג געווען בעלאַגערט.ביידע זייטען — די בע-לאַגערער און די בעלאַגערטע—האָבען געוויזען גרויסע העלדענטאַטען. אין ניי־יאָהר פון 1905 האָט דער רוסישער קאָמאַנדיר פון דער פלאָטע און פעס-טונג, גענעראַל ש ט ע ס ס ע ל , זיך אונטערגעגעבען מיט 24 טויזענד סאָלדאַטען און זעהר פיעל אַמוניציאָן.

אין סעפּטעמבער 1904 האָט דער רוסישער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע, גענעראַל ק ו ר אָ פּ אַ ט ק י ן , געהאַט אַ גרויסע נידערלאַגע ביי ליאַאָ־יאַנג. נאָכדעם איז איהם אויסגעקומען איבערצוטראָגען אַנדערע צרות אין אַ לאַנגען שטרייט ביי די ברעגען פון דעם טייך שאַ־האָ (אין אָקטאָבער). ביידע אַרמעען, די רוסישע און די יאַפּאַנישע, האָבען פיעל געליטען דעם ווינטער פון שנעע און פראָסט. בעזונדערס האָט געליטען די רוסישע אַרמעע, ווייל די סיבירישע אייזענבאַהן, מיט איהר איינציגע קאָלייע, איז ניט אין

שטאַנד געוו'ען צו פערשאַפען דעם נעטיגען פאָרראַט פיר אַזאַ גרויסע אַר-
מעע. דער פאַל פון פּאָרט אַרטהור האָט פריי געמאַכט 200,000 יאפּאַנעזישע
סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען פערנומען ביי דער בעלאַגערונג פון דיזער
פעסטונג, און זיי האָבען זיך פעראייניגט מיט אַנדערע שטרייטענדע אונ-
טער דער קאָמאַנדע פון דעם פעלד-מאַרשאַל אָ י אַ מ אַ , און ער האָט
געהאַט די מעגליכקייט צו פערטרייבען די רוסען פון מוקדען, די הויפּטשטאָדט
פון מאַנדזשוריא (10טען מערץ 1905). 60 טויזענד מאַן זיינען געפאַלען
פון ביידע זייטען אין דיזער שלאַכט. קוראָפּאַטקין האָט אָפּגעטראָטען אין
ה אַ ר ב י ן , אַ וויכטיגע שטאָדט ביי דער אייזענבאַהן. די אַרמעע איז
שוין געווען האַלב פערדאָרבען. די יאַפּאַנעזער זיינען אויך געווען זעהר
אויסגעמאַטערט און זיינען ניט געווען אין שטאַנד פאָרטצוזעצען זייער
מאַרש צו פערפאָלגען די רוסען.

אום צוריקצוקעהרען דעם צאַר זיין עהרע, וואָס ער האָט פערלאָרען
אין די ים-שלאַכטען, האָט מען פון רוסלאַנד אַרויסגעשיקט נאָך יאַפּאַן אַ
גרויסע פלאָטע פון באַלטישען מעער אונטער דער קאָמאַנדע פון אַדמיראַל
ר אָ ז ש ד ע ס ט ו ו ע נ ס ק י. אויף'ן וו'עג האָבען זיך די רוסען פלוצלינג
דערשראָקען, זיי האָבען אויך ניט געוואוסט פאַרוואָס, און האָבען אָנגע-
הויבען שיסען אויף ענגלישע פישער-שיפלאַך (וועלכע, ווי עס ווייזט אויס,
זיי האָבען אָנגענומען פיר יאַפּאַנעזישע שיפען). דיזע אומגעלומפּערטקייט
האָט געבראַכט די רוסישע רעגירונג אין אַ גרויסען פּלאָנטער. עס האָט גע-
האַלטען דערביי, ענגלאַנד זאָל זיך פעראייניגען מיט יאַפּאַן געגען רוסלאַנד.
מיט גרויס מיה האָט מען דעם סכסוך ווי עס איז פערגלעט, ראָזשדעסט-
ווענסקי איז געווען אַ טיכטיגער אַדמיראַל, אָבער זיינע שיפען זיינען געווען
אין אַ זעהר שלעכטער לאַגע, ווייל די בעאַמטע האָבען צו'גנב'עט דאָס געלט,
וואָס די רוסישע רעגירונג האָט אַסיגנירט פיר די פלאָטע, דערצו זיינען
די מאַטראָזען פון זיינע שיפען געווען זעהר שלעכט דיסציפּלינירט און האָ-
בען זיך זעהר אָפט געבונטעוועט.

ענדליך איז די גרויסע רוסישע פלאָטע אָנגעקומען אין יאַפּאַנישען ים.
אין אַ שטרייט, וואָס האָט געדויערט דריי טעג, פון 27טען— 29טען מאַי,
איז די רוסישע פלאָטע אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. דער יאַפּאַנעזישער
אַדמיראַל ט אָ ג אָ האָט פון די 19 רוסישע קריג-שיפען אייניגע פערכאַפּט
און די איבריגע געזונקען, און אין זיינע שיפען האָבען די רוסען ניט בע-
וויזען צו מאַכען זאָגאַר אַ רעכטען שאָדען. די רוסישע זעע-מאַכט איז
פאָלשטענדיג פערניכטעט געוואָרען. רוסלאַנד'ס גאַנצע האָפנונג צו זיין

אַ ים־מאַכט איז צושטערט געוואָרען. דער שטרייט צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן ביי דער אינזעל טסושימאַ, אין יאַפּאַנישען מעער, ווערט פּערציי־בענט ווערען אין דער געשיכטע אַלס איינע פון די מערקווירדיגסטע ים־שלאַכטען.

עס איז פאַרגעשלאָגען געוואָרען אַ וואפען־שטילשטאַנד, אָבער עס איז ניט אָנגענומען געוואָרען. די יאַפּאַנעזער האָבען אריינגעשיקט אַ גרויסע אַרמעע אויף די אינזעל ס א כ א ל י ן, פון וועלכער די רוסען האָבען זיי ארויסגעטריבען אין 1875. די יאַפּאַנעזער האָבען אָנגעהויבען געהן אויף וו ל א ד י וו אָ ס ט אָ ק. מען האָט גע׳פּועל׳טביים צאַר ער זאָל איינ־שטימען צו פערהאַנדלען וועגען פרידען. די יאַפּאַנעזער זיינען שוין אויך זעהר אָפּגעשוואַכט געוואָרען און זייערע קוועלען זיינען אויסגעשעפּט גע־וואָרען, און זיי זיינען אויך געניינגט געווען צו מאַכען שלום. דער פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאטען ט ה ע אָ ד א ר ר אָ ז ע וו ע ל ט האָט אויף זיך גענומען די מיה צו מאַכען שלום צווישען די ביידע פיינד. בעפאָלמעכטיגטע פון ביידע צדדים פון יאַפּאַן און רוסלאַנד, זיינען געקו־מען נאָך פּ אָ ר ט ס מ ו ט ה, ניו־האַמפּשיר (אויגוסט 1905) צו פער־האַנדלען די בעדינגונגען פון פרידען. דעם 5טען סעפּטעמבער איז דער פרי־דען געשלאָסען און אונטערגעשריבען געוואָרען. רוסלאַנד האָט איינגעשטימט איבערצוגעבען מאַנדזשוריאַ און די אייזענבאַהן פון פּאָרט ארטהור צו כינאַ. דעם קאָנטראַקט, וואָס רוסלאַנד האָט געהאַט פון כינאַ אויף די האַלב־אינזעל ליאַאָ־טונג אויף אַ געוויסע צייט, האָט זי איבערגעגעבען צו יאַפּאַן; רוס־לאַנד האָט אָנערקענט די אויבערמאַכט פון יאַפּאַן אין קאָרעאַ, און האָט איבערגעגעבען צו יאַפּאַן דעם זידליכען טייל פון דער אינזעל סאַכאַלין.

די מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן האָט געהאַט אַ גרויסע בעדיי־טונג און וויכטיגקייט ניט נאָר פיר די שטרייטענדע, נאָר אויך פיר כינאַ, אַמעריקאַ און פיר די גאַנצע וועלט. די מעכטען פון וועסט־אייראָפּאַ האָ־בען נאָכגעקוקט, בעטראַכט יעדען שריט פון דעם שטרייט; עס האָט פיר זיי געהאַט אַ גרויסען אינטערעס. די פאָלשטענדיגע אָרגאַניזאַציאָן פון דער שטרייט־מאַכט, די וואונדערבאַרע קראַפט פון דורכפיהרען די בעפעהלען פון די מיליטער־בעאַמטע, די סאַניטאַרע איינריכטונגען און אויסשטאַטונגען פון דער אַרמעע, די אַגנצע קריגס־טאַקטיק און איבערהויפּט כמעט דער איבער־נאַטירליכער קוראַזש פון די יאַפּאַנעזישע סאָלדאַטען — דאָס אַלעס איז גע־ווען אונערוואַרטעט פיר די אייראָפּעאישע מעכטען. דאָס איז געווען מעהר אונערוואַרטעט ווי די שלעכטע פאָרבערייטונג און די אונפעהיגקייט פון די

רוסישע סאָלדאטען און זייערע קאָמאַנדירען. די יאפּאנעזער זיינען געווען פעראייניגט און דער קלענסטער סאָלדאט האָט געוואוסט צוליב וואָס ער געהט אין שטרייט און שטעלט איין זיין לעבען; די רוסישע סאָלדאטען אָבער האָבען ניט געוואוסט צוליב וואָס מען שלאָגט זיך און וואָס מען וויל געווינען, אויסער דעם זיינען די יאפּאנעזער געווען ניט ווייט פון דער היים, און זיינען געווען גוט פאָרבערייטעט צו דעם קריג, ווערהענד די רוסען האָבען אַלעס געמוזט בריינגען פון דער היים דורך א באהן, וואָס געהט זעהר לאַנגזאַם, און זיינען געווען זעהר שלעכט פאָרבערייטעט.

די מלחמה האָט געקאָסט יעדען איינעם פון די שטרייטענדע אונגעפעהר $100,000,000 דאָללאַר און איבער 200,000 נפשות אין טויטע און פערוואונדעטע. נאָר פיר יאפּאַן איז עס געווען א וויכטיגער זיג. איינע אַליין האָט זי בייגעקומען א פיהרער פון א באנדע רויבער פון די אייראָפּעאישע מעכטען, וועלכע האָבען צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד געשניטען אָהן רחמנות שטיקער פון דער כינעזישער מדינה. דער גלויבען, דאָס די וועסטליכע מעכטען זיינען אונבעזיגבאַר, איז בטל געוואָרען. גאַנץ אַזיען איז דורכגעדרונגען געוואָרען מיט רעספּעקט צו זיך זעלבסט און האָט געקראָגען צוטרויען צו איהר אייגענער מאַכט, פון וועלכער זי האָט זעלבסט פריהער ניט געוואוסט. דיזער זיג פון יאפּאַן האָט הויך אויפגעהויבען די צוקונפט פון כינאַ און די פראַגע וועגען דער קאָנטראָל פון דעם שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק), א פראַגע, וועלכע אינטערעסירט ניט נאָר אַזיען און אייראָפּאַ, נאָר אויך אַמעריקאַ און אויסטראַליען. די גענעראַלען פון דער יאפּאַנעזישער ארמעע האָבען פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט א סאָרט מאָנראָע-דאָקטרין *), דאָס הייסט, דאָס אַזיען זאָל זיין נאָר פיר די אַזיאַטען. פון יעצט אָן וועט שוין קיין אַזיאַטישע פראַגע ניט געלעזט ווערען אָהן דער צושטימונג און דעם אָנטייל פון אַן אַזיאַטישען פאָלק. אויסער דעם האָט דיזע מלחמה פיעל ערנידריגט די עהרע פון רוסלאַנד און האָט אומגעוואָרפען דעם גלויבען אין איהר גרויסער מאַכט. די מלחמה האָט אויך אַרויסגערופען גרויסע קרעפטען צו רעפאָרמירען רוסלאַנד און זי בריינגען נעהענטער צו די הויך-ציוויליזירטע נאַציאָנען.

זינט די יאפּאַנעזיש-רוסישע מלחמה האָט זיך געענדיגט האָט יאפּאַן ניט אויפגעהערט צו מאַכען פערשיידענע רעפאָרמעס אין לאַנד, איבערהויפּט אין עקאָנאָמישער הינזיכט, ווי אויך צו פערבעסערן איהרע בעציהונגען צו

---

*) מאָנראָע איז געווען אַן אַמעריקאַנישער פּרעזידענט, וועלכער האָט ערקלערט אַלס פּרינציפּ, דאָס אַמעריקאַ דאַרף זיין נאָר פיר די אַמעריקאַנער.

אַנדערע מעכטען. די יאַפּאַנעזישע שטאַאַטסמענער האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט דער פראַגע פון בעשטייערן דאָס פּאָלק, ווי אויך מיט דער עמיגראַציאָנס־פראַגע. אונטער דער דיפּלאָמאַטיע פון פּרינץ א י ט אָ האָט יאַפּאַן צוגעצויגען קאָרעאַ זעהר פעסט צו זיך. דאָס ענדע פון דיזער פּאָליטיק איז געווען, דאָס דעם 29טען אויגוסט 1910 איז קאָרעאַ אין גאַנצען פערייניגט געוואָרען מיט יאַפּאַן.

יאַפּאַן׳ס אויסלענדישע פּאָליטיק איז געגרינדעט געוואָרען אויף אַ געוויסען סיסטעם און איז געגאַנגען אויף אַ בעשטימטען וועג. דעם 4טען יולי 1910 האָט יאַפּאַן געשלאָסען אַ טראַקטאַט מיט רוסלאַנד אין בעטרעף פון דעם איינפלוס, וואָס יעדע פון די צוויי מעכטען זאָל האָבען אין מאַנדזשוריאַ און עס זאָל מעהר ניט קומען צו סכסוכים. דיזען טראַקטאַט האָט אויך כינאַ אָנערקענט (21טען יולי). די עמיגראַציאָנס־פראַגע, וועלכע האָט אַרויסגערופען סכסוכים צווישען יאַפּאַן און די פעראייניגטע שטאַאַטען, איבערהויפּט מיט׳ן שטאַאַט קאַליפאָרניאַ, איז געענדיגט געוואָרען פרידליך דורך אַ טראַקטאַט, וועלכער איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון דעם סענאַט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען דעם 24טען פעברואַר 1911. דעם 13טען יולי האָט יאַפּאַן געשלאָסען אַ נייעם טראַקטאַט מיט ענגלאַנד אויף 10 יאָהר. דעם 30טען יולי 1912 איז דער מיקאַדאָ (קייזער) מוטסוהיטאָ געשטאָרבען. דעם טראָן האָט בעשטיגען דער נייער קייזער י אָ ש י ה י ט אָ (געב. 1879). דער מיניסטער־קאַבינעט אונטער פּרעמיער ק אַ ט ס ו ר אַ , וואָס איז אַריין אין מאַכט דיזם 4טען יולי 1908, האָט רעזיגנירט דעם 25טען אויגוסט 1911, און דעם 30טען אויגוסט אייז מאַרקיז ס אַ י אַ נ ד ז ש י געוואָרען פּרעמיער.

די מלחמה צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן האָט געהאַט איין אונגעהייערע ווירקונג אויף כינאַ. זי האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון דעם טיפען שלאָף, אין וועלכען זיי איז געווען פערזונקען פיעלע יאָהרהונדערטער. נאָך דער מלחמה צווישען כינאַ און יאַפּאַן אין 1895 האָט זיך כינאַ אָנגעהויבען בעוועגען. זי האָט אָנגעהויבען איינפיהרען אין אַלע דעפּאַרטעמענטען פון לאַנד רעפאָרמעס איינע נאָך דער אַנדערער. זי האָט אַרויסגעגעבען צו אויסלענדישע פירמעס פערשיידענע קאָנצעסיאָנען צו בויען אייזענבאַהנען, איינפיהרען טעלעגראַפען, און דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבען אַריינלאָזען אויסלענדישע סוחרים און האָט אָנגעהויבען צו האַנדלען מיט זיי. דער יונגער קייזער ק ו אַ נ ג ־ ה ס ו איז געווען זעהר געניינט איינצופיהרען די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן. אָבער זיין טאַנטע, די אַלמנה־קייזערין ט ס י ־ אַ ן ,

איז געווען געגען דעם. אין 1898 האָט זי זיך בענוצט מיט אַ געוויסער בע-געבענהייט און האָט אַריינגעכאַפּט אין איהרע הענט די רעגירונגס־מאַכט, וואָס זי האָט געהאַט אין דער צייט, ווען דער יונגער קייזער איז נאָך ניט גע-ווען פולי־עהריג צו רעגירען. עס האָט געשיינט, דאָס אַ רעאַקציאָן האָט אַריינגעטרעטען. אין 1900 האָט זיך ווייט און ברייט פערשפּרייט די נאַציאָ-נאַליסטישע רעאַקציאָן פון דער פּאַרטיי. איבערהויפּט זיינען זיי געווען געגען אויסלענדער. אָן דער שפּיץ פון דיזער בעוועגונג זיינען געשטאַנען ד י ב אָ ק ס ע ר ס — אַ שטאַרק פערשפּרייטער געהיימער פעראיין אין כינאַ *). דיזע באָקסערס האָבען זיך געמאַכט אַלס זייער אויפגאַבע צו ערמאָרדען וואָס מעהר אויסלענדער, איבערהויפּט אייראָפּעער. זיי האָ-בען בעלאַגערט די אייראָפּעאישע קאָנסולאַטען און אַמבאַסאַדאָרען. די איי-ראָפּעאישע מעכטען האָבען זיך פעראייניגט און האָבען געשיקט אַ גרויסע אַרמעע צו בעפרייען די בעלאַגערטע. אויך יאַפּאַן און די פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען זיך פעראייניגט מיט די אייראָפּעאישע מעכטען צו דיזען צוועק. די פעראייניגטע טרופּען זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם דייטשען גענעראַל ג ר אַ ף ו ו אַ ל ד ע ר ז ע ע, און זיי האָבען ענדליך בעפרייט די אייראָפּעאישע קאָנסולאַטען און אַמבאַ-סאַדען אין פּעקינג פון געפאַהר. די אַלמנה־קייזערין איז געווען געצוואונ-גען צו שליסען פרידען אונטער ערנידריגענדע בעדינגונגען און אויסער דעם צו צאָהלען אַ גרויסע סומע שאַדענערזאַץ.

ווען כינאַ האָט אַ ביסעל ערוואַכט פון איהר לאַנגען שלאָף נאָך איהר שטרייט מיט יאַפּאַן, איז זי אין גאַנצען וואַך געוואָרען נאָך דער מלחמה צווישען יאַפּאַן און רוסלאַנד. די רעאַקציאָן איז אין גאַנצען פערשוואונדען, און דאָס פאָלק איז געוואָרען שטאַרק ענטהויזיאַסטיש פיר אייראָפּעאישע בילדונג און אייראָפּעאישע מעטאָדען. די רעגירונג האָט אָנגעהויבען איינ-פיהרען נייעס איינס נאָך׳ן אַנדערען. זי האָט רעקאָמענדירט הייראַטען צווי-שען כינעזער און מאַנדזשוס, זי האָט אָפּגעשוואַכט די אַלטמאָדישע שווערע ליטעראַרישע עקזאַמענס פיר׳ פערזאָנען, וואָס ווילען אָננעהמען אַ רעגירונגס־שטעלע, און האָט אין גאַנצען פערבאָטען צו מאַמערן פערברעכער אַלס אַ שטראָף. מען האָט געשאַפען נייע אייזענבאַהנען, געעפענט נייע שולען, פיר וועלכע עס זיינען איינגעלאַדען געוואָרען לעהרער פון די יאַפּאַנעזער אָדער פון אייראָפּעער. הונדערטער יונגע כינעזער זיינען אַוועק נאָך אויסלאַנד

*) דער נאָמען „באָקסער״ איז ענגליש און בעדייט „פויסט־קעמפער״.

צו שטודירען אין די אוניווערזיטעטען. דיזע קומענדיג צוריק האָבען מיט-געבראַכט א נייעם גייסט, וועלכער האָט פיעל געווירקט צו פערברייטען רעוואָלוציאָנערע אידעען.

## דער אויפשטאַנד געגען דער קייזערליכער דינאַסטיע מאַנדזשו.

די מאַנדזשו-דינאַסטיע האָט בעהערשט כינאַ אין 1644. אין אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט האָט דאָס כינעזישע פאָלק אָנגעהויבען ארויסצוציינען אונצופרידענהייט מיט דער קייזערליכער דינאַסטיע און האָט אָנגעהויבען צו מאַכען אונרוהען. אין 1910 האָט א כינעזישער סטודענט געשריבען: „די מאַנדזשוס מוזען געהן, זיי האָבען ניט ערפילט זייער פליכט צום פאָלק צו געבען איהם די פרייהייט, וועלכע עס רעכענט פיר נעטיג אום צו זיין גליקליך און צופרידען. זייער אַרט הערשען איז פערדאָרבען. דאָס פאָלק דענקט יעצט אַנדערס; אין לאַנד געפינען זיך יעצט זעהר פיעלע הונגעריגע מאָגענס, וועלכע האָבען ניט די מעגליכקייט צו שטילען זייער הונגער און די מאַנדזשוס אינטערעסירען זיך גאָר ניט מיט זיי".

דער יונגער קייזער האָט פערשטאַנען און האָט אָנערקענט זיין פליכט צום פאָלק, אָבער ער איז געווען צו שוואַך עטוואָס וויכטיגעס דורכצופיהרען. דאָך האָט ער געטאָן דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געקענט טאָן. אין 1906 האָט די אלמנה-קייזערין, וועלכע איז דאַמאָלס געווען די רעגענטין, געשיקט א קאָמיסיאָן פון פינף וויכטיגע כינעזער נאָך איירָאָפּאַ צו שטודירען די פאָר-מעס פון איירָאָפּעאישע רעגירונגען. דעם 1טען סעפּטעמבער האָט די קייזערין-רעגענטין ארויסגעלאָזען א בעפעהל אין נאָמען פון איהר פּלעמעניק, אין וועלכען זי האָט פערשפּראָכען געבען דעם פאָלק א קאָנסטיטוציאָן, ווי באַלד דאָס פאָלק וועט ווערען פערטיג דערצו. אין דעם זעלבען עדיקט רעדט זי אויך וועגען דער נויטווענדיגקייט פון אַלגעמיינער בילדונג און וועגען רע-פאָרמירען די פינאַנצען און די אַרמעע. דיזע אידעען וועגען רעפאָרמעס האָ-בען זיך פערשפּרייט אין פאָלק. אין 1908 איז די בעריהמטע רעגענטין גע-שטאָרבען און באַלד נאָך איהר, אויף דעם אַנדערען טאָג, איז אויך דער קליין קייזערל געשטאָרבען. זייער טויט האָט קיין ווירקונג ניט געהאַט אויף צושטענדען אין לאַנד און האָט ניט געענדערט די לאַגע.

דעם 3טען דעצעמבער 1908 האָט די רעגירונג ארויסגעגעבען אַן עדיקט, לויט וועלכען די פערשפּראָכענע קאָנסטיטוציאָן וועט איינגעפיהרט ווערען אין יאָהר 1917. דערביי איז געווען א פּראָגראַם, וועלכע רעפאָרמעס עס זאָלען געמאַכט ווערען יעדען יאָהר אום פּאָרצובערייטען די אומשטענדען פיר די קאָנסטיטוציאָן. אין אָקטאָבער 1910 איז דער סענאַט צוזאַמענגע-

רופען געוואָרען אין פעקינג מיט'ן צוועק אויסצואַרבייטען די הויפּט־גרינדען פון קינפטיגען פּאַרלאַמענט. דער סענאַט איז בעשטאַנען פון 262 מיטגלי-דער, פון וועלכע אייניגע זיינען בעשטימט געוואָרען פון דער רעגירונג און אייניגע זיינען ערוועהלט געוואָרען פון פאָלק אין דער פּראָווינץ, און די איב-ריגע — דורך די מיניסטאָרען. דער סענאַט איז ניט צופרידען געוועזען מיט זיין ראָלע און האָט געפאָדערט, דאָס דער גרויסער ראַט, וויילכער איז געוועזען די הויפּט רעגירונגס־קערפּערשאַפט, זאָל זיין פעראַנטוואָרטליך צו איהם (צום סענאַט). דער טראָן האָט עס ענטזאַגט. שפּעטער אָבער האָט ער נאָכגע-געבען, און האָט אַרויסגעגעבען אַן עדיקט מען זאָל צוזאַמענרופען אַ פּאַר-לאַמענט אין 1913.

אין דער זעלבער צייט איז דער האַס פון פאָלק צו זיינע בעדריקער, די מאַנדזשוס, געוואָרען זעהר גרויס. דערצו איז צוגעקומען אַ הונגער־נויט, וועלכע האָט געפיהרט צו אויפשטאַנדען. אויף די פּראַגע וועגען אַן אַנ-לייהע אויף צו בויען אַ נייע אייזענבאַהן האָט אָנגעמאַכט גרויסע אונרוהען אין לאַנד. עס האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אין סעטשואַן, איינע פון די שטאַרק בעפעלקערטע האַנדעלס־פּראָווינצען אין לאַנד. אין אָק-טאָבער 1911 האָבען די רעוואָלוציאָנערען פערכאַפּט די וויכטיגע שטאָדט וואו־טשאַנג, און זיי האָבען דאָרט באַלד איינגעריכטעט אַן אונאָפּהענגיגע מיליטערישע רעגירונג. דער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט זיך פערשפּרייט זעהר שנעל ווייט און ברייט. עס זיינען אָפּגעפאַלען פון דער אימפּעריע מעהרערע פּראָווינצען און זיינען צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערען. אין אָנפאַנג פון 1912 זיינען פון די 22 פּראָווינצען פון דער כינעזישער אימפּעריע 14 צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָן. אום זיך צו רעטען האָט די דינאַסטיע בעשלאָסען נאָכצוגעבען אַלע פאָדערונגען פון פאָלק און האָט פערלאַנגט נאָר מען זאָל איהר לאָזען דעם לעערען טיטעל פון „אויבערהערשער".

דעם 22טען אָקטאָבער 1911 האָט זיך דער פּאַרלאַמענט פערזאַמעלט אין פעקינג. אין 48 שטונדען האָט דער סענאַט פערפאַסט אַ קאָנסטיטוציאָן. דעם 3טען נאָוועמבער האָט אַ קייזערליכער עדיקט זי בעשטעטיגט, און דעם 26טען נאָוועמבער האָט דער פּרינץ טשון, דער רעגענט, אַרויסגע-געבען אַן עדיקט אין נאָמען פון דעם קליינעם קינד, דעם קייזער, און האָט געשוואָרען אָפּצוהיטען אַלע פּונקטען פון דער נייער קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד.

די לאַגע איז געוואָרען אַזעלכע, דאָס די רעגירונג האָט פערלאָרען יעדע קאָנטראָל. די רעוואָלוציאָנערען האָבען געוואונען אויף זייער זייט אַ שטאָדט

נאָך א שטאָדט. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט ארונטערגעזעצט פון זיין אַמט דעם מיניסטער פון פּאָסט און אייזענבאַהן דערפאר, וואָס ער האָט געשטערט די אָנלייהע פיר די אייזענבאַהן.

דעם 24טען אָקטאָבער האָט די פאָלקס־פערזאַמלונג געפאָדערט א גאַנצע רייהע פון רעפאָרמעס. צווישען דיזע רעפאָרמעס איז אויך געווען די פאָדערונג מען זאָל גלייך זיך נעהמען איינריכטען א פּארלאַמענט און געבען אַמנעסטיע (בעגנאַדיגונג) צו די רעוואָלוציאָנערען. מיט צוויי טעג שפּעטער איז דער מיניסטער פון פּאָסט ארונטערגעזעצט געוואָרען. דאָס איז געווען דער ערסטער וואונק, דאָס די רעגירונג מוז נאָכגעבען דעם ווילען פון פאָלק. דעם 30טען אָקטאָבער האָט די רעגירונג ארויסגעגעבען אַן עדיקט, אין וועלכען דער בייבי־קייזער פּו־יי אָנערקענט די פעהלערן פון זיין רעגירונג און גיט זיין הסכמה אויף אַלע רעפאָרמעס, וואָס דאָס פאָלק פערלאַנגט. אין דעם זעלבען טאָג האָט דער רעגענט גערופען צו זיך יואַן־שי־קאַי און האָט איהם איבערגעגעבען די הויפּט־קאָמאַנדע איבער די אַרמעע און די פלאָטע. יואַן איז מיט א צייט פריהער געווען וויצע־קעניג אין טשיה־לי. ער איז געווען א שטרענגער קאָנסערוואַטיווער פיהרער, נאָר ער האָט גוט פערשטאַנען ווי נעטיג עס איז יעצט צו מאַכען רעפאָרמעס און נייע אָרדנונגען אין דער רעגירונג. אָבער אין יאַנואַר 1909 איז ער ענטזאָגט געוואָרען פון זיין שטעלע, ווייל ער האָט ניט איינגעשטימט מיט דער רעגענטין, דער אַלמנה־קייזערין. נאָוועמבער דעם 1טען 1911 איז ער געוואָרען פּרעמיער מיט דער מאַכט פון א דיקטאַטאָר און מיט דעם רעכט צו בילדען א נייעם אייגענעם קאַבינעט פון מיניסטאָרען.

אָבער די רעוואָלוציאָנערען זיינען מיט דיזע אַלע רעפאָרמעס נאָך אַלץ ניט צופרידען געווען. דער ערפאָלג, וואָס זיי האָבען געהאַט אין אַלע זייערע אונטערנעהמונגען, האָט זיי געגעבען מוט צו פערלאַנגען מעהר, ווי זיי האָבען אין אָנפאַנג געוואָלט. שפּעט אין אָקטאָבער האָבען זיי ערקלערט א רעפּובליק אין כינא און אַלס פּרעזידענט האָבען זיי ערוועהלט דעם הויפּט־אָנפיהרער פון די רעוואָלוציאָנערען לי־יואַן־הונג. דעם 3טען נאָוועמבער האָט דער קייזער אָנגענומען א פּראָיעקט פון א נייער קאָנסטיטוציאָן, וועלכע האָט זעהר בעשרענקט די רעכטען פון קייזער און האָט געגעבען דעם פּארלאַמענט קאָנטראָל איבער דעם בודזשעט. מיט איי‌ניגע טעג שפּעטער האָבען די רעוואָלוציאָנערען פערכאַפּט איי‌ניגע וויכטיגע שטעדט: שאַנגהאַי, סוטשאַו, פוטשאַו און קאַנטאָן. דיזער ערפאָלג האָט געבראַכט גאַנץ צענטראַל־כינא אונטער דער קאָנטראָל פון די רעוואָלוציאָנערען,

אויסער נאַנקינג און האַנקאו, וועלכע די קייזערליכע טרופּען האָבען צוריקגענומען פון די רעוואָלוציאָנערען (17טען נאָוועמבער).

אָבער יואַן האָט ניט געוואגט אָנצונעהמען דאָס אַמט פון פּרעזידענט, הגם די נאָרדליכע קייזערליכע אַרמעע האָט זיך איבערגעגעבען צו איהם און ער האָט געקענט מיט גרויס ערפאָלג פאָרטזעצען דעם שטרייט. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער בעשלאָסען, דאָס יעצט איז נאָך דאָס פאָלק ניט פאָרבערייטעט צו אַ רעפּובליק און פאָרלויפיג איז פיר כינאַ בעסער צו זיין אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע אונטער די מאַנדזשוס. דעם 13טען נאָוועמבער איז ער אָנגעקומען אין די רעזידענץ. מיט 3 טעג שפּעטער האָט ער צוזאַמענגעשטעלט זיין קאַבינעט פון מיניסטאָרען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אייניגע, וואָס האָבען סימפּאַטיזירט מיט די רעוואָלוציאָנערען. די נאָרדליכע פּראָווינצען זיינען געווען איינשטימיג מיט זיינע פּלענער. די זידליכע פּראָווינצען אָבער, וועלכע זיינען געווען רעפּובליקאַניש און האָבען אימער געהאַסט די מאַנדזשוס, זיינען ניט צופרידען געווען מיט זיינע אָרדנונגען. די געגענד פון יאַנגסטע האָט פאָרטגעזעצט דעם בלוטיגען שטרייט. דעם 29טען נאָוועמבער איז נאַנקינג אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערען, און דאַן האָט די רעוואָלוציאָן דערגרייכט איהר העכסטע שטופע. דעם 9טען דעצעמבער איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אַ וואַפען־שטילשטאַנד אום אויסצואַרבייטען בעדינגונגען פון פרידען. מיט דריי טעג פריהער האָט דער רעגענט אָפּגעדאַנקט, און פיר דעם קליינעם קעניג זיינען בעשטימט געוואָרען צוויי אַפּוטרופּסים (אַפּעקונעם), איינער אַ מאַנדזשו און דער אַנדערער אַ כינעזער. דער קליינער קייזערל האָט זיך געווענדעט צום פאָלק מיט אַ געפיהלפולען שרייבען, אין וועלכען ער האָט אָנערקענט זיין שוואַכקייט. מען האָט פערלענגערט דעם וואַפען־שטילשטאַנד. דעם 29טען דעצעמבער האָט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אין נאַנקינג ערוועהלט אַלס דערוויילינגען פּרעזידענט דר. ס ו ן י אַ ט ־ ס ע ן, אַ הייסער רעפּובליקאַנער, וועלכער איז גוט בעקאַנט אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ מיט זיינע קלוגע מיטלען צו שאַפען געלט פיר די רעוואָלוציאָן. דעם 17טען יאַנואַר 1912 זיינען די פּרינצען פון דער מאַנדזשו־דינאַסטיע געצוואונגען געוואָרען אָפּצודאַנקען פון כינעזישען טראָן.

פינף טויזענד יאָהר כסדר איז כינאַ געווען אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע. דעם 12טען פעברואַר 1912 האָט גענומען אַן ענד צו דיזער פאָרמע פון רעגירונג אין כינאַ און זי איז געוואָרען אַ רעפּובליק. די נייעס וועגען דער אָפּדאַנקונג פון די מאַנדזשוס איז פערעפענטליכט געוואָרען דריי טעג שפּעטער.

דער יונגער קייזערל, וועלכער איז דאַמאָלס אַלט געווען 6 יאָהר אָהן א טאָג, האָט אויפגעגעבען דאָס קייזער־געשעפט און איז צוזאַמען מיט זיין מוטער און אַנדערע מיטגלידער פון דער קייזערליכער מאַנדזשו־פאַמיליע אַוועק צו פּראַוועז א לוקסוס־גלות. 268 יאָהר האָט די מאַנדזשו־דינאַסטיע געהערשט אין כינא, און אין 1912, פעברואַר דעם 12טען, האָט גענומען אַן ענד צו איהר הערשאַפט.

דעם 15טען פעברואַר האָט דר. סון־יאַט־סען אַוועקגעלעגט דאָס פּרע־זידענט־אַמט, צו וועלכען ער איז געווען בעשטימט נאָר אויף א צייט ביז עס וועט ערוועהלט ווערען פון פאָלק א פּערמאַנענטער פּרעזידענט. דאָס פאָלק האָט ערוועהלט יואַן־שיה־קאַי. דאָס איז דער ערסטער פּרעזידענט פון דער כינעזישער רעפּובליק. דעם 10טען מערץ האָט דער נייער פּרעזי-דענט געשוואָרען צו זיין טריי דער קאָנסטיטוציאָן. יואַן האָט באַלד צוזאַ-מענגעשטעלט א נייעם קאַבינעט פון מיניסטאָרען מיט טאַנג שאַאָ־יִי אַלס פּרעמיער. די רעפּובליק האָט אָנגענומען א נייעם פלאַג — 5 פּאַסען: רויט, געל, וויס, בלוי און שוואַרץ, וועלכע רעפּרעזענטירען די 5 ראַסען פון דער בעפעלקערונג: כינעזער, מאָנגאָלען, מאַנדזשוס, מאַח-מעדאַנער און טיבעטער.

לויט דעם עדיקט פון 22טען יולי 1908 זיינען בעשטימט געוואָרען פאָלקס־פערזאַמלונגען אין יעדער פּראָווינץ אום צו ערוועהלען דעפּוטאַטען פיר א פּאַרלאַמענט. דעם 14טען אָקטאָבער 1909 איז געווען די ערסטע פאָלקס־פערזאַמלונג פיר וואַהלען.

יעצט, ווען די כינעזישע רעפּובליק האָט געקענט מיט ערפאָלג ביי-שטעהן און ארויס גאַנץ פון די הענט פון די אייראָפּעאישע מעכטען, וועלכע האָבען געשטרעבט צו צורייסען זי אויף שטיקער, און קען פיהרען איהרע פינאַנצען אָהן דער הילף פון אייראָפּעאישען קאַפּיטאַל, קען מען פאָרויס-זאָגען, דאָס איהר שטעהט פאָר א גלענצענדע צוקונפט. דער שיקזאַל פון יאַפּאַן און כינא איז יעצט אין די הענט פון זייערע אייגענע פעלקער, און די געשיכטע פון וויטען מזרח נעהמט יעצט אָן א נייעם וועג.

## די הערשאַפט פון אייראָפּא איבער אפריקא.

די אייראָפּעאישע מעכטען האָבען געפונען אין כינא און יאַפּאַן גרויסע הינדערניסען, וואָס האָבען זיי געשטערט צופרידענצושטעלען זייער שטאַר-קען אַפּעטיט איינצושלינגען דיזע צוויי לענדער. און ווי עס ווייזט אויס

וועט דיזער אפעטיט זייערער בלייבען אונבעפרידיגט. דערפאר איז די איינ־שלינגונג פון אפריקא דורך די אייראפעאער א געשעהענער פאקט.

די שטרעבונג צו פערכאפען זיד־אמעריקא איז די אייראפעער ניט גע־לונגען צוליב דער מאנראָע־דאָקטרין — אמעריקא פיר אמעריקאנער און קיין אנדער מאכט דארף ניט צוגעלאזען ווערען צו הערשען דארט. זיי האבען אבער געמוזט האבען אן ארט פיר זייערע צו געדיכטע בעפעלקערונגען און פיר זייער האנדעל, האבען זיי זיך גענומען צום פינסטערען וועלט־טייל, צו אפריקא. אין 1875 האבען זיך געפונען אין אפריקא זעהר ווענינ קא־לאניעס פון ווייסע מענשען ביי די ברעגעס. אין 1912 זיינען אין גאנץ אפריקא געבליבען פרייע אונאפהענגיגע שטאאטען נאר צוויי — א ב ע ס ־ ס י נ י ע ן און די קליינע נעגער־רעפובליק ל י ב ע ר י א. די איבריגע לענדער האבען די אייראפעער איינגעשלונגען און בעזעצט מיט ווייסע.

זינט 1883 איז עגיפטען פאקטיש געווארען א טייל פון ענגלאנד, נאר לפנים איז זי נאך געווען אונטער דער אויבערהערשאפט פון טערקיי. אין 1898 האט סער הערבערט קיטשענער פערניכטעט די מאכט פון די פאנאטי־שע כאליפען און סודאן איז אריבער אונטער די הערשאפט פון ענגלאנד. זינט דאן איז ענגלאנד'ס הערשאפט איבער עגיפטען געווארען פעסטער און בע־שטימטער. ענגלאנד האט דארט פערגרעסערט דעם עקאנאמישען און פינאנ־ציעלען צושטאנד. זי האט דארט געבויט אייזענבאהנען און האט די וואַ־סערן פון נילוס געמאכט זעהר ניצליך פיר אקערבוי.

דער אפמאך צווישען ענגלאנד און פראנקרייך וועגען די רעכטען אויף עגיפטען (1904) האט אפגעשאפט יעדע מעגליכקייט פיר וועלכע עס איז אייראפעאישע מאכט זיך אריינצומישען אין די עגיפטישע אנגעלעגענהייטען און צו הינדערן ענגלאנד אין איהרע ארדנונגען דארט. לארד ק ר א מ ע ר האט געהאט א פרייע האנט איינצואָרדנען דארט די פינאנצען ווי ער האט געפונען פיר גוט. אין 1907 האט דיזער בעדייטענדער שטאאטסמאן רע־זיגנירט פון זיין אמט נאך דעם, ווי ער האט 24 יאהר דארט געהערשט ווי א דעספאט. עס איז קיין ספק ניט, דאס ענגלאנד האט געטאן זעהר גוטע ארבייט אין עגיפטען אין מאטעריעלער הינזיכט. אבער אין דער בע־האנדלונג פון דעם עגיפטישען פאלק האט דער ענגלישער פערטרעטער אין קאירא זיך ניט אויסגעצייכענט. דערצו זיינען געווען פיעלע אורזאכען. פיעלע עגיפטער האבען געוואלט אראפווארפען פון זיך די הערשאפט פון אן אויסלענדישער מאכט. דער געזעצגעבענדער ראט און די פאלקס־פער־זאמלונג, וואס דער וויצע־קעניג לארד ד א פ פ ע ר י ן האט איינגע־

אָרדענט. האָבען אין גרונד קיין אויטאָריטעט ניט געהאַט. אין דעם לעצטען יאָהר פון לאָרד קראָמער'ס רעגירונג האָט זיך זעהר געשטאַרקט די בעוועגונג פון די נאַציאָנאַליסטען און זיי האָבען געפונען טיכטיגע פיהרער. פערשיי־דענע אורזאַכען האָבען זעהר אָפּגעשוואַכט די פּאָפּולאַריטעט פון דער ענגלי־שער רעגירונג אין עגיפּטען. ראָאָזעוועלט, דער עקס־פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, האָט פאָהרענדיג צוריק פון זיין יאַגד־רייזע אין צענטראַל־אַפריקאַ (מאַי 1910), געהאַלטען אַ רעדע וועגען ענגלישער פּאָליטיק אין עגיפּטען און האָט געראַטען די ענגלישע בעאַמטע צו ענדערן זייערע בעציהונגען צו די עגיפּטער. דער נאָכפאָלגער פון לאָרד קראָמער, סער ד ז ש אָ ה ן ע ל ד אָ ן ג אָ ר ס ט, האָט געענדערט די פּאָליטיק פון זיין פאָרגענגער און האָט געזוכט אין איינינגע הינזיכטען צופרידען שטעלען די ווינשען פון די נאַציאָנאַליסטען. אָבער פון לאָנדאָן האָט מען פּראָטעסטירט געגען דעם, וויל אַ מילדע בעהאַנדלונג שוואַכט אָפּ די ענגלישע אויטאָריטעט. סער גאָרסט איז אַרונטער פון זיין שטעלע און זיין פּלאַץ האָט פערנומען ל אָ ר ד ק י ט ש ע נ ע ר. דיזער האָט רעגירט זעהר שטרענג. אָבער עס האָט זיך באַלד בעוויזען, דאָס זיינע שטרענגע מיטלען פיהרען ניט צו די געווינשטע רעזולטאַטען.

דערפאַר, וואָס פראַנקרייך האָט איבערגעלאָזען די הערשאַפט אין עגיפּ־טען צו די ענגלענדער אַליין, האָט זי געקראָגען אַ פרייע האַנט צו פער־שפּרייטען איהר מאַכט אין נאָרד־ און נאָרד־וועסט אַפריקאַ. אַלזשיר האָט נאָך לואיס פיליפּ איינגענומען. שפּעטער איז אויך טוניס צוגעקומען. דייטש־לאַנד האָט לאַנג געשטערט די פראַנצויזען צו בעהערשען מאַראָקאָ, אָבער ענדליך האָט זי איינגעשטימט, דאָס מאַראָקאָ זאָל זיין אונטער דער שוץ פון פראַנקרייך (4טען נאָוועמבער 1911). דייטשלאַנד האָט בעקומען פערזיכע־רונג פון פראַנקרייך, דאָס אין האַנדעלס־בעציהונגען מיט מאַראָקאָ איז זי גלייכגעשטעלט מיט פראַנקרייך. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אויך אונ־טערהאַנדעלט מיט שפּאַניען וועגען איהרע קאָלאָניעס אין אַפריקאַ. דער רע־זולטאַט פון דעם אַלעם איז געווען, דאָס די פראַנצויזישע אימפּעריע אין אַפריקאַ איז אויסגעוואַקסען זעהר גרויס. אויך ענגלאַנד האָט איינגעשטימט און האָט בעשטעטיגט, דאָס רעכט פון פראַנצויזישער הערשאַפט אין אַפריקאַ. פראַנקרייך האָט זיך בענוצט מיט איהרע רעכטען אין אַפריקאַ און האָט אָנ־געהויבען זוכען צו ברייננגען נייע געגענדען אונטער איהר שוץ.

איידער דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבען געענדיגט צווישען זיך זייערע סכסוכים וועגען מאַראָקאָ, האָט אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען איטאַליען

און טערקיי וועגען ט ר י פ אָ ל י. דעם 29טען סעפּטעמבער 1911 האָט איטאַליען ערקלערט מלחמה געגען טערקיי, דעם 3טען אָקטאָבער האָט די איטאַליענישע פלאָטע באָמבארדירט די שטאָדט טריפּאָלי, און דעם 5טען אָקטאָבער איז שוין אַרויפגעצויגען געוואָרען די איטאַליענישע פאָהן אויף איינע פון די פאָסטען פון טריפּאָלי. דעם 11טען אָקטאָבער האָט אַן אי־טאַליענישע עקספּעדיציאָן אונטער גענעראל ק א נ ע ו ו א זיך אַרויס־געזעצט אויף די אַפריקאַנישע ברעגען. דעם 16טען אָקטאָבער האָבען די איטאַליענער באָמבאַרדירט ד ע ר נ א און דעם 19טען ב ע נ ג ה א ז י. אָבער די אַראַבער האָבען געמאַכט זעהר אָפטע אָנפאַלען אויף די איטאַליענער און האָבען זיי פיעל געשטערט אין זייערע אונטערנעהמונגען. דער גאַנצער מאָנאַט נאָוועמבער איז פערגאַנגען אין קליינע שטרייטען. דעם 5טען דע־צעמבער איז פאָרגעקומען אַ גרויסער שטרייט און די איטאַליענער זיינען אַרויס די זיגער. דיזער זיג האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו פערנעה־מען דאָס גאַנצע לאַנד אַרום טריפּאָלי. די איטאַליענער האָבען זיך באַלד גענומען איינפיהרען אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן אין דעם בעזיגטען לאַנד, ווי אייזענבאַהנען און אַנדערע פערבעסערונגען.

דער גרעסטער שטאַאט אין צענטראַל־אַפריקא איז דער שטאַאט ק אָ נ־ג אָ, וואָס געהערט צו בעלגיען. דער בעלגישער קעניג לעאָפּאָלד דער 2טער האָט גלייך פון אָנהויב פון זיין רעגירונג גענומען גרויס אינטערעס אין די פאָרשונגען און ענטדעקונגען פון דעם געהיימען וועלט־טייל, אַפריקאַ. אין 1876 האָט ער איינגעלאַדען אין בריססעל אַ געאָגראַפישען קאָנגרעס און האָט געגרינדעט אַן אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט מיט'ן צוועק צו פערברייטען ציוויליזאַציאָן אין צענטראַל־אַפריקאַ, און ער זעלבסט איז ערוועהלט גע־וואָרען פרעזידענט פון דיזער געזעלשאַפט. יעדע נאַציאָן האָט געמוזט נעה־מען אַ געוויסען אָנטייל אין דיזער אַרבייט. עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ ספּעציעלעס קאָמיטע צו ערפאָרשען און שטודירען דעם אויבער־קאָנגאָ. אין 1879 איז ס ט א נ ל ע י געשיקט געוואָרען אַהין מיט'ן צוועק אָפּ־צושליסען טראַקטאַטען מיט די הערשער פון יענער געגענד. אין 1884 זיינען שוין געווען געגרינדעט 40 סטאַציאָנען, און 5 דאַמפּ־שיפען זיינען שוין גע־גאַנגען איבער דעם טייך פון יענער געגענד. דאַן האָט דאָס קאָמיטע גע־ענדערט זיין נאָמען און האָט זיך אָנגעהויבען רופען: „די אינטערנאַציאָ־נאַלע געזעלשאַפט פון קאָנגאָ". יעצט האָט אויך דייטשלאַנד אָנערקענט דעם שטאַאט קאָנגאָ. פראַנקרייך און די פעראייניגטע שטאַאטען האָבען עס

שוין פריהער געטאָן. דאַמאָלס האָט דייטשלאַנד איינגעלאַדען אין בערלין אַ קאָנפערענץ אום צו פערהאַנדלען די פראַגע וועגען קאָלאָנאַזירען אפריקאַ. די קאָנפערענץ האָט אויך אָנערקענט דעם שטאַאט קאָנגאָ, און דער בעלגי-שער קעניג האָט זיך גענומען צו פערבעסערן די לאַגע פון די אור־איינוואוינער פון קאָנגאָ און האָט געפאָדערט מען זאָל דאָרט ערלויבען פרייען האַנדעל.

עס האָט ניט לאַנג גענומען און לעאָפּאָלד האָט חרטה געהאַט אויף אַלע זיינע פערשפּרעכונגען און האָט אָנגעהויבען ביסלאַכווייז איינשלינגען פיר זיך די בעסטע קוועלען פון דעם גרויסען לאַנד קאָנגאָ, וואָס אייראָפּאַ און זיין פאָלק האָבען איהם אָנפערטרויט. זיינע אָנגעשטעלטע בעאַמטע האָבען אָהן רחמנות עקספּלואַטירט די בעפעלקערונג, איבערהויפּט די אור־איינ-וואוינער, אזוי דאָס די אַנדערע מעכטען האָבען איינינע מאָל אונטערגענו-מען מיטלען צו שטערען איהם אין זיין פיהרונג.

אין 1897 איז געגרינדעט געוואָרען די „קאָנגאָ רעפאָרמע געזעלשאַפט" צו ברייננען אין אָרדנונג די געשעפטען אין קאָנגאָ. אין 1903 האָט לאָרד ל א נ ס ד א ו ן אויפמערקזאַם געמאַכט די מעכטען, וואָס האָבען אונ-טערגעשריבען דעם טראַקטאַט אין בערלין וועגען קאָנגאָ, אויף אַלעס, וואָס עס טוט זיך דאָרט, און האָט רעקאָמענדירט צו מאַכען אַן ענדע דערצו. אָבער דער קעניג לעאָפּאָלד האָט ניט געוואָלט אָנערקענען זייער רעכט צו מישען זיך דערין.

מען האָט לעאָפּאָלד'ן אָנגעהויבען קריטיקירען אין בעלגיען גופא, און ער איז געווען געצוואונגען צו בעשטימען אַ קאָמיסיאָן, וואָס זאָל אונטער-זוכען די זאַך גענוי. די קאָמיסיאָן האָטווירקליך אויסגעפונען, דאָס די לאַגע אין קאָנגאָ איז זעהר ניט קיין גוטע און פעררדינט אַ ראַדיקאַלע רעפאָר-מע. אין 1907 איז געשלאָסען געוואָרען אַ נייער טראַקטאַט וועגען קאָנגאָ, אָבער לעאָפּאָלד האָט אימער געפונען מיטלען ניט לאָזען דורכפיהרען אין דער פּראַקטיק די נייע פערבעסערונגען. ערסט אין 1909, ווען קעניג אַל-בערט איז אַרויף אויף'ן בעלגישען טראָן, איז די קאָנגאָ־פראַגע געקומען נעהענטער צו אַ לעזונג. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייעס רעגירונגס־סיסטעם און קאָנגאָ איז געוואָרען אָפען פיר דעם אויסלענדישען האַנדעל. פראַנקרייך און דייטשלאַנד זיינען באַלד צופרידען געווען מיט דער נייער אָרדנונג, אָבער ענגלאַנד און די פעראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ האָ-בען פּראָטעסטירט ביז מען האָט זיי אויך צופרידען געשטעלט און אַלע הינדערניסען זיינען פערשוואונדען געוואָרען.

די דייטשע קאָלאָניעס אין אַפריקאַ האָבען זיך אָנגעהויבען אין 1884. אין 1878 האָט זיך געגרינדעט אַ דייטשע אָפּטיילונג פון דער אינטערנאַציאָ-נאַלער אפריקאַנישער געזעלשאַפט, און האָט אָנגעהויבען אויסצופאָרשען זאַנזיבאַר און זיד־קאָנגאָ. די דייטשע מאַכט איז דאָרט געוואַקסען זעהר שנעל. דעם ערסטען וויכטיגען שריט האָט דייטשלאַנד געמאַכט אין זיד־וועסט אפריקאַ. דאָרט האָבען די דייטשע בעאַמטע יאָהרען־לאַנג גע-אַרבייט צווישען די הערעראָס. אין 1886 איז בעשטימט געוואָרען דער גרענעץ פון איינפלוס אין יענע ערטער פיר ענגלאַנד און דייטשלאַנד. אין 1890 האָט דייטשלאַנד אָנערקענט דעם שוץ פון ענגלאַנד איבער זאַנזיבאַר, און דערפאַר האָט ענגלאַנד איבערגעגעבען צו דייטשלאַנד האָלינגאָלאַנד. פון יענער צייט אָן האָבען די דייטשע קאָלאָניעס אין אָסט־אַפריקאַ אָנגעהויבען צו בליהען. אָבער די לאַגע אין די זיד־וועסטליכע קאָלאָניעס איז געוואָרען ניט אַזוי זיכער. דאָרט האָט זיך געמאַכט אַ שפּאַלטונג מיט די האָטענטאָטען. אין 1903 האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן צווישען די הערעראָס, וועלכע האָט געדויערט לאַנג און איז ערסט אין 1908 איינגעשטילט געוואָרען.

די ענגלישע הערשאַפט אין אַפריקאַ איז איבערהויפּט שטאַרק אין נאָרד- און זיד־אַפריקאַ, און איז פיעל שוואַכער אין צענטראַל־אַפריקאַ. זעהר גלענצענד איז די טעטיגקייט פון ענגלאַנד אין ניגעריאַ, וואו זי האָט אין 1911 אויסגעבויט אַ לאַנגע אייזענבאַהן־ליניע. אָבער וויכטיגער פון אַלץ איז די גרויסע אימפּעריע, וואָס ענגלאַנד האָט געגרינדעט אין זיד-אפריקאַ, וועלכע געפינט זיך יעצט אין אַ זעהר גליקליכען און בליהענדען צושטאַנד.

וועגען דעם שטרייט צווישען ענגלאַנד און די בורען האָבען מיר שוין פריהער געשריבען. יעצט וועלען מיר צוגעבען אייניגע פאַקטען. אין פעב-רואַר 1900 איז דער בורען־געגעראַל קראָניע געפאַנגען געוואָרען, און דאָס האָט געגעבען דער מלחמה אַן אַנדער װענדונג. ענגלאַנד האָט פערכאַפּט די בעסטע פּראָווינץ פון די בורען און די הויפּטשטאָדט בלומפאָנטעין איז איינגענומען געוואָרען. און ענדע פון דעם זעלבען מאָנאַט האָט דער ענגלי-שער געגעראַל באַללער פערטריבען די בורען פון נאַטאַל. אין יוני האָט לאָרד ראָבערטס איינגענומען יאָהאַננעסבורג און פּרעטאָריאַ. קרוגער, דער פּרעזידענט פון די בורען, איז אַנטלאָפען אין אייראָפּאַ, און די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען נעהערן צו איהר ענדע. אין מאַי 1902 איז געשלאָסען געוואָרען פריעדען אויף קאָנדיציאָנען, וועלכע זיינען געווען ניט צופיעל ער-נידריגענד פיר די בראַווע בורען.

אין 1906 האָט ענגלאַנד געגעבען פולע זעלבסט־רעגירונג צו איהרע קאָלאָניעס אין אַפריקאַ. דער ראַסען־האַס צווישען די בורען און ענגלענדער איז געוואָרען אימער שוואַכער און שוואַכער. די וואהלען אין טראַנסוואַאל האָבען געמאַכט ב אָ ט ה אַ , אַ בורישען גענעראַל, פיר דעם פּרעמיער פון דעם מיניסטאָרען־קאַבינעט, וועלכער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון ענגלענדער און בורען. יעצט געפינען זיך אין אַפריקאַ פיער ענגלישע קאָלאָניעס, פון וועלכע יעדע האָט איהר אייגענע רעגירונג, אָבער עס זיינען דאָ פראַגען, אין וועלכע זיי אַלע זיינען גלייך פּעראינטערעסירט, ווי צ. ב. טאַריף, אייזענבאַהנען און די פראַגע פון אימיגראַציאָן, וועלכע האָבען געפאָדערט אַן איינשטימיגע טעטיגקייט פון אַלע פיער קאָלאָניעס צוזאַמען. אָבער מעהר פון אַלעם האָט געשיינט צו זיין די פראַגע פון פעראייניגען די פיער קאָלאָניעס. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען איניגע קאָנווענציאָנען און געהיימע בעראַטונגען אין דעם זומער פון 1909 און עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ קאָנסטיטוציאָן, און אין 1910 איז געעפענט געוואָרען אַ יוניאָן־פּאַרלאַמענט אין קעיפּטאַון און גענעראַל באָטהאַ אַלס פּרעמיער האָט צוזאַמענגעשטעלט דאָס ערסטע מיניסטעריום פיר די יוניאָן.

## די לאַטיינישע אַמעריקאַ.

די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דער לאַטיינישער אַמעריקאַ אין די ערסטע עטליכע יאָהר פון 20טען יאָהרהונדערט איז געווען אונגעהייער גרויס.

אין 1910 האָט זיך געענדיגט אַ יאָהרהונדערט זינט די לאַטייניש־שפּראַכיגע פעלקער אין אַמעריקאַ האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון שפּאַנישער הערשאַפט. אין יענעם יאָהר האָבען זיי אַלע, פון אַרגענטינאַ ביז מעקסיקאַ, געפייערט זייער אונאָפּהענגיגקייט פון שפּאַניען. אין מאַי פון יענעם יאָהר איז אין בוענאָס איירעס געווען אַן אויסשטעלונג, וועלכע האָט געצייגט דער וועלט, וואָס פיר אַ הויכע שטופע פון פּראָגרעס אין אינדוסטריע, קונסט און געשעפט, דיזע אַלע פעלקער האָבען דערגרייכט אין דער צייט פון הונדערט יאָהר. אַ ביסעל שפּעטער האָט אויך טשילע געמאַכט אַן אויסשטעלונג פון קונסט אין איהר הויפּטשטאָדט סאַנטיאַגאָ. אין זומער, אָנפאַנגענדיג פון 9טען יולי, איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון 21 אַמעריקאַנישע נאַציאָנען, וואָס רעדען ענגליש, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש. אין דיזער קאָנפערענץ האָבען אָנטייל גענומען מעהר פון 100 דע-

לעגאַטען. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דער הויפּשטאָדט פון אַר-גענטינאַ, אין דער שענער שטאָדט בוענאָס איירעס.

אין 1906 האָט דער דאַמאָלסדיגער שטאַאַט-סעקרעטאַר פון די פער-איינינגטע שטאַאַטען עליהו רוט אונטערנעמען אַ רונד-רייזע איבער די לאַטיינישע לענדער, און האָט אויסגעפונען, דאָס אין זיי ענטוויקעלט זיך דער גייסט פון פעראייניגונג צווישען זיך. דעם 5טען אַפּריל 1910 האָ-בען טשילע און אַרגענטינאַ געפייערט דעם דורכגאַנג פון דעם ערסטען באַהן-צוג, וואָס האָט פעראייניגט בוענאָס איירעס, די הויפּשטאָדט פון אַרגענ-טינאַ, מיט סאַנטיאַגאָ, דער הויפּטשטאָדט פון טשילע, און איז דורכגעפיהרט געוואָרען דורך אַ טונעל, וואָס איז דורכגעבראָכען געוואָרען דורך די בעריהמ-טע בערג, וואָס זיינען בעקאַנט מיט'ן נאָמען די „אַנדען". אין 1889 איז אין וואַשינגטאָן פאָרגעקומען די ערסטע פאַן-אַמעריקאַנישע קאָנפערענץ; אין 1901 איז געווען די צווייטע קאָנפערענץ אין דער שטאָדט מעקסיקאָ; די דריטע איז געווען אין ריאָ אין 1906. אין 1820 האָט די ביוראָ פון דער פאַן-אַמעריקאַנישער פעראייניגונג אויסגעאַרבייט ערלייכטערונגס-מיט-לען פיר די צוזאַמענקונפט און די ענטוויקלונג פון פריינדשאַפט צווישען די פערשיידענע נאַציאָנען, וואָס לעבען אין אַמעריקאַ, אום זיי צו פעראייניגען און פערברידערן אין איין גרויסען פערבאַנד.

אָבער די וויכטיגסטע פון אַלע עראייגניסען אין אַמעריקאַ אין די ערסטע יאָהרען פון 20טען יאָהרהונדערט איז די רעוואָלוציאָן, וואָס האָט אויסגע-בראָכען אין מעקסיקאָ.

פון 1877 ביז 1910 איז דער הערשער איבער'ן גרויסען שטאַאַט מעקסי-קאָ געווען דער מעכטיגער גענעראַל פּאָרפיריאָ דיאַץ, אויסער די פיער יאָהר פון 1880 ביז 1884. אונטער איהם האָבען ענגלענדער און אַמעריקאַנער אַריינגעבראַכט גרויסע קאַפּיטאַלען אין מעקסיקאַנער געשעפ-טען. עס האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט די אַגריקולטור און אַלעס איז געווען רוהיג און פרידליך. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַ דעספּאָטישער הערשער און האָט ניט צוגעלאָזען דאָס פאָלק אָנטייל צו נעהמען אין דער רעגירונג, וואָס זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט לויט דער קאָנסטיטוציאָן. די וואַה-לען זיינען אימער געווען ניט ריכטיג. קיין פרייע אַרבייט האָט ניט עקסיס-טירט אין לאַנד; עס איז געווען אַ סאָרט געהיימע שקלאַפעריי, וועלכע האָט געהערשט איבעראַל.

דעם 1טען דעצעמבער 1910 האָט דיאַץ צום אַכטען מאָל גענומען זיין שבועה, צו דינען דעם פאָלק עהרליך און טריי לויט דער קאָנסטיטוציאָן

אַלס פּרעזידענט. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס ער האָט קיין גענגער ניט געהאַט צו זיין רעגירונג. אָבער אין דעם נעכסטען יאָהר איז אין גאַנצען געענדערט געוואָרען דער כאַראַקטער פון דער רעגירונג אין דער רעפּובליק. די ענדערונג איז געקומען פון די „ציענטיפיקאָס“,*) וועלכע זיינען געוועזען פּערעהרער פון דיאַץ, ווייל ער האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו בעהערשען און קאָנטראָלירען די מאַטעריעלע קוועלען פון לאַנד, האָבען אונטערדריקט די קאַנדידאַטור פון פ ר א נ צ י ס ק אָ מ א ד ע ר אָ, און האָבען אַרויסגעטריבען פון לאַנד אַן אַנדער קאַנדידאַט, גענעראַל ב ע ר נ אַ ר ד אָ ר ע י ע ס. דאָס האָט פּעראורזאַכט אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון מאַדעראָ. די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען אין די פּראָווינצען, וואָס גרענצען זיך מיט די פּעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד-אַמעריקאַ, איבערהויפּט אין טשיהואַהוא און דוראַנגאָ. די פּעראייניגטע שטאַאַטען האָבען פיעל געהאָלפען די רעוואָלוציאָנערען אין זייער קאַמף.

וואָס שטאַרקער די רעוואָלוציאָן איז געוואָרען איז, פּערשטעהט זיך, די צענטראַל-רעגירונג געוואָרען אַלץ שוואַכער און שוואַכער. די רעוואָלוציאָן איז איבערגעגאַנגען אין די זידליכע שטאַאַטען. אין פעברואַר האָט די רעגירונג פון די פּעראייניגטע שטאַאַטען מאָביליזירט אַן אַרמעע פון 20,000 מאַן צו די גרענצען פון מעקסיקאָ. דעם 14טען אַפּריל האָט פּרעזידענט טאַפט געשיקט אַ וואָרנונג צו דיאַץ, דאָס מעקסיקאָ וועט געהאַלטען ווערען פּעראַנטוואָרטליך פיר די לעבענס און אייגענטומס פון די אַמעריקאַנישע בירגער, וואָס האַלטען זיך אויף אין מעקסיקאָ. מען האָט גערעכענט, דאָס אַמעריקאַ וועט זיך געוויס אַריינמישען און וועט מאַכען אַן ענדע צו די אונאָרדנונגען אין מעקסיקאָ. אָבער אַמעריקאַ האָט זיך צוריקגעהאַלטען דערפון.

דעם 1טען אַפּריל 1911 האָט דיאַץ געלאָזט וויסען דעם מעקסיקאַנישען קאָנגרעס, דאָס ער האָט פּאַרבערייטעט אַ רעפאָרמע אין די וואַהלען און נייע געזעצען, וועלכע וועלען צופרידען שטעלען דאָס פאָלק. עס איז באַלד געמאַכט געוואָרען אַן ענדערונג אין מיניסטאָרען-קאַבינעט. עס איז אַריינגעקומען אין מיניסטעריום אַ נייער עלעמענט, וועלכער האָט פּערנומען דעם פּלאַץ פון די ציענטיפיקאָס. די געזעץ-אַנשטאַלטען און די ריכטער האָבען בעקומען מעהר אונאָפּהענגיגקייט פון דער צענטראַל-רעגירונג, און עס איז פּעראָרדענט געוואָרען די גרויסע לאַנד-שטרעקעס זאָלען צוטיילט ווערען

*) „די וויסענשאַפטליכע“ — אַזוי האָט מען אָנגערופען די הויכע בעאַמטע פון לאַנד, וואָס האָבען אונטערשטיצט דעם מעקסיקאַנישען פּרעזידענט.

אויף קלענערע טיילען און פערקויפט אָדער צוטיילט ווערען צום פאָלק. אָבער דיזע אַלע הבטחות זיינען געקומען צו שפּעט. דאָס פאָלק האָט גע-פאָדערט, דאָס דיאַץ זאָל וואָס שנעלער רעזיגנירען.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען פערהאנדלונגען מיט מאַדעראָ'ן. מען האָט ארויסגערופען פון די פעראייניגטע שטאאטען דעם מעקסיקאנישען אמבאסא-דאָר, פ ר א נ צ י ס ק אָ ד ע ל א ב א ר ר א, און מען האָט איהם איבערגעגעבען דאָס אַמט פון אויסלענדישען מיניסטער. דעם 23טען אַפּריל איז אָנגענומען געוואָרען אַ וואפען-שטילשטאנד פון די רעוואָלוציאָנערען אויף 5 טעג; אין דיזער צייט זיינען פאָרגעקומען די פערהאנדלונגען מיט מאַדעראָ'ן. דערווייל האָט זיך איבער'ן גאנצען לאנד אָנגעהויבען צו פער-שפּרייטען אנארכיע. מאַדעראָ'ס פּאַרטיי האָט דאמאָלס שוין געוואָלט אנ-דערע פּריווילעגיעס, זיי זיינען שוין ניט צופרידען געווען מיט די, וועלכע מען האָט זיי פריהער פערשפּראָכען. זיי האָבען יעצט געפאָדערט די רעזיג-נאציאָן פון דיאַץ, פון וויצע-פּרעזידענט ק אָ ר ר א ל און פון גאנצען קאבינעט. דעם 9טען מאַי איז די שטאָדט צ י א ו ד א ד ח ו א ר ע ץ איינגענומען געוואָרען פון מאַדעראָ'ס טרופּען. דאָס איז געווען אַ זעהר וויכטיגער פּונקט פיר די רעוואָלוציאָנערען. דעם 21טען מאַי איז געשלאָסען געוואָרען פרידען. דעם 25טען מאַי האָט דיאַץ רעזיגנירט און מיט איהם האָט אויך רעזיגנירט דער וויצע-פּרעזידענט קאָרראל און דער גאנצער מי-ניסטאָרען-קאבינעט. דיאַץ זעלבסט האָט באלד פערלאָזען מעקסיקאָ צו בע-זעצען זיך אין שפּאניען. דע לאַ באררא איז ערקלערט געוואָרען אַלס צייט-ווייליגער פּרעזידענט און האָט צוזאמענגעשטעלט אַ נייעם קאבינעט. דער קאָנגרעס האָט בעשטימט אַ ספּעציעלע וואהל פיר פּרעזידענט אויף דעם 1טען אָקטאָבער 1911. מאַדעראָ איז נאָמינירט געוואָרען אַלס פּרעזידענט און דער גאָווערנער פון יוקאטאן ח אָ ס ע פּ י נ אָ ס ו א ר ע ץ אַלס וויצע-פּרעזידענט. דעם 1טען אָקטאָבער איז מאַדעראָ ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט מיט אַ מאיאָריטעט פון 95 פּראָצענט. דעם 4טען נאָוועמ-בער האָט דע לאַ באררא רעזיגנירט פון זיין פּרעזידענטען-אַמט און מאַדעראָ איז דעם 6טען נאָוועמבער איינגעפיהרט געוואָרען אין זיין אַמט. סוארעץ איז בעשטימט געוואָרען אַלס וויצע-פּרעזידענט דעם 23טען נאָוועמבער.

די אַרבייט פון בריינגען אין אָרדנונג די נייע אדמיניסטראציאָן האָט פערנומען דעם גאנצען זומער. עס זיינען געווען אייניגע דיסטריקטען, וועל-כע זיינען שווער געווען צו קאָנטראָלירען. אין פיעלע שטעדט זיינען פאָר-געקומען בלוטיגע אונאָרדנונגען: פיעלע מענשען זיינען אומגעקומען, איי-

בערהויפּט אויסלענדער. אין דער שטאָדט מעקסיקאָ און אין אַנדערע שטעדט זיינען פאָרגעקומען סטרייקס, פון וועלכע די מעהרסטע זיינען געווען פון פּאָליטישע אורזאַכען. אין אָנפאַנג פון 1912 איז אַ ביסעל רוהיגער געוואָרען און עס האָט אויסגעוויזען, אַז עס געהט צו בעסער.

אין 1910 איז פאָרגעקומען אַ צענזוס (פאָלקס־צעהלונג) אין לאַנד. דיזער צענזוס האָט געצייגט, דאָס מעקסיקאָ האָט אַ בעפעלקערונג פון 15,063,207 נפשות, אַזוי דאָס פון 1900 זיינען צוגעקומען 1,455,948 נפשות.

מעקסיקאָ איז דאָס גרעסטע און מעכטיגסטע לאַנד פון די קאַריבעאישע לענדער, וועלכע זיינען: מעקסיקאָ, גואַטעמאַלאַ, האָנדוראַס, סאַלוואַדאָר, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַ ריקאַ, פּאַנאַמאַ, קאָלומביאַ, ווענעצועלאַ, קובאַ, האַיאיטי און די דאָמיניקאַנישע רעפּובליק. די געשיכטע פון אַלע רעפּובליקען פון צענטראַל־אַמעריקאַ איז אַ געשיכטע פון אַ רייהע רעוואָלוציאָנען אום זיך צו בעפרייהען פון דער הערשאַפט פון די אייראָפּעאישע מעכטען.

אַ זעהר וויכטיגע בעגעבענהייט אין דער געשיכטע פון צענטראַל־אַמעריקאַ אין אָנפאַנג פון 20טען יאָהרהונדערט איז די קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1907, אויף וועלכער עס איז בעשלאָסען געוואָרען איינצוריכטען אַ פּשרה־געריכט אויף אויסצוגלייכען פּאָליטישע סכסוכים צווישען דיזע לענדער. אַלס אָרט פיר דיזע פרידענס־ריכטער איז בעשטימט געוואָרען קאָסטאַ ריקאַ. אָבער עס איז נאָך ניט איין מאָל פאָרגעקומען זיי זאָלען האָבען פערגליכען וועלכע עס איז פון דיזע לענדער דורך אַ פּשרה, ווייל די רעגירונגען פון צענטראַל־אַמעריקאַ האָבען קיין צוטרויען ניט צו אַזאַ סאָרט געריכט.

אין 1909 האָט די רעפּובליק ניקאַראַגואַ, אין דער צייט ווען עס האָט דאָרט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן געגען דעם טיראַנישען פּרעזידענט זייערען צ ע ל אַ י אַ , געטאָן אונרעכט צו אייניגע אַמעריקאַנישע בירגער. צוליב דעם זיינען די בעציהונגען צווישען די פעראייניגטע שטאַאַטען און ניקאַראַגואַ געוואָרען זעהר געשפּאַנט. עס האָט געהאַלטען דערביי, דאָס די פעראייניגטע שטאַאַטען זאָלען זיך אַריינמישען אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען אין ניקאַראַגואַ און מאַכען דאָרט נייע אָרדנונגען. ניקאַראַגואַ, ווי די מעהרסטע אַנדערע רעפּובליקען פון צענטראַל־אַמעריקאַ, האָט זעהר ווייניג פּראָגרעסירט אין דער נייער צייט. אויסגענומען פון זיי זיינען נאָר צוויי: קאָסטאַ ריקאַ און פּאַנאַמאַ, וועלכע האָבען געמאַכט בעדייטענדען פאָרטשריט.

די געשיכטע פון פּאָרטאָ ריקאָ פון 1900 און ווייטער איז אַ טייל פון דער געשיכטע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. אין 1900 האָט קובאַ געבע-טען די פעראייניגטע שטאַאַטען זי זאָל זיך אַריינמישען אין איהרע אַנגע-לעגענהייטען אום צו רעטען זי פון איהרע שונאים. אויך די דאָמיניקאַנישע רעפּובליק האָבען די פעראייניגטע שטאַאַטען געהאָלפען אַרויסצודרעהען זיך פון איהרע ענגע פערהעלטניסען.

די רעפּובליק פּאַנאַמאַ און דער פּאַנאַמאַ-קאַנאַל. די קליינע רע-פּובליק פּ אַ נ אַ מ אַ איז געוואָרען בעריהמט אין דער וועלט צוליב דעם קאַנאַל, וואָס איז דורכגעגראָבען געוואָרען דורך איהר לאַנד, און וועלכער פעראייניגט ביידע גרעסטע וועלט-ימים: דעם אַטלאַנטישען ים מיט דעם שטילען (פּאַסיפיק). אין 1901 איז געשלאָסען געוואָרען אַ טראַקטאַט צווי-שען ענגלאַנד און די פעראייניגטע שטאַאַטען, וועלכער האָט פערשאַפט אַמעריקאַ די מעגליכקייט זי זאָל אַליין בויען און קאָנטראָלירען דעם קאַנאַל. אָבער דער קאָנגרעס פון קאָלומביאַ האָט ניט געגעבען זיין צושטימונג דער-צו און האָט די זאַך אָפּגעלעגט ביז דעם 31טען אָקטאָבער. מיט 3 טעג שפּעטער איז פּאַנאַמאַ אַנערקענט געוואָרען אַלס אַן אונאָפּהענגיגע רעפּובליק, אַנשטאָט דעם, וואָס פריהער איז זי געווען אַ דעפּאַרטעמענט פון קאָלומביאַ. דער קאָמאַנדיר פון דעם קריג-שיף נאַשוויל פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, הובבאַרד, האָט ניט געלאָזען קאָלומביאַ טראַנספּאָרטירען איהרע טרופּען דורך קאָלאָן, וואָס האָט געהערט צו פּאַנאַמאַ. דער גרונד, אויף וועלכען די פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען דאָס געטאָן, איז געווען דער טראַקטאַט פון 1846, לויט וועלכען די פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען פערשפּראָכען, דאָס דער לאַנד-שטריך פּאַנאַמאַ מוז זיין פריי; אום פּאַנאַמאַ זאָל זיין פריי דאַרף אַלזאָ ניט צוגעלאָזען ווערען עס זאָל אויסברעכען אַ שטרייט צווישען פּאַנאַמאַ און קאָלומביאַ, ווייל דאָס וועט מאַכען אונפריי דיזען לאַנד-שטריך. דעם 7טען נאָוועמבער איז פּאַנאַמאַ אָנערקענט געוואָרען פון די פעראייניגטע שטאַאַטען אַלס אַן אונאָפּהענגיגע רעפּובליק און דעם 18טען נאָוועמבער איז געשלאָסען געוואָרען אַ טראַקטאַט צווישען די צוויי לענדער. מיט דיזען טראַקטאַט האָבען די פעראייניגטע שטאַאַטען בעקומען דאָס רעכט אויף אימער זיך צו בענוצען מיט אַ שטרעקע לאַנד 5 מייל ברייט פון ביידע זיי-טען פון קאַנאַל (דיזע איז יעצט אונטער'ן נאָמען די „קאַנאַל-זאָנע”). אויף דיזען שטח האָט קיינער קיין רעכט ניט אויסער די פעראייניגטע שטאַאַ-טען. זיי קאָנטראָלירען די פּאָליציי, זיי האָבען דאָרט זייערע אייגענע גע-ריכטס-הייזער און ריכטער, סאַניטערע איינריכטונגען און ד. גל. אויך די

ברעג־ליניע פון דיזער זאָנע און די אינזלען, וואָס ליגען אין דעם בעי (בוכטע) פון דיזער זאָנע, געהערען צו די פּעראייניגטע שטאאַטען אום צו פּערטיידיגען דעם קאַנאַל געגען אַנפאַלען. אַלע שטעדט פון פּאַנאַמאַ און אויך קאָלאָן בלייבען אונטער דער רעגירונג פון פּאַנאַמאַ. אָבער אויך אין זייערע שטעדט ביי די ברעגעס האָט די רעגירונג פון די פּעראייניגטע שטאאַטען אַ געזעצליכעס רעכט צו קאָנטראָלירען די סאַניטאַרע אַנגעלעגענ־הייטען און די קאַראַנטין. די פּעראייניגטע שטאאַטען האָט זיך פּערפּליכ־טעט צו געבען דערפאַר דער רעפּובליק פּאַנאַמאַ צעהן מיליאָנען דאָללאַרס מזומן און 250,000 דאָללאַר יעהרליכע רענטע, אָבער די רענטע זאָל מען אָנ־הייבען צאָהלען מיט 9 יאָהר שפּעטער, נאָך דעם, ווי דער טראַקטאַט וועט אונטערגעשריבען ווערען. די געשיכטע פון דער ארבייט פון דעם קאַנאַל וועלען מיר געבען צוזאַמען מיט דער געשיכטע פון די פּעראייניגטע שטאאַ־טען אין 20טען יאָהרהונדערט. דעם 4טען יאַנואַר 1904, ד. ה. צוויי חדשים נאָך דעם, ווי פּאַנאַמאַ איז ערקלערט געוואָרען אַלס אונאָפּהענגיגע רעפּובליק, איז ערוועהלט געוואָרען אַ קאָנסטיטוציאָנעלער פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט געהאַט זיין ערסטע זיצונג דעם 15טען יאַנואַר. דיזער פּאַרלאַ־מענט האָט אָנגענומען די קאָנסטיטוציאָן, און האָט ערוועהלט אַלס פּרע־זידענט מ אַ נ ו ע ל  אַ מ אַ ד אָ ר  ג ו ע ר ר ע ר אַ. אין די וואַהלען, וואָס זיינען פּאָרגעקומען אין 1912, איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזי־דענט דר. ב ע ל י צ אַ ר י אָ  פּ אַ ר ר אָ ס.

וואָס פיר אַ צוקונפט עס ערוואַרטעט צענטראַל־אַמעריקאַ איז שווער פאָראויסצוזאָגען. מען האָט שוין איינגע מאָל דיסקוטירט, דאָס די אַלע רעפּובליקען זאָלען זיך פּעראייניגען און בילדען איין מעכטיגע רעגירונג עהנליך צו די פּעראייניגטע שטאאַטען, אָבער עס האָט צו קיין רעזולטאַט ניט געפיהרט. דערוויל קומען דאָרט אימער פאָר שטרייטיגקייטען, וועלכע שרעקען אָפּ אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען צו אריינלעגען זייערע קאַפּיטאַלען אין דיזע לענדער און צו ענטוויקלען דאָרט אינדוסטריע און האַנדעל און צו פּאָרבעררייטען זייערע נאַטירליכע רייכטימער. מען האָפט, דאָס דורך דעם פּאַנאַמאַ־קאַנאַל וועלען די פּעראייניגטע שטאאַטען האָבען די מעגליכקייט אַ ביסעל רוהיגקייט איינצופיהרען אין די צענטראַל־אַמעריקאַנישע רעפּוב־ליקען.

וועגעצועלאַ און די מאָנראָע־דאָקטרין. די לאַטיינישע אַמעריקאַ מיט איהרע אונגעהייערע רייכע קוועלען און פּערשיידענע בעפעלקערונגען האָט געקענט האָבען דעם אייגענעם שיקזאַל וואָס אפריקאַ האָט געהאַט —

צוריסען ווערען אויף שטיקער פון די אייראָפּעאישע מעכטען. גערעטעט פון דיזען שיקזאַל האָט זי די מאָנראָע־דאָקטרין — אמעריקא נאָר פיר אמע־ריקאַנער. דאָס ווייזט קלאָר די געשיכטע פון פרעזידענט קאַסטראָ פון ווענעצועלאַ, געגען וועלכען עס האָבען זיך פעראייניגט ענגלאַנד, דייטשלאַנד און איטאַליען, אָבער די פעראייניגטע שטאַאטען האָבען שטאַרק אכטונג געגעבען אויף אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען.

קאַסטראָ איז אכט יאָהר געווען אַ דיקטאַטאָר. זיין אַרט רעגירונג איז געווען געמיין. ער האָט מיט פעראכטונג בעהאַנדעלט זיינע אויסלענדישע קרעדיטאָרען. זיין דעספּאָטישע רעגירונג האָט געפיהרט דערצו, דאָס ענג־לישע, דייטשע און איטאַליענישע קריג־שיפען האָבען בלאָקאַדירט די פּאָר־טען פון ווענעצועלאַ. דיזע דריי מעכטען האָבען זיך באַלד איבערצייגט, דאָס מיט'ן דיפּלאָמאַטישען וועג וועלען זיי מיט דיזען חברה־מאַן גאָר ניט מאַכען, און זיי האָבען בעשלאָסען צו געברויכען געוואַלט. קאַסטראָ אָבער האָט זיך ניט דערשראָקען, נאָר ער האָט זיך געווענדט צו דער רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען, זי זאָל זיך אריינמישען אין דעם סכסוך אויף'ן גרונד פון דער מאָנראָע־דאָקטרין, הגם ער האָט די אמעריקאַנער אויך אַזוי שלעכט בעהאַנדעלט ווי די אייראָפּעער. ענדליך איז בעשלאָסען געוואָרען מען זאָל דעם סכסוך פאָרברייננגען פאַר דעם פרידענס־טריבונאַל אין האַאַג. אין 1907 האָט דער פרידענס־טריבונאַל אין האַאַג גע'פּסק'ענט, דאָס די רעפּובליק ווענעצועלאַ דאַרף בעצאָהלען די תביעות, וואָס ענג־לאַנד, דייטשלאַנד און איטאַליען האָבען צו איהר. אָבער אויסער דעם זיי־נען נאָך געבליבען אַנדערע פּרעטענזיעס פון אַנדערע לענדער אויף אַ סומע פון 480,000 דאָללאַר, וועלכע דער טריבונאַל האָט נאָך ניט פערהאַנדעלט און האָט נאָך אויף זיי זיין פּסק ניט אַרויסגעגעבען. אַ ביסעל שפּעטער האָבען זיך געמאַכט סכסוכים צווישען ווענעצועלאַ און בעלגיען, אויך מיט די פעראייניגטע שטאַאטען און האָללאַנד. מיט דיזער לעצטער זיינען די סכסוכים געוואָרען זעהר ערנסט, אַזוי דאָס האָללאַנד האָט געשיקט איהר פלאָטע און האָט פערניכטעט די פלאָטע פון ווענעצועלאַ. אין דעצעמבער איז גענעראַל קאַסטראָ אוועקגעפאָהרען אין אייראָפּאַ מיט דעם אויסרייד, דאָס ער מוז זיך אונטערוואַרפען דאָרט אַן אָפּעראַציאָן. אין דער צייט פון זיין אָבוועזענהייט האָט זיך געמאַכט אין קאַראַקאַס אַן אויפשטאַנד געגען זיין דיקטאַטאָרשאַפט און פיעלע פון זיינע אָנהענגער זיינען אין געפענגניס אריינ־געוואָרפען געוואָרען. אויף זיין שטעלע איז אַרויף דער וויצע־פּרעזידענט חואַן ווינצענטי גאָמעץ, אין יוני 1910.

דער אנפאל, וואס די אייראפעאישע מעכטע האבען געמאכט אויף ווענעצועלא מיט'ן צוועק איינצומאהנען א חוב, האט ערמונטערט דעם אר־גענטינישען מיניסטער פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען, דר. דראגא, צו פאדערן א פערבאט צו מאהנען געלט פיר א חוב מיט בעוואפענטער מאכט. די דראגא־דאקטרין איז פיעל דעבאטירט געווארען. און אויף דער צווייטער קאנפערענץ אין האאג איז אנגענומען געווארען, דאס בעוואפענטע מאכט צו אויפמאהנען א חוב קען נאר דאמאלס געברויכט ווערען, ווען דער חוב איז אנערקענט פון דעם האאגער פרידענס־טריבונאל און דער שולדנער האט זיך דאך ענטזאגט צו צאהלען.

דער פראגרעס אין זיד־אמעריקא. אין די ערסטע יאהרען פון 20טען יאהרהונדערט האבען די אסטליכע און וועסטליכע שטאאטען פון דעם זיד־ליכען קאנטינענט פון אמעריקא געמאכט פארטשריטען. אין בראזיליען זיינען פארגעקומען איינינע מיליטערישע רעוואלוציאנען. ריא איז געווארען א גרויסע שטאדט. די רייכע נאטירליכע קוועלען אין לאנד האט מען נאר וואס אנגעהויבען צו שעפען. זעהר מערקבאר איז דער גע־שווינדער וואוקס פון ארגענטינא, וועלכע איז די צווייטע אין גרויס פון איהר שטח און די ערסטע אין וויכטיגקייט פון אלע שטאאטען אין זיד־אמעריקא. ארגענטינא האט צוגעצויגען צו זיך א גרויסע בעפעלקע־רונג פון אייראפא, איבערהויפט פון איטאליען; אויך האט זי צוגעצוי־גען צו זיך זעהר גרויסע קאפיטאליסטען פון אייראפא און פון אמעריקא. זי וועט אין א קורצער צייט געווים ווערען דאס גרעסטע לאנד אין דער וועלט אין הינזיכט פון עקספארטירען קארן און פלייש אין אנדערע לענדער. איהר מעסיגער קלימאט, איהרע רייכע פלאנצונגען און איהרע לייכטע אויסגע־צייכענטע וואסער־וועגען פערשפרעכען איהר א גלענצענדע צוקונפט. בוע־נאס איירעס, איהר הויפטשטאדט, האט שוין יעצט א בעפעלקערונג פון א מיליאן און א פערטעל מענשען, און זי איז שוין יעצט די גרעסטע און וויכטיגסטע שטאדט אין זיד־אמעריקא. אויך טשילע, דאס שמאלע לאנד ביים ברעג אקעאן (פאסיפיק), 2,000 מייל לאנג, איז פיעל ענט־וויקעלט געווארען, ניט אכטענדיג אויף די אונאנגענעהמליכקייט, וואס זי האט איבערגעטראגען די לעצטע צייט. בכלל שטעהט זיד־אמעריקא פאר א זעהר גלענצענדע צוקונפט.

די פעראייניגטע שטאאטען פון 1900 ביז 1912. דעם 4טען מערץ 1901 האט מעקקינלעי אנגעפאנגען א צווייטען טערמין אלס פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאטען. דאס לאנד איז דאן גע־

ווען עקאָנאָמיש אין אַ גוטען צושטאַנד און איז געווען צופרידען מיט זיין אַדמיניסטראַציאָן. דאָך איז ער געפאַלען אַן אָפּפער פון אַ פּאָליטישען מערדער. אין דעם זומער פון 1901 איז אין באָפפאַלאָ (שטאַאַט ניו יאָרק) געווען אַן אויסשטעלונג, צו וועלכער דער פּרעזידענט איז געקומען. איינער פון עולם, אַ יונגער מאַן מיט'ן נאָמען טשאָלגאָש, וועלכער האָט זיך אויסגעגעבען פיר אַן אַנאַרכיסט, האָט אויף איהם געשאָסען און ער איז דעם 14טען סעפּטעמבער געשטאָרבען פון די וואונדען.

זיין שטעלע האָט באַלד פערנומען טהעאָדאָר ראָאָזעוועלט, וועלכער איז געווען וויצע־פּרעזידענט. ער האָט גלייך געלאָזט וויסען, דאָס ער וועט קיין ענדערונג ניט מאַכען אין קאַבינעט פון די מיניסטאָרען, און דאָס ער וועט פאָרטזעצען מעקקינלעי'ס פּאָליטיק. ראָאָזעוועלט האָט געהאַט פיעל ערפאַהרונג אין עפענטליכען דינסט. אין 1882 איז ער ערוועהלט גע־וואָרען אַלס מיטגליד פון ניו יאָרקער געזעצגעבענדער פערזאַמלונג (לעדזשיס־לעטשור); אין די יאָהרען פון 1889 ביז 1895 האָט ער געדינט אין דער קאָמיסיאָן פון ציוויל־דינסט; נאָכדעם איז ער געוואָרען פּאָליציי־קאָמיסאַר פון ניו יאָרק. אין 1897 איז ער ערנאַנט געוואָרען אַלס אַ געהילפס־מיניס־טער פון דער פלאָטע; ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דעם קריג צווישען די פעראייניגטע שטאַאַטען און שפּאַניען אַלס וואָלונטיר (פריייוויליגער). אין 1898 איז ער ערוועהלט געוואָרען גאָווערנאָר פון שטאַאַט ניו יאָרק, אין 1901 איז ער ערוועהלט געוואָרען וויצע־פּרעזידענט.

די ערסטע וויכטיגע אויפטואונג זיינע איז געווען אין 1902. דאַמאָלס האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסער סטרייק פון די אַרבייטער אין די קויהלען־מינעס. איבער 15,000 מאַן האָבען אַוועקגעלעגט די אַרבייט. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו פיהלען אַ קויהלען־הונגער. דער פּרעזידענט האָט פער־רופען צו זיך אין וואַשינגטאָן די פיהרער פון די יוניאָן־אַרבייטער און די אייגענטימער פון די קויהלען־מינעס. עס איז איהם געלונגען צו פערגלייכען די אַרבייטער מיט די אייגענטימער, און מען האָט אונטערגעשריבען אַן אָפּמאַך, דאָס אין צייט פון צוויי יאָהר זאָל קיין סטרייק ניט פאָרקומען. אויסער דעם האָט ער דאַמאָלס איינגעאָרדענט אַ סאָרט פּשרה־געריכט, צו אויסגלייכען סכסוכים צווישען די אַרבייטער און זייערע בעלי בתים.

**דער פּאַנאַמאַ־קאַנאַל.** אין יאַנואַר 1902 האָט פּרעזידענט ראָאָזע־וועלט געשיקט אַ באָטשאַפט צום קאָנגרעס, אין וועלכער ער האָט רעקאָמענ־דירט צו בעטראַכטען אַ פּלאַן ווי צו מאַכען אַ קאַנאַל דורך דעם שמאָלען פּאַס לאַנד, וואָס פעראייניגט נאָרד־אַמעריקאַ מיט זיד־אַמעריקאַ און וואָס

טיילט אָפּ דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן פון דעם שטילען (פּאַסיפיק), אום דער קאַנאַל זאָל פּעראייניגען ביידע גרעסטע ימים אין דער וועלט. שוין איבער 50 יאָהר האָבען פערשיידענע נאַציאָנען זיך בעשעפטיגט מיט דיזער וויכטיגער פראגע. אין 1850 האָט ענגלאַנד געשלאָסען א טראַקטאַט מיט אַמעריקאַ און אין דיזען טראַקטאַט איז שוין אויך דער פּראָיעקט פון דעם קאַנאַל בעטראַכטעט געוואָרען. דאַמאָלס האָט מען אָנגענומען, דאָס דער בעסטער אָרט, וואו דורכצוברעכען דיזען קאַנאַל, איז ניקאַראַגוא. שפּעטער האָט זיך אין פראַנקרייך געבילדעט א קאָמפּאַניע מיט א גרויסען קאַפּיטאַל צו גראָבען א קאַנאַל דורך פּאַנאַמאַ. די קאָמפּאַניע האָט אָנגעהויבען אַרבייטען, אָבער די אונטערנעהמונג האָט זיך געענדיגט מיט א דורכפאַל. מען האָט שווערע מיליאָנען אַריינגעלעגט אין דיזער אונטערנעהמונג, און עס איז ניט געווען אויף וואָס צו קוקען. דער קאָנגרעס האָט בעשלאָסען מען זאָל אָפּ-קויפען די אַרבייט, וואָס די פראַנצויזען האָבען אָפּגעטאָן אויף דיזען קאַנאַל, פיר 40,000,000 דאָללאַרס. עס האָבען זיך אָנגעהויבען פערהאַנדלונגען מיט דער רעפּובליק קאָלומביאַ וועגען איהר ערלויבנים צו גראָבען א קאַנאַל דורך פּאַנאַמאַ. דיזע פערהאַנדלונגען האָבען זיך צו לאַנג פערצויגען. פּאַנאַמאַ האָט זיך דעריבער אָפּגעשיידט פון קאָלומביאַ און איז געוואָרען אַן אונאָפּ-הענגיגע רעפּובליק. עס האָט מעהר ניט גענומען ווי 3 טעג און די פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען אָנערקענט די אונאָפּהענגיגקייט פון פּאַנאַמאַ, און דערמיט זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען אַלע שוועריגקייטען, וואָס זיינען גע-לעגען אויף׳ן וועג פון אָנפאַנגען די אַרבייט פון קאַנאַל איבער פּאַנאַמאַ. אייניגע האָבען בעשולדיגט ראָאָזעוועלט׳ן, אַז דאָס איז געווען אין גאַנצען א שפּיצעל פון איהם אָפּצוטיילען פּאַנאַמאַ פון קאָלומביאַ, און דעריבער האָט עס אַמעריקאַ אַזוי געשווינד אָנערקענט די אָפּטיילונג פון פּאַנאַמאַ.

אין פריהלינג פון 1904 זיינען געמאַכט געוואָרען די פּאָרבערייטונגען צו דער אַרבייט. עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, דאָס דער קאַנאַל וועט פערטיג ווערען אין 1915 און ער וועט קאָסטען איבער 300 מיליאָנען דאָל-לאַרס. די אונטערנעהמונג איז די גרעסטע אין דער נייער צייט און וועט זעהר פיעל נוצען ברייגנען דעם האַנדעל.

אין 1903 איז צוגעקומען א נייער מיטגליד צום פּרעזידענט׳ס קאַבינעט, דאָס איז געווען א סעקרעטער (מיניסטער) פון האַנדעל און אַרבייט. דער ערסטער, וואָס איז ערנאַנט געוואָרען אַלס סעקרעטער פון דיזען דעפּאַרטע-מענט, איז געווען דער אידישער שטאַאַטסמאַן אָ ס ק אַ ר ש ט ר ו י ס.

אין דיזען יאָהר האָט זיך אויך געענדיגט דער סכסוך צווישען ענגלאַנד און די

פעראייניגטע שטאַאטען וועגען דעם גרענעץ צווישען אַלאַסקאַ, וואָס געהערט צו אַמעריקאַ, און קאַנאַדאַ, וואָס געהערט צו ענגלאַנד. דיזער סכסוך איז אויסגעגליכען געוואָרען דורך אַ פשרה־געריכט.

אין 1903 זיינען געוואָרען 100 יאָהר זינט אַמעריקאַ האָט אָפּגעקויפט לואיזיאַנאַ. מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט אַמעריקאַ געמאַכט די גרויסע וועלט־אויסשטעלונג אין סט. לואיס אום צו פעראייביגען דיזען וויכטי-גען פאַקט. דער שטח פון דער אויסשטעלונג האָט פערנומען 1,240 אַקער לאַנד; די קאָסטען פון דיזער אויסשטעלונג האָט בעטראָפען מיט מיליאָנען דאָללאַרס מעהר פון דער טשיקאַגאָער. איבער 20 מיליאָנען מענשען האָבען בעזוכט דיזע אויסשטעלונג. אין דעם זעלבען יאָהר האָט די אַמעריקאַנישע רעגירונג געענדיגט דעם קייבעל־טעלעגראַף, וואָס פעראייניגט סאַן פראַנציס-קאָ מיט די פיליפּינען־אינזלען.

אין 1904 זיינען פאָרגעקומען נייע וואַהלען. ראָאָזעוועלט האָט געהאַט זעהר פיעלע און מעכטיגע געגנער צווישען די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען געגרינדעט טראָסטס (פעראייניגטע קאַפּיטאַלען) אום צו פערכאַ-פּען די אינדוסטריע און האַנדעל אין זייערע הענט. טראָץ דיזע מעכטיגע געגנער איז ער ערוועהלט געוואָרען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט.

אין אָנפאַנג פון זיין צווייטען טערמין איז פון אַ גרויסער וויכטיגקייט געוועזען דער אָרדער, וואָס ער האָט געגעבען צו אונטערזוכען די געשעפטען פון דער גרויסער ניו יאָרקער קאָמפּאַניע פון לעבענס־פערזיכערונג. די אונ-טערזוכונג האָט בעוויזען, דאָס הגם מען האָט זעהר שלעכט פערברויכט פיעלע מיליאָנען פון דעם קאַפּיטאַל פון דיזער קאָמפּאַניע, איז דאָך די קאָמפּאַניע זעהר רייך און שטעהט זעהר פעסט, אַזוי דאָס די לייט, וואָס זיינען פערזיכערט אין דיזער קאָמפּאַניע זיינען זיכער, דאָס זיי וועלען בעקומען די קאַפּיטאַלען, אויף וויפיעל זיי זיינען פערזיכערט. דער רע-זולטאַט פון דיזער אונטערזוכונג איז געוועזען, דאָס פיעלע בעאַמטע אין דיזער קאָמפּאַניע האָבען זייערע שטעלען פערלאָרען, עס זיינען דורכגעפיהרט געוואָ-רען געוויסע געזעצען און רעגלען, ווי מען זאָל אַכטונג געבען אויף די געשעפ-טען פון דער קאָמפּאַניע, און אַ פערקלענערונג פון דער פּרעמיע, וואָס דער וואָס פערזיכערט זיך דאַרף צאָהלען.

דער 18טען אַפּריל 1906 איז אין סאַן פראַנציסקאָ געוועזען אַ שרעקליכע ערד־ציטערנים. די גאַנצע שטאָדט איז רואינירט געוואָרען, די איינוואוי-נער, כמעט אַ האַלבע מיליאָן מענשען, זיינען געבליבען אָהן אַ דאַך, אָהן שפּייז און אָהן קליידער. אין דעם זעלבען מאָנאַט, עטוואָס פריהער, האָט

דער וואולקאַן (פייערשפּייענדער באַרג) וועזוביוס אין איטאַליען זיך צושפּילט און האָט אָנגעהויבען שפּייען לאַווא, שטיינער און אַש, און דאָס איז גע־ווען אַ בשורה, דאָס עס וועט זיך נאָך אין ערגעץ אַנדערש אין דער וועלט עטוואָס שרעקליכעס טרעפען. די ערד־ציטערנים אין סאַן פראַנציסקאָ האָט צוריסען אויף אַ ווייטע שטרעקע די אייזענבאַהנען און טעלעגראַפען, אַזוי דאָס די אונגליקליכע שטאָדט איז אָפּגעשניטען געוואָרען פון דער גאַנצער וועלט. דאָס גאַנצע לאַנד האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט די איינוואוי־נער פון סאַן פראַנציסקאָ, און מען האָט זיי אין אַ קורצער צייט צוגעשיקט גרויסע הילף אין געלט, שפּייז און קליידער, וועלכע האָבען בעטראָפען שוועדע מיליאָנען. עס זיינען באַלד געמאַכט געוואָרען גרויסע הכנות צוריק אויפצובויען די שטאָדט. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די שטאָדט איז ווירקליך צוריק אויפגעבויט געוואָרען, פיעל גרעסער און שענער ווי זי איז פריהער געווען. און די וועלט האָט עס בעטראַכט אַלס אַ גרויסען וואונדער, וועלכען נאָר די ענערגיע פון די אַמעריקאַנער האָט געקענט בעווייזען.

אין אויגוסט פון זעלבען יאָהר האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אין קובאַ. דער פּרעזידענט פון דיזער רעפּובליק, פּ אַ ל מ אַ, האָט זיך גע־ווענדט צו ראָאָזעוועלט'ן ער זאָל איהם העלפען ברייננען אָרדנונג אין לאַנד. ראָאָזעוועלט האָט באַלד געשיקט מיליטער אַהין און האָט בערוהיגט דאָס לאַנד.

דעם 9טען אויגוסט זיינען אויף די איינלאַדונג פון פּרעזידענט ראָאָזע־וועלט צוזאַמענגעקומען אין פּ אָ ר ט ס מ ו ט ה דעלעגאַטען פון רוסלאַנד און יאַפּאַן אום צו שליסען פרידען. ראָאָזעוועלט האָט אַ גרויסען אַנטייל גענומען אין די פערהאַנדלונגען, און דעם 5טען סעפּטעמבער איז דער פרי־דענס־אַקט אונטערגעשריבען געוואָרען.

דער 59טער קאָנגרעס האָט אַרויסגעגעבען אייניגע זעהר וויכטיגע גע־זעצען. דער פּרעזידענט האָט געהאַט מיט'ן קאָנגרעס אַ זעהר ביטערען און לאַנגען שטרייט ביז ער האָט אויסגעפיהרט, דאָס עס זאָל אָנגענומען ווערען אַ געזעץ, דאָס די אייזענבאַהן־קאָמפּאַניעס מוזען אַרונטערלאָזען די פּרייזען פיר פראַכט און פּאַסאַזשירען, און דאָס זיי טאָרען ניט מאַכען קיין אונטערשיידען אין פּרייז, פיר אייניגע ביליגער און פיר אַנדערע טייע־רער; ווייל די גרויסע פירמעס פלעגען האָבען פּריווילעגיעס, אַזוי דאָס זיי איז לייכט געווען צו קאָנקורירען מיט קלענערע פירמעס און זיי אַרויסשטופּען פון געשעפט. אויך איז זעהר וויכטיג דאָס געזעץ וועגען ריינע און וויכטיגע שפּייז, וועלכעס איז דורכגעפיהרט געוואָרען נאָך אַ גרויסען קאַמף. לויט

דיזען געזעץ מוז יעדע שפּייז ענטהאַלטען אין זיך די ריכטיגע זאַך, פיר וואָס זי ווערט פערקויפט: איז עס מילך, טאָר אין דעם ניט זיין קיין וואַסער, איז עס פּוטער, מוז עס זיין ריכטיגע, ניט געפעלשט, או. ד. גל.

אין דיזער צייט איז ענטשטאַנען די שווערע פראַגע וועגען יאַפּאַנעזישע עמיגראַנטען. די יאַפּאַנעזער, וועלכע זיינען ניט געוועז אריינגערעכנט אין דעם אַקט, וואָס האָט פערוועהרט די כינעזער זיך בעזעצען אין אַמעריקאַ, זיינען אָנגעקומען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען אין אַ זעהר גרויסער צאָהל. די מערב־שטאַאַטען, וואָס ליגען ארום די ברעגען פון שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק), וואו די יאַפּאַנעזער קומען אָן, זיינען געווען זעהר אונצופרידען פון דיזע אימיגראַנטען און האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען פיר זיי בעשרענקונגען. דעם ערסטען טריט דערצו האָט געמאַכט סאַן פראַנציסקאָ. די שול־בעאַמטע פון יענער שטאָדט האָבען פערבאָטען די יאַפּאַנעזער קינדער צו בעזוכען די זעלבע שולען, וואָס די וויסע בעזוכען. צווישען די פעראייניגטע שטאַאַטען איז אָבער פאַראַן אַ טראַקטאַט, דאָס די יאַפּאַנעזער, וואָס וואוינען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, זאָלען האָבען גלייכע רעכטען מיט די אַמעריקאַנער. אין אָקטאָבער 1906 האָט דער יאַפּאַנעזישער געזאַנדטער אין וואַשינגטאָן אריינגעבראַכט אַ פּראָטעסט צו דער רעגירונג וועגען די בעשרענקונגען, וואָס די סאַן־פראַנציסקאַנער שול־בעאַמטע מאַכען פיר די יאַפּאַנעזער קינדער. פּרעזידענט רוזעוועלט האָט באַלד איינגעזעהן, דאָס דיזע האַנדלונג פון די סאַן פראַנציסקאַנער קען אָנמאַכען גרויסע אונאַנגענעהמליכקייט און שאַדען דעם נאַציאָנאַלען־פרידען, און ער האָט צוזאַמענגערופען אַ קאָנפערענץ מיט די קאַליפאָרניער בעאַמטע, און מען האָט אָפּגעשאַפט די בעשרענקונג פון די שול־בעאַמטע. די פראַגע איז אויף אַ צייט געלעזט געוואָרען, ווייל די יאַפּאַנעזישע רעגירונג האָט אויפגעהערט געבען פּאַספּאָרטען צו אַרבייטער, וואָס ווילען פאַהרען נאָך די פעראייניגטע שטאַאַטען, וואו דאָס נייע געזעץ פון 20טען פעברואַר ערלויבט זיי ניט צו קומען אַלס אַרבייטער.

אין 1907 איז ז ווירדזשיניא געווען אַן אויסשטעלונג צו פייערן די 300־יעהריגע עקסיסטענץ פון דזשעמסטאָן, די ערסטע שטאָדט, וואָס די ענגלענדער האָבען געגרינדעט אין אַמעריקאַ, און וועלכע עקסיסטירט עד היום. אין הערבסט 1907 האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער קריזיס אין לאַנד צוליב אַ פינאַנציעלער פּאַניק, און דאָס האָט געהאַט אַ זעהר שלעכטע ווירקונג אויף דעם אינדוסטריעלען צושטאַנד פון לאַנד. איבער 500 טוי-

זענד ארבייטער זיינען געבליבען אהן ארבייט. די פערבעסערונג איז געקו־מען זעהר לאנגזאם.

אין 1908 זיינען פארגעקומען וואהלען פיר פרעזידענט, פיר מיטגלי־דער אין קאנגרעס און פיר גאווערנארס אין פיעלע שטאאטען. די רעפובלי־קאנישע פארטיי האט געוואלט נאך אמאל ערוועהלען ראאזעוועלט'ן, אבער דעם 11טען דעצעמבער 1907 האט ער ארויסגעגעבען אן ערקלערונג, דאס ער וויל פיר קיין פאל ניט זיין א קאנדידאט פיר נאך א טערמין, ווי ער האט שוין פריהער אין דער נאכט פון די וואהלען פון 1904 ערקלערט. די רעפובליקאנער, וואס האבען זיך פערזאמעלט אין טשיקאגא האבען דעם 16טען יוני נאמינירט פיר פרעזידענט ו ו י ל י א ם  ט א פ ט , וועל־כער איז דאמאלס געוועזען קריגס־מיניסטער און פריהער גאווערנאר פון די פיליפפינען־אינזלען. פיר וויצע־פרעזידענט איז נאמינירט געווארען ד ז ש ע מ ס  ש ע ר מ א ן . די רעפובליקאנישע פארטיי האט פערשפרא־כען דעם פאלק צו מאכען א נייעם טאריף, וועלכער זאל זיין בעסער צוגע־פאסט צו די נייע אומשטענדען. אין נאוועמבער זיינען פארגעקומען די וואהלען און טאפט איז ערוועהלט געווארען פרעזידענט. דער קאנגרעס האט אין זיינע זיצונגען בעשטימט נאך 29,000,000 דאללארס פיר דעם פאנאמא־קאנאל, און 10,000,000 דאללארס צוריקצוגעבען צו כינא פון דער בעלוי־נונג, וואס זי האט געגעבען די פעראייניגטע שטאאטען פיר זייער הילף אין 1900 צו בעפרייען זי פון דער באקסער־רעוואלוציאן. די כינעזער זיי־נען זעהר צופרידען געוועזען פון דיזען אקט און האבען בעשטימט די איינקונפ־טען פון דיזער סומע צו געברויכען אויף בילדען יונגע כינעזער, וואס ווילען פאהרען אין די פעראייניגטע שטאאטען צו בעקומען דארט העכערע בילדונג אין די אוניווערזיטעטען.

זעהר וויכטיג איז געוועזען די ענדערונג אין טאריף אין 1910. דיזע פראגע איז אזוי וויכטיג געוועזען, דאס דער פרעזידענט האט געפונען פיר נעטיג צו ארדנען א ספעציעלע זיצונג פון קאנגרעס אין דער צייט פון וואקאציאן. דער רעפרעזענטאנט (דעפוטירטער) פעין פון ניו יארק האט אריינגעבראכט אין רעפרעזענטאנטען־הויז א פראיעקט פון א נייעם טאריף, וועלכער איז געוועזען בעקאנט אלס דער „פעין־אלדרידזש ביל". דער ביל איז איבערהויפט געוועזען געגרינדעט אויף דעם פרינציפ פון שוץ, צו פערהי־טען די אמעריקאנישע קויפלייט און אמעריקאנישע ארבייטער פון אויסלענ־דישער קאנקורענץ. די מעהרסטע אפצאהלונגען אויף אויסלענדישע ארטיק־

לען זיינען פערגרעסערט געוואָרען. דיזער טאַריף איז געווען דער העכסטער, וועלכער איז ווען עס איז אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס.

ווי דער טאַריף איז בעקאַנט געוואָרען אין לאַנד, האָבען אָנגעהויבען צו קומען צו דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן זעהר פיעלע פּראָטעסטען פון אַלע שטאַאַטען פון לאַנד. די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי האָט גלייך פערלאָרען איהר מאַכט, און ביי די וואַהלען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין הערבסט 1910, האָבען די רעפּובליקאַנער פערלאָרען די מאַיאָריטעט אין קָננגרעס און די דעמאָקראַטען האָבען בעקומען אַ מאַיאָריטעט אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז.

דאָס יאָהר 1909 צייכענט זיך אין אַמעריקאַ מיט דער שנעלער ענט־וויקלונג פון לופט־פליהעריי. די ב ר י ד ע ר ר אַ י ט פון דעיטאָן (שטאַאַט אָהאיאָ) זיינען געווען צווישען די ערסטע, וועלכע האָבען געברויכט אַ מאַשין, וואָס איז פיעל שווערער פון דער לופט. אין דער זעלבער צייט האָבען אויך אַנדערע מעכאַניקער אין פערשיידענע ערטער אין דער וועלט ערפונדען פערשיידענע פליה־מאַשינען.

אַ מערקווירדיגע רייזע אַרום דער וועלט האָט געמאַכט אַן אַמעריקאַני־שע פלאָטע אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ ד מ י ר אַ ל אַ י וו אַ נ ס אין 1909. אין 1907 איז די פלאָטע אַרויסגעשיקט געוואָרען אַרום קאַפּ האָרן צום ברעג פון קאַליפאָרניאַ, פון דאָרט איז זי אַוועק דורך דעם שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק), האָט בעזוכט אויסטראַליען, יאַפּאַן און אייניגע אַנ־דערע פּונקטען אין וויטען מזרח, און האָט זיך נאָכדעם צוריקגעקעהרט דורך דעם סועץ־קאַנאַל און דורך דעם מיטלענדישען ים. די פלאָטע האָט דורכגערייזט לערך 45 טויזענד מייל און האָט נאָר איין סיבה געהאַט אין דער גאַנצער רייזע.

די וואַהלען פון 1910 האָבען אָנגעמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרענים אין דער פּאָליטישער לאַגע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. דאָס פאָלק איז גע־ווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף'ן הויכען טאַריף, און דאָס האָט זיך אָפּ־געשפּיגעלט ביים שטים־קאַסטען. אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז האָבען די רע־פּובליקאַנער פערלאָרען זעהר פיעלע ערטער און די דעמאָקראַטען זיינען דאָרט געוואָרען די מאַיאָריטעט. נאָר דער סענאַט האָט נאָך געהאַט אַ מאַיאָריטעט פון רעפּובליקאַנער, אָבער די מאַיאָריטעט איז געווען אַ זעהר ניט בעדייטענדע. די ענדערונג אין דעם רעפּרעזענטאַנטען־הויז איז געווען אַ זעהר גרויסע. אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער האָבען די רעפּובליקאַנער געהאַט אַ מעהרהייט פון 50 שטימען, האָבען יעצט די דעמאָקראַטען גע־וואונען אַ מאַיאָריטעט פון 60 שטימען. דער ספּיקער קענאָן איז אַרונטער

פון זיין שטעלע און זיין פלאץ האט פערנומען דער דעמאקראט ט ש א מ פ ק ל א ר ק. צו די וויכטיגסטע פאסירונגען פון 1910 געהערט די ערוועהלונג פון וואודראו ווילסאן אלס גאווערנאר פון ניו דזשערזי. ווילסאן איז געווען פרעזידענט פון דער אוניווערזיטעט פון פריסנטאן.

אין די פעראייניגטע שטאאטען ווערט לויט דער קאנסטיטוציאן אלע צעהן יאהר געמאכט א צענזוס (פאלקס-צעהלונג). אין 1910 איז געווען דער 13טער צענזוס. די ציפערן האבען געצייגט, דאס אין די גרויסע שטעדט זיינען צוגעקומען אין די לעצטע 10 יאהר זעהר פיעלע איינוואוינער. ניו יארק, וועלכע איז יעצט די גרעסטע שטאדט אין דער וועלט, האט בעקומען א צוואוואוקס אין מענשען אויף 39 פראצענט. אין 1900 האט ניו יארק געצעהלט 3,347,202, און אין 1910 האט זי געהאט 4,766,883 מענשען. די צאהל פון דער בעפעלקערונג פון די גאנצע פעראייניגטע שטאאטען אין 1910 איז געווען 91,977,266. אזוי דאס אין די לעצטע 10 יאהר זיינען צוגעקומען 15,977,691 נפשות. דאס מאכט אוים מיט איין און צוואנציג פראצענט מעהר. אין 1912 זיינען צוגעקומען צוויי נייע שטאאטען צו דער יוניאן, נעמליך: ניו-מעקסיקא און אריזאנא.

אין די ערסטע יאהרען פון 20טען יאהרהונדערט האט די רעגירונג אנגעהויבען צו פערפאלגען די טראסטס (ד. ה. גרויסע קאפיטאליסטישע קאמפאניעס, וועלכע פעראייניגען זיך אום ארויסצוטרייבען דורך קאנקורענץ קלענערע סוחרים און נאכדעם אליין רעגולירען די פרייזען פון זייערע פראדוקטען ווי פאר זיי לוינט בעסער). אין נאוועמבער 1906 האט די רעגירונג פערפיהרט א פראצעס געגען דער „סטאנדארד אויל קאמפאניע", וועלכע איז בעשולדיגט געווארען, דאס זי האט איבערגעטרעטען דאס געזעץ, וועלכעס איז בעקאנט אלס שערמאן'ס אנטי-טראסט-געזעץ. און די רעגירונג האט געפאדערט, דאס די אויל קאמפאניע זאל אויפגעלעזט ווערען. דעם 20טען נאוועמבער 1909 האט דאס גריכט ארויסגעגעבען זיין פסק, דאס די קאמפאניע איז ניט געזעצליך און האט געארדענט זי זאל אויפגעלעזט ווערען. די קאמפאניע איז ניט צופרידען געווען מיט'ן פסק און האט אפעלירט צום העכסטען געריכט פון די פעראייניגטע שטאאטען (יונייטעד סטייטס סופרים קאורט). דעם 15טען מאי 1911 האט דאס העכסטע געריכט פון לאנד בעשטעטיגט דעם פסק פון אונטערען געריכט און האט בעפוילען, דאס די קאמפאניע זאל אויפגעלעזט ווערען. דעם 29טען מאי האט דער זעלבער געריכט ארויסגעגעבען זיין פסק אויף וועגען דעם טאבאק-טראסט, דאס אויך דיזער מוז אויפגעלעזט ווערען.

אין דער קורצער זיצונג פון קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך געענדיגט דעם 4טען מערץ, האָט פרעזידענט טאפט אריינגעשיקט אין קאָנגרעס א פּראָיעקט צו שליסען אַן אָפּמאַך מיט קאנאַדאַ וועגען ביליגער מאַכען שפּייז־ארטיקלען, אויף וועלכע די פּרייזען האָבען געשטיגען די לעצטע צייטען זעהר הויך. צוויי מאָנאטען האָבען געדויערט די פערהאנדלונגען צווישען די רעגירונגען פוןביידע לענדער וועגען דיזען אָפּמאַך. דעם 4טען אַפּריל האָט דער נייער קאָנגרעס איינגעשטימט צום פּרעזידענט'ס פּראָיעקט און דעם 22טען יולי איז דער פּראָיעקט אונטערגעשריבען געוואָרען.

אָבער אין פּאַרלאַמענט פון קאנאַדאַ זיינען פיעלע געווען געגען דעם טראַקטאַט. די געגנער האָבען עס בעטראַכט אַלס אַ שריט צו פעראייניגען זיך מיט די פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכער שטימט ניט מיט דער טרייער איבערגעבענהייט פון קאַנאַדאַ צו ענגלאַנד. ווען מען האָט אין פּאַרלאַמענט גענומען דיזען טראַקטאַט צו אָפּשטימונג איז ער דורכגעפאַלען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט פון געגען־שטימען (21טען סעפּטעמבער). צוליב דיזער פערהאַנדלונג איז דאָס מיניסטעריום אין קאנאַדאַ געפאַלען און אַ נייעס איז ערוועהלט געוואָרען אונטער ר. ל. באָרדען.

ווען עס איז אָנגעקומען דער קאַמפּיין (וואהל־קאַמף) פון 1912 האָבען זיך די פערשיידענע שטאַאטען צושיידט אין זייערע מיינונגען. אייניגע האָבען זיך געהאַלטען ביי דער אַלטער מעטהאָדע פון וואהלען, דאָס פריהער זאָלען זיך צוזאַמענקומען דעלעגאַטען פון די שטאַאטען צו בעשטימען וועמען מען זאָל נאָמינירען פיר פּרעזידענט און נאָכהער זאָל מען דיזע נאָמינירטע קאַנדידאַטען איבערגעבען צום פאָלק זיי זאָלען ערוועהלען פון זיי וועמען זיי ווילען. אַנדערע שטאַאטען אָבער האָבען געוואָלט, דאָס די מעטהאָדע פון קאָנווענציאָן זאָל אָפּגעשאַפט ווערען און דאָס פאָלק אַליין זאָל האָבען דאָס רעכט צו נאָמינירען די קאַנדידאַטען און נאָכדעם איינעם פון זיי צו ערוועהלען. פיעלע פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי זיינען געווען אונצופרידען מיט פּרעזידענט טאַפט'ס אדמיניסטראַציאָן און מיט דער פיהרונג פון די רעפּובליקאַנישע פיהרער, און האָבען פערלאַנגט, דאָס די פּאַרטיי זאָל עפּעס וויכטיגעס און נייעס אויפטאָן, וואָס זאָל מעהר האַרמאָנירען מיט'ן פּראָגרעס פון היינטיגער צייט. דיזע מיטגלידער פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי האָבען פערלאַנגט, דאָס דער עקס־פּרעזידענט טהעאָדאָר ראָאָזעוועלט זאָל זיין זייער קאַנדידאַט פיר פּרעזידענט. ראָאָזעוועלט האָט פריהער זיך ענטזאַגט, אָבער ענדליך האָט ער געגעבען זיין צושטימונג איהם צו נאָמינירען. אָבער אַ גרויסער טייל פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַר-

טיי האָט מורא געהאַט פאַר ראָאָזעוועלט'ס ראַדיקאַלע פּלענער, און דערי־בער האָבען זיי אויף דער קאָנווענציאָן אין טשיקאַגאָ נאָמינירט דעם פריהער־דיגען פּרעזידענט וויליאַם טאַפט אויף א צווייטען טערמין. די אָנהענגער פון ראָאָזעוועלט'ן האָבען געגרינדעט א נייע פּאַרטיי אונטער דעם נאָמען „פּראָגרעססיוו פּאַרטי”. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך פערזאַמעלט אין באַלטימאָר דעם 25טען יוני. אויף דיזער קאָנווענציאָן איז וואוד־ראָו ווילסאָן נאָמינירט געוואָרען אַלס קאַנדידאַט פיר פּרעזידענט און דער גאָווערנאָר פון אינדיאַנאַ טהאָמאַס ר. מאַרשאַל אַלס קאַנדידאַט פיר וויצע־פּרעזידענט.

## דער פּאָרטשריט פון ליבעראַליזם.

אין די ערסטע 10 יאָהר פון 20טען יאָהרהונדערט האָט דער ליבע־ראַליזם געמאַכט א גרויסען פּאָרטשריט אין דער גאַנצער וועלט. זינט דעם יאָהר 1848 האָבען די אַלע פעאָדאַל־אינסטיטוציאָנען אַנגעהויבען אָפּגע־שאַפט ווערען און דער גייסט פון דעמאָקראַטיזם האָט זיך אַנגעהויבען שטאַר־קען מעהר און מעהר און געקראָגען אונטער זיך פעסטען באָדען. די מאַכט פון ליבעראַליזם האָט זיך די ערסטע צייט בעוויזען אין דריי זאַכען: ערסטענס אין דער אָפּזונדערונג פון דער קירכע פון דעם שטאַאַט, צוויי־טענס אין דער פערברייטונג פון סאָציאַליזם, דריטענס אין דער ענטוויקלונג פון פרויען־רעכט.

1. די קירכע און דער שטאַאַט. אין פאָריגען יאָהרהונדערט האָ־בען די רעגירונגען און די פעלקער געפיהרט א לאַנגען קאַמף מיט דער קירכע, וועלכע האָט זיך צו פיעל געמישט אין פּאָליטישען לעבען פון פאָלק. היינט זיינען אַפילו די שטאַרקע אָנהענגער פון דער קירכע מודה, דאָס ווען די קירכע איז אָפּגעטיילט פון שטאַאַט איז עס בעסער ניט נאָר פיר דעם שטאַאַט, נאָר אויך פיר די קירכע זעלבסט.

עפּאָכע־מאַכענד איז די אָפּזונדערונג פון קירכע און שטאַאַט אין פראַנקרייך אין 1905. געטריבען דערצו האָט בעזונדערס די טרויעריגע ראָ־לע, וועלכע די קירכע האָט געשפּילט אין דער דרייפוס־אַפפעיר.

אין הערבסט 1904 האָט דער פּאַרלאַמענט בעשטימט א קאָמיטע, וואָס זאָל אויסאַרבייטען די איינצעלהייטען פון דער אָפּזונדערונג. אָן דער שפּיץ פון דיזען קאָמיטע איז געשטאַנען דער סאָציאַליסט בריאַנד, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען פּרעמיער פון דעם מיניסטעריום. ער האָט זיין רע־פּאָרט זעהר שנעל צוגעשטעלט, דער פּראָיעקט, ווי דאָס קאָמיטע האָט איהם

אויסגעארבייטעט, איז צוגעשטעלט געוואָרען צום פּאַרלאַמענט, און נאָך פאַר ענדע 1905 איז ער געוואָרען אַ געזעץ. לויט דיזען געזעץ האָט די רעפּוב- ליק גאָרניט צו טאָן מיט רעליגיאָן. זי וועט ניט שטיצען און ניט שטערען וועלכער עס איז רעליגיאָן. דאָס אייגענטום, וואָס די קירכע בעזיצט, זאָל איבערגעהן צו דער „געזעלשאַפט פון עפענטליכען געטליכען דינסט". די אַלטע גייסטליכע זאָלען בעקומען זייער געהאַלט ביז צו ענדע פון זייער לעבען. דיזע אָרדנונג איז געמאַכט געוואָרען ניט נאָר פיר קאַטאָלישע גייסט- ליכע, נאָר אויך פיר פּראָטעסטאַנטישע און אידישע, וועלכע האָבען פרי- הער ערהאַלטען זייער געהאַלט פון שטאַאַט.

די פראַגע וועגען די בעציהונגען צווישען דער קירכע און דעם שטאַאַט אין שפּאַניען האַלט אויך נאָהענט געלעזט צו ווערען. אין 1851 איז צווישען שפּאַניען און דעם וואַטיקאַן אין רוים געשלאָסען געוואָרען אַ קאָנקאָרדאַט, וועלכער האָט רעגולירט די בעציהונגען פון דעם שטאַאַט צו דער קירכע. לויט דיזען אָפּמאַך איז די קאַטאָלישע קירכע די הערשענדע אין שפּאַניען. די אַלע קירכען־גיטער, וואָס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרען פון דער רע- גירונג און זיינען נאָך ניט פערקויפט געוואָרען אין דער צייט פון שלי- סען דעם קאָנקאָרדאַט, זאָלען צוריקגעגעבען ווערען צו דער קירכע; די קירכע האָט רעכט צו ערווערבען נייע גיטער; די קאַטאָלישע בישאָפען זיי- נען די אויבער־אויפזעהער איבער די צענזור אין לאַנד; דער שטאַאַט דאַרף שאַפען דורך שטייער אַ בעשטימטע סומע אום צו זיכערן די עקסים- טענץ פון דער קירכע און איהרע בעאַמטע. אָבער דיזער קאָנקאָרדאַט איז אין פערלויף פון דער צייט געענדערט געוואָרען דורך דעם פּאַרלאַמענט, הגם דער וואַטיקאַן האָט דערצו זיין הסכמה ניט געגעבען. אַזוי צ. ב. האָט דער פּאַרלאַמענט ערלויבט רעליגיאָנס־פרייהייט, דאָס יעדער שפּאַנישער איינ- וואוינער האָט דאָס רעכט אָנצונעהמען די רעליגיאָן, וואָס געפעלט איהם בע- סער; ער האָט אָפּגעשאַפט די צענזור און האָט געגעבען דער פּרעסע פולע פרייהייט; ער האָט בעשרענקט די צאָהל פון די מאָנאַכען־אָרדענס און לאַנד; ער האָט ערלויבט צו גרינדען פאָלקס־שולען אויסער די קירכען־שו- לען. מיט דיזען לעצטען רעכט האָט זיך מעהר פון אַלעמען בענוצט באַר- צעלאָנאַ. די גייסטליכע האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דעם און האָ- בען בעשולדיגט די לעהרער פון אַזעלכע שולען, דאָס זיי פערברייטען אַטהע- איזם (גאָטעס־לייקענונג) און אַנאַרכיזם אין לאַנד. איינע פון אַזוינע שולען איז געווען די שולע, וואָס פ ע ר ר ע ר האָט געגרינדעט אין באַרצעלאָנאַ, צוליב וועלכער ער איז פעראורטיילט געוואָרען צום טויט דעם 13טען אָק-

טאָבער 1909. אָבער דאָס זיינען נאָר געווען איינצעלנע פעלען. ערסט אין פעברואַר 1910, ווען ק אַ נ אַ ל ע ח אַ ס איז געוואָרען פּרעמיער, האָט די רעגירונג אָנגעהויבען צו פערהאַנדלען מיט'ן וואַטיקאַן, מען זאָל אין גאַנצען אָפּשאַפען דעם קאָנקאָרדאַט פון 1851 און ענדליך בעפרייען דעם שטאַאַט פון דעם צוואַנג פון דער קירכע און פון איהר אַריינמישען זיך אין וועלכער עס איז זאַך, וואָס אָנבעטרעפט דאָס לעבען פון פאָלק.

אָבער די פערהאַנדלונגען מיט'ן וואַטיקאַן פערציהען זיך געוועהנליך זעהר לאַנג. דערווייל האָט דער נייער פּרעמיער קאַנאַלעחאַס, מיט דער צושטימונג פון קעניג אַלפאָנס, זיך גענומען בעשרענקען די רעכטען פון די רעליגיעזע אָרדענס, וועלכע זיינען געווען אין שפּאַניען אין אַן אונגעהייערער צאָהל. אין שפּאַניען האָבען זיך געפונען 100,000 רעליגיאָנס-אָרדענס צווישען אַ בעפעלקערונג פון 18,000,000 נפשות. איבערהויפּט האָבען זיך דיזע אָרדענס פערמעהרט אין שפּאַניען נאָך דעם, ווי מען האָט זיי אַרויסגעיאָגט פון פראַנקרייך און פון די פיליפּפּינען. אין שפּאַניען זיינען זיי געוואָרען אַן אמת'ע פּלאָגע פיר דאָס פאָלק, ווייל זיי האָבען געהאַט רעכט צו האַנדלען אין לאַנד און ניט צאָהלען קיין שטייערן, און זיי זיינען דעריבער געווען געפעהרליכע קאָנקורענטען פיר די בעפעלקערונג. קיין האַנדעלסמאַן האָט ניט געקענט עקסיסטירען צוליב זייער קאָנקורענץ. שוין אין 1902 האָט דער פּאַרלאַמענט אין שפּאַניען געמאַכט אַ געזעץ, דאָס די גייסטליכע אָרדענס, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט האַנדעל, זאָלען צאָהלען שטייער צוגלייך מיט אַנדערע סוחרים פון פאָלק, אָבער די גייסטליכע אָרדענס האָבען ניט געפאָלגט דאָס געזעץ און האָבען זיך געווענדעט מיט זייערע קלאָגען געגען דער שפּאַנישער רעגירונג צום פּאַפּסט. אָבער באַלד ווי קאַנאַלעחאַס איז געוואָרען פּרעמיער האָט ער שטרענג געפאָדערט פון די גובערנאַטאָרען זיי זאָלען ניט לאָזען די רעליגיעזע אָרדענס פיהרען געשעפטען ביז זיי וועלען איינצאָהלען די געוועהנליכע שטייער צו גלייך מיט אַנדערע סוחרים.

אין מאַי און יוני 1910 האָט קאַנאַלעחאַס מיט דער צושטימונג פון פּאַרלאַמענט און דעם קעניג אַלפאָנס אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, דאָס די רעליגיעזע אָרדענס זיינען אין אַלע הינזיכטען געשטעלט אונטער איין ליניע מיט אַלע אַנדערע מענשען פון פאָלק, און אין דעם 23טען דעצעמבער 1910 האָט ער דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס קיין נייער רעליגיאָנס-אָרדען זאָל ניט ערלויבט ווערען אין שפּאַניען אין צייט פון 2 יאָהר ביז עס וועלען זיך ענדיגען די פערהאַנדלונגען מיט'ן פּאַפּסט וועגען דיזען צושטאַנד.

**אויך אין פּאָרטוגאַל איז די פראַגע פון אָפּזונדערן די קירכע פון שטאַאט** אויפגעהויבען געוואָרען אין דער לעצטער צייט, אָבער זי איז נאָך ניט געלעזט געוואָרען. דער וואַטיקאַן שטעהט נאָך גענען דעם. די פראַגע איז איבערהויפּט ברענענד געוואָרען נאָך דעם, ווי דער מיניסטער פון יוסטיץ האָט דורכגעפיהרט דורך'ן פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, דאָס די מעטריקעס פון געבורטען, חתונות און טויטען־פעלען זאָלען געפיהרט ווערען ניט פון די גייסטליכע, ווי עס איז געווען איינגעפיהרט פון אַלטע צייטען, נאָר פון די ציוויל־בעאַמטע. דאָס איז זעהר ניט געפעלען געוואָרען די גייסטליכע, ווייל דאָס נעהמט אָפּ פון זיי אַ וויכטיגע קוועלע פון איינקונפט. דאָס איז געווען נאָר איינער פון די שריט, וואָס די רעגירונג האָט גענומען אום אָפּצוזונדערן די קירכע פון שטאַאט. זי האָט אַרויסגעטריבען פון לאַנד די יעזואיטען און אַנדערע רעליגיעזע אָרדענס; זי האָט בעשלאָסען, דאָס די קאַטאָלישע רעליגיאָן איז ניט די הערשענדע; דאָס יעדע קירכע זאָל אויסגעהאַלטען ווערען נאָר פון די מיטגלידער, וואָס געהערען צו איהר; דאָס די קירכען אין אַלגעמיין זאָלען זיין אונטער דעם קאָנטראָל פון דער רעגירונג. דער וואַטיקאַן איז זעהר אונצופרידען געווען מיט דיזע געזעצען, און דעם 21טען מערץ 1911 האָט ער אָפען ערקלערט, דאָס ער נעהמט עס ניט אָן.

2. דער פאָרטשריט פון סאָציאַליזם. אַ געוויסער שרייבער האָט זיך אויסגעדריקט, דאָס דער סאָציאַליזם אין אַ בעוועגונג, וואָס גראָבט אונטער, לאַנגזאַם אָבער זיכער, די דריי זיילען, אויף וועלכע די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן איז יעצט געגרינדעט; די פּריווילעגירטע רעגירונג (מאָנאַרכיע), די שטענדיגע אַרמעע און דאָס פּריוואַט אייגענטום. דיזע בעוועגונג האָט זיך שוין דורכגעשלאָגען אַ וועג אין די פּאַרלאַמענטען און קאָנגרעסען און פערברייטערט דעם גייסט פון דעמאָקראַטיזם אין די מאָנאַרכיען. דער סאָלדאַט הייבט שוין אָן צו דענקען וועגען אַ פעראייניגונג צווישען נאַציאָנען, און דער פּראָלעטאַריער (דער אונבעמיטעלטער) איז דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון ווידערשטאַנד גענען דער קאָנצענטרירונג פון גרויסע פערמעגענס אין פּריוואַט־הענט. אין יעדען לאַנד זעהען מיר יעצט ווי עס ענטוויקלען זיך מעהר און מעהר סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע אַרבייטען צו פערבעסערן די לאַגע פון די מאַסען.

וואָס מעהר דער דעמאָקראַטישער גייסט דרינגט אַריין אין דער געזעלשאַפט אַלץ שטאַרקער ווערט די פאָדערונג פון דער פערבעסערונג פון עקאָנאָמישען צושטאַנד. אין דייטשלאַנד שטרעבען די סאָציאַליסטען איינצופיהרען אַן איינקונפט־שטייער (ד. ה. דאָס יעדער זאָל צאָהלען צו דער

רעגירונג א געוויסען פראצענט פון זיינע איינקונפטען); זיי אגיטירען געגען דער אונגעהייערער, אונענדליכער בעוואפנונג; געגען בעלאסטיגען דאס פאלק מיט גרויסע שטייערן און געגען דעם אימפעריאליזם (פערכאפען פרעמדע לענדער). אין פראנקרייך האבען די סאציאליסטען געקעמפט פיר אלגעמיינע רעכטען פון דער געזעלשאפט, פיר די אפזונדערונג פון קירכע און שטאאט און פיר די פערבעסערונג פון דעם צושטאנד פון די ארבייטער. אין בעלגיען האבען די סאציאליסטען אויפגעשטעלט א „טעמפעל פון אר-בייט", א סארט פאלקס-אוניווערזיטעט, וואו אן ארבייטער האט די מעג-ליכקייט צו ערווערבען קענטנים און וויסענשאפט, ליטעראטור און קונסט. אין אלע לענדער האבען זיי געקעמפט פיר מעהר רעכטען פיר די מאסען אנ-טייל צו נעהמען אין דער רעגירונג פון לאנד.

די הויפט-פיהרערין פון סאציאליזם אין דער וועלט איז אימער געווען דייטשלאנד. די דייטשע סאציאליסטען פראטעסטירען מיט זייער גאנצער מאכט געגען דעם אוננאטירליכען מיליטאריזם, וועלכער ווערט אימער שטאר-קער אין פאטערלאנד. הגם די רעגירונג אין דער צייט פון קייזער ווילהעלם דעם 2טען האט דורכגעפיהרט פערשיידענע געזעצען, וועלכע האבען זייער צוועק צו שטערען די פערשפרייטונג און ענטוויקלונג פון סאציאליזם אין לאנד, האבען אבער דיזע געזעצען ניט געהאט די געווינשטע ווירקונג. אין 1872 זיינען אין רייכסטאג געווען נאר 2 סאציאליסטען; אין 1893 זיינען שוין געווען פון זיי אין רייכסטאג 44, און אין 1898 האבען זיי שוין געהאט 54 דעפוטאטען. אין 1874 האבען נאר 340,000 סאציאליסטען געשטימט, אין 1890 האבען זיי געצעהלט 1,427,000 שטימען; אין 1893 — 1,786,000, אין 1898—2,120,000. אין 1912 האבען די דייטשע סאציא-ליסטען געהאט 110 מיטגלידער אין רייכסטאג און 4,250,000 שטימען. מיר זעהען דייטליך, דאס די צאהל פון די סאציאליסטען אין דייטשלאנד וואקסט זעהר שנעל און בעדייטענד.

אבער די ריכטיגע מאכט פון דעם סאציאליזם אין דייטשלאנד איז פיעל גרעסער ווי עס צייגט די צאהל מיטגלידער, וואס ער האט יעצט אין רייכסטאג. די דייטשע רעגירונג, איבערהויפט אין פרייסען, מאכט אזעלכע שווינדלען, דאס די סאציאליסטען בעקומען ניט די ריכטיגע צאהל מיטגלידער אין רייכ-סטאג, וועלכע זיי האבען בעדארפט האבען, ווען די דיסטריקטען פיר די וועהלער זאלען זיין ריכטיג איינגעטיילט. דאן וואלטען די סאציאליסטען אין היינטיגער צייט אין פארלאמענט האבען 212 מיטגלידער אנשטאט וואס זיי האבען יעצט נאר 110 מיטגלידער.

אָבער ניט אבטענדיג אויף די שטערונגען, וואָס די רעגירונג מאַכט די סאָציאַליסטען אויף יעדען שריט, און ניט אבטענדיג אויף דעם, וואָס זיי זיינען נאָך יעצט קיין מאַיאָריטעט ניט אין די שטעדט און ניט אין די שטאאטען, איז זיי דאָך געלונגען דורכצופיהרען איינינע זעהר וויכטיגע רעפאָרמעס. די מאכט פון די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראטען וואקסט פון יאָהר צו יאָהר. זייער שטרעבען איז — צו פערוואנדלען דייטשלאַנד אין א רעפובליק. דער דייטשער קייזער ווייס עס און האָט שטאַרק מורא דערפאר.

אין פיעלע אייראָפּעאישע לענדער איז שוין איינגעפיהרט געוואָרען אַלגעמיינעס שטימרעכט, און דאָס איז פיעל צו פערדאנקען די סאָציאַליסטען. אין 1912 האָבען זיי געהאט אזא זיג אין שוועדען. אין די לענדער, וואו זייער שטארקע אגיטאציאָן האָט ניט געהאָלפען, האָבען זיי געפּרובט זייער לעצטען מיטעל — סטרייקס. דער רעזולטאט פון דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט איז געווען, דאָס זיי, די סאָציאַליסטען, האָבען איבעראַל, וואו זיי האָבען עס איינגעפיהרט, בעקומען א גרעסערע צאָהל מיטגלידער אין פּארלאמענט. אזוי צ. ב. איז אין עסטרייך אין 1906 איינגעפיהרט געוואָרען אַלגעמיינעס שטימרעכט און באַלד איז די צאָהל פון די סאָציאַליסטישע דעפּוטאטען אין פּאַרלאמענט צוגעוואקסען פון 11 ביז 87 ; אין שוועדען איז די צאָהל פון די סאָציאַליסטישע מיטגלידער אין ריקסדאג (רייכסטאג) אין די לעצטע וואהלען געוואקסען פון 35 אויף 64.

די סאָציאַליסטישע פראגע אין די פעראייניגטע שטאאטען איז אַנדערס ווי אין אייראָפּאַ, ווייל די פּאָליטישע און די אינדוסטריעלע לאַגע איז דאָ אַנדערס ווי דאָרט. וויקטאָר בערגער איז דער איינציגער סאָציאַליסט אין אַמעריקאנישען קאָנגרעס. ער האָט אריינגעבראכט אין קאָנגרעס א ביל מען זאָל געבען פּענסיאָן אַלטע ארבייטער. ער האָט גוט געוואוסט, דאָס דיזער ביל וועט דורכפאַלען, ער האָט איהם אָבער אריינגעבראכט מיט'ן צוועק פון פּראָפּאגאנדאַ: זאָל עס אָנהויבען בעקאַנט ווערען צום אַמעריקאנישען פּובליקום, זאָל עס וויסען, דאָס אין דייטשלאַנד איז שוין דאָ א געזעץ, דאָס יעדער ארבייטער, וואָס פערדינט וועניגער פון 500 דאָללאר א יאָהר, מוז זיין פערזיכערט ניט נאָר געגען אַלטקייט, נאָר אויך געגען קראַנקהייט און פערשיידענע אונגליקס-פּעלען. עהנליכע געזעצען זיינען שוין דורכגעפיהרט געוואָרען אין פראנקרייך, בעלגיען, איטאַליען, עסטרייך און ענגלאַנד. אין פיעלע אייראָפּעאישע לענדער האָבען די סאָציאַליסטען דורכגעפיהרט געזעצען וועגען בעשיצען ארבייטער אין די מינעס,

אין די פאַבריקען, אין די ווערקהייזער. זיי האָבען דורכגעפיהרט געזעצען וועגען פערבעסערן דעם סאַניטאַרען צושטאַנד פון די געביידעס, אין וועלכע מענשען ארבייטען, געזעצען, וועלכע רעגולירען די ארבייט, צו וועלכע פרוי־ען מעגען צוגעלאָזען ווערען. די סאָציאַליסטען האָבען גוט אויפגעפּאַסט, דאָס די אַלע געזעצען, וועלכע זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען וועגען ארבייטער און ארבייט, זאָלען ניט פערנאַכלעסיגט ווערען, זאָלען ריכטיג דורכגע־פיהרט ווערען. אין אייניגע שטעדט אין די פעראייניגטע שטאַאטען, ווי אין מילוואָקי און סקענעקטעדי, האָבען די סאָציאַליסטען אריינגענומען אין זייערע הענט די שטאָדט־אדמיניסטראַציאָן, און זיי גיבען זיך אַלע מיה דורכ־צופיהרען די סאָציאַליסטישע אידעאַלען, וועלכע זיינען שוין אין אייניגע ערטער פון אייראָפּאַ לאַנג פערווירקליכט געוואָרען, ווי צ. ב. מאַכען פיר דאָס אייגענטום פון די שטעדט גאַז, עלעקטריציטעט, טעלעפאָן, גאַסען־באַהנען, קיכען פיר שול־קינדער או. ד. גל.

אין אייניגע ערטער פון בעלגיען און פראַנקרייך האָבען די סאָציאַליסטען געגרינדעט אַ פאָנד, פון וועלכען מען זאָל שטיצען און פערזאָרגען ארבייטס־לאָזע ארבייטער. אַ העלפט פון דיזען זעהר וויכטיגען פאָנד קומט פון די ארבייטער זעלבסט, און די אַנדערע העלפט גיט זיי די שטאָדט־אדמיניסטראַ־ציאָן. אין פראַנקרייך האָט זאָגאַר די נאַציאָנאַל־קאַסע געשטימט צו גע־בען הילף צו דיזען פאָנד.

אין דער רעפּובליק פון פּאָרטוגאַל און אין שפּאַניען האָבען די סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען געהאַט די לעצטע צייט אַ גרויסען ערפאָלג. דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען דעם סאָציאַליזם אין גריכענלאַנד, אויף די באַל־קאַנען און אין וויייטען מזרח: כינאַ, יאַפּאַן און אינדיען. אין פינלאַנד איז דער פּאַרלאַמענט כמעט אַ האַלבער סאָציאַליסטיש. זאָגאַר אין רוסלאַנד זיינען די ערסטע צוויי דומאַס געוועזען שטאַרק סאָציאַליסטיש, און דאָס האָט געצוואונגען דעם צאַר צו געברויכען אַלערליי שווינדלען, אָפּצושוואַכען זייער מאַכט ביים וועהלען די דריטע דומאַ.

דער סאָציאַליזם האָט געהאָלפען פערשפּרייטען דעם דעמאָקראַטישען גייסט. די פּאָרבערייטונג צו זעלבסט־רעגירונג איז יעצט אַלגעמיין. אי־בעראַל ווערען יעצט גרויסע ענדערונגען אין דער פּאָרמע פון רעגירונג: אין כינאַ, יאַפּאַן, טערקיי, אינדיען, עגיפּטען, אין די פיליפּפינען־אינזלען. די מאַכט געהט מעהר און מעהר איבער צו דער מעהרהייט, צום פאָלק. יעצט איז איבעראַל אָנערקענט, דאָס די מעהרהייט דאַרף רעגירען. מיט דיזער טעאָריע איז מען יעצט איינפערשטאַנען אין אַלע ציוויליזירטע לענדער.

3. **די פרויען־פראַגע.** אַ געוויסער שריפטשטעלער האָט בעהויפּטעט, דאָס די פרויען־פראַגע איז די וויכטיגסטע סאָציאַלע פראַגע פון 20טען יאָהר־הונדערט. די פרויען זיינען יעצט געוואָרען מעהר טעטיג ווי ווען עס איז פריהער צו קעמפּען פיר גלייכע רעכטען. זיי האָבען ניט לאַנג זיך גענומען ערנסט צו אינדוסטריע און האָבען געהאַט ערפאָלג אויף דיזען געביט. דאָס איז אַ זעהר וויכטיגער פאַקט. אָבער וויכטיגער ווי דאָס איז די פאָדערונג פון די פרויען צו בעקומען שטימרעכט צוגלייך מיט מענער.

אין אייניגע לענדער האָבען די פרויען שוין דערגרייכט זייער ציל און נעהמען שוין אָנטייל אין באַלאָטירען צוגלייך מיט די מענער; ווי צום ביישפּיל אין אויסטראַליען, ניו־זעעלאַנד, נאָרוועגען, פינלאַנד און אין 6 שטאַאַטען פון די פעראייניגטע שטאַאַטען: וואיאָמינג, קאָלאָראַדאָ, איי־דאַהאָ, יוטאַה, וואַשינגטאָן און קאַליפאָרניאַ. אין 1905 האָט מען אין פינלאַנד געגעבען די פרויען שטימרעכט. באַלד זיינען ערוועהלט געוואָרען 19 מיטגלידער פון זיי אין פּאַרלאַמענט. אין 1911 איז אַ פרוי ערוועהלט געוואָרען צום פּאַרלאַמענט אין כריסטיאַניאַ (נאָרוועגען), און אין 1912 איז אַ פרוי אין בעהמען ערוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליד פון פּאַרלאַמענט. אין 1903 האָט אין ענגלאַנד מרס. עמעלינע פּאַנקהורסט גע־גרינדעט אַ פּאָליטישע יוניאָן פון פרויען צו קעמפּען פיר שטימרעכט פיר פרויען. פרויען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט אַלערליי פּראָפעסיאָנען, קען מען יעצט בעגעגנען אין דער גאַנצער וועלט. כמעט אַלע אוניווערזיטעטען אין דער וועלט האָבען יעצט געעפענט זייערע טירען פיר פרויען־סטודענטען.

אין 1888 האָט לעידי אַבערדין געגרינדעט אַן אינטערנאַציאָ־נאַלען ראַט פון פרויען. דער ערסטער קאָנגרעס זייערער איז געווען אין לאָנ־דאָן אין 1889. אין דער גאַנצער וועלט ווערען אַרויסגעגעבען זשורנאַלען וועגען דיזער בעוועגונג, און די צאָהל פון דיזע זשורנאַלען וואַקסט פון יאָהר צו יאָהר.

דער קאַמף פיר פרויען־שטימרעכט אין ענגלאַנד איז געווען זעהר לעבע־דיג. 7 מאָל איז דער ביל פיר פרויען־שטימרעכט דורכגעגאַנגען מיט אַ גרוי־סער מאַיאָריטעט דורך דאָס הויז פון די פאָלקס־פערטרעטער (קאָממאָנס), נאָר ווי עס איז געקומען צום פּרעמיער אַסקוויטה האָט ער איהם צוריקגע־וואָרפען. אין 1910 איז דער ביל דורכגעגאַנגען כמעט איינשטימיג, אָבער אויך דאַן איז ער פון מיניסטער ניט אָנגענומען געוואָרען.

אין אָנפאַנג האָבען די פרויען געבעטען, מען זאָל זיי געבען שטימרעכט אין דער זעלבער מאָס ווי די מענער האָבען, ד. ה. ניט אַלע זאָלען קענען

וועהלען. דער פּארלאמענט האט איבערגעגעבען צו אַ קאָמיטע די זאַך גע-נויער צו אונטערזוכען. דאס קאָמיטע האט אויסגעארבייט אַ פּלאַן, דאס ניט אַלע פרויען זאָלען האָבען שטימרעכט, נאָר די, וואָס האָבען געהאט גע-וויסע רעכטען און פּריווילעגיעס זינט דעם יאָהר 1869. אָבער דיזער פּראָ-יעקט איז דורכגעפאַלען, ווייל ער איז ניט דעמאָקראַטיש. פרויען האָבען שוין בעקומען געוויסע רעכטען צו פערנעהמען שטעלעס אין פערשיידענע צווייגען פון געזעלשאפטליכען דינסט שפּעטער פון 1869: זיי דינען שוין אַלס לעהרערינס, אדוואָקאטען, מעירס, מיטגלידער פון שטאָדט-ראט או. אנד. עס איז דעריבער ניט גערעכט צו האלטען זיך אָן די געזעצען און אָרדנונגען, וואָס זיינען געווען אין געברויך נאָר ביז דעם יאָהר 1869.

דער פּארלאמענט אין ניו-זעעלאנד האט געגעבען פרויען אין 1877 גלייכערעכטען מיט מענער צו פערנעהמען שטעלעס אַלס שול-לעהרערינס; אין 1886 האָבען זיי דאָרט בעקומען רעכט צו פערנעהמען שטעלעס אין דער שטאָדט-פערוואַלטונג; אין 1893 זיינען זיי דאָרט אויך ערוועהלט געוואָ-רען צום פּארלאמענט. אין אויסטראַליען האָבען זיי בעקומען אין אַלע זעקס פּראָווינצען גלייכע רעכטען מיט מענער צו פערנעהמען שטעלעס אין דער שטאָדט-פערוואַלטונג באלד אין אָנפאַנג, ווי דאָס פאָלק האט דאָרט בעקו-מען דאָס רעכט זעלבסט זיך צו פערוואלטען. אין קאַנאַדאַ האָבען אַלמנות, וואָס צאָהלען שטייער אָדער בעזיצען אייגענטום מעהר אַלס 20 יאָהר, דאָס רעכט צו פערנעהמען שטעלעס אין די שולען און אין דער שטאָדט-פערוואַל-טונג. אויך אין די קאָלאָניעס פון זיד-אַפריקא, אין קאַפּ-קאָלאָניע, נאַטאַל און טראַנסוואַאַל, האט מען אָנגעהויבען צו אַגיטירען צו געבען גלייכעס שטימרעכט צו אַלע פרויען.

אין נאָרוועגען האט דער פּארלאמענט געגעבען אין יאָהר 1901 גלייכעס שטימרעכט צו פרויען, וואָס צאָהלען אַ געוויסע שטייער פון זייער הכנסה, און דיזע פרויען האָבען אויך געהאט דאָס רעכט צו דינען אַלס געשוואָרענע ריכטער (דזשורי) און אדוואָקאטען. אין 1907 האָבען די פרויען, וואָס האָבען געהאט רעכט צו פערנעהמען שטעלעס אין דער מוניציפּאַליטעט (שטאָדט-פערוואַלטונג), אויך בעקומען דאָס רעכט צו זיין מיטגלידער פון פּארלאמענט.

שוועדען האט געגעבען דאָס רעכט צו פרויען, וואָס צאָהלען שטייער, צו פערנעהמען שטעלעס אין מוניציפּאַליטעט שוין זינט 1862. אייגענטליך האָבען פרויען אין שוועדען געהאט רעכט צו פערנעהמען עפענטליכע שטעלעס שוין זינט דעם 17טען יאָהרהונדערט. ביז ניט לאַנג צוריק האָבען דאָרט

זאָגאר די מענער ניט געהאַט קיין פולעס שטימרעכט — נאָר אַ צעהנטעל פון זיי האָט געהאַט דיזעס רעכט. אין 1909 האָט זיך געשטאַרקט די ליבעראַלע פּאַרטיי און זי האָט פערברייטערט די רעכטען פון די מענער, ווי אויך פון די פרויען. די לעצטערע האָבען דאָרט געגרינדעט אַ פעראיין צו פּראָפּאַגאנדירען גלייכע רעכטען פיר פרויען און אין 1912 האָבען זיי פיעל געהאָלפען צו פערשטאַרקען די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. דער קאָנסערוואַטיווער קאַבינעט איז אַרונטער און דער קעניג האָט געאָרדענט נייע וואַהלען. דער רעזולטאַט פון דיזע וואַהלען איז געווען, דאָס די פרויען האָבען געהאַט אַ גרויסען טריאומף. אין דענעמאַרק האָט דער פּאַרלאַמענט געגעבען אין יאָהר 1908 צו פרויען דאָס רעכט צו פערנעהמען שטעלעס אין שטאָדט־פערוואַלטונג אין דער זעלבער מאָס ווי די מענער; ד. ה. יעדע פרוי, וואָס איז איבער 25 יאָהר און צאָהלט ווערכע עס איז שטייער, האָט דיזעס רעכט. ביי די ערסטע וואַהלען, אין ווערכע פרויען האָבען אָנטייל גענומען אין דענעמאַרק, האָבען זיך בעטייליגט 68 פּראָצענט פרויען, וואָס האָבען געהאַט דאָס רעכט צו שטימען, און אין קאָפּענהאַגען, די הויפּטשטאָדט פון שוועדען, האָבען 70 פּראָצענט פון זיי זיך בעטייליגט אין די וואַהלען. עס זיינען דאַמאָלס ערוועהלט געוואָרען אין דער שטאָדט־פערוואַלטונג 7 פרויען (די גאַנצע פערוואַלטונג איז בעשטאַנען פון 22 מיטגלידער).

אין 1905 האָט דער רוסישער צאַר ערלויבט פינלאַנד צו ערוועהלען אַ פּאַרלאַמענט. אַ יאָהר נאָכדעם האָבען טויזענדער פרויען געפאָדערט פיר זיך שטימרעכט גלייך מיט מענער און דער פּאַרלאַמענט האָט באַלד נאָכגעגעבען זייער פערלאַנג. פון דאַמאָלס אָן זיצען פרויען אין פיננישען פּאַרלאַמענט. זייער צאָהל איז געוואַקסען פון 16 אויף 25 מיטגלידער.

אַ גרויסע בעוועגונג פיר גלייכע רעכטען פיר פרויען איז געווען צו בעמערקען אין עסטרייך־אונגאַרן. דיזע בעוועגונג איז ענטשטאַנען כמעט אין איין צייט אין אַלע 17 פּראָווינצען, אין ווערכע עס הערשט אַ שרעקליכער ראַסען־האַס, און אין יעדער פון ווערכע עס ווערט געשפּראָכען כמעט אַ בעזונדער שפּראַך. פרויען האָבען דאָרט קיין רעכט ניט צו גרינדען פעראייגען און אָפּהאַלטען עפענטליכע פערזאַמלונגען. אָבער 4,000 פרויען האָבען דאָך געמאַרשירט דורך די גאַסען און האָבען געפאָדערט גלייכע רעכטען פיר זיך. אין בעהמען האָבען די פרויען ערוואָרבען גלייכע רעכטען מיט די מענער זינט דעם יאָהר 1864. זיי האָבען שוין דאַמאָלס געהאַט דאָס רעכט צו וועהלען מיטגלידער צום פּאַרלאַמענט, און אייניגע פון זיי זיינען שוין דאַמאָלס ערוועהלט געוואָרען צו זיצען אין פּאַרלאַמענט. אין אַלע פּאַרטייען

פון לאַנד געפינען זיך פרויען, אויסער אין דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, און אין דער אגראַר־פּאַרטיי געפינען זיך פרויען ביז 40 פּראָצענט.

אין דייטשלאַנד האָבען פרויען קיין רעכט ניט געהאַט אָנטייל צו נעה־מען אין פּאָליטישע פערזאַמלונגען ביז דעם יאָהר 1908. אָבער פון יענעם יאָהר אָן איז זיי ערלויבט געוואָרען צו בילדען פּאָליטישע פעראיינען, וועל־כע ווערען פערמעהרט זעהר שנעל. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האַלט שטאַל און אייזען פון גלייכע פרויען־רעכטען און שטיצט זיי ביי יעדער געלעגענהייט.

בעלגיען האָט געגעבען די פרויען אין 1910 שטימרעכט צו ערוועהלען און ערוועהלט צו ווערען אַלס מיטגליד פון דעם האַנדעלס־קאָמיטע. זשענעוואַ און ציריך (שווייץ) האָבען געגעבען זייערע פרויען גלייכע רעכטען צו ער־וועהלען און ערוועהלט צו ווערען אַלס בעאַמטע פון האַנדעלס־דעפּאַרטעמענט און פון די אינסטיטוציאָנען, וואָס זיינען פערבונדען מיט דער קירכע. אויך אין איטאַליען געהט אָן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ וועגען גלייכע רעכ־טען פיר פרויען. אין 1910 האָט מען דאָרט געגעבען שטימרעכט צו פרויען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט מסחור, צו ערוועהלען און ערוועהלט צו ווערען פיר בעאַמטע אין קאָמערץ־דעפּאַרטעמענט.

אין פראַנקרייך איז די בעוועגונג פיר גלייכע רעכטען פיר פרויען זעהר פערשיידען פון דער זעלבער בעוועגונג אין אַנדערע לענדער. דאָרט זיי־נען זעהר פיעלע פרויען פערבונדען מיט געשעפט און דעריבער האָבען זיי דאָס רעכט צו וועהלען און ערוועהלט צו ווערען אַלס בעאַמטע אין האַנדעלס־דעפּאַרטעמענט. אין פראַנקרייך פערנעהמען שוין פרויען אויך ריכטער־שטעלעס.

אין פּאָרטוגאַל האָט דאָס נייע געזעץ וועגען וואַהלען נאָר ערלויבט אַ געוויסע צאָהל פרויען צו זיצען אין פּאַרלאַמענט. דער סענאַט האָט ניט לאַנג ערקלערט, דאָס לויט די געזעצען, וועלכע עקסיסטירען יעצט אין פּאָרטוגאַל, קען נאָר אַ געוויסע צאָהל פרויען אָנטייל נעהמען אין די וואַהלען, און אויך נאָר אזעלכע, וואָס זיינען עלטער פון 25 יאָהר און האָבען אויסגעהאַלטען אַ געוויסען בילדונגס־עקזאַמען.

וועגען די פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען מיר שוין פריהער בעמערקט, דאָס אין 6 שטאַאַטען האָבען שוין די פרויען גלייכעס שטימרעכט מיט מענער. היער ווילען מיר צוגעבען, דאָס אין טשיקאַגאָ אויף דער קאָנווענציאָן פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי דעם 5טען אויגוסט 1912, אויף וועלכער טהעאָ־דאָר ראָאָזעוועלט איז נאָמינירט געוואָרען אַלס קאַנדידאַט פיר פּרעזידענט

צום דריטען מאָל איז נאָמינירט געוואָרען אַ פרוי, מיסס ד ז ש ע י ן אַ ד ד א מ ס , אַלס קאנדידאט פיר וויצע־פרעזידענט.

---

## וועלט־פּאָליטיק, וועלט־פרידען און די וועלט־מלחמה.

אין אָנהויב פון דעם 20טען יאָהרהונדערט האָט די וועלט געמאַכט אַ גרויסען פּראָגרעס אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. איבערהויפּט איז עס געווען צו בעמערקען אין איירָאָפּאַ, וואו די נאַציאָנען האָבען זיך אָנגעהויבען צו פעראייניגען אין גרופּען אום צו בילדען אַ גלייכגעוויכט אין מאַכט און אויף אַזאַ אופן אויפצוהאַלטען דעם אַלגעמיינעם פרידען. צוזאַמען מיט דיזער מעטהאָדע פון אויפהאַלטען שלום האָט זיך פערשפּרייט אַן אַגיטאַציאָן צו פערשפּרייטען פרידען צווישען מענשען און אָפּצושוואַכען די גרענצען, וואָס טיילען אָפּ פעלקער איינע פון די אַנדערע. די אַלטע מעטהאָדע פון אויפהאַלטען פרידען איז געווען געשטיצט אויף אַרמעען און פלאָטען. איהרע שטאַרקסטע אָנהענגער צווישען די איירָאָפּעאישע פעלקער איז געווען דייטשלאַנד. געגען דיזער מעטהאָדע, וואָס הענגט ווי אַ שווערע לאַסט איבער אַלע פעלקער, האָבען אויפגעטרעטען דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־פערבאַנד און דער סאָציאַליזם. דיזע אַרבייטען געגען דער דייטשער „וועלט־פּאָליטיק" דורך פערגרעסערן אַרמעען און פלאָטען אָהן אַ שיעור. זייערע אידעען פון גלייכהייט און ברידערליכקייט, וועלכע ווערען מעהר און מעהר פערברייטערט אין דער ציוויליזירטער וועלט, זיינען אַ בעסערער מיטעל ווי אויפצוהאַלטען דעם וועלט־פרידען ווי אַרמעען און פלאָטען. אויך די פערברייטונג פון דעם קאַמף פיר פרויען־רעכט (סאָפפרעדזש) האָט געגעבען האָפנונג אויף פרידען אין דער וועלט.

די ערסטע פון די נייע אַליאַנסען (פערבינדונגען צווישען פעלקער) איז געמאַכט געוואָרען צווישען דייטשלאַנד און עסטרייך אין 1879. אָבער דער פאַקט איז געהאַלטען געוואָרען בסוד ביז דעם יאָהר 1888. ערסט דאַמאָלס איז ער בעקאַנט געוואָרען אין דער וועלט. אין 1882 איז אויך איטאַליען צוגעשטאַנען צום צוויי־בונד און דאַן איז עס געוואָרען אַ דריי־בונד. דערמיט האָט דייטשלאַנד געוואָלט דורכפיהרען ביסמאַרק'ס אידעע, דאָס פראַנקרייך זאָל בלייבען אַליין, אָהן פריינד. דאָס האָט געצוואונגען די פראַנצויזישע רעפּובליק צו שליסען אַ בונד מיט דער באַרבאַרישער רעגירונג פון רוסלאַנד אין יאָהר 1890. דיזער בונד איז אויך געהאַלטען

געוואָרען בסוד ביז דעם יאָהר 1894. דיזער צוויי־בונד איז געווען אַ סאָרט געגען־מאַכט געגען דעם דריי־בונד צווישען דייטשלאַנד, עסטרייך און איטאַליען. אָבער דיזער צוויי־בונד איז ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי דער דריי־בונד. אין אָנהויב פון דעם 20טען יאָהרהונדערט איז געוואָרען אַ גרויסע ענדערונג אין דעם באַלאַנסירען די קראַפט פון די אייראָפּעאי־שע מעכטען; נעמליך: פראַנקרייך האָט זיך פעראייניגט מיט ענגלאַנד און ענגלאַנד האָט זיך פערבונדען מיט רוסלאַנד.

דעם ערסטען שריט צו אַ פעראייניגונג פון ענגלאַנד מיט פראַנקרייך האָט געמאַכט דער ענגלישער קעניג עדוארד דער 7טער. פראַנקרייך און ענגלאַנד זיינען געווען אַלטע שונאים. זיי האָבען געהאַט אַלטע חשבונות. אָבער דער קעניג עדוארד דער 7טער איז געווען אַ גרויסער פערעהרער פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק און ער האָט געמאַכט אין מאָנאַט מאַי פון יאָהר 1903 אַ פריינדליכען וויזיט דעם פראַנצויזישען פּרעזידענט לובע אין פּאַריז. פראַנקרייך האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס־ענטהוזיאַזם און פּאַ־ראַד און עס איז דאַן געשלאָסען געוואָרען צווישען דיביידע לענדער אַ בונד. די הויפּט־אורזאַך פון דיזען בונד איז געווען וואָס דייטשלאַנד האָט בע־שלאָסען צו פערגרעסערן איהר מאַכט אויף'ן ים און ווערען אויף'ן וואַ־סער אַזוי מעכטיג ווי ענגלאַנד און זאָגאַר איבערשטייגען איהר ווען עס וועט נאָר מעגליך זיין.

פון דאַמאָלס אָן זיינען אַלע פּאָליטישע סכסוכים צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך געענדיגט געוואָרען צווישען זיך אויף אַ פריידליכען אופן. פראַנקרייך האָט זיך ענטזאָגט צו האָבען וועלכע עס איז פּרעטענזיעס אין עגיפּטען, וואו די ענגלענדער הערשען, און דערפאַר האָט זיך ענגלאַנד ענטזאַגט עטוואָס צו פערלאַנגען אין מאַראָקאָ. אויך די אַנדערע סכסוכים צווישען די צוויי מעכטען, ווי צום ביישפּיל וועגען וועסט־אַפריקאַ, סיאַם, די נייע העברידען־אינזלען, מאַדאַגאַסקאַר און ניופאַונדלאַנד, זיינען אַלע אויסגעגליכען געוואָרען צווישען זיי פריינדליך.

דיזס האָט געפיהרט דערצו, דאָס דער דייטשער קאַנצלער פאָן בילאָוו האָט ערקלערט אין רייכסטאַג, דאָס דייטשלאַנד'ס עהרע האָט גאָר ניט גע־ליטען דערפון, וואָס פראַנקרייך האָט פערכאַפּט מאַראָקאָ, ווייל די דייטשען האָבען אין מאַראָקאָ נאָר געשעפטס־אינטערעסען און דיזע זיינען גאַראַנ־טירט. נאָר מיט שפּאַניען האָט פראַנקרייך געמוזט אונטערהאַנדלען וועגען איהרע אינטערעסען אין מאַראָקאָ. דאָס האָט זיך אויך געענדיגט פריידליך. דער סולטאַן פון מאַראָקאָ, אַבדול אַזיז, וועלכער איז אַרויף

אויף'ן טראָן אין יאָהר 1894, ווען ער איז שוין אַלט געווען 60 יאָהר, איז אפילו געווען אַ געבילדעטער מאַן, אָבער מיט אַ זעהר שוואַכען כאַראַקטער; אין זיין צייט איז דאָס לאַנד געקומען אין אַ שרעקליכע אונאָרדנונג. פראַנקרייך האָט איהם געגומען אונטער איהר שוץ; זי האָט גענומען מאַכען רעפאָרמעס און נייע אָרדנונגען אין לאַנד, און דאָס געלט, וואָס דיזע רעפאָרמעס האָבען געפאָדערט, האָט זי איהם אויסגעבאָרגט.

הגם כמעט אַלע ציוויליזירטע פעלקער, ווי עס האָט געשיינט, זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם אידעאַל פון ברידערשאַפט צווישען נאַציאָנען און זיינען געווען איבערצייגט אין דער נויטווענדיגקייט פון וועלט־פרידען, האָבען זיי דאָך ניט אויפגעהערט צו פערגרעסערן זייערע אַרמעען און פלאָטען. נאָר זיי האָבען פערזיכערט, דאָס דערוויל איז דאָס די בעסטע און זיכערסטע גאַראַנטיע פיר פרידען. דער רעזולטאַט פון דיזער אַלגעמיינער בעוואַפנונג איז געווען, דאָס אין אייראָפּאַ אַליין האָבען זיך שוין געפונען מעהר פון פינף מיליאָנען מענשען אונטער וואַפען און דער אַרמעע־בודזשעט האָט איבערגעשטיגען 300 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר. ווען די 5 מיליאָנען סאָלדאַטען וואָלטען אַרבייטען און יעדער זאָל אויסאַרבייטען זאָגאַר ניט מעהר פון 5 דאָלאַר אַ וואָך, וואָלטען זיי אַריינגעבראַכט אין דער געזעלשאַפט צום וועניגסטען 1,250 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר. דערצו וואָלט מען פערשפּאָרט אויסגעבען אויף אויסצוהאַלטען זיי 300 מיליאָן. צוזאַמען וואָלט די אייראָפּעאישע געזעלשאַפט רייכער געוואָרען מיט 1,550 מיליאָן דאָלאַר יעדען יאָהר. היינט וואו זיינען די שווערע מיליאָנען, וואָס מען פערלירט אויף צו בויען גרויסע טייערע קריגס־שיפען, אויף קאַנאָנען און אַנדערע אַמוניציאָן, און ווי קען מען אָפּשאַצען דעם פערלוסט פון דער אונגעהייערער צאָהל מענשען־לעבענס, וואָס ווערען פערניכטעט אין די שטרייטען, וואָס פעלקער פיהרען צווישען זיך?

דאָס אַלעס האָבען גענומען אין בעטראַכט די דעלעגאַטען פון דער ערסטער פ ר י ד ע נ ס ־ ק אָ נ פ ע ר ע נ ץ, וואָס האָט זיך פערזאַמעלט אין האַאַג אין יאָהר 1899. אָבער די ערסטע פערזאַמלונג האָט זיך געענדיגט מיט גאָר ניט. דער דייטשער דעלעגאַט האָט פערזיכערט, דאָס די דייטשע נאַציאָן פיהלט ניט קיין בעזונדערס שווערע לאַסט אויף זיך פון די הוצאות אויף איהר בעוואַפנונג און איז צופרידען פאָרצוגעהן מיט דעם. די אידעע פון ענטוואַפנונג איז דאַן דורכגעפאַלען, און מען איז צוריקגעקומען אויף דעם מיטעל פון אַרביטראַציאָן (פּשרה). אין פערלויף פון דעם 19טען יאָהרהונדערט זיינען פאָרגעקומען מעהר פון 100 סכסוכים צווישען פעל־

קער און זיי זיינען אויסגעגליכען געוואָרען דורך פשרות. אַלעס, וואָס די ערסטע פערזאמלונג האט אויפגעטאָן איז געווען צו גרינדען אַ בעשטענ־דיגע קערפערשאפט פון קאָמפעטענטע ריכטער, וואָס זאָלען צוזאמענ־קומען אין האאג, ווען עס וועט נעטיג זיין אויסצוגלייכען אַ סכסוך צווי־שען נאציאָנען. צווישען די סכסוכים, וואָס דער טריבונאַל אין האאג האט אויסגעגליכען, איז געווען דער וויכטיגער סכסוך צווישען ענגלאנד און אַמעריקאַ וועגען דעם פישפאנג ביי ניו=פאונדלאנד. אזוי האט זיך מעהר און מעהר ענטוויקעלט די אידעע פון ארביטראציאָן (פשרה) צווישען שטאאטען. צוזאמען מיט דעם האט זיך אויך ענטוויקעלט צווישען פעלקער דער וואונש צו שליסען טראקטאטען איינע מיט די אַנדערע. אין דיזע טראקטאטען איז געוועהנליך אריינגעשטעלט געוואָרען אַ פונקט, דאָס אין פאַל פון אַ סכסוך זאָל ער געבראכט ווערען צו אַן ארביטראציאָן, אויסער ווען עס האנדעלט זיך וועגען די אינטערעסען פון נאציאָנאַלער עהרע. דער טראקטאט צווישען טשילע און ארגענטינא האט שוין אויך דעם פאַל פון אַ בעליידיגונג פון נאציאָנאַלער עהרע בעשלאָסען צו ברייננען צו אַן אַר־ביטראציאָן. אין 1910 האט דער פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטא־אטען טאפט געמאכט אַ פאָרשלאג צו שליסען טראקטאטען מיט ענגלאנד און פראנקרייך, דאָס אַלע סכסוכים און פראגען, וואָס וועלען פאָרקומען צווישען דיזע דריי מעכטען, זאָלען פאָרגעבראכט ווערען צום אויסגלייכען פאר דעם האאגער טריבונאַל. דער ענגלישער אויסלענדישער מיניסטער סער עדוארד גרעי האט מיט גרויס ענטהוזיאזם אויפגענומען דעם פּלאַן. אָבער צום בעדויערן האט דער אַמעריקאנישער סענאט ניט מסכים געווען צום פּראָיעקט. די סענאטאָרען זיינען ניט געווען געגען דער אידעע זעלבסט, נאָר זיי האבען אָנגעגעבען אַנדערע אורזאכען, וואָרום זיי האָבען ניט איינגעשטימט צו דיזען פּלאַן.

אין 1888 איז געגרינדעט געוואָרען אין אייראָפּאַ אַן אַנדער סאָרט אָרגאַן צו פערברייטען פרידען צווישען פעלקער. דיזער אָרגאַן האט געטראָ־גען דעם נאָמען: „אינטערפּאַרלאַמענטארישע יוניאָן”. אין אַלגעמיין זיינען די אויסזיכטען אויף וועלט=פרידען געווען זעהר גוט. מען האט געהאָפט, דאָס די צייט איז נאָהענט, ווען די הויפט=אורזאכען, וואָס רופען ארויס מלחמות, ווי עגאאיזם, אונוויסענהייט, און דער פערלאנג צו איינשליגען אַנדערע, וועלען פערשווינדען, און דאָס דער וועלט=פרידען וועט אין גיכען אריינטרעטען אין זיין ריכטיגע מאכט צום גליק פון דער גאנצער מענשהייט.

ליידער אָבער זיינען דיזע זיסע האָפנונגען ניט מקוים געוואָרען. דאָס יאָהר 1914 האָט בעוויזען, דאָס די פערזיכערונגען פון אַלע אייראָפּעאישע גרויס־מעכטען, דאָס זיי בעוואָפנען זיך מעהר און מעהר און ספּענדען שווערע מיליאָנען אויף בויען קריג־שיפען, נאָר אום אויפצוהאַלטען דיזען פרידען, איז געווען פאַלש, אַ פּוסטער חלום. מען האָט זיך טאַקע בעוואָפענט מיט דעם צוועק צו ווערען מעכטיג און צו פערניכטען דעם שוואַכען און גאַנץ אייראָפּאַ איז געוואָרען אַ גרויסע פאַס פּולווער, וועלכע האָט געוואַרט אויף אַן אונגליקליכען פונק, פון וועלכען דער פּולווער זאָל אויסשיסען. דיזער פונק איז ווירקליך באַלד ערשינען. ווען דער עסטרייכישער קרוין־פּרינץ מיט זיין פרוי זיינען דורכגעפאָהרען הערצעגאָווינא זיינען זיי ער־מאָרדעט געוואָרען פון די הענט פון איינינע מערדער. עסטרייך האָט גע־פאָדערט סאַטיספאַקציאָן. אָבער די סערבישע רעגירונג, געשטיצט אויף דער הילף פון רוסלאַנד, האָט זיך ענטזאָגט צופרידען שטעלען עסטרייך. דערפון איז אַרויס אַ שרעקליכער קריג, אַ מלחמה, וואָס זינט די וועלט שטעהט איז נאָך אַזעלכע ניט געווען. אין דיזער מלחמה זיינען פערוויקעלט געוואָרען אַלע גרויסע מעכטען פון דער וועלט. אויך פיעלע קלע־נערע פעלקער זיינען אריינגעשלעפּט געוואָרען. די גאַנצע וועלט איז יעצט צוטיילט אין צוויי לאַגערן: דייטשלאַנד, עסטרייך, טערקיי און בולגאַריען אויף איין זייט, און ענגלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד, אַמעריקאַ, כינאַ, יאַ־פּאַן און רומעניען אויף דער אַנדערער זייט.

ווי עס שטעהט איצט האָט דייטשלאַנד בעזיגט און כמעט פערניכ־טעט גאַנץ בעלגיען, האָט פערכאַפּט אַ שטיק פון נאָרד־פראַנקרייך, האָט אָפּגענומען פון רוסלאַנד פּוילען, אַ גרויסען טייל פון ליטא און גאַנץ קור־לאַנד. אַ גרויסען טייל פון די ערטער, וואָס דייטשלאַנד האָט בעזיגט, האָט זי צושטערט; די בעפעלקערונג זיינען טיילס צולאָפען אין אַנדערע ערטער און טיילס פערבליבען אין דחקות און נויט אין זייערע אַלטע היימען. איבער־הויפּט איז געוואָרען אַ תל פון די אידען, וואָס זיינען געזעסען אין די שטעדט, וואָס דייטשלאַנד האָט פערכאַפּט. אַ טייל פון זיי איז ענטלאָ־פען אין די רוסישע שטעדט, וואו זיי האָבען פריהער קיין וואוינרעכט ניט געהאַט. צוליב דער מלחמה האָט מען עס זיי ערלויבט.

דער זיג פון דייטשלאַנד איבער רוסלאַנד, אין וועלכען עס איז זעהר פיעל שולדיג די קאָרופּטע רעגירונג פון צאַר ניקאָלאַי דעם 2טען, האָט געפיהרט צו אַ רעוואָלוציאָן אין רוסלאַנד. מען האָט אַראָפּגעזעצט פון טראָן דעם דעספּאָטישען צאַר און מען האָט איהם מיט זיין גאַנצער פאַ־

מיליע פערשיקט נאָך סיביר (טאָבאָלסק). מען האָט געגרינדעט א פּראָוויזאָרישע (צייטווייליגע) רעגירונג, אָן דער שפּיץ פון וועלכער איז געשטאַנען אלס פּרעמיער א יונגער פעהיגער אַדוואָקאט קערענסקי. דיזע רעגירונג האָט דערווייל אָפּגעשאַפט אַלע בעשרענקונגען, פון וועלכע די אידען אין רוסלאַנד האָבען אימער שרעקליך געליטען. מען האָט זיי געגעבען פולע גלייכע רעכטען.

צו דער צייט, ווען דיזע צייל‎ען ווערען געשריבען (דעצעמבער 1917), איז קערענסקי'ס רעגירונג געפאַלען און עס האָבען אין רוסלאַנד בעקומען די אויבערהאַנט די עקסטרעמע ראַדיקאַלען, וועלכע זיינען בעוואוסט אַלס די באָלשעוויקעס. אָן דער שפּיץ פון דיזער רעגירונג שטעהען די בעוואוסטע רעוואָלוציאָנערען לענין און טראָצקי, דער ערסטער אַלס פּרעמיער און דער צווייטער אַלס מיניסטער פון אויסלענדישע אַנגעלעגנהייטען. די באָלשעוויקישע רעגירונג האָט זיך גלייך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו צווינגען די קריג־פיהרענדע פעלקער צו א שלום. זי האָט דער־ווייל אָפּגעשטעלט די מלחמה ביי זיך און פערהאַנדעלט צו דיזער צייט (מיטען דעצעמבער) מיט דייטשלאַנד וועגען א וואַפען־שטילשטאַנד.

אַמעריקאַ איז אין אָנהויב פון דעם קריג געווען נייטראַל. אָבער די פיינדליכע האַנדלונגען פון דער דייטשער רעגירונג געגען אַמעריקאַנישע שיפען און אַמעריקאַנישע רייזענדע — האַנדלונגען, פון וועלכע עס זיינען פערניכטעט געוואָרען ריזיגע קאַפּיטאַלען און עס זיינען אומגעקומען פיעלע אונשולדיגע מענשען — האָבען געצוואונגען אַמעריקאַ אריינצוטרעטען אין קריג אויף דער זייט פון די פערבינדעטע געגען דייטשלאַנד.

ווי לאַנג עס וועט נאָך נעהמען ביז עס וועט קומען פרידען, איז שווער פאָראויסצוזאָגען מיט בעשטימטהייט. אָבער לויט מיר זעהען יעצט איז דער שר של וועלט היבש הינטערשטעליג. דייטשלאַנד איז ניט מעהר די זיגערין אויף'ן שלאַכטפעלד. זי מוז זיך יעצט פערטיידיגען מיט גרויסע פערלוסטען געגען די אָנפאַלען פון די פערבינדעטע. אָנשטאָט צו געהן פאָרווערטס, געהט זי לאַנגזאַם ריקווערטס, און דעריבער לאָזט זיך האָפען, דאָס דער יעצטיגער טרויעריגער צושטאַנד וועט שוין ניט לאַנג אָנהאַלטען און די וועלט וועט אין גיכען האָבען פרידען.

